יוסף בולאָוו, דער מייַסטער פון
דער בינע און פון דער פען,
האָט אין זיַין גרויסן ליטעראַרישן
ווערק פון אַלטן מאַרקפּלאַץ
אויפגעשפּילט די ווונדערלפולע
דראַמע פון זיַין קינדהייט און
יוגנט, מיט אומגעווייִנלעכער
טעאַטראַלער, שפּילעוודיקער דריַי־
דימענסיעסדיקער פּלאַסטישקייט
— מיט דער הילף פון דער
שרייַבערישער פען.
וויאַזוי ער איז געקומען צו דעם,
דערציילט ער אונדז אין דעם
עפּילאָג פון דעם בוך: אויך דאָס
איז אַן־און־פאַר־זיך אַ דראַמע —
אַזוי ווי די אַלע דראַמאַטישע
קינדער־ און יוגנט־סצענעס פון
זיַין לעבן, וועלכע האָבן אים
געמאַכט פאַר דעם גרויסן אַקטיאָר,
דעם מייַסטער פון דער יידישער
טעאַטער־קונסט.

אונדזער דאַנק **ליובאַ קאַדיסאָן** פאַר איר איניציאַטיוו און הילף צו ברענגען צום דרוק דאָס בוך פון איר מאַן און בינע־פאַרטנער **יוסף בולאָוו** וועגן די יאָרן פון זײַן קינדהייט און יוגנט אין דער וווּנדערבאַרער שטאָט ווילנע.

די אַרויסגעבער

Joseph Buloff

FROM THE OLD MARKETPLACE

יוסף בולוף / **מכיכר השוק הישן**



געפּאָרעמט און
צוגעגרייט צום דרוק: **יצחק לודען**



*ISBN Nr.965-7012-02-3*

I.L. Peretz Publishing House
14, Brener Street, Tel-Aviv tel. (03) 528 1751

Printed in Israel 1995

קאָרעקטור: **מוסיע לאַנדאַו**

קאָמפּיוטער־זאַץ: ״פּאַראַגראַף״, תּל־אביב

Computerized typesetting & pagination: PARAGRAPH, Tel-Aviv

הדפסה: דפוס אופסט ״ראמים״, תל־אביב



יוסף בולאָוו אין זײַן יוגנט (ווילנע, 1912)

# א

ווערליק ס׳פלעגט דערציילן דער זון פון באַרווע, איז דער אַלטער מאַרק־פלאַץ אַמאָל געווען אַ געדיכטער, פינצטערער וואַלד, ווו די סלאָווענישע שבטים פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן און אין שיכּורותדיקע וואַקכאַנאַליעס וואַרפן זייערע קינדער אין אַ פלאַמיקן שײַטערהויפן, כּדי צו שטילן דעם צאָרן פון זייער גאָט פערון. מיט אַ ווילדן געזאַנג זײַנען זיי געשפרונגען אַרום דעם פײַער און געזשלאָקעט אַ מין שוואַרצן ביטערן ווײַן פון גרויסע לעדערנע לאָגלען, אָדער בעכערס געמאַכט פון אויסגעהוילענע שאַרבנס פון זייערע קינדער.

ווען און ווי אַזוי די ייִדן זײַנען געקומען אויפן מאַרקפּלאַץ, איז באַרוועס זון ניט אינגאַנצן געווען זיכער. ווערליק איינער פון זײַנע השערות, האָט מען דעם גרעסטן טייל פון זיי געבראַכט ווי געפאַנגענע, צוזאַמען מיט די כאַזאַרן, פון ווײַטן מאָנגאָלן־לאַנד, אין די צײַטן ווען פערון איז געווען גאָט. די כאַזאַרן — האָט באַרוועס זון דערציילט — האָבן אָנגענומען דעם ייִדישן גלויבן און שיִער ניט אויסגעראָטן די ווילדע געצנדינער, די סקיפן און די פּעטשענעגן, וואָס פון זיי איז אַרויסגעקומען מיט עטלעכע יאָרהונדערטער שפּעטער אַ פאָלק, די רוסן; אַזוי, אַז די שינאה קעגן ייִדן אין רוסלאַנד איז געוועןֹ עלטער פון די רוסן.

אויפן זעלביקן מאַרקפּלאַץ — האָט דער זון פון באַרווע פאַרזיכערט — איז אויך דער אויפשטאַנד פון די פּאָליאַקן קעגן די רוסן, אין יאָר 1863, דערטרונקען געוואָרן אין אַ טײַך בלוט דורך דעם גענעראַל מוראַוויאָוו און זײַנע צוויי ספּעציעל געבראַכטע גאַרניזאָנען אוראַלער און קובאַנער קאָזאַקן. די שטיינערנע פיגור פון דעם גענעראַל איז איצט געשטאַנען אויף אַ הויכן פּיעדעסטאַל מיטן פּנים צום מאַרקפּלאַץ. אָנגעשפּאַרט אויף זײַן אַנטבלויזטער שווערד, האָט ער אַראָפּגעקוקט מיט אַ חוזק־שמייכל, וואָס האָט אַלעמען, ייִדן און קריסטן, געוואָרנט: דאָס יאָר 1863 קאָן צו יעדער צײַט צוריקקומען!

ביז זײַן וואָרענונג איז טאַקע שפּעטער מקוים געוואָרן, האָבן זיך די קאָזאַקן עטלעכע גוטע צענדליקער יאָרן אַרומגעדרייט אויפן מאַרק אָן אַ שטאָך אַרבעט. אין זייערע ברייטע בלויע שאַראַוואַרן מיט די רויטע לאַמפּאַסן,

מיט זילבערנע אוירינגלעך אין די אויערן, מיט געדיכטע, אָן אַ זײַט פּאַרוואָרפענע טשופּרינעס, אָנגעלאָדן מיט אַ שווערד, אַ רעוואָלווער און אַ לעדערנער בײַטש מיט אַ בלײַענעם שפּיץ, האָבן זיך די קאָזאַקן אַרומגעדרייט, אָדער זיי זײַנען געזעסן אויף דער ערד בײַם גרויסן מיסטקאַסטן, געקנאַקט סעמעטשקעס און געגענעצט פון לאַנגווײַליקייט.

דער קאַסטן איז געשטאַנען בײַם ראַנד פון מאַרק, און פון דאָרטן האָבן זיך געצויגן צוויי לאַנגע האַלב־קײַלעכדיקע רייען מיט פאַרשיידענע קרעמלעך און שטעלכלעך: גויִישע אויף איין זײַט, און ייִדישע אויף דער צווייטער זײַט. אין דער מיט האָבן אַרומגעבלאָנקעט טאָטערן, עטלעכע גריכן מיט גרויסע פאַרדרייטע וואָנצעס, אַ פּאָר טערקן מיט רויטע פעזקעס, אַ בלוי־פּנימדיקער גרוזינער און אַ כינעזער מיט אַ צעפּל; זיי האָבן געטראָגן זייערע קראָמען אויף די הענט אָדער אויפן רוקן.

אויף דער ייִדישער זײַט האָט די אַלטע ליבע געהאַט איר פּרוכט־שטעלכל. נעבן איר האָט נאָטע געהאַט זײַן קעראָסין־קרעמל און אָרטשע — זײַן היטל־געוועלב. מיט דער רויִקייט פון פאַרשלאָפענע הינער, אין דער זשומערײַ פון מחנות בינען אַרום די דערבײַיִקע גרינס־שטעלכלעך, פלעגט ליבע, צווישן איין קונה און דעם צווייטן, צײַט האָבן אויסצושטריקן אַ פּאָר זאָקן, און נאָטע — אָפּצומורמלען כּמעט דעם גאַנצן תּהילים.

ווינטער זײַנען די ווײַבער געזעסן פאַרשאָטן מיט אַ פוכיקן שניי, ווי ווײַסע מאַרבל־פיגורן, מיט טעפּלעך גליענדיקע קוילן אונטער זייערע קליידער. די מענער פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן אַרום אַ בשותּפותדיקן פײַערטאָפּ, אָנצוּוואַרעמען די פאַרפרוירענע בערד און, פּאַר איין וועגס, הערן וואָס באַרוועס זון האָט צו דערציילן וועגן דער גרויסער וועלט און טאַקע וועגן זייערע אייגענע זאָרגן און צרות.

דער בשותּפותדיקער פײַערטאָפּ איז געשטאַנען אויף דער רעכטער זײַט; אויף דער לינקער זײַט — דער צען־אויף־צען־פוסיקער מיסטקאַסטן, בײַ וועלכן סוחרים פון מחוץ דער שטאָט פלעגן זיך באַגעגענען, אָדער ווו לאָקאַלע קונים פלעגן זיך אָפּרעדן: מיר וועלן זיך טרעפן בײַם מיסטקאַסטן.

אָפטמאָל האָט דער קאַסטן געדינט ווי אַ באַהעלטעניש פאַר אַן אַנטלאָפענער הון פון אַ שטײַג, אָדער פאַר אַ געיאָגטן גנב. אין די שטילע לבנה־נעכט האָט אויך דער שאָטן פון קאַסטן געהאָלפן די קאָזאַקן צו פאַרנאַרן די דינסטמיידלעך פון דער אַרומיקער מאַרקגאַס.

צווישן דעם קאַסטן און דעם ברוינעם מויער נעבן וועלכן ער איז געשטאַנען, איז געווען דאָס אַזויגערופענע קליינע מאַרקפּלעצל, ווו קליינוואַרג פון די אַרומיקע מאַרק־גאַסן האָט פאַרלייגט די אייגענע געשעפטן און אָנגעפירט אַ לעבעדיקן האַנדל, פאַר וועלכן די אָרעמע קרעמער פון גרויסן מאַרקפּלאַץ האָבן זיי געהאַט וואָס מקנא צו זײַן.

דאָ, אויפן קליינעם מאַרקפּלעצל, האָבן די באָרוועסע, פאַרשמאָרקעטע סוחרימלעך געקערט וועלטן: געביטן ביינדלעך אויף קנעפּלעך, קנעפּלעך אויף שטיקלעך ציגל, אינדערפרי רייַך געוואָרן, און פאַרנאַכט — געוואָרן פאַראָרעמט... דאָ, אויפן קליינעם מאַרקפּלעצל, האָט מען געזאַמלט פאַרמעגנס, אָנגעזעצט, און ווידער געהאַנדלט. דאָ האָט מען זיך געשלאָגן, געזידלט, געלאַכט און געוויינט. דאָ, הינטער דעם קאַסטן, האָט געשפּרודלט מיט לעבן. און, ווי מאָדנע עס זאָל ניט קלינגען, דאָ האָט אַפילו די זון געשייַנט ליכטיקער ווי מיט צוויי שפּאַן ווייַטער, אויפן גרויסן מאַרקפּלאַץ.

בייַ אָט דעם קאַסטן האָב איך אין אַ זומערדיקן פרימאָרגן געעפנט מייַן געשעפט, מיט אַן אויסקלייב פון ביינדלעך, שטיינדלעך, שטיקלעך גלאָז, און שוין אין דעם זעלביקן פאַרנאַכט האָבן אַלע געוווּסט, אַז מייַן נאָמען איז יאָסיק און אַז איך קום פון דעם דרייַשטאָקיקן הויז מיט רויטע טויערן, און אַז איך בין אַ פולשטענדיקער דורכפאַל אין מייַן געשעפט.

אָנגעהויבן האָט עס זיך אַזוי: ווען אַ קונה איז צוגעקומען צו מייַן שטעלכל, האָב איך אים אָנגעכאַפּט בייַם אַרבל און אַ זאָג געטאָן: דו קומסט מיר פיר קנעפּלעך פון אייערנעכטן און צוויי פון נעכטן. דער קונה האָט אַרויסגעריסן זייַן אָרעם פון מיר און גענומען שרייַען אויף אַ קול, ווי איינער פון די הינט אויפן מאַרק וואָלט אים באַפאַלן. ווען אויף מייַנע קולות איז אָנגעלאָפן קליינוואַרג, האָבן זיי, צו מייַן גרויסער איבערראַשונג, אָנשטאָט מיר צו געבן רעכט, גאָר געהאָלפן דעם קונה שרייַען. אַזאַ זאַך ווי אייערנעכטן איז גאָר קיינמאָל ניט געווען! צי זיי האָבן זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק, צי זיי האָבן טאַקע ניט געדענקט; דער אמת איז, אַז דאָ, הינטערן מיסטקאַסטן, האָט מען טאַקע פריער קיינמאָל ניט געהערט פון אַזאַ זאַך, ווי נעכטיקע חובֿות. איך האָב זיך אָבער ניט געקאָנט העלפן: מייַן זכרון האָט מיך געמאַטערט און איך האָב מיט אַ מאָדנער אייַנגעשפּאַרטקייט געמאָנט חובֿות, ניט בלויז פון נעכטן און אייערנעכטן, נאָר פון אַ גאַנצער וואָך צוריק.

צו די צרות איז באַלד צוגעקומען אַ צווייטע פּלאָג: אַ געפיל פון לאַנגווייַליקייט. עטלעכע מאָל אין טאָג האָב איך פאַרלאָזט מייַן געשעפט, זיך אָנגעטאָן אַ פּאָר לייצעס, און געלאָזט איינעם פון מייַנע קונים מיך טרייַבן אַרום דעם מאַרקפּלעצל. קלאָר, אַז מייַן אַמביציע איז געווען מער צו זייַן אַ פערד, איידער אַ סוחר. אָבער אויך ווי אַ פערד האָט זיך מייַן מערכה ניט געביטן, וואָרעם זעלטן האָט פּאַסירט, אַז דאָס פערד זאָל פאַרענדיקן אַ "יאַזדע" און ניט אַ בריקע טאָן דעם טרייַבער פון הינטן. די סיבה: דער טרייַבער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס פערד רעדט צו אים.

ווערליק דעם אָפּמאַך — האָט דאָס פערד געטענהט — דאַרף דער טרייַבער זיך בייַטן מיטן פערד און לאָזן אַ ווייַלע דעם פערד טרייַבן דעם טרייַבער. אָבער דאָ, הינטערן מיסטקאַסטן, זייַנען ניט געווען, ווייַזט אויס, קיין טרייַבערס, וואָס זאָלן געדענקען נאָכמיטאָג וואָס עס איז אָפּגערעדט געוואָרן פאַרן פרישטיק, אַזוי אַז אַלץ וואָס דאָס אָפּגענאַרטע פערד האָט געקאָנט טאָן, איז געווען — אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די לייצעס און אַ בריקע טאָן דעם טרייַבער אין הינטן.

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך עטלעכע אַזעלכע "יאַזדעס" האָט מען אויפן פערד געגומען קוקן ווי אויף דעם מיאוסטן באַשעפעניש, וואָס האָט ווען־עס־איז פאַרבלאָנדזשעט אויפן פלעצל.

איך בין געווען געצוווּנגען אויפצוגעבן מייַן געשעפט מיט די שטיקלעך בראָכוואַרג, און זיך נעמען צו אַ מער בכּבודיקער פּראָפעסיע. איך בין געוואָרן אַ דאָקטער. אָבער אויך אין דער מעדיצינישער פּראָפעסיע איז מיר ניט געגאַנגען. די פּאַציענטן האָבן כּסדר פּראָטעסטירט קעגן דעם פאַרזשאַווערטן לעפל, מיט וועלכן דער דאָקטער האָט זיי געוואָלט אַרייַנשטופּן אין מויל אַרייַן עפּעס אַ געמישעכץ, וואָס ער אַליין האָט צוזאַמענגעשטעלט.

אַ קורצע צייַט האָב איך זיך אַזוי געראַנגלט מיט מייַנע פּאַציענטן, ביז איינמאָל האָט זיך צו מיר געמעלדן פאַר אַן אָפּעראַציע אַ געוויסער פּעוקע, און אַזוי גיך ווי איך האָב אים גענומען רוקן דעם באַרימטן לעפל אין מויל אַרייַן, האָט ער אים אַרויסגעכאַפּט פון מייַן האַנט און אָנגעהויבן סטראַשען, אַז אויב איך לייג זיך גלייַך ניט אַנידער און לאָז ניט דעם פּאַציענט אָפּערירן דעם דאָקטער, צעברעכט ער דעם לעפל.

דער פּעוקע האָט שוין לאַנג געהאַט אַן אויג אויף מיר, נאָך פון דער צייַט ווען כ'האָב פון אים געפאָדערט דעם "נעכטיקן טאָג". איצט איז ער ספּעציעל געקומען אָפּצאָלן דעם דאָקטער מיט זייַן אייגענער מעדיצין. ס'איז אויסגעבראָכן אַ ביטערע געשלעג, פון וועלכן איך בין אַרויס מיט אַ צעדראַפּעט פּנים און אַ צעבלוטיקטער נאָז, וואָס האָט, נאַטירלעך, אונטערגעגראָבן דאָס לעצטע ביסל פּרעסטיזש פון דעם דאָקטער. איך בין דעריבער געווען געצוווּנגען צו פאַרמאַכן מייַן קאַבינעט און בין, בלית ברירה, אַרייַן ווי אַ שותּף צו איינעם אַ לעקיש—בערטשיק, וואָס איז געווען אַ יתום און אויף צרות, און האָט געהאַט אַ קליינע בעקערייַ, ניט בייַם קאַסטן, נאָר בייַם סאַמע רינשטאָק פון דער מאַרקגאַס.

פון זאַמד מיט רינשטאָק־וואַסער האָבן מיר אויסגעפורעמט רונדע באַבקעלעך און, כּדי צוצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון די קונים צו אַ פלאַץ, וואָס איז געווען אין אַ זייַט פונעם מיסטקאַסטן, האָב איך אַליין אַרייַנגעשלונגען אַ גאַנץ באַבקעלע און אָפּגעלעקט די ליפּן, ווי דאָס

וואָלט געווען געמאַכט פון האָניק. ווען כ׳האָב געזען אַז כ׳האָב נאָך אַלץ ניט געווונען קיין צוטרוי פון עולם, האָב איך אַ שטורקע געטאָן מײַן שותּף בערטשיק הינטער דער פּלייצע, וואָס עס האָט געמיינט: נו, איצט שלינג דו אַראָפּ אַ באַבקעלע און באַלעק זיך, אפשר וועלן זיי דיר גלייבן. אָבער דער לעקיש האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר איבערראַשטע צעשראָקענע אויגן און האָט זיך אָפּגעזאָגט ניט נאָר אויפצועסן דאָס שטיק בלאָטע, נאָר אַפילו דאָס אַ שמעק צו טאָן. איך האָב אָפּגעמאָסטן מײַן שותּף מיט אַ בייזן בליק, אים אַ בריקע געטאָן אין הינטן און בין אַנטלאָפן.

אויף מאָרגן בין איך צום ערשטן מאָל אַרויף אויפן גרויסן מאַרקפּלאַץ, ווו מען האָט מיך גלײַך, פון דער ערשטער מינוט אָן, אויפגענומען און ווי געהעריק אָפּגעשאַצט. דאָ, האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן זיך סײַ די קויפערס און סײַ די פאַרקויפערס גראָד געניייטיקט אין מײַנע אונטערנעמערישע פעיִקייטן, און שוין דעם ערשטן טאָג האָב איך זיך גוט באַקאַנט מיט אַלע קרעמלעך און אַלע שטעלכלעך, און גענומען באַדינען די קונים, זיי אָנווײַזן ווו מען קאָן קויפן אַ פּאָר ביליקע שטיוול, אַ פּאָר גענוצטע הויזן, און אויב עמעצער האָט געדאַרפט... האָב איך זיך ניט געפוילט און אים צוגעפירט צום קהלשן אָפּטרעט.

באַזונדערס שטאַרק פלעג איך אונטערהאַלטן לייזערן דעם טאַנדעטניק. ער האָט פאַרקויפט הויזן, וואָס האָבן געסקריפּעט ווי דינע פּאַפּיר. האָט מען זיי איין מאָל אײַנגעקנייטשט — איז שוין ניט געווען אַזוי לײַכט זיי אויסצוגלײַכן. דעריבער האָט טאַקע לייזער געמוזט האָבן עמעצן, וואָס זאָל אים העלפן און האַלטן דעם קונד פאַר דער פּאָלע, ביז אים איז געראָטן אײַנצורעדן דעם קונה, אַז דאָס איז ״ענגלישע וואַרע״, און וואָס עס איז גוט פאַר די ענגלענדער, איז גוט פאַר ייִדן.

אויך אָרטשע דער היטלמאַכער האָט זיך שטאַרק געניייטיקט אין הילף. ער האָט אַפילו מער ווי איין אָדער צוויי היטלעך אַ וואָך ניט פאַרקויפט. די צרה איז אָבער געווען, וואָס זעלטן האָט פּאַסירט אַז דער קונה זאָל ניט צוריקברענגען דאָס היטל מיט אַ טענה: ס׳איז ניט דאָס וואָס ער האָט געוואָלט, ס׳איז צו גרויס, אָדער דאָס ווײַב זאָגט אַז עס פּאַסט אים איבערהויפּט ניט. אָבער אַז איך בין געווען דערבײַ, האָב איך געהאַלטן דעם שפּיגל און געלאָזט אָרטשען מאַניפּולירן מיט דעם היטל אויף דעם קונהס קאָפּ; און ווען דער קונה האָט זיך געדאַרפט אַראָפּבייגן צום שפּיגל כּמעט ביז צו דער ערד און זײַן פּנים פלעגט אין שלעכטן גלאָז פון דעם שפּיגל אויסגעצויגן ווערן ווי בײַ אַ פערד, האָט ער שוין געמוזט אײַנשטימען, אַז די צרה איז ניט דאָס היטל, נאָר זײַן פּנים. אַזוי בין איך אין אַ קורצער צײַט געוואָרן דער פּאָפּולערסטער מענטש אויפן מאַרק.

מײַן זכּרון, וואָס האָט מיך אַרויסגעיאָגט פֿונעם קליינעם מאַרקפּלעצל, איז דאָ, אויפֿן גרויסן מאַרקפּלאַץ, זייער שטאַרק צו נוץ געקומען. ווען איך בין פּאַרטיק געוואָרן מיט נאָטע דעם קעראָסין־הענדלער, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך דאַרף לויפֿן אַ קוק טאָן וואָס הערט זיך מיט זעליג דעם הערינגמאַן. איך האָב קיינעם ניט אַדורכגעלאָזט, אַלעמען געטראָגן אויפֿן קאָפּ און גוט געדענקט וואָס איינער האָט געזאָגט און וואָס דער צווייטער האָט געטראַכט. פֿאַר מיר זײַנען אויפֿן מאַרק קיין סודות ניט געווען. איך האָב אַפֿילו געוווּסט ווו די "מאַלינע" פֿון די מאַרק־גנבֿים געפֿינט זיך: אין אַ קעלער אויף דער יאַטקעווער גאַס, אויף דער רעכטער זײַט פֿון מאַרק. באַלד בין איך אויך דאָרט געוואָרן אַן אָפּטער, אָנגעלייגטער גאַסט.

איך בין זייער גיך געוואָרן אַן אמתער עקספּערט אויף זייערע "געמעטשעטע" קאָרטן און דעריבער געקאָנט אַמאָל אַרויסהעלפֿן מיט אַ מסירה אויף די "קוועטשערס", וואָס האָבן געפּרוּווט באַשווינדלען די "מויקעס". זייער אָפּט האָט מען מיך מכבד געווען מיט אַ זבענג איבערן קאָפּ, אויף וואָס איך בין, פֿאַרשטייט זיך, ניט שולדיק געבליבן. איין מאָל בין איך שיִער ניט געבליבן מיט אַ גנבֿישן פֿינגער אין מײַן מויל. נאָך יעדן וויזיט אין דער "מאַלינע" פֿלעג איך אַרויסקומען מיט אַ בײַל אויפֿן שטערן, אָדער מיט אַן אויער, פֿון וועלכן אַ גוט שטיקל האָט געפֿעלט. אָבער דאָס האָט מיך ווינציק געאַרט. איך האָב פּשוט קיין צײַט ניט געהאַט זיך צו פֿאַרטראַכטן וועגן אַזעלכע קלייניקייטן, ווען אויף מיר האָט דער גאַנצער מאַרקפּלאַץ געוואַרט — דעם העלפֿן קויפֿן אַ היטל, יענעם — פֿאַרקויפֿן אַ פּאָר כאָליאַוועס. אַפֿילו די הינער אין די שטײַגן וואָלטן אַ פֿינצטער לעבן געהאַט, ווען איך זאָל ניט יעדן פֿרימאָרגן אַרײַנקריכן אין מיסטקאַסטן און דאָרט אויסגראָבן אַ פֿאַרפֿוילטן קאַרטאָפֿל און אים ברענגען, זיי זאָלן פּיקן דורך די קראַטעס.

אויך די קאָזאַקן האָב איך ניט פֿאַרגעסן. צו זיי האָב איך געהאַט אַ באַזונדערע שוואַכקייט. שעהענוויַיז בין איך זיי נאָכגעגאַנגען און זיי געהאָלפֿן אײַנהאַנדלען — דעם אַ צוקער־לעקער, אַ צווייטן — אַ גלאָז עפּלקוואַס, אַ ראַזיר־מעסער אָדער אַ שלײַפֿשטיין פֿאַר זײַן שווערד. די קאָזאַקן האָבן אָפּגעשאַצט מײַן מי און האָבן מיך דערפֿאַר געלאָזט האַלטן די לעדערנע בײַטש און, אָפּטמאָל מיך אַפֿילו מכבד געווען מיט אַ הויפֿן סעמעטשקעס. מיט איינעם פֿון זיי, אַרקאַשקאַ, האָב איך זיך גאָר שטאַרק באַפֿרײַנדט.
אין אַ פֿרימאָרגן איז אַרקאַשקאַ געשטאַנען צווישן אַנדערע יאָלדן און זיך צוגעקוקט ווי דער טערק מיטן רויטן היטעלע לייגט אַרונטער אַן אַרבעסל אונטער איינעם פֿון די פֿינגערהוטלעך און איז גרייט צו ענטפֿערן מיט אַ גאַנצן רובל יעדן איינעם, וואָס וויל ריזיקירן צען קאָפּיקעס און טרעפֿן

אונטער וועלכן פינגערהוטל דאָס אַרבעסל געפינט זיך. איך האָב געקענט די טערקישע קונצן ניט ווינציקער פון דעם טערק און האָב דעריבער זיך פלינק אַדורכגעשטופּט דורך דעם געזאַמל און אַ ווייַז געטאָן אויף דעם טערקס רעכטער האַנט, ווו צווישן די פינגער איז געווען דאָס אַרבעסל. דער טערק האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר מיט זייַן אייַזערנעם שטעקן, אָבער אַרקאַשקאַ האָט אַרויסגעריסן פון אים דאָס אייַזן און מיט אַ לאַנגער נייַן-גאָרנדיקער קללה, וואָס האָט זיך געצויגן פון טאַטנס טאַטן ביז דער מאַמעס בלוט, אַרייַן, געפּאָדערט דעם זילבערנעם רובל. אָבער דאָ האָב איך זיך ווידער אַרייַנגעמישט און ניט דערלאָזט עס זאָל קומען צו אַ געשלעג, ווייַל אַחוץ דעם טערק בין איך געווען אפשר דער איינציקער וואָס האָט געוווּסט, אַז דער רובל איז אַ פאַלשער און עס לוינט ניט זיך צו שלאָגן צוליב אַ שטיקל בלעך.

נאָך דעם דאָזיקן אינצידענט, ווען נאָר אַרקאַשקאַ פלעגט מיך באַגעגענען אויפן מאַרק, פלעגט ער אַרויסנעמען פון זייַנע ברייטע הויזן-קעשענעס אַ הויפן סעמעטשקעס און מיך מכבד זייַן. איך פלעג אים אָננעמען פאַר דער שווערד און אַזוי, קנאַקנדיק די סעמעטשקעס, פלעגן מיר שפּאַצירן דורכן מאַרק. פון הינטערן מיסטקאַסטן האָבן זיך גלייַך באַוויזן די פאַרוווּנדערטע פּנימער פון די קליינע סוחרימלעך, און מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן נאָכגעקוקט ווי דער פריערדיקער בעקער, דער אויסגעלאַכטער דאָקטער, דאָס פאַרשטויסענע פערד, שפּאַצירט איצט מיט אַ קאָזאַק און פּאָכעט מיט אַ נאַגייַקע, ווי ער וואָלט אַליין געווען אַ קליינער קאָזאַקל. ווען איך האָב געזען די ניט-פאַרגינערישע בליקן פון הינטערן מיסטקאַסטן, האָב איך תּיכּף אָנגענומען אַ שטאָלצערן, מער צו-להכעיסדיקן אָנשטעל קעגן מייַנע געוועזענע שותּפים.

מייַן פּאָפּולאַריטעט האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. די מאַרק-מענטשן זייַנען גיך מיד געוואָרן פון מיר און געוואָלט פּטור ווערן פון דעם "שאַרלאַטאַן", ווי נאָטע דער קעראָסין-טרעגער האָט מיר אַ נאָמען געגעבן.

ווען מייַן רעפּוטאַציע איז דערגאַנגען צו מייַן מאַמען, האָט זי זיך דאָס גענומען שטאַרק צום האַרצן און געפּרוּווט אָפּראַטעווען איר איינציקן זון. זי האָט זיך באַמיט מיך איבערצורייַדן, אַז עס פּאַסט ניט פאַר מיר צו זייַן אַ שאַרלאַטאַן און זיך צו חברן מיט גנבים, און איבערהויפּט מיט קאָזאַקן, וואָס לערנען מיך אַזעלכע שענדלעכע קללות, פון וועלכע עס ווערן רויט די אויערן. אָבער אירע ווערטער זייַנען געפאַלן ווי שניי אויף אַ גליענדיקן אייַזן, וואָרעם ווינציקער פון אַלע האָב איך געטרויט מייַן מאַמען. דערפאַר אָבער האָב איך געהאַט אַ שוואַכקייט צו מייַן טאַטן, וואָס איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלע מאַרק-מענטשן און האָט געקענט מיט איין קלאַפּ פון זייַן פויסט צעברעכן אַ האַלבן טוץ וועלטשענע ניס, און צעבייגן צווישן די פינגער אַ זילבערנעם רובל איז בייַ אים געווען אַ שפּילכל.

אָבער ניט בלויז דער פּויזישער כּוח און דאָס אימפּאָזאַנטע אויסזען האָבן באַווירקט מײַן באַציִונג צו אים. די אינטימע פֿרײַנדשאַפֿט צווישן טאַטן און זײַן זון, דעם שאַרלאַטאַן, האָט זיך דער עיקר גענומען פֿון דעם וואָס דער טאַטע אַליין איז אויך געווען אַ שטיקל שאַרלאַטאַן. איידער ער האָט חתונה געהאַט, איז ער גאַנצע פֿינף יאָר געווען אַ סאָלדאַט אין טיף ראַסיי. דאָרטן האָט ער זיך אויסגעלערנט שמירן די וואָנצעס מיט פּאָמאַדע, שפּילן אויף אַ גאַרמאָשקע, און טיילמאָל זינגען אַ פּאָכאָבנע קופּלעטל. און דאָס איז נאָך ניט געווען אַלץ, וואָרעם נאָך לאַנג איידער מען האָט אים אָפּגעגעבן ווי אַ סאָלדאַט איז ער, ווערדליק די מאַרק־מענטשן, אויך ניט געווען קיין צדיק. ער האָט גערייכערט אום שבת, געשפּילט אין ביליאַרד, געגעסן אָן אַ מוציא און אַפֿילו געשניטן ראָסלפֿלייש מיט אַ מילכיק מעסער. די מאַרק־מענטשן האָבן דעריבער ניט געקאָנט וואַרפֿן די גאַנצע שולד אויפֿן זון.

דער טאַטע פֿלעגט מיר אײַנרעדן איך זאָל אַרויפֿקריכן אויפֿן הענגלאָמפּ און זיך דאָרטן וויגן ביז דער לאָמפּ פֿלעגט זיך אָפּרײַסן פֿון באַלקן און איך פֿלעג מיט אַ טראַסק אַראָפּפֿאַלן אויף דער פּאָדלאָגע. און אויב דאָס איז געווען ווינציק, פֿלעגט זיך נאָך מײַן טאַטע אונטערשטעלן ווי אַ לייטער, איך זאָל אויף אים אַרויפֿקריכן צום גרויסן וואַנטזייגער און פֿונאַנדערנעמען דעם געזימס און די רעדלעך צוטשעפּען צו אַן איבערגעקערטן שטול, מאַכן אַ באַן און פֿאָרן ביז עק וועלט. דער טאַטע האָט געפֿירט די באַן און שטענדיק געבראַכט דערצו זי זאָל אַראָפּ פֿון די רעלסן. נאָך יעדער נסיעה בין איך אַרויס אַ צעקאַליעטשעטער. דאָס האָט אָבער אויף אַ האָר ניט געביטן מײַן גערעַנק צו דערגרייכן ביז עק וועלט.

דערנאָך האָט מיר דער טאַטע אײַנגערעדט, איך זאָל אויספּרובירן מײַן מזל אויף אַ פּאַפּירענער שיף, אפשר אַזוי אַרום דערגרייכן ביז עק וועלט. און ווען איך האָב זיך איין מאָל אַרויסגעלאָזט אויפֿן ים, האָט דער טאַטע, ווי אויף צו להכעיס, געמאַכט אַ שטורעם און מיך אָפּגעפּליושקעט מיט אַן עמער וואַסער, איך זאָל דערטרונקען ווערן. איך האָב אָבער אַרויסגעוויזן אַ מערקווערדיקן ווידערשטאַנד און בין אַרויס פֿון אַלע קאַטאַסטראָפֿעס מיט נאָך אַ גרעסערער לײַדנשאַפֿט צו דערגרייכן מײַן ציל.

איינמאָל האָט דער טאַטע מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז עק וועלט קאָן מען זען פֿון אַ הויכן פֿעלז, און האָט מיר דערבײַ אָנגעוויזן אויפֿן אַלמער. איך האָב תּיכּף, אָן דער מינדסטער וואַקלעניש, גענומען אַרויפֿקלעטערן. און ווען איך האָב שוין כּמעט דערגרייכט דעם סאַמע שפּיץ, האָט מיר דער טאַטע אַ כּמאַלע געטאָן מיט אַ קישן איבערן קאָפּ מיט אַזאַ כּוח, אַז דער קישן איז צעשפּרונגען געוואָרן. אַ שנייאיקע זאַווערוכע פֿון צעפֿלויגענע ווײַסע פֿעדערן האָט מיר פֿאַרבלענדט די אויגן און איך האָב זיך אַראָפּגעקײַקלט פֿונעם באַרג, שיִער ניט צעבראָכן האַלדז־און־נאַקן.

דער טאַטע האָט, ווײַזט אויס פֿאַרשטאַנען, אַז וויפֿל ער זאָל מיר ניט קלאַפּן איבערן קאָפּ, מיט אַ קישן צי מיט אַ שטעקן, וועט אים שוין ניט געראָטן מיר אַרויסצושלאָגן פֿון זכּרון וואָס ער האָט מיר איינמאָל אײַנגערעדט. דעריבער האָט ער מסתּמא געהאַלטן פֿאַר זײַן חובֿ מיך באַצײַטנס צוצוגרייטן פֿאַר די ביטערע נסיונות, וואָס איך וועל זיך אין זיי אָנשטויסן אין מײַן משונהדיקן געדראַנג צו דערגרייכן עק וועלט. ער האָט זיך דעריבער באַמיט צו מאַכן זײַן זון פֿאַר אַן אַוואַנטוריסט, אַ קאָזאַק, אַ שאַרלאַטאַן, אים אײַנגערעדט, אַז ער וועט לעבן אייביק, און ער קען זיך דעריבער שפּילן מיטן טויט. אָבער אינגיכן האָט עפּעס פּאַסירט אויפֿן מאַרק.

עס איז געווען אַ כּמורנער פֿרימאָרגן, ווען באַרוועס זון איז געשטאַנען אין זײַן לאַנגן, אָפּגעבליאַקעוועטן מאַנטל און גרינעם, אָפּגעשאָסענעם קאַשקעטל, נעבן נאָטעס קעראָסין־קרעמל, אַרומגערינגלט מיט זײַן שטענדיקער גרופּע פֿאַרערערס. כאָטש יעדער איינער פֿון זיי האָט געוווּסט, אַז באַרוועס זון איז אַן אָרעמער בחור, וואָס לעבט ערגעץ אין אַ פֿינצטערן ברידעם־שטיבל אויף דער מאַרקגאַס, האָט אים קיינער קיינמאָל ניט אָנגערופֿן בײַם נאָמען, נאָר שטענדיק גערעדט צו אים אין דער דריטער פּערזאָן: "וואָס האָט עפּעס באַרוועס זון צו זאָגן?" — ווי זיי וואָלטן מיט דעם געוואָלט אַרויסווײַזן דאָס חשיבֿות פֿון זײַן טאַטן — באַרווע. אין דער אמתן איז דער טאַטע געווען אַ פּשוטער בעל־עגלה, וואָס פֿלעגט שטיין מיט זײַן אײַנגעדאַרט פֿערדל בײַם ראַנד פֿון אַלטן מאַרק און רייכערן זײַן צעברענטע ליולקע, אָדער שלאָפֿן אין זײַן וואָגן מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויפֿן הינטן פֿון דעם פֿערדל, וואָס ·פֿלעגט אונטער דער זון כּסדר פּאָכען מיטן עק און, אין איין וועגס, שוין אַראָפּטרײַבן דעם זשמוט פֿליגן פֿון דער פֿליישיקער נאָז פֿון זײַן בעל־הבית. ניין, דער טיטל "באַרוועס זון" האָט זיך באַצויגן דורכאויס צום זון, און ניט צום טאַטן.

ער, דער זון, האָט אין ווײַסטער אָרעמקייט און ביטערער קעלט פֿון אַ ברידעם־שטיבל באַוויזן אויסצולייענען "אַלע ביכער פֿון דער וועלט", און פֿלעגט אָפֿט קומען צום פֿײַערטאָפּ דערציילן די פּראָסטע מאַרק־מענטשן די אויסטערלישע מעשׂיות, וואָס ער האָט געלייענט אין די ביכער.

מיט אַ דינעם פֿלעקל האָט דער געלערנטער בחור געצייכנט אויפֿן שניי די מאַפּע פֿון דער וועלט און האָט אָנגעוויזן ווו מאַקעדאָניע געפֿינט זיך, און דערקלערט ווי אַזוי אַלכּסנדר מוקדון איז געפֿלויגן אונטער די וואָלקנס רײַטנדיק אויף אַן אָדלער, און וויאַזוי ער האָט געהאַלטן אַ שטיק פֿלייש אויפֿן שפּיץ פֿון זײַן לאַנגער שווערד פֿאַר דעם צערייצטן שנאָבל פֿון דעם אויסגעהונגערטן פֿויגל, וואָס האָט זיך געריסן צום שטיק פֿלייש און, אויף אַזאַ אופֿן, אַרויפֿגעשלעפּט אַלכּסנדרן אין הימל אַרײַן.

ער האָט זיי אויך דערקלערט די סיבה פונעם בראָך פון דעם גרויסן אימפּעראַטאָר נאַפּאָלעאָן. יאָ, באַרוועס זון איז געווען אַ ברכה, אַ סימבאָל פון אַ געראָטן קינד, מיט וואָס טראָגעדיקע ווײַבער האָבן זיך איינע די אַנדערע געבענטשט: אויב אַ ייִנגל, זאָל ער זײַן אַ צווייטער באַרוועס זון.

אין יענעם פּרימאָרגן איז באַרוועס זון געשטאַנען און געצייכנט אויפן זאַמד די טאָפּאָגראַפיע פון ווײַטן מזרח אַרום פּאָרט אַרטור. די פּנימער פון די צוהערערס זײַנען געווען שטאַרק פֿאַרזאָרגט. און ניט אומזיסט. באַרוועס זון האָט זיי פאָרויסגעזאָגט, אַז אַזוי ווי די ״קאַסאָקע יאַפּאַנעזער״ האָבן מוראדיק צעשלאָגן די רוסישע קאָזאַקן, זאָלן די מאַרק-מענטשן ניט זײַן איבערראַשט, אַז זיי וועלן דאַרפן נעמען די ביקסלעך אויף די פּלייצעס און גיין זיך אָננעמען פאַר די קאָזאַקן. און ער האָט שטיל צוגעגעבן: עס איז ניט וויכטיק ווי אַזוי די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן. דער עיקר זײַנען די ״קאָנסעקווענצן״. דערבײַ האָט ער אַ שנעל געטאָן מיטן פינגער און אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג, וואָס עס האָט געמיינט, אַז די ״קאָנסעקוועצן״ זײַנען עפּעס אַזוינס, וואָס איז ניט מעגלעך צו דערקלערן מיט פּשוטע ווערטער, און באַלד איז ער מיט גיכע טריט פאַרשווונדן געוואָרן פונעם מאַרק.

די דאָזיקע וואָרענונג פון באַרוועס זון, בפרט דער לעצטער סודותדיקער קנאַק מיט דער צונג, האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אויף די מאַרק-מענטשן. קראַצנדיק די בערד און רײַבנדיק די שטערנס, זײַנען זיי זיך שטיל צעגאַנגען צו זייערע שטעלכלעך און דאָרט האָט איינער דעם אַנדערן זיך באַמיט אויסצוטײַטשן וואָס אַזוינס עס מיינט דאָס מאָדנע וואָרט ״קאָנסעקוועצן״. צי איז עס ניט אַן אָנצוהערעניש, אַז דער רוס וועט פאַרשפּילן די מלחמה און די ״קאַסאָקע יאַפּאַנעזער״ וועלן אַרײַן אין רוסלאַנד, און אפשר צוקומען צום סאַמע מאַרקפּלאַץ. די ייִדן האָבן אַרויפגעלייגט די הענט אויף די ליפּן, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט דאָס אַפילו אַרויסצואָטעמען.

ווי איטלעכע זאַך אויפן מאַרק, האָב איך עס מיר גענומען צום האַרצן מער ווי יעדער אַנדערער. מיך האָט אַזוי ניט געשראָקן וואָס די יאַפּאַנעזער מיט זייער פלאָט קאָנען איינגיכן אָנקומען אויפן מאַרק, ווי ס׳האָט מיך פאַרדראָסן, וואָס די קאַסאָקע שמאָנדראַקעס שלאָגן מײַנע באַליבטע קאָזאַקן. איך האָב געקאָנט פאַרשטיין די מאַרק-מענטשן, וואָס זײַנען נאָך דער דרשה פון באַרוועס זון אַרײַנגעפאַלן אין אַ געדריקטער שטימונג, אָבער אַז די העלדישע קאָזאַקן מיט זייערע פערד, מיט זייערע לאַנגע פּיקעס און לעדערנע בײַטשן, זאָלן זײַן אַזוי אָנמאַכטיק, אַז די נעבעכדיקע מאַרק-מענטשן זאָלן זיך דאַרפן פאַר זיי אָננעמען — דאָס איז געווען איבער מײַן שכל. איך בין גיך געלאָפן אַהיים, וואַרטן ביז דער טאַטע וועט צוריקקומען פון דער

אַרבעט, ער זאָל מיר געווי אויפקלערן. אָבער דער טאַטע, מײַן בעסטער פרײַנד, האָט מיך נאָך מער צעטומלט.

קודם האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו זײַן אַ פערד און מיר געבן דעם געוויינטלעכן פאַרנאַכטיקן רײַט־שפּאַציר. און ווען איך בין צוגעשטאַנען מיט די שאלות וועגן די יאַפּאַנעזער, האָט ער מיך אומגעדולדיק אָפּגעשטופּט און אַליין זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל מיט דער זעלביקער טרויעריקער מינע און אין דער זעלביקער אײַנגעבראָכענער פּאָזע, ווי די מענטשן אויפן מאַרק.

נאָך אַ קורצן יִשוּב־הדעת מיט זיך אַליין, האָב איך באַשלאָסן מער ניט צו דערקוטשען מײַן טאַטן, און נעמען דעם גורל פון די מאַרק־מענטשן אין מײַנע אייגענע הענט.

אין אַ טאָג־צוויי אַרום ביז איך, אָנגעלאָדן מיט צוויי שווערדן און פולע קעשענעס מיט שטיינער, אַרײַן הינטערן מיסטקאַסטן און געמאָלדן, אַז אַלע זאָלן פאַרמאַכן די געשעפטן, זיך שטעלן אונטער מײַן קאָמאַנדע, ווײַל איך זוי פירן קעגן די יאַפּאַנעזער.

די דאָזיקע פעסטע, אומדערוואַרטע פאָדערונג האָט אַרויסגערופן אַ פּאַניק צווישן דער חברה פון קליינעם מאַרקפּלעצל. אייניקע זײַנען באַלד צוגעשטאַנען צו מיר און זיך גענומען גיך באַוואָפענען. דאָס רוב אָבער האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום מײַן אַלטן שונא — פּעווקע, וואָס האָט נאָך אין דער צײַט ווען איך בין געווען אַ דאָקטער, מיר געמאַכט אַ ניט אײַנגענעמען וויזיט. אָט דער פּעווקע האָט זיך איצט אָפּגעזאָגט צו פאַרמאַכן זײַן געשעפט. די קרעמערס, וועמענס געשעפטן זײַנען גוט געגאַנגען, האָבן זיך תּיכּף פאַראייניקט מיט אים, און מיט אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסט מיך גענומען טרײַבן פון פּלעצל אַראָפּ.

צו פיל האָב איך זיי געמאַטערט מיט מײַן אײַנגעשפּאַרטן זכרון און מיט מײַנע פּרעטענזיעס! איצט בין איך נאָך געקומען זיי פאַרפירן אין אַ מלחמה — גענוג! טראָג זיך אָפּ פון דאַנען!

איך האָב זיך אָבער ניט פאַרלוירן. כ'האָב אַלעמען פונאַנדערגעשטופּט און מיטן הילצערנעם שווערדל האָב איך אויפן זאַמד אויסגעמאָלן די מאַפּע פון דער וועלט און מיט היפּשע אָראַטאָרישע פעיִקייטן גענומען באַשרײַבן די סכּנה פון די יאַפּאַנעזער. און ווען איך האָב צום סוף מיט מײַן עקספּאָזיציע ווידעראַמאָל אַפּעלירט אַז אַלע זאָלן זיך פאַראייניקן און גיין העלפן די קאָזאַקן, האָט זיך קיינער ניט גערירט פון אָרט, און מיט רעכט.

וואָס האָט די חברה פון הינטערן קאַסטן, ס'רוב ציטערדיקע קינדער פון געטאָ, געהאַט בשותּפותדיקס מיט אָט די מאָדנע פאַרשווינען, די קאָזאַקן? זיי האָבן קיינמאָל ניט געוווּסט פון וואַנען און נאָך וואָס זיי קומען אויפן מאַרק. אַלץ וואָס זיי האָבן געקאָנט אינסטינקטיוו פילן, און טײלמאָל באַמערקן, איז

געווען דער ביטול צו זיי אין די בלויע קאָזאַקישע אויגן. נאָר אַ שאַרלאַטאַן האָט זיך טאַקע געקאָנט אַזוי באַפרייַנדן מיט זיי און נאָך קנאַקן סעמעטשקעס פון זייער האַנט.

ניין, קיינער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט; אַפילו די, וואָס זייַנען פריִער צוגעשטאַנען צו מיר, האָבן מיטאַמאָל געביטן זייער מיינונג און גענומען אַריבערגיין אויף דער זייַט פון פּעווקען.

וואָרטשענדיק און אונטערהעצנדיק איינער דעם אַנדערן, האָבן זיי זיך אַלע אַרומגעשטעלט אַרום מיר, גרייט מיך אַ כאַפּ צו טאָן און אַראָפּשליידערן פון מאַרקפּלעצל. דאָך האָבן זיי זיך ניט דערוועגט. זיי האָבן אַלע גוט געוווּסט, אַז איך בין דער זון פון אַ טאַטן, וואָס איז מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלע מאַרק־מענטשן, מיט גרויסע וואָנצעס און מיט אַ האַרטן קאַפּעליוש, און וואָס קען צעברעכן אַ זילבערנעם רובל מיט זייַנע פינגער.

פּלוצעם האָט זיך פון דער מאַסע אַרויסגערוקט בערטשיק דער יתום, מייַן שלימזלדיקער שותּף פון דער רינשטאָק־בעקערייַ. אָט דער ציטערדיקער לעקיש האָט, צו דער גרויסער איבערראַשונג פון דעם המון, געפונען גענוג מוט זיך אַרויסצושטעלן, און איידער וואָס־ווען האָט ער אַ שאָט געטאָן צוויי הויפנס מיט זאַמד מיר אין די אויגן אַרייַן. דער היפּנאָטישער כּוח, וואָס האָט ביז איצט צוריקגעהאַלטן דעם אויפגערייצטן המון, האָט געפּלאַצט ווי אַ באַלאָן, און מיט איין רגע שפּעטער איז שוין דער פּאַרטיידיקער פון די קאָזאַקן געלעגן אויף דער ערד.

מיט רעש און געפּילדער האָבן זיך אייניקע אַרויפגעוואָרפן אויף מייַנע פיס, אַנדערע אויפן בויך; פּעווקע האָט אַרויסגעריסן די שווערדן פון מייַן האַנט און זיי צעבראָכן, דערנאָך זיך אַרויפגעזעצט אויף מייַן קאָפּ און גענומען אַרויסוואַרפן די שטיינער פון מייַנע קעשענעס.

אין ווילדער פרייד האָט דער המון געיוּבלט מיט אַזעלכע קולות, אַז דער גרויסער מאַרק איז געוואָרן אויפגעציטערט, און די מאַרק־מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן הענדום־פּענדום צום קאַסטן, זען וואָס אַזוינס דאָרט האָט פּאַסירט. צי פון צופרידנקייט, צי פון איבערראַשונג — האָבן זיי, אָנשטאָט מיר צו העלפן, גענומען פּאַטשן מיט די הענט און זיך קאַטשען פון געלעכטער. שלמה דער ציצית־מאַכער האָט זיך אַפילו אַראָפּגעבויגן איבער מייַן פּנים, צו זייַן זיכער, אַז זייַנע אויגן נאַרן אים ניט אָפּ.

אין פּאַרייִאושטן געראַנגל איז מיר ענדלעך געראָטן אַ ביס צו טאָן פּעווקען אין הינטן און אים אַראָפּצושליידערן פון זיך. דערנאָך, דערזען דורך דעם האַלב־געעפנטן, פאַרזאַמדיקטן אויג דעם ציצית־מאַכער איבער זיך, האָב איך זיך אייַנגעשטשעמעט מיט ביידע הענט אין זייַן לאַנגער באָרד.

רייַסנדיק און שלעפּנדיק די באָרד, האָט שלמה אויך מיך אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער חברה, וואָס איז אויף מיר געלעגן. און קוים בין איך

שוין געווען אויף מײַנע פיס, האָב איך אַפּילו אָן אויגן געקענט לויפן צום מיסטקאַסטן, זיך אַרויפדראַפּען אויפן אויבערשטן דעק און פאַרשווינדן אין דעם קײַלעכדיקן לאָך אַרײַן.

אין מײַן באַהעלטעניש האָב איך ביסלעכווײַז אָנגעהויבן באַנעמען מײַן מפּלה. ס׳איז געווען ניט אַזוי דער ווייטיק, ווי די שאַנד. מיך האָט ניט אַזוי פאַרדראָסן די חוצפּה פון פּעווקען, ווי דער ביטערער אײַנפאַל פון בערטשיק דעם בעקער. אָט דער לעקיש, וואָס פלעגט פאַרציטערט ווערן ווען לײַבעלע קורלאַפּניקס אַ הון האָט זיך אַרײַנגעדרייט צווישן זײַנע פיס, און זײַנע געוואַלדן האָבן פאַרקלונגען אויפן גאַנצן מאַרק, אָט דער שוואַכלינג, גראָד ער, זאָל מיר ברענגען אַזאַ שענדלעכן דורכפאַל; דאָס איז געווען מער ווי איך האָב געקאָנט פאַרגעבן.

נאָך ווינציקער האָב איך פאַרשטאַנען די מאַרק־מענטשן. וואָס האָבן זיי זיך ,אַזוי געפרייט? צי דען האָבן זיי ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָב איך זיך אײַנגעשטעלט פאַר זייערטוועגן? צי האָבן זיי אַזוי גיך פאַרגעסן ווי צעשראָקן זיי זײַנען געשטאַנען און זיך צוגעהערט צו באַרוועס זון? מילא, מיט די קליינע שמאָנדאַקעס קאָן איך זיך צו יעדער צײַט אָפּרעכענען, אָבער אויך די גרויסע נאַראָנים מוז איך אָנלערנען, וואָרעם אין יענער רגע, וואָס זיי האָבן חוזק געמאַכט פון מײַן בראָך, זײַנען זיי געווען טויזנט מאָל ערגער פון די יאַפּאַנעזער. סוף־כּל־סוף האָב איך דאָך די יאַפּאַנעזער ניט געקענט. אָבער די מאַרק־מענטשן, וואָס האָבן געלעבט פון מײַן האַנט, פון מײַנע קרעמלעך, אויף מײַן מאַרק — זיי מוז איך אַראָפּראַמען פונעם מאַרק. און דאָס, פאַרשטייט זיך, קאָן איך טאָן נאָר מיט דער הילף פון מײַן העלדישן טאַטן. אָט אַזוי, בעת זיי שטייען דאָרט און פּאַטשן זיך אין די בײַכלעך הינטערן קאַסטן איבער מײַן מפּלה, וועל איך אַרויפלויפן אַהיים און דאָרט אָנרייצן מײַן טאַטן, ער זאָל תּיכּף אַראָפּקומען און אַלעמען צערײַבן ווי פאַרפוילטע ניס צווישן זײַנע מאַכטיקע פינגער.

מיט אָט דעם געדאַנק האָב איך זיך פּאַמעלעך אַרויסגערוקט פון לאָך, און שאַרנדיק זיך אויפן בויך זיך אַראָפּגעגליטשט פון דעם קאַסטן אין דער זײַט פון דער מאַרקגאַס, און מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט געלאָפן אַהיים. אָבער אינדערהיים האָט אויף מיר געוואַרט נאָך אַ גרעסערע אַנטוישונג. דער טאַטע איז שוין ניט געווען אינדערהיים. ער איז נאָך אין דעם זעלביקן פרימאָרגן אַנטלאָפן ערגעץ אין אַ ווײַטן לאַנד, וואָס הייסט אַמעריקע.

ווי איז דאָס מעגלעך? וויאַזוי האָט ער דאָס געקאָנט טאָן? אַ טאַטע זאָל זיך אַזוי שטאַרק איבערנעמען מיט דער וואָרענונג פון באַרוועס זון, אַז ער זאָל פלוצלינג אַנטלויפן און איבערלאָזן אַלעמען, און דער עיקר זײַן אייגענעם זון, זיי זאָלן זיך אַליין ספּראַווען מיט די יאַפּאַנעזער, בעת ער אַליין ראַטעוועט זיך פון דער סכּנה?

מײַן ביטערער זכּרון, וואָס פּלעגט מיר שטענדיק אונטערקומען צו שיטן זאַלץ אויף די ווונדן, האָט מיך אויך איצט דערמאָנט: ווי פֿאַרזאָרגט האָט מײַן טאַטע אויסגעזען דעם פּרימאָרגן, און ווי צאַרט האָט ער מיך געקושט. אויף וויפֿל איך האָב זיך געקאָנט דערמאָנען, איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער טאַטע האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ סענטימענטאַלע צאַרטקייט. דאָס איז געווען אין דעם פֿרימאָרגן, ווען איך האָב זיך, אַ באַוואָפֿנטער, געאײַלט צום מיסטקאַסטן. איך האָב קיין צײַט ניט געהאַט צו באַמערקן די מאָדנע אויפֿפֿירונג פֿון מײַן טאַטן. איצט האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז די מאָדנע קושערײַ איז געווען אַ פֿאַרשטעלעניש מיך אָפּצונאַרן. אויב ס'איז אמת וואָס באַרוועס זון האָט געזאָגט, אַז די יאַפּאַנעזער קאָנען קומען אויפֿן מאַרק און אַלעמען אויסקוילען, און אויב דער איינציקער וועג זיך צו ראַטעווען פֿון די "קאָנסעקווענצן" איז צו אַנטלויפֿן און זיך אויסבאַהאַלטן ערגעץ אין אַ ווײַטן לאַנד וואָס הייסט אַמעריקע, וואָלט דען ניט געווען מער ווי רעכט ער זאָל מיטנעמען, אויב ניט דעם גאַנצן מאַרקפּלאַץ, לכל הפּחות דעם זון?

וואָס־זשע בלײַבט איצט צו טאָן? פֿאַרגעסן דעם אינצידענט מיט בערטשיקן, אויפֿגעבן דעם קאַמף מיט די יאַפּאַנעזער, בלײַבן ליגן אין לאָך פֿון מיסטקאַסטן? זײַן אַ באַזיגטער — יאָ! אָבער אַן אויסגעלאַכטער — ניין! דאָס וואָס פּעווקע איז מיר געזעסן אויפֿן קאָפּ און געבוכטשעט, דאָס מיינט ניט בעצם גאָרנישט. וואָס מיינט אַ בוכטשע מער, צי אַ בוכטשע ווינציקער פּאַר איינעם, וואָס האָט אַ צעקאַליעטשעטן אויער, און בײַ וועמען עס פֿעלט אַ גאַנץ בינטל האָר אויפֿן קאָפּ, וואָס מ'האָט אים אַרויסגעריסן אין דער "מאַלינע"? אָבער וואָס די מאַרק־מענטשן האָבן געלאַכט, דאָס איז געווען ניט איבער מײַן ווייטיק, נאָר איבער מײַן בושה. ניט ווײַל די יאַפּאַנעזער האָבן מיך געשלאָגן, נאָר ווײַל מײַן פֿאָטער האָט מיך פֿאַרראַטן. זיי האָבן געוווּסט, זיי האָבן געשוויגן. זיי האָבן געלאַכט. דאָס קאָן איך ניט פֿאַרגעסן, אַפֿילו איך זאָל פֿון איצט אָן מער קיין טאַטן ניט האָבן.

אויב ס'האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז די העלדישקייט פֿון מײַן טאַטן איז געווען אַ פּוסטער אָנשטעל, אַז בײַ דער ערשטער וואָרענונג איז ער אַ פֿאַרציטערטער אַנטלאָפֿן, האָבן אָבער די מאַרק־מענטשן אינגאַנצן אַ טעות מיטן זון. זיי האָבן מסתּמא פֿאַרגעסן, אַז אַרקאַשקאַ איז מײַן פֿרײַנד און ער לעבט נאָך. אים האָבן די יאַפּאַנעזער ניט דערהרגעט. עס וועט זײַן גענוג, אַז אָט דער איינער קאָזאַק זאָל זיך דורכגאַלאָפּירן אויף זײַן פֿערד דורכן מאַרק און מיט זײַן לעדערנער בײַטש אַביסל דורכוואָשטשען די חוזק־מאַכערס, וואָס האָבן אַזוי גיך פֿאַרגעסן, אַז ווען ניט איך, וואָלטן זיי אַפֿילו קיין אַלטע פּאָר הויזן ניט געקאָנט פֿאַרקויפֿן.

מיט אָט די געדאַנקען בין איך געשטאַנען בײַם פענצטער און געזען ווי די שויבן ווערן בלוי און אין צימער ווערט טונקל. און ווען די מאַמע איז מיט שטילע טריט צוגעקומען צו מיר און אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף מײַן קאָפּ, האָב איך זיך אָפּגעקערט פון איר, ווײַל זי, מיט אירע גוטע ריידעלעך, האָט מיך שטענדיק געוואָלט אָפּרײַסן פון אַרקאַשקען. שיין וואָלט איך איצטער אויסגעזען, ווען איך וואָלט זיך צוגעהערט צו איר און וואָלט אויפגעהערט צו זײַן אַ קאָזאַק, אַ מויקע, אַ שאַרלאַטאַן; וואָס וואָלט איך איצט געטאָן, נאָך דעם ווי איך האָב שוין ניט ווער עס זאָל מיך וויגן אויפן לאָמפּ? ווער וואָלט זיך פּאַר מיר אײַנגעשטעלט? ווי גוט וואָס איך האָב זיך צו איר קיינמאָל ניט צוגעהערט. איצט, ווען זי הייסט מיר טרינקען די מילך, וועל איך זי אַוודאי ניט פאָלגן. איך וועל גיכער אַרײַן אין בעט, די נאַכט זאָל אַריבער, און דער מאָרגן זאָל קומען, כּדי איך זאָל זיך וואָס פריִער קענען טרעפן מיט מײַן איינציקער טרייסט — אַרקאַשקאַ.

## ב

דער באַרימטער מיסטקאַסטן איז געשטאַנען אויף דער ייִדישער זײַט פון מאַרק. אויף דער גויִשער זײַט איז געווען די "יושקע־גאָרקיך", וואָס האָט געקאָנט קאָנקורירן אין פּאָפּולאַריטעט מיטן קאַסטן. דאָרט זײַנען אויף גרויסע אײַזערנע דרײַפוסן געהאָנגען אויף קייטן די ברייטע פאַרשמאָלצענע טעפּ מיט דער זודיקער יושקע, די באַליבטע שפּײַז פון די פּויערים, וואָס פלעגן קומען פון די אַרומיקע דערפער אויפן מאַרק, מיט זייערע פורלעך גרינס. זיי פלעגן זיצן בײַ לאַנגע טישן און לעקן די שיסלען און סמאָטשקען די פינגער מיט אַ קנאַקערײַ, וואָס מ'האָט געקאָנט הערן אַזש בײַ די קאָלבעס־שטעלכלעך. אַרום זיי זײַנען געשטאַנען די בלודנע מאַרק־הינט מיט פאַרטרערטע אויגן, געדרייט די קרעציקע עקן און געוואַרט ביז בײַ די עסערס וועלן די צײנער טעמפּ ווערן גריזשענדיק די ביינער, און זיי וועלן זיי וואַרפן פאַר די הינט, כאָטש אַ שמעק צו טאָן.

אַ באַזונדערער טיש איז געווען רעזערווירט פאַר דער חברה לאַטוטניקעס און האָלאָוועשקעס — שוסטער־ און שנײַדער־געזעלן — וואָס פלעגן קומען צו דער גאָרקיך מער רעדן ווי עסן. צו זיי פלעגן אָפט זיך צוזעצן די מאַרק־טרעגערס, קצבים און גלאַט לײדיקגייערס. אַרומגעוויקלט מיט אַ שווערן רויך און מיט דער געדיכטער, זויערער פאַרע פון די יושקע־טעפּ, פלעגן זיי היציק דיסקוטירן און זיך איינער דעם אַנדערן אויסטײַטשן וואָס באַרוועס זון האָט געמיינט מיט די "קאָנסעקווענצן". אייניקע האָבן געפּרוּווט טרעפן, אַז דאָס האָט אפשר, אָדער מסתּמא, אָדער זיכער — געמיינט אַ רעוואָלוציע קעגן דעם צאַר. אַנדערע — אַז דאָס איז אַ באַשטימט און קלאָר אָנצוהערעניש וועגן אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע מיט פענער און געזאַנג. די דריטע האָבן זיך גלאַט אויסגעלאַכט פון די דאָזיקע לאַכודרעס, וואָס האָבן די העזה צו רעדן וועגן דעם אַלמאַכטיקן צאַר, פונקט ווי ער וואָלט צוזאַמען מיט זיי חזירים געפּאַשעט.

אָט אַרום דעם טיש האָב איך געהאָפט צו טרעפן אַרקאַשקען. אָבער עס זײַנען פאַרבײַ היפּשע עטלעכע טעג און, ווי אויף צו־להכעיס, האָט ניט בלויז אַרקאַשקאַ, נאָר קיינער פון די קאָזאַקן זיך ניט באַוויזן אויפן מאַרק. בלית ברירה האָב איך זיך שוין דאָ געמאַכט ניצלעך און אויסגעפּילט מײַן צײַט מיט בלאָזן דאָס פײַער אונטער די דרײַפוסן און אײַנטיילן די אָפּגעגריזשעטע ביינער צווישן די הינט זשוק און לישק. דעם בעסטן ביין

פלעג איך אָבער אָפּשפּאָרן פֿאַר מאַצעקן, וואָס פלעגט קומען פון דער קלויסטער־גאַס אין טראַנטעוואַטע הייזלעך, הונגעריקער ווי די הינט.

איין מאָל, ווען איך בין אַזוי געשטאַנען נעבן דער גאָרקיך, פֿאַרנומען מיט קאָרמען די הינט, זיינען פלוצלינג די דיסקוטאַנטן אויפגעשפּרונגען פון טיש און זיך געלאָזט לויפן אין די אַרומיקע הייף אַריין. די איבערגעשראָקענע הינט האָבן איבערגעלאָזט די ביינער אין מיינע הענט און, מיט אַ הייזעריקער בילעריי נאָכגעלאָפן די לויפערס. אויך מאַצעק האָט אַ שליידער געטאָן זיין ביין און זיך גיך אָפּגעטראָגן אַהיים. פון איבער דער קלויסטער־גאַס זיינען באַלד אָנגעלאָפן עטלעכע ווייבער און גרויליק געקוויטשעט: קאָזאַקן קומען!, קאָזאַקן קומען!

איך בין געשטאַנען איינגעשליידערט אין דער פּאַרע פון די זופּנטעפּ און זיך ניט גערירט פון אָרט. אין די אַלע טעג, וואָס איך האָב געוואַרט אויף די קאָזאַקן, האָב איך קיין מינוט ניט אויפגעגעבן די האָפענונג, אַז זיי וועלן קומען אויפן מאַרק און זיך אָפּרעכענען פאַר זייער באַליידיקטן פריינד, דעם קליינעם קאָזאַק. איצט האָב איך זיך ענדלעך דערוואַרט. אָבער דער צעספּרוזשעטער המון, וואָס איז געלאָפן פון מאַרק מיט אַ ווילדן אימפּעט, אומגעוואָרפן די בענק און די טישן און די דרייפוסן, האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן, מיך אויפגעהויבן אין דער לופטן ווי אַ פּאַפּיר אויפן ווינט, און מיך אַוועקגעטראָגן אויף די פּלייצעס צום הויף פון דעם דריישטאָקיקן הויז מיט די רויטע טויערן.

דאָרטן, הינטער פֿאַרמאַכטע טויערן מיט שווערע אייזערנע שטאַבעס, צוזאַמענגעפּרעסטע אין שטילער שרעק, האָבן זיי זיך צוגעהערט צו דער ריטמישער טראַסקעריי פון די פערדישע פּאָדקעוועס אויפן ברוק פון דער גאַס. איינגעקאָרטשעטע פון פחד, האָבן די ווייבער זיך געשאַרט אויף די שפּיץ פינגער און זיך צעשאָטן אין די הייזער פונעם הויף. די מענער האָבן זיך באַלד פֿאַרזאַמלט ביי פּיטשע דעם בלעכער אין קעלער־שטיבל, אייניקע מיט קאָטשערעס און בעזעמער.

ווען אין שטיבל איז גוט טונקל געוואָרן, האָט פּיטשע אָנגעצונדן דאָס קעראָסין־לעמפּל אויפן טיש און די ווענט זיינען פול געוואָרן מיט שאָטנס. אין דער טונקלקייט און אָנגעשטרענגטער שטילקייט איז שווער געווען צו אונטערשיידן וואָס איז מענטש און וואָס איז שאָטן. מיר איז שווער געווען צו פֿאַרשטיין זייער איבערגעטריבענע שרעק, און כ'האָב ניט געוווּסט פֿאַרוואָס זיי האָבן אויך מיך פֿאַרשלעפּט אין דעם קעלער. עטלעכע מאָל האָב איך אַפילו פּרובירט צו פּראָטעסטירן, אָבער זיי האָבן מיר פֿאַרמאַכט דאָס מויל און מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז אויב איך וועל אַ פּיפּס טאָן, וועלן זיי מיר די צונג אַרויסרייסן. ס'איז געווען פֿאַר מיר קלאָר, אַז איך בין דאָ אַ געפאַנגענער און כ'מוז וואַרטן ביז די קאָזאַקן וועלן אויסגעפינען

ווי מען האָט מיך פֿאַרשלעפּט און מיך קומען באַפֿרײַען.

באַלד האָט עמעצער געבראַכט אין קעלער שלעכטע נײַעס: אויף דער יאַטקעווער־גאַס איז אַ פּאָגראָם, מע ברענט הײַזער, מע שנײַדט בײַכער און מע וואַרפֿט דורך די פֿענצטער פּרויען מיט אָפּגעשניטענע בריסטן. פֿון די גרויליקע ידיעות האָט אַפֿילו דאָס פּלעמל אינעם לעמפּל גענומען ציטערן. אויף פֿאַר מיר האָט עס געקלונגען אַ ביסל צו ברוטאַל. די קאָזאַקן זײַנען צו ווײַט פֿאַרגאַנגען. סוף־כּל־סוף זײַנען דאָך ניט אַלע מאַרק־מענטשן געווען שולדיק. און מיט די מענטשן פֿון דער יאַטקעווער־גאַס האָב איך אינגאַנצן ניט געהאַט צו טאָן. וואָלטן מיך די נאַראָנים אַרויסגעלאָזט אין גאַס, וואָלט איך דאָס גאַנצע אומפֿאַרשטייעניש געקאָנט אויסגלײַכן. איך וואָלט בלויז געדאַרפֿט אָפּזוכן אַרקאַשקען און אים דערקלערן, אַז די געשיכטע הינטער דעם מיסטקאַסטן איז ניט געווען אַזוי מסוכן. סוף־כּל־סוף זײַנען די מאַרק־מענטשן גאָרניט אַזוי שלעכט, זיי זאָלן פֿאַרדינען אַזאַ שטראָף, ווי אויפֿטרענען די בײַכער און אַרויסוואַרפֿן דורכן פֿענצטער. אָבער בײַם טויער איז געשטאַנען אַ וואַך מיט גראָבע שטעקנס און יעדעס מאָל ווען איך פֿלעג פּרווון צוקומען נענטער, האָט מען מיך, סטראַשענדיק מיט די שטעקנס, אָפּגעטריבן.

מיך האָט שוין פֿאַרדראָסן וואָס איך האָב אָנגעהויבן די גאַנצע זאַך. איך בין שוין אַפֿילו גרייט געווען זיי מוחל צו זײַן און זיי העלפֿן. אָבער די נאַראָנים האָבן נאָך אַלץ ניט אַרויסגעוויזן דעם קלענסטן צוטרוי צו זייער אַמאָליקן פֿאַרזאָרגער און געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ נעבעכדיקן יתום, וועמענס פֿאָטער איז אַנטלאָפֿן קיין אַמעריקע און איבערגעלאָזט זײַן זון אויף הפקר. אַ גליקלעכער, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אַן אומגליקלעכער צופֿאַל האָט אָבער געבראַכט דערצו, אַז ניט בלויז האָבן די שכנים און מאַרק־מענטשן זיך איבערגעבעטן מיט מיר, נאָר אַפֿילו צוריקגעשטעלט מיך אין מײַן אַמאָליקער פּאָזיציע און נאָך מיט מער באַגײַסטערונג מיך אָנערקענט ווי זייער איינציקן גואל און פֿאַרזאָרגער.

נאָך עטלעכע טעג באַריקאַדירט אין פּיטשעס קעלער־שטיבל, האָבן די מענער אָנגעהויבן צו פֿילן אַ שנײַדנדיקן דוחק אין טאַבאַק. זיי האָבן פּרובירט פּאַפּיר, שטויב, בלאָטע — ביז זיי האָבן ענדלעך געמוזט אײַנשטימען, אַז וואָס עס זאָל ניט זײַן, מוז עמעצער אַרויס פֿון קעלער, צולויפֿן צו דער קלויסטער־גאַס צו חנה די בשמים־קרעמערקע, און ברענגען אַ ביסל טאַבאַק פֿאַר די פֿאַרחלשטע רייכערערס. צו חנהן האָט מען אַפֿילו געקאָנט צוקומען דורך אַ הינטערגעסל, נאָר מען האָט געמוזט פֿאַרבײַגיין די יאַטקעווער־גאַס. דאָס איז געווען ריזיקאַליש. דאָרט האָט מען זיך געקאָנט לײַכט אָנשטויסן אויף אַ קאָזאַקישן פּאַטראָל. איך האָב גלײַך דערפֿילט, אַז דאָס איז אַ פּאַסיקע געלעגנהייט פֿאַר מיר זיך איין מאָל פֿאַר אַלעמאָל אַרויסצורײַסן פֿון מײַן

געפּענגעניש, און איך האָב באַלד וואָלונטירט צו נעמען אויף זיך די ריזיקע.

צוערשט האָט מען דאָס אָפּגעוואָרפן, אָבער ביסלעכווײַז זײַנען זיי געווען געצוווּנגען צו בײַטן זייער מיינונג, וואָרעם ניט געקוקט אויף מײַן איצטיקן בראָך, האָט קיינער ניט געקאָנט אָפּלייקענען, אַז איך בין פּאָרט אַמאָל געווען דער פלינקסטער פון אַלע יאַטן הינטערן מיסטקאַסטן. און דאָס וואָס איך, דער שאַרלאַטאַן, בין גרויס ווי אַ פלוי, איז גראָד גוט, אַז די קאָזאַקן זאָלן מיך אַפילו ניט באַמערקן. דער עיקר איז צוגעגעבן געוואָרן צו מײַן קרעדיט, וואָס אַראַנק מײַן שטענדיקן חברן זיך מיט די קאָזאַקן האָב איך זיך אויסגעלערנט די קאָזאַקישע פינצטערע קללות, ווי גלײַך איך וואָלט געבוירן געוואָרן אין די סטעפּעס אָדער בײַ די ברעגן פון דעם טײַך דאָן, און ניט בײַם רינשטאָק אויף דער מאַרקגאַס. און אַזוי ווי קיינער האָט זיך טאַקע ניט געקאָנט צו מיר פאַרגלײַכן, איז געווען נאַטירלעך זיי זאָלן סוף־כּל־סוף אײַנשטימען אַרויסצושיקן "דעם שאַרלאַטאַן".

מען האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל זיך מאַכן קלענער ווי איך בין, זיך שאַרן בײַ דער וואַנט, אויסמײַדן די מאַרקגאַס און הינטנאַרום פאַרבײַגיין די יאַטקעוואָר־גאַס ביז צום ראָג, וווּ קאַראַדזשאַנס צוקערניע געפינט זיך. פון דאָרט זאָל איך זיך אַרײַנשלײַכן אין טויבן זאַוווליק, וואָס וועט מיך פירן דורכן הינטערטויער גלײַך צו חנהן אין שטוב אַרײַן. בײַ איר זאָל איך קויפן פינף פינפקאָפּיקע־פּעקלעך מאַכאָרקע און צוריקקומען מיטן זעלביקן וועג. ווען איך וועל אָנקומען צום רויטן טויער, זאָל איך שטיל אָנקלאַפּן זיבן מאָל, וועט מען וויסן, אַז דאָס איז דער שאַרלאַטאַן.

טאָמער אָבער, די שעה זאָל ניט זײַן, פאַרהאַלט מען מיך, דאַרף איך זאָגן, אַז כ'האָב פאַרבלאָנדזשעט, אַז איך בין אַ יתום און וווין בײַ מײַן מומע חנה, די אַלטע בשמים־קרעמערקע. דאָרט זאָל איך שוין פאַרבלײַבן ביז פאַרנאַכט, ווען עמעצער וועט קומען מיך אָפּנעמען. פאַר קיין שום פאַל זאָל איך ניט דערמאָנען די מאַרקגאַס. נאָך ווינציקער דאָס דרײַשטאָקיקע הויז מיט די רויטע טויערן. און דער עיקר, טאָר מײַן מויל ניט אַרויסברענגען פּיטשעס קעלער־שטיבל, אַפילו מען זאָל מיר אויסדרייען בײדע אויערן און אַרויסרײַסן די איבערגעבליבענע האָר פון מײַן קאָפּ.

— וואָס וועט אָבער זײַן, אַז מען וועט אים כאַפּן מיטן טאַבאַק? די קאָזאַקן זײַנען גרויסע בעלנים אויף מאַכאָרקע — האָט פּיטשע געפרעגט און באַלד שווערער געמאַכט די שאלה מיט אַ צווייטער: — וואָס וועט זײַן, אַז זיי וועלן געפינען בײַ אַזאַ קליינעם יאַט גאַנצע פינף־און־צוואַנציק קאָפּיקעס?

אָבער נויט ברעכט אײַזן. באַלד איז געפונען געוואָרן אַן אויסוועג: דעם טאַבאַק זאָל איך אַרײַנשיטן אין די שיך, וואָס וועט מיינען, אין פאַל מען וועט

מיך פאַרהאַלטן, אַז איך האָב פולע שיך מיט בלאָטע. און כּדי מיר זאָל זײַן באַקוועמער צו גיין, האָט פּיטשע, וואָס האָט, ווײַזט אויס, געהאַט די גרעסטע פּיס, תּיכּף פאָרגעלייגט: זאָל ער אָנטאָן מײַנע שיך!

די צווייטע שאלה, וויאַזוי באַהאַלט מען אויס דאָס געלט, האָט איינער פון די רייכערערס פאַרענטפערט דערמיט, וואָס ער האָט אויסגעביטן דאָס צוזאַמענגענומענע קליינגעלט אויף אַ גאַנץ זילבערן פּערטעלע. דאָס, פאַרשטייט זיך, איז געווען גרינגער אויסצובאַהאַלטן, ווי דעם הויפן קאָפּיקעס און גראָשנס, וואָס אַלע האָבן זיך צונויפגעלייגט. דערמיט איז נאָך די לעצטע שאלה ניט אינגאַנצן פאַרענטפערט געוואָרן, אָבער איך, ברענענדיק פאַר אומגעדולד, האָב זיך אַרײַנגעמישט און געזאָגט, אַז איך וועל די זילבערנע מטבע האַלטן אונטער דער צונג. דאָס איז געווען גענוג. קיינער האָט ניט געקאָנט אָפּלייקענען די ממזרישע אײַנפאַלערישקייט פון דעם שאַרלאַטאַן. מ׳האָט מיך צוגעפירט צום טויער און מיך באַראַבּט אַרויסגעשטופּט אין גאַס.

ענדלעך בין איך אויף דער פרײַ! ענדלעך וועל איך קענען ווײַזן די אײַנגעשפּאַרטע נאַראָנים ווער איך בין! אָפּרעכענען זיך מיט זיי? ניין! להיפּוך. פאַר די עטלעכע טעג וואָס איך האָב זיך אַרומגעדרייט אין פּיטשעס קעלער־שטיבל, צוגעזען ווי נעבעכדיק, ווי ציטערדיק און פאַרייִאושט זיי זײַנען, האָב איך אינגאַנצן אויפגעגעבן מײַנע פּרעטענזיעס. מיך האָט שוין איצט מער פאַרדראָסן די גראָבקייט פון די קאָזאַקן, וואָס האָבן זיך דערלויבט צו מאַכן אַ פּאָגראָם אויף דער יאַטקעוווער־גאַס, דאָרט שנײַדן בײַכער און וואַרפן מענטשן דורכן פענצטער. אָבער די מאַרקגאַס איז געווען פּוסט און שטיל. אַפילו ניט קיין סימן פון מײַנע פרײַנד.

— ווו זײַנען זיי, אין זייער טאַטנס־מאַמעס־שוועסטער אַרײַן? — האָב איך אויף אַ געוויינטלעכן, פּליסיקן אופן אַ זידל געטאָן. — לאָמיך נאָר עמעצן פון זיי טרעפן, וועל איך אים דערלאַנגען אַ גאָב, אַז ער וועט מיך האָבן צו געדענקען! — מיט די ווערטער האָב איך זיך גלײַך געלאָזט גיין צו דער יאַטקעוווער־גאַס.

אויף דאָרט איז קיין לעבעדיקער נפש ניט געווען. ס׳האָט אויסגעזען ווי ניט בלויז די מאַרק־מענטשן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, נאָר אויך די קאָזאַקן זײַנען זיך צעלאָפן פאַר שרעק. אַ געפיל פון וווּנדער און שטאָלץ האָט מיך אַרומגענומען פון דעם געדאַנק, אַז איך בין איצט דער איינציקער לעבעדיקער מענטש אין דער פּוסטער שטאָט. פון דעסטוועגן האָט מיך פאַרדראָסן. איך האָב געפילט, אַז איך טראָג אַ גרויסן טייל פון דער שולד. איך האָב באַדויערט די קאָזאַקן אַזוי גוט ווי די מאַרק־מענטשן.

אין דער רגע איז פון דעם טויבן געסל אַרויסגעשפּרונגען אַ פיגור מיט צעפּודלטע האָר און מיט אַ פּנים, בלייכער ווי קאַלך. איך האָב באַלד

דערקענט באַרוועס זון. עס האָט אויסגעזען, אַז ער האָט זיך דאָרטן, אין טויבן געסל, בכּיוון אויסבאַהאַלטן און געוואַרט אַז עמעצער זאָל פאַרבײַגיין. איצט, ווען ער האָט מיך דערזען, איז ער צוגעשפּרונגען, אַרויסגענומען אַ בינטל בלעטלעך פון בוזעם און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם געזאָגט:

— לויף, זאָג אָן אַלעמען זיי זאָלן זיך גרייטן צו דער מאָרגנדיקער דעמאָנסטראַציע. זאָג זיי, אַז די רעוואָלוציע צעפלאַקערט זיך ווי אַ פײַער, דער צאַר איז געענדיקט... דאָס איז אַ בינטל אויפרופן, זאָלן זיי עס צעשפּרייטן צווישן די שכנים, אויך אַרונטערשאַרן אונטער אַלע פאַרמאַכטע טויערן... לויף גיכער, קיינער טאָר דיך דאָ ניט זען, קיינער טאָר דיך דערמיט ניט כאַפּן!

דער איינציקער מענטש, פאַר וועמען כ׳האָב געהאַט דרך־ארץ, איז געווען באַרוועס זון, כאָטש מײַן פרוּוו נאָכצומאַכן און נאָכצוזאָגן זײַן באַרימטע דרשה וועגן די ״קאָנסעקווענצן״, האָט מיך און אַלעמען געבראַכט צו דעם איצטיקן בראָך. פון דעסטוועגן האָב איך זיך געלאָזט פליִען צוריק, איבערצוגעבן זײַן נײַעם פּיזמון, וועלכן איך האָב פונקט אַזוי פאַרשטאַנען ווי זײַנע ״קאָנסעקווענצן״.

איך בין אָפּגעלאָפן בלויז עטלעכע צענדליק טריט, ווען צו מײַן אויער האָט זיך דערטראָגן די באַקאַנטע ריטמישע טופּערײַ פון קאָזאַקישע פערד. פון דער ווײַטן האָב איך געזען ווי באַרוועס זון שלײַכט זיך צווישן די טויבע ווענט פון דעם שמאָלן געסל, ווי ער וואָלט זיך באַמיט זיך אַרײַנצוקוועטשן אין די מויערן. די צוויי קאָזאַקן זײַנען אַרײַנגעריטן אין געסל פון ביידע זײַטן און אים אַזוי אַרײַנגעכאַפּט אין אַ פּאַסטקע. אונטער דער סווישטשערײַ פון קאָזאַקישע נאַגײַקעס האָט זיך מײַן באַליבטער רעדנער אַראָפּגעגליטשט צו דער ערד און איבערגעלאָזט אויף דער וואַנט זײַן בלוט־רויטן שאָטן. די קאָזאַקן זײַנען אַראָפּגעקראָכן פון די פערד, פּרובירט אויפשטעלן דעם פאַרשמיסענעם, אָבער אומזיסט: די פּיס האָבן זיך בײַ אים געקנייטשט ווי זיי וואָלטן געווען פון פּאַפּיר. זיי האָבן אויסגעטרייסלט זײַנע קעשענעס, אַפילו אַראָפּגעשלעפּט די שיך פון די פּיס. אַז זיי האָבן בײַ אים גאָרנישט ניט געפונען, האָבן זיי אים, אַנטוישטע, בייז און מיט עקל אַ שלײַדער געטאָן אין אַ זײַט.

זיי האָבן אָפּגעווישט די נאַגײַקעס אָן זייערע ברייטע שאַראַוואַרן און זײַנען שוין גרייט געווען זיך צוריק אַרויפצוזעצן אויף די פערד, ווען איינער פון זיי האָט מיך באַמערקט אויפן ראָג פונעם געסל און געגומען ווינקען צו מיר מיטן פינגער. איך האָב זיך ניט גערירט פון אָרט. דער קאָזאַק האָט איבערגעגעבן די לייצעס פון זײַן פערד צו זײַן חבר, און אַליין איז ער צוגעקומען צו מיר און מיט אַ ברייטן שמייכל אויף זײַן קײַלעכיקן פּנים אויסגעשטרעקט צו מיר זײַן האַנט. איך האָב געלאָזט הענגען זײַן האַנט אין דער לופטן, ווי

איך וואָלט זיך בכּיוון אָפּגעזאָגט צו דערקענען מײַן אַלטן חבר אַרקאַשקאַ. אין איין רגע איז אָבער אַרקאַשקאַס שמייכל אַראָפּ פֿון זײַן פּנים. מיט דער זעלביקער אויסגעשטרעקטער האַנט האָט ער אַ ריס געטאָן פֿון אונטער מײַן אָרעם דאָס בינטל פּראָקלאַמאַציעס.

— ווער האָט עס דיר געגעבן? האָט ער אַן אויפֿגערעגטער געפֿרעגט.

און אַז ער האָט ניט באַקומען קיין ענטפֿער, האָט ער מיך צוגעשלעפּט צו זיך און אָנגעהויבן באַטאַפּן די קעשענעס. — וואָס נאָך האָסטו בײַ זיך?

— האָט ער ווידער געפֿרעגט. ווען איך האָב אויך דאָס מאָל ניט געענטפֿערט, האָט אַרקאַשקאַ פֿאַרלוירן זײַן געדולד, מיך אָנגעהויבן טרײַסלען און שרײַען:

— ווו האָסטו גענומען די פּאַפּירלעך און וואַהין האָסטו זיי געזאָלט טראָגן?

— אָבער איך האָב מיט פֿאַרביסענע ליפּן געשוויגן.

ס'האָט אויסגעזען מאָדנע, וואָס גראָד איך, וואָס בין געווען אַזוי באַרעדעוודיק, זאָל מיטאַמאָל פֿאַרשטומט ווערן, ווי די צונג וואָלט בײַ מיר פּלוצלינג געליימט געוואָרן. דאָס האָט נאָר געקאָנט מיינען, אַז איך האָב עפּעס באַהאַלטן אין מויל. אַרקאַשקאַ האָט טאַקע אַרײַנגענומען צווישן זײַנע צוויי פֿינגער מײַנע באַקן, און ווי מיט אַ פּאָר קלעשטשעס אַ דריק געטאָן:

— ענטפֿער, ווען איך פֿרעג דיך! רעד, ווען איך הייס דיר! זאָג כאָטש אַרויס איין וואָרט!

אין אַ ווייטיקדיקער קאָנוווּלסיע האָב איך זיך גענומען שטיקן, ווי איך וואָלט מיטן גרעסטן אָנשטרענג זיך באַמיט אַרויסצוברענגען פֿון מײַן צוזאַמענגעפּרעסטן גאָרגל דאָס געפּאָדערטע וואָרט. און סוף־כּל־סוף איז עס מיר געראָטן. איך האָב פֿונאַנדערגעריסן דאָס מויל און אויפֿן גאַנצן קול אויסגעשריִען:

— אין דײַן טאַטנס־מאַמעס־לעבער־געדערעם־זויערמילך־און־פֿאַרשטונקענעם־ בלוט־פֿון־אונטן־און־אויבן־אין־אַלע־זײַטן־אַרײַן!

אַרקאַשקאַ איז געבליבן שטיין, ווי עמעצער וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלטן וואַסער. די דאָזיקע עלפֿגאָרנדיקע קללה האָט מיט גאַנצע דרײַ גאָרנס אַריבערגעשטיגן יענע, וואָס ער אַליין פֿלעגט אַזוי אָפֿט באַנוצן. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט פּאַרדרוס, ווי ער וואָלט געטראַכט: איז דאָס דער דאַנק, וואָס דו גיסט מיר דערפֿאַר, וואָס איך האָב דיך פֿאַר מײַן פֿרײַנד געמאַכט, דיך מיט סעמעטשקעס געקאָרמעט, געלערנט דיך שילטן, פֿאַר אַ קליינעם קאָזאַק דיך געמאַכט? איצט האָסטו זיך סניוכעט מיט די רעוואָלוציאָנערן? גוט! פֿון הײַנט אָן ביסטו אויס קאָזאַק. גיי צו דײַנע לאַכודרעס!

ער האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן און, צעוויגנדיק אין דער לופֿטן, האָט ער מיך אַ שלײַדער געטאָן אין דער ריכטונג ווו באַרוועס זון איז געלעגן. דערנאָך איז ער אַרויפֿגעשפּרונגען אויף זײַן פֿערד און איז גלײַך, צוזאַמען מיט זײַן חבר, אַרויסגעריטן פֿונעם געסל.

איך בין געבליבן ליגן אויפן ברוק און האָב געשעפּטשעט: אין טאַטנס טאַטן אַריַין... איר יאָלדישע קאָזאַקן! וואָס האָט איר געמיינט, אַז איך בין עפּעס בערטשיק דער לעקיש? ווען איר וואָלט מיר אַפילו די צונג אַרויסגעריסן, וואָלט איך אייַך ניט דערציילט ווער און נאָך וואָס מ׳האָט מיך געשיקט, וויַיל איצט ווייס איך, אַז איר האָט געשניטן בייַכער און געוואָרפן מענטשן דורך פענצטערס ניט פאַר מייַנעטוועגן. אויך באַרוועס זון האָט איר פאַרשמיסן ניט וויַיל איר האָט זיך אָנגענומען פאַר מיר, נאָר וויַיל איר האָט געזוכט מאַכאָרקע אין זיַינע שיך און אַ זילבערן פּערטל אין זיַינע קעשענעס. און ביַי מיר זענט איר געקראָכן אין די קעשענעס, פּונקט ווי די מויקעס און סקאָקערס פון דער "מאַלינע". אָבער ביַי מיר האָט איר ניט געטראָפן, וויַיל אויב איך בין אַ שוואַכערער און קלענערער קאָזאַק פון אייַך, בין איך אָבער אַ גרעסערער מויקע פון אייַך, וואָס ווייס, אַז אַ מאָגן איז אַ מאַלינע אָן פענצטערס, און וואָס מע פאַרשלינגט דאָרטן, וועט אַפילו דער גובערנאַטאָר אַליין ניט דערטאַפּן. און איצט האָב איך דאָס זילבערנע פּערטעלע אין מייַן מאָגן, און אויף אייַך פייַף איך ביז אין אייַער טאַטנס טאַטן אַריַין...

די לעצטע זידל־ווערטער האָב איך געמוזט קירצן, וויַיל איך האָב פּלוצלינג דערפילט ווי עפּעס דריקט מיר אונטער דעם לעפּעלע, עס ווערט מיר ביטער אין דער נאָז, אָט באַלד־באַלד ווערט פון מיר אַ צווייטער בערטשיק דער לעקיש, דער יתום, און איך צעיאַכמער זיך אויפן גאַנצן פּיסק.

מייַן פאַרשאָלטענער זכרון, וואָס האָט שטענדיק, אין דער צייַט פון אַ צרה, אונטערגעלייגט פייַער צו מייַן ווייטיק, האָט אויך איצט גענומען מיך צו־להכעיסדיק רייצן: דו וויסטער, אידיאָטישער שאַרלאַטאַן, וואָס האָסטו פאַר די קאָזאַקן ניט געטאָן? דו האָסט זיי געהאָלפן אייַנקויפן ביליקן שוכוואַקס, זייגערלעך, מעסערלעך, רינגלעך, דו האָסט זיי פאַרהיט מע זאָל זיי ניט אָפּנאַרן אויף אַ גראָשן. ווען זיי פלעגן קומען זונטיק אויפן מאַרק, זיך טשעפּען צו די דינסטמיידלעך, פלעגן זיי דיך שיקן דו זאָלסט דער ערשטער זיי פאַרטשעפּען און, אַנטלויפנדיק זיי פאַרפירן אונטערן שאָטן פונעם מיסטקאַסטן. ווען דו האָסט זיך דערוווּסט, אַז די קאַסאַקע יאַפּאַנעזער זיַינען באַפאַלן די קאָזאַקן, האָסטו זיי גלייַך דערקלערט מלחמה. דו האָסט נאָך איצט אויף דיַין נאָז און ליפּ געגנוג צייכנס, וואָס דו האָסט באַקומען צוליב זיי... אָ, אין אייַער טאַטנס טאַטן אַריַין!

אָבער וואָס טוט מען איצט? זאָל איך גיין אַהיים? וואָס וועל איך זיי זאָגן? זאָל איך זיי דערציילן דעם גאַנצן אמת, וויאַזוי ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַרן הינטן, ווי אַ מויז פאַרן עק, אָנגעפּאַטשט און אַוועקגעשלייַדערט אויף דער ערד? זאָל איך זיי דערציילן, אַז די קאָזאַקן האָבן מיך דעגראַדירט און אַז איך בין שוין אויס קאָזאַק, אַז איך בין אפשר אינדעראמתן קיינמאָל קיין קאָזאַק ניט געווען? זאָל איך, ווי אַ צולאָג צו דער באַליידיקונג פון די

קאָזאַקן, זיך אויסשטעלן צום אָפֿענעם חוזק פֿון די מאַרק־מענטשן, אַז זיי זאָלן מיך ווידער אויסלאַכן? ניין! דאָס ניט! איך וועל שוין בעסער דאָ בלײַבן זיצן אויף אייביק.

אין דער רגע האָט זיך צו מײַן אויער דערטראָגן דאָס שטילע קרעכצן פֿון באַרוועס זון, וועלכער איז מיט אַ צוואַנציק שפּאַן ווײַטער געלעגן אײַנגעקאָרטשעט אין ווינשטאָק און מיט אַ ציטערדיקער האַנט געוווּנקען צו מיר איך זאָל גיין, איך זאָל טאָן וואָס ער האָט מיר געהייסן. יאָ, איך וועל גיין, וואָרעם איך בין נאָך ווײַט ניט בערטשיק דער לעקישעוואַטער יתום, איך וועל גיין און זיי ווײַזן, אַז מע קאָן זיך אויף מיר פֿאַרלאָזן, אַז איך האָב איצט אינגאַנצן געביטן מײַן שטעלונג, אַז איך וועל זיי נאָך מאָרגן אפֿשר פֿירן אויף אַ דעמאָנסטראַציע קעגן די קאָזאַקן...

ווען זיי האָבן דערהערט די זיבן קלעפּ אין טויער, האָבן זיי פֿאַרגעסן אַלע סכּנות, מיט אַ יובל־געשריי מיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף די פּלייצעס, און טאַנצנדיק מיך אַראָפּגעטראָגן אין קעלער־שטיבל. אָבער ווען זיי האָבן באַלד אויסגעפֿונען, אַז איך האָב ניט געבראַכט קיין טאַבאַק, און דאָס געלט האָב איך אויך ניט, האָבן זיי גענומען שרײַען:

— אַהאַ, וואָס האָב איך אײַך געזאָגט? מ׳האָט געשיקט אַ קאַץ נאָך פּוטער! אָנשטאָט צו קויפֿן טאַבאַק, האָט דער שאַרלאַטאַן בײַ קאַראַדזשאַנען אין צוקערניע זיך אָנגעפּרעסן מיט פּיראָזשענעס און טשאָקאָלאַדעס.

איינער, פֿון הינטן־אַרום, האָט מיר אַ כמאַלע געטאָן איבערן קאָפּ, אויף וואָס איך האָב אויסגעשריִען:

— איך האָב! איך האָב דאָס געלט! אָבער איצט מוזט איר זיך נעמען גרייטן, וואָרעם מאָרגן אינדערפֿרי קומט די רעוואָלוציע און איך וועל אײַך פֿירן אויף אַ דעמאָנסטראַציע.

דער טומל איז מאָמענטאַל איבערגעריסן געוואָרן. איך בין אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן טיש און האָב אָנגעהויבן צו דערציילן.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די ווערטער „רעוואָלוציע" און „דעמאָנסטראַציע" האָבן אַרויסגעשפּריצט פֿון מײַן מויל ווי פֿונקען אויף טרוקענעם שטרוי, און האָבן אָנגעצונדן מיט אַ העליש פֿײַער די פֿאַרגאַפּטע פּנימער, האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר, גרייט מיך צו צערײַסן אויף שטיקער. וואָרעם עס איז שוין איצט ניט געווען אַזוי דאָס פֿאַרלוירענע פֿערטעלע, ווי די חוצפּה פֿון דעם זיבן מאָל זיבן פֿאַרשאָלטענעם שאַרלאַטאַן, וואָס דערלויבט זיך אַרײַנצושטעקן אַ גליִענדיקן אײַזן אין די הערצער פֿון די אויסגעמאַטערטע מענטשן. זיי זײַנען שוין געווען גרייט מיך אַראָפּצושלעפּן פֿון טיש, ווען איך האָב פֿון אונטער מײַן העמד אַרויסגענומען אַ צעקנייטשט שטיקל פּאַפּיר און אויסגעשטעלט איבער זייערע קעפּ. מיט פֿאַרגליווערטע

הענט אין דער הייך, מיט ברייט־פונאַנדערגעריסענע אויגן, האָבן אַלע אין כאָר געגומען לייענען:

— **ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט, — מאָרגן...**

ווי אַ דונער וואָלט זיי אַ קלאַפּ געטאָן, אַזוי זײַנען זיי געבליבן שטיין. איז דאָס וואָר? איז דאָס אַ חלום? זײַנען דאָס די פּאָרויסגעזאָגטע ״קאָנסעקווענצן״ פון באַרוועס זון? וועלן טאַקע מאָרגן אַלע אַרויס פון באַהעלטעניש און זינגענדיק מאַרשירן איבער די גאַסן? אויב דאָס אַלץ איז אמת, מוזן זיי דאָך גלייבן אויך אין דער אומגלייבלעכער מעשה פון דעם שאַרלאַטאַן, אַז ער האָט, אָנשטאָט פּיראָזשענעס, אויפגעפרעסן די זילבערנע מטבע, אַז ער האָט די קאָזאַקן פאַרטריבן, באַרוועס זון געראַטעוועט? אויב אַזוי, מוזן זיי דאָך גלייבן, אַז דער הימל איז אויף דער ערד אַראָפּ, אַז עס קומען פאָר די גרעסטע וווּנדערס און מען מוז זיך טאַקע גרייטן צו דער מאָרגנדיקער דעמאָנסטראַציע?

אָבער, ווי קאָן מען גלייבן אַ נפש, בײַ וועלכן די מילך איז נאָך אויף די ליפּן, וועמענס צינגל איז שוין ווי דער עק פון אַ קרעציק הינטל, אַ נפש וואָס רעדט די שפּראַך פון דער מאַלינע און מאַכט אַ מי־שברך, פון וועלכן אַ קאָזאַק קאָן זיך פאַרשעמען? ווי קאָן מען אויף די ווערטער פון אַזאַ צונג אײַנשטעלן לעבנס און מאָרגן אַרויס אויף דער ברייטער גאַס? דאָס שטיקל צעקנייטשטע פּאַפּיר איז ניט גענוג. ער מוז די מינוט אַראָפּלאָזן די הויזן און דערווײַזן, אַז דאָס זילבערנע פּערטעלע איז בײַ אים אין בויך.

— איך וועל, איך וועל — האָב איך אַלעמען איבערגעשריִען.

זיי האָבן מיך געוואָרנט אַראָפּגענומען פון טיש, אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד, און זיך אַרומגעשטעלט אַרום מיר מיט אַ טויזנט מאָל גרעסערן נײַגער און וווּנדער, ווי ווען זיי זײַנען, אין דער זעלביקער פּאָזע, געשטאַנען אויפן מאַרק און זיך צוגעהערט צו די ״קאָנסעקווענצן״ פון באַרוועס זון.

איך האָב זיי איצט אָנגעקוקט מיט דעם צוריקגעוווּנענעם שטאָלץ, מיט דער זעלביקער זיכערקייט, פּונקט ווי אין דעם ערשטן טאָג ווען איך בין געקומען אויפן גרויסן מאַרקפּלאַץ און איבערגענומען זייערע געשעפטן, זייערע זאָרגן און דאגות־פּרנסה, און אויף אַזאַ אופן באַרימט געוואָרן, און נאָך מײַן פרײַנדשאַפט האָבן זיך געיאָגט פון די מאַכטיקע קאָזאַקן ביז צו די פאַרהונגערטע הינער אין די שטײַגן און די פאַרוואָרלאָזטע הינט בײַ די יושקע־שטעלכלעך. אין מײַנע הענט איז געלעגן דער גורל פון לייזער דער טאַנדעטניק און אָרטשע דער היטלמאַכער, וועלכער האָט זיך אײַנגעשטעלט קעגן די יאַפּאַנעזער, קעגן די קאָזאַקן, קעגן דער גאַנצער וועלט...

ג.

נאָך שווערע אָנשטרענגגן האָט זיך מיר טאַקע איַינגעגעבן צו איבערציַיגן די מאַרק־מענטשן, אַז די מעשה פון מיַינע אויפטוען איז געווען אמת, אָבער דער רעזולטאַט פון דעם אַלעמען איז פון דעסטוועגן געווען אַ ביטערע אַנטוישונג. מענטשן האָבן טאַקע מאַרשירט און געזונגען, אָבער באַלד האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מחנה קאָזאַקן, וואָס האָבן זיי צעשלאָגן און צעטריבן. אויך די "קאָנסעקווענצן" האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. אייניקע האָט מען אַריַינגעזעצט אין טורמע, אַנדערע האָט מען באַשטראָפט מיט פינף־און־צוואַנציק שמיץ, און איינעם האָט מען אויפגעהאָנגען. איטשע דער בלעכער האָט דערנאָך געזאָגט: בעסער וואָלט דער שאַרלאַטאַן פאַרן פערטעלע געפרעסן פיראָזשענעס, איידער דאָס צוריקצוברענגען מיט אַזעלכע פרייילעכע צוזאָגן, וואָס האָבן געבראַכט אַזאַ האַרבע שטראָף.

די מאַרק־מענטשן האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייערע קרעמלעך, די זון האָט געשיַינט ווי אַלעמאָל, און די קאָזאַקן זיַינען שוין ווידער געזעסן ביַים מיסטקאַסטן, געקנאַקט סעמעטשקעס און פויל געגענעצט, ווי אויף מאָרגן נאָך דער חתונה. ביסלעכוויַיז איז אויפן מאַרק אַלץ געוואָרן ווי געווען. אַפילו באַרוועס זון, אַחוץ די בלויע פלעקן אונטער די אויגן, האָט מיט גאָרנישט ניט דערמאָנט די "טומלדיקע טעג". פונקט ווי פריִער איז ער פאַרביַיגעגאַנגען דעם מאַרקפּלאַץ פאַרטיפט אין זיַינע פינף־גראָשנדיקע ביכלעך.

אויך איך בין צוריקגעקומען אויפן מאַרק, אָנצוהייבן אויפּראָסניַי. דער ערשטער וואָס האָט מיך באַגריסט, איז געווען אָרטשע דער היטל־מאַכער. ער האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן מיט זיַינע צוויי גרויסע הענט: אָט איז ער, דער קליינער דאָסער, וואָס דאָסט מיט רענדלעך! אויף דעם איז צוגעלאָפן נאָטע דער קעראָסין־קרעמער און מיר אַ קניפּ געטאָן אין הינטן. די דיקע דאָבע האָט מיך אויפגעהויבן, אַרויפגעזעצט אויף אירע גרויסע פוכיקע בריסטן, ווי זי וואָלט זיך ממש געקליבן מיך אָנצוזייגן. די דאָזיקע איבערגעטריבענע גוט־ברודערשאַפט האָט מיך אָנגעפילט מיט ווידערווילן. וואָס זיַינען דאָס פאַר אַ נאַרישע חנדלעך, קיצלען אונטער דער מאָרדע און האָטשקען אויף די בריסטן, ווי איך וואָלט געווען אַ קליין קינד? איז דען מעגלעך, אַז זיי זאָלן שוין האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן ווער איך בין געווען מיט אַ וואָך צוריק, און וואָס איך האָב, מיט צוויי וואָכן צוריק, פאַר זיי געטאָן? וואָס פאַר אַ קעפּ האָבן זיי? זיי זיַינען נאָך ערגער פון קינדער. אַלץ וואָס זיי געדענקען

פון די אַלע גרויסע פּאַסירונגען איז בלויז אַז איך האָב אויסגעקק... אַ מטבע. פוי! איך האָב אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און בין אַראָפּ פון מאַרק, זיי קיינמאָל מער ניט אָנצוקוקן.

בלויז מיט עטלעכע טעג שפּעטער זײַנען זיי אַלע געקומען צו מיר אַהיים. איך בין שוין געלעגן אין בעט, ווען אַ פּלוצעמדיקע רעדערײַ הינטער דער וואַנט האָט מיך אויפגעוועקט. מ'האָט דאָרט געקנאַקט וועלטשענע ניס, דער זודיקער סאַמאָוואַר האָט געסווישטשעט, און מען האָט גערעדט. לויט די שטימען האָט מען גרינג געקאָנט טרעפן ווער די געסט זײַנען געווען. מייטעס דער בעקער האָט געהאַט אַ דין קולכל. דאַקעגן העשל דער הערינג־פּאַרקויפער האָט גערעדט אונטער דער נאָז. און ווער האָט ניט דערקענט דאָס שווערע הייזעריקע קול פון נאַטע דעם קעראָסין־קרעמער? ער האָט איצט געטומלט מער פון אַלעמען: אין מלחמה־זאַכן פאַרשטייט ער מער פון אַנדערע! די געסט האָבן אָבער פאַר קיין שום פאַל ניט געוואָלט נאָכגעבן. דער עיקר העשל פּאָנפּאַטש:

— שמאָנדראַקעס אַהין, שמאָנדראַקעס אַהער, פון דעסטוועגן האָבן זיי אָנגעריבן אַ מאָרדע דעם רוס!

— דער פלאָט! דער פלאָט! — האָט אַ קוויטשיק קולכל געוואַלדעוועט.

— ווער מיר פלאָט, וואָס מיר פלאָט, די רוסישע גענעראַלן האָבן געטויגט אויף כפּרות — האָט אַ פערטער איבערגעשריִען די ערשטע דרײַ. עטלעכע האָבן אײַנגעשטימט, עטלעכע האָבן אָפּגעלייקנט, און באַלד זײַנען זיי מיד געוואָרן צו הערן איינער דעם צווייטן און האָבן אָנגעהויבן רעדן אַלע מיטאַמאָל.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר, און ווערדליק די ליבלעכע באַגריסונגען, מיט וועלכע מען האָט דעם נײַ־אָנגעקומענעם באַגעגנט, האָט עס ניט געקאָנט זײַן קיין אַנדערער ווי באַרוועס זון. ווי געוויינטלעך, זײַנען אין בײַזײַן פון דעם געלערנטן יונגערמאַן אַלע גלײַך אַנטשוויגן געוואָרן און באַלד האָט זיך דערהערט דאָס זיסע, סאַמעטענע קול פון באַרוועס זון:

— גענעראַלן, פלאָט, דאָס אַלץ איז בלאָטע — האָט ער אָנגעהויבן

— דער עיקר ...

— די קאָנסעקווענצן... — האָט אַן אומגעדולדיקע שטים אים אַרויסגעהאָלפן.

— יאָ, די קאָנסעקווענצן — האָט באַרוועס זון ממשיך געווען — וואָרעם די מלחמה אַליין איז אויך געווען ניט עפּעס אַנדערש ווי אַ קאָנסעקווענץ פון קאָנסעקווענצן.

— דאָס האָבן די לאַטוטניקעס און די האָלאָווּעשקעס געמאַכט דעם גאַנצן טומל מיט דער רעוואָלוציע — האָט די אומגעדולדיקע שטים איבערגעריסן.

— איך האָב מיט דעם גאָרניט געהאַט צו טאָן. איך בין אַפילו צו דער

דעמאָנסטראַציע ניט געגאַנגען. איך גלייב ניט מער אין קיין קאָנסעקווענצן. שרה, וויַיז אים דעם בריוו — האָט די חוצפּהדיקע שטים זיך געוואָנדן צו מיַין מאַמען.

— איך בין געווען דער ערשטער, וואָס האָט באַמערקט דעם פּאָטשטאַליאָן

— האָט נאָטע אָנגעהויבן און ניט געקאָנט פאַרענדיקן, וואָרעם ס'איז אויסגעבראָכן אַ טומל:

— ניט ער, נאָר איך האָב דער ערשטער דערזען דעם פּאָטשטאַליאָן...

— ווו איז דער בריוו? — האָט באַרוועס זון געפּרעגט.

— שרה, שרה, ווו איז דער בריוו? — האָבן אים אַנדערע נאָכגעשריִען.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ שאָרשקען פון פּאַפּיר, און תּיכּף נאָך דעם — דאָס קול פון באַרוועס זון. דאָס איז געווען אַ בריוו פון מיַין טאַטן צו זיַין "הייס־געליבטער פרוי, מיט קושן און גרוסן צו זיַין געליבטן זון". דער בריוו האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ באַשרייַבונג פון ווונדער איבער ווונדער פון אַ גאָלדענעם לאַנד מיט באַנען אויף די דעכער, מיט אמתע שוואַרצע מענטשן, מאָדנע באַנאַנעס, מערקווערדיקע פּאָטייטעס און טאָמייטעס און קאָמפּאָטן, און איז נאָך דעם אַריבער צו דער באַשרייַבונג פון אַ גרויסער שימחה, וואָס לייבקע דער שמאַטע־הענדלער האָט איַינגעאָרדנט פאַר זיַין לאַנדסמאַן ביניאָמטשיק, מיַין טאַטע, וואָס איז נאָך גרויסע סכּנות און אָפּקומענישן סוף־כּל־סוף אָנגעקומען אין דעם גאָלדענעם לאַנד. די שימחה איז געפּראַוועט געוואָרן אויף אַ דאַך פון אַ הימל־קראַצער, ווו מ'האָט געטאַנצט אַ קאַדריל. בראָנפן האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. דערנאָך האָבן אַלע אויפגעהויבן די בעכערס און פון אונטער די סאָמע וואָלקנס אַראָפּגעשריִען: לחיים פאַר דעם אַלטן מאַרק!

דערנאָך איז דער בריוו געוואָרן אינטימער און דערציילט וויאַזוי לייבקע דער שמאַטע־הענדלער, דער זון פון קונע־פּעשע די הינער־פּליקערין, איז דאָרטן אין גאָלדענעם לאַנד געוואָרן אַ מיליאָנער איבערנאַכט, האָט זיך אָנגעטאָן זיַידענע שקאַרפּעטן און זיך אַריַינגעשטעלט גאָלדענע ציינער. וויַיטער איז געווען אַ באַשרייַבונג פון נאָך עטלעכע גרעסערע מיליאָנערן ווי דער שמאַטע־הענדלער, מיט אַ גענויער דערקלערונג פון זייערע מאָדנע נעמען און מערקווערדיקע געשעפטן. ביַי איינעם פון די דאָזיקע מיליאָנערן האָט ביניאָמטשיק געקראָגן אַ שטעלע אין אַ שאַפּ. אַ שאַפּ, איז באַלד דערקלערט געוואָרן, דאָס איז אַ קעלער, בערך דריַי און אַ האַלבן מאָל אַזוי גרויס ווי פּיטשעס קעלער־שטיבל. די איינציקע צרה איז, וואָס דאָרט זיַינען ניטאָ קיין פענצטער, און דערפאַר קריגט מען דאָרט "קאָנסאַמפּשן", אַ קרענק וואָס מע שפּיַיט מיט בלוט און מע שטאַרבט דערפון יונגערהייט. אין שאַפּ אַרבעטן ביַי אַ דריַיסיק מענטשן, אָבער ער, דער טאַטע, חברט זיך בלויז מיט פיר פון זיי, וויַיל זיי זיַינען אַלע "באָרדערס" ביַי איין "מיסיס",

דאָס הייסט אַן אלמנה, וואָס האָט צוויי צימערן. אין איינעם שלאָפט זי, און אין אַנדערן די "באָרדערס". און ווידעראַמאָל איז די צרה, וואָס אין צימער זײַנען דאָ בלויז דרײַ בעטן, אַזוי אַז יעדע נאַכט דאַרף אַן אַנדערער "באָרדער" שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. דאָס אַלץ איז אָבער צײַטווײַליק, ביז ער, ביניאָמטשיק, וועט זיך אַרויפאַרבעטן און אַליין ווערן אַ מיליאָנער. "אַ מיליאָנער, דאָס איז אַ מענטש וואָס האָט אַ מיליאָן פון די גרינע פּאַפּירלעך, פון וועלכע איך לייג אַרײַן אין דעם בריוו איינס און שיק עס אײַך ווי אַ מוסטער, איר זאָלט עס אָנקוקן און פאַרשטיין וואָס איך מיין".

דער בריוו האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן אונטערשריפט: "לעבן זאָל קאָלומבוס! אײַער בנימין".

אין דער טויטער שטילקייט האָט זיך געהערט פון הינטער דער וואַנט דאָס שאָרשקען פון דעם גרינעם פּאַפּירל, וואָס איז מסתּמא איצט איבערגעגעבן געוואָרן פון האַנט צו האַנט. דורך דער וואַנט האָב איך, פאַרשטייט זיך, דאָס פּאַפּירל ניט געקאָנט אָנטאַפּן, און צו וואָס? פאַר מיר איז אַלץ געווען קלאָר. דאָס איינציקע וואָרט, וואָס איז געווען אַ שטיקל רעטעניש אין דעם בריוו, איז געווען — קאָלומבוס. מילא, ווער דער שמאַטע־הענדלער איז געווען, האָט מיך ניט אינטערעסירט; וואָס "מיסיס" און "קאָנסאַמפּשן" מיינט, האָט דער טאַטע דײַטלעך דערקלערט. דאָס איינציקע וואָס ער האָט פאַרפעלט אויסצוטײַטשן, איז געווען ווער אָט דער קאָלומבוס איז. צו מײַן גליק האָבן אויך די פאַרזאַמלטע הינטער דער וואַנט געהאַט פונקט דעם זעלבן נײַגער צו וויסן וואָס פאַר אַ פויגל אָט דער קאָלומבוס איז און פאַרוואָס קומט אים ער זאָל לעבן לאַנג. איך בין אַרויס פון בעט און אַרײַנגעשטעלט אַן אויג אין שליסללאָך פון דער טיר.

דער געבילדעטער יונגערמאַן האָט זיך אָפּגעהוסט און מיט אַ פּאָר זופּ טיי אויסגערייניקט דעם גאָרגל. דערנאָך האָט ער מיטן פינגער אויף דער גאַנצער ברייט פון טיש אויסגעמאָלן דעם שטורעמדיקן ים, וואָס ליגט צווישן דעם אַלטן מאַרק און דעם גאָלדענעם לאַנד. אויפן ים האָט ער אַרויפגעשטעלט אַ שאָלעכץ פון אַ וועלטשענער נוס און אין דעם אַרײַנגעשטעלט אַ שוועבעלע פאַר אַ מאַסט־שטאַנג. בײַ דעם שטאַנג איז געשטאַנען קאָלומבוס אויף די ברויזנדיקע כוואַליעס פון ים און געזוכט דורך אַ שפּאַקטיוו די ברעגן פון דעם גאָלדענעם לאַנד אַמעריקע. וואָכן און וואָכן שלײַדערט זיך דאָס שאָלעכץ פון דער נוס אַרויף און אַראָפּ. דער שטורעם ווערט אַלץ גרעסער און די נאַכט אַלץ פינצטערער. קאָלומבוס ליגט שוין אַ מידער און כּמעט אַן אַנטוישטער אויפן צעבראָכענעם רודער פון דעם ניסל — און פּלוצלינג, בלײַבט דער שטורעם שטיין, די ווינטן ווערן פאַרגליווערט, דאָס שיפל בלײַבט הענגען אויפן שפּיץ פון אַ פאַרהאַרטעוועטער כוואַליע... מ'קאָן ניט הערן קיין ריר, קיין שאָרך, שאַ־שטיל, איצט פּאַסירט דאָרטן,

הינטער דער טיר, דער גרויסער ווונדער — קאָלומבוס אַנטפּלעקט אַמעריקע!
איין רגע האָב איך געפּילט, אַז איך קאָן שוין מער ניט אויסהאַלטן, אַז איך מוז אויפֿרײַסן די טיר און אַרײַן אין עס־צימער. אָבער איך האָב זיך פֿאַרהאַלטן. צו וואָס? בעסער זאָלן זיי מיינען אַז איך שלאָף. איך האָב גאָרניט מער קיין בשותּפֿותדיקס מיט זיי. אַ וואַנט איז צווישן אונדז אויסגעוואַקסן. ווען איך זאָל זיך אַצינד פּלוצלינג אַרײַנרײַסן אין עס־צימער און זיך דערקלערן ווי אַ קאָלומבוס, און זיי פֿאָרלייגן זיי זאָלן מיר נאָכגיין, איך וועל זיי מאָרגן אויף אַ שיף מיטנעמען קיין אַמעריקע — וואָלטן זיי מיר דען געגלייבט? זיי וואָלטן נאָך געפֿאָדערט איך זאָל זיי באַווײַזן אַז איך זאָג ניט קיין ליגן, און זאָל אפשר אויסקוועטשן אַ שיף פֿון בויך. זאָלן זיי זיך אַליין פֿאַרדרייען די קעפּ. איך אַנטלויף קיין אַמעריקע...

פֿאַרטאָג האָב איך גענומען גרייטן מײַן שיף און דעם נייטיקן שפּאַקטיוו. נאָך איידער איך בין פֿאַרטיק געוואָרן, האָט זיך דער הימל גענומען פֿאַרציִען מיט אַ כמאַרע, און פּונקט ווי די נאַטור וואָלט ספּעציעל מיר געוואָלט אַרויסהעלפֿן, האָט טאַקע באַלד אַ דונער אויפֿגעריסן דעם הימל און גרודעס בלישטשענדיקער קרישטאָל האָט זיך אַרויסגעשאָטן מיט אַ רעש איבער די דעכער.
איך האָב באַלד געכאַפּט מײַן שיף און זי אַרויסגעטראָגן אין גאַס. די רינשטאָקן שוין געווען פֿאַרפֿלייצט מיט הוזשענדיקע כוואַליעס, וואָס זײַנען באַלד אַרויס פֿון די ברעגן און פֿאַרטרונקען דעם ברוק אונטער אַ ברויזנדיקן ים. איך האָב גענומען רודערן. דער ים האָט אויסגעזוען שרעקלעכער ווי בײַ קאָלומבוסן. צאָרנדיקע וואַסער־בערג האָבן געבושעוועט און זיך מיר געשטעלט אין וועג. פֿײַערדיקע שלאַנגען זײַנען מיר געשפּרונגען אין די אויגן און זיך באַמיט מיך צו פֿאַרבלענדן. וואַסערדיקע בײַטשן האָבן מיר געכלעשטשעט און געוואָלט פֿון מיר די הויזן אַראָפּרײַסן. כ׳האָב צוגעהאַלטן די הויזן מיט איין האַנט, און מיט דער אַנדערער אַרויסגענומען פֿון אונטערן העמד דעם פּאַפּירענעם שפּאַקטיוו, אַ קוק צו טאָן, צי ווײַזט זיך ניט ערגעץ דער ברעג פֿון דעם גאָלדענעם לאַנד. אָבער אין דער רגע האָט אַ בייזער ווינט אַרויסגעריסן דעם שפּאַקטיוו פֿון מײַן האַנט און אַ בראָך געטאָן די שיף.
אַ ווײַלע האָב איך זיך נאָך געראַנגלט מיט די כוואַליעס, געהאָפֿט אַז איך וועל נאָך אפשר ווי עס איז דערשווימען צום גאָלדענעם ברעג. אָבער דאָ האָט אַ פֿרישער פֿליוך מיט אַ באַזונדערער ווילדקייט מיר אַ זעץ געטאָן און אַראָפּגעשווענקט אַ שוך פֿון מײַן פֿוס. אין דער זעלביקער צײַט איז די איבערגעקערטע שיף און דער צעשמעטערטער שפּאַקטיוו אַרײַן אין אַ וואַסער־געווירבל און פֿאַרזונקען געוואָרן אין אָפּגרונט.

מײַן מוט איז נאָך װײַט ניט צעבראָכן געװאָרן. הינקענדיק אויף מײַן באָרועסן פוס, באַשליס איך ממשיך צו זײַן מײַן נסיעה איבערן ים צופוס. דער שלאַקסרעגן שמײַסט מיט הינע ריטער איבערן פּנים, רײַסט די צעװײקטע שמאַטעס פון מײַן לײַב, אָבער איך שפּרײַז איבער די כוואַליעס, דורך די װאַסער־נעצן, װײַז ניט אַרויס דעם מינדסטן סימן פון ייִאוש אָדער מידקייט. דער קליינער קאָלומבוס האָט זיך אין אַלע פּרטים געקאָנט פאַרגלײַכן מיט זײַן גרויסן פאָרויסגייער.

באַלד האָט אָבער עפּעס פּאַסירט, װאָס האָט סוף־כּל־סוף אײַנגעבראָכן מײַן קוראַזש; עפּעס װאָס דער גרויסער ים־העלד אַליין װאָלט זיכער דערפון געפּלעפּט געװאָרן: די דונערן זײַנען פּלוצעם שיטערער געװאָרן, דער שלאַקסרעגן האָט ביסלעכװײַז אויפגעהערט, דאָס װאַסער פון די גאַסן און רינשטאָקן איז זיך צעלאָפן און, צו מײַן גרויסער אַנטוישונג בין איך געבליבן שטיין אויף די האַרטע שטיינער פון גאַס.

נו טאַקע, װאָס װאָלט דער גרויסער קאָלומבוס געטאָן, װען דער ים זאָל פּלוצלינג אויסגעטריקנט װערן פון אונטער זײַן שיף? װיאַזוי װאָלט ער זיך געפילט, װען ער זאָל נאָך דעם גאַנצן אָנשטרענג פּלוצלינג אונטערן אויסגעטריקנטן ים דערזען, אַנשטאָט אַמעריקע, זײַן אַלטע גוט־באַקאַנטע מאַרקגאַס, און דער ערשטער װאָס װאָלט אים באַגריסט, װאָלט געװען נאָטע דער קעראָסין־קרעמער?

— װוּ ביסטו געװען? איך בין אינגאַנצן דורכגענעצט געװאָרן דיך זוכנדיק. מען האָט מיך אַרויסגעשיקט דיך ברענגען אַהיים. קום גיך. אַלע װאַרטן אויף דיר — האָט נאָטע אויסגעשריִען.

— װער װאַרט? — האָב איך געפרעגט און זיך געטרייסלט װי אַ דורכגעװייקט הינטל. אָבער אַנשטאָט מיר צו ענטפערן, האָט נאָטע מיך אַ נעם געטאָן אויף די פּלייצעס און מיט מיר געשפּרונגען איבער די בלאָטיקע לוזשעס פון דער מאַרקגאַס, װאָס איצט געװען באַשאָטן מיט זילבערנע פּליטערלעך און פאַרצויגן מיט קאָלירטע רעגנבויגנדלעך.

אינדערהיים, אין עס־צימער, זײַנען געװען פאַרזאַמלט די זעלביקע מענטשן, װאָס האָבן מיט אַ נאַכט פריִער זיך געאַמפּערט װעגן דעם בריװ פון אַמעריקע. איצט האָבן זײ אויסגענוצט די צײַט װען זײערע שטעלכלעך זײַנען פאַרדעקט געװאָרן מחמת דעם שלאַקסרעגן און זיך צוזאַמענגעקליבן בײַ שׂרהן אין הויז, כּדי איר צו העלפן ענטפערן אויפן בריװ. שׂרה איז געזעסן בײַם טיש און אַלע זײַנען געשטאַנען אַרום איר און איר דיקטירט, װאָס זי זאָל שרײַבן. אָרטשע דער היטלמאַכער האָט גערעדט:

— היות װי פון זינט בנימין האָט דעם בריװ געשריבן איז שוין אַריבער אַ היפּשע צײַט, און ער דאַרף שוין זײַן, אויב ניט קיין גאַנצער מיליאָנער,

איז ווייניקסטנס אַ האַלבער מיליאָנער, מוז ער טאַקע איצט העלפֿן זײַן אַלטן גוטן פֿרײַנד אָרטשע דעם היטלמאַכער, וואָרעם ער דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז ער, אָרטשע, האָט אים דעם שידוך געדעדט מיט דער שיינער, גוטער שרהלע. און ניט ווײַל ער מאָנט שדכנות, נאָר ווײַל די געשעפֿטן זײַנען אַזוי ביטער, אַז ער געדענקט שוין ניט דעם טאָג ווען ער האָט פֿאַרקויפֿט אַ היטל, און ווען ער האָט שוין יאָ פֿאַרקויפֿט, האָט מען עס, ווי געווײינטלעך, אויף מאָרגן צוריקגעבראַכט. און צו דעם אַלעם האָט אים נאָך לעצטנס געטראָפֿן אַן אומגליק: איינער האָט אים געבראַכט אַ קאַפּעליוש און געפֿאָדערט זײַן געלט צוריק. סטײַטש? ווי קומט ער צו אַ קאַפּעליוש? ער האָט קיינמאָל אין זײַן לעבן קיין קאַפּעליוש ניט פֿאַרקויפֿט. ער האָט זיך געשווווירן מיט טויטע קללות, אַז ער האַנדלט בלויז מיט היטלען. אַמאָל מיט אַ קאַשקעטל. אָבער וואָס האָט ער צו טאָן מיט אַ קאַפּעליוש? בקיצור, יענער איז אַוועק און האָט געבראַכט אַ גאָרדאָוואָי. און קאָן זיך אַ ייִד אָנהייבן מיט אַ גאָרדאָוואָי? האָט אָרטשע געמוזט אַרויסנעמען די לעצטע פּאָר קאָפּיקעס און אומקערן פֿאַרן קאַפּעליוש, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט פֿאַרקויפֿט.

נאָך אָרטשען האָט זיך צוגערוקט צום טיש זעליג און געבעטן איבערגעבן, אַז דער עולם קויפֿט אַ שטיקל הערינג פֿאַר אַ גראָשן און בעט ווי אַ צוגאָב אַ גאַנץ גלאָז לאָק.

דער עולם האָט זיך אַזוי צוגעווינט צו דעם לאָק, אַז זיי קומען שוין איצט מיט אַ גאַנצן קרוג, אַזוי אַז ער צעטיילט דעם גאַנצן לאָק און בלײַבט מיט פֿאַרטריקנטן הערינג. טאָ ראַטעווע, ראַטעווע, ברודער בנימין — האָט זעליג געבעטן.

און נאָך איידער יענער איז פֿאַרטיק געוואָרן, האָט אים לייבעלע קורעלאַפּניק אָפּגעשטופּט און אויפֿן זעלביקן אופֿן ווי מיט אַ נאַכט פֿריִער הינטערן וואַנט גענומען שילטן: אַ בראָך, אַ קלאָג, אַ בראַנד זאָל קומען אויפֿן צאַר. ס'איז אים פֿינצטער און ביטער און צרהדיק. ער גלייבט ניט מער אין קיינעם. אַפֿילו ניט אין באַרוועס זון מיט זײַנע "קאָנסעקווענצן". דער איינציקער אין וועמען ער האָט אַלעמאָל געגלייבט, איז ביניאָמטשיק. און דעריבער דאַרף ביניאָמטשיק אים איצט אַרויסראַטעווען. ער בעט ניט קיין מיליאָן, נאָר אַריבערברענגען אים קיין אַמעריקע, ווו ער איז גרייט יעדע נאַכט צו שלאָפֿן אויף דער פּאָדלאָגע, אַבי צו אַנטלויפֿן פֿון דעם פֿאַרשאָלטענעם צאַר.

פֿלוצלינג האָט לייזער דער טאַנדעטניק אויסגעשריִען:

— זאָל דער קליינער יאַט זיך אויך אונטערחתמענען. אַז מען ווערט רײַך, ווערט טיילמאָל דאָס האַרץ פֿאַרשטיינערט, וועט אפשר די חתימה פֿון זײַן

קינד רירן דעם שטיין, און דער גליקלעכער מיליאָנער וועט רחמנות האָבן, שיקן אַ שיף אונדז אַריבערצונעמען.

נאָטע האָט מיך גלײַך צוגעשטופּט צום טיש. די מאַמע האָט מיר אָפּגעטראָטן איר פּלאַץ. זי האָט געוווּסט, אַז איך האָב נאָך קיינמאָל קיין פּעדער אין האַנט ניט געהאַלטן. האָט זי געוואָלט מיר העלפן, גענומען שטופּן מײַן אָרעם און מיר ווײַזן וויאַזוי צו פירן די פּעדער אויפן פּאַפּיר.

איך האָב אָנגעקוקט די אָנגעהאָנגענע גרויסע אַלט־געוואָרענע פּנימער איבער מײַנע פּלייצעס. כ׳האָב שטאַרק חשק געהאַט זיי אויסצוזאָגן, אַז מ׳קאָן קיין אַמעריקע ניט קומען. דאָס איינציקע וואָס דער מיליאָנער קאָן אפשר טאָן, איז שיקן אַ פּאָר מיליאָן. אָבער וואָס מיינען מיליאָנען פאַר מיר? איך דאַרף ניט קיין מיליאָנען. איך דאַרף מײַן טאַטן. און אויב איך קאָן ניט קומען צום טאַטן, דאַרף דער טאַטע קומען צו מיר. ער דאַרף איבערלאָזן אַמעריקע, קומען אויפן אַלטן מאַרק און העלפן זײַן זון אײַנשטעלן אַן אָרדענונג: אַראָפּטרײַבן אַרקאַשקען, זיך אָפּרעכענען מיט בערטשיקן און צוריקשטעלן דעם זון ווי דעם איינציקן בעל־הבית איבערן מאַרק, ווי ער איז אַלעמאָל געווען.

איך האָב אָנגעהויבן מיט עטלעכע ניט זיכערע קאָנטורן פון אַ קליין פיגורל מיט דינע פיסלעך און הענטלעך, און דערנאָך צוגעשטעלט דרײַ פינגער צו יעדער האַנט. צווישן די פינגער האָב איך אַרײַנגעשטעלט אַ שווערד און אַ שפּיז אויף איין זײַט און אַ צעריסענע פאָן אויף דער צווייטער זײַט. דערנאָך האָב איך אַראָפּגעטרייסלט פון דער פּעדער אַ שווערן טראָפּן טינט, דאָס צעפירט איבערן פּאַפּיר אין מאָדנע זיגזאַגן אַהין און אַהער און צוריקוועגס, פאַרענדיקט מיט אַ פּאַסיקל, אונטערגעשריבן מיט אַ פינטעלע און — אַוועק פון טיש.

ד

נאָך דעם ווי דער בריוו איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אַמעריקע, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף די טרעפּלעך פון מייטעסעס בעקערײַ אויף דער מאַרק־גאַס, און געוואַרט אויף אַן ענטפער. דאָ האָב איך געקאָנט זיצן רויִק און אויסרעכענען: צי וואָלט איך, למשל, געקאָנט אין אַ נאַכט אַרויפקריכן אויפן דאַך און פון דאָרטן אַרײַנשטעקן אַ פינגער אין איינעם פון די בלישטשענדיקע לעכלעך אין הימל?

איינמאָל בעת איך בין אַזוי געזעסן מיט אַ פּאַרריסענעם קאָפּ צום הימל, האָב איך ניט באַמערקט ווי מאַצעק איז צוגעקומען צו מיר. כאָטש מאַצעקס טאַטע איז געווען יאַן דער שוסטער פון דער יאַטקעווער־גאַס, האָט מאַצעק כּמעט קיינמאָל אין זײַן לעבן קיין שיך ניט געטראָגן. די פּיאַטעס זײַנען בײַ אים געווען ווי די קאָרע פון אַן אַלטן בוים, און אַפילו ווען ער פלעגט אַרויפטרעטן אויף אַ שטיק גלאָז, האָט עס זיך ניט אײַנגעשניטן אין זיי. מיט קליינע שמייכלענדיקע אויגן אויף זײַן רונדן פּנים, געדיכט אויסגעזזעצט מיט זומער־שפּרענקעלעך, האָט ער מיך געפרעגט:

— וואָס זעסטו דאָרט אויבן?

— אַ פײַערדיקן באַלאָן.

— דאָס איז ניט קיין באַלאָן, דאָס איז די זון.

— און וואָס הענגט אויפן הימל בײַנאַכט? — האָב איך אים געפרעגט.

— אַ לבנה.

— ניין, ס׳איז אַ שפּיגל.

— ס׳איז ניט קיין שפּיגל, ס׳איז אַ לבנה.

— אויב ס׳איז אַ לבנה, פאַרוואָס איז זי געפּלאַצט, און טיילמאָל פאַלן אָפּ גאַנצע שטיקער?

— כ׳ווייס ניט. קום, לאָמיר פרעגן בײַ מײַן מאַמען, — האָט מאַצעק פאָרגעלייגט.

יאַן דער שוסטער האָט געוווינט אין אַ קעלער־שטיבל. אַ גאַנצער טוץ אויסגעטראָטענע ציגלנע טרעפּלעך האָבן געפירט אין אַ טונקל פּאָדערהײַזל מיט עטלעכע טירן. אויף איינער פון זיי איז געווען אויסגעמאָלן אַ מלאך מיט פליגל און מיט אַ שטיוול אין האַנט. דאָס איז געווען דער אַרײַנגאַנג צום שוסטערס צימער, וואָס ער האָט געטיילט מיט אַ בלינדן בעטלער. דעם בעטלערס געלעגער איז געווען אָפּגעצאַמט מיט אַ צעריסענעם לײַלעך

אויף אַ שטריק. פון פרי ביז שפּעט בייַנאַכט איז יאַן, מיט זייַנע ברייטע, אַראָפּגעהאָנגענע וואָנצעס, אונטער אַ בלוי־רויטער בולבעוואַטער נאָז, געזעסן אויף אַ דרייַפּוסיק בענקעלע, מיט אַ פול מויל נעגעלעך, וואָס ער פלעגט זיי אַרויסשפּייַען און אַרייַנקלאַפּן אין עפּעס אַ שוך צווישן די קני.

אין פּאָדערהייַזל איז געזעסן פעליקס, וואָס האָט געהאַט נאָר איין אויג און אַ סך בלישטשענדיקע רינגען אויף זייַנע פינגער. מיט אַ קאַשקעט אַראָפּגערוקט איבערן גאַנצן שטערן, ביז צו דער סאַמע ברעם פון דעם פוסטן אויגן־רעמל, איז ער געזעסן אויף אַן אויסגעליידיקט ביר־פּעסל און געשפּילט אין קאָרטן מיטן פעטן טים־טאַם קאַפּוסטאַ. אַרום זיי זייַנען געשטאַנען די שכנים פון קעלער און זיך צוגעקוקט צו דער שפּיל. צווישן זיי — דער כינעזער מיטן צעפּל, וואָס מ'האָט אים גערופן "דער מאַנדאַרין", און דער טאָטער, וואָס זייַן צונאָמען איז געווען "טשינגיס־כאַן". דער ערשטער האָט פאַרקויפט אויף די גאַסן פּאַפּירענע בלומען און קאָלירטע פעכערלעך; דער צווייטער פלעגט מיט אַ פעקל אויף די פּלייצעס כויכען פון טיר צו טיר. דינסטמיידלעך פלעגן בייַ אים אייַנהאַנדלען אַ שטיקל שמעקעדיקע זייף, אַ חתונה־רינגל, צי אַ ליבע־פּראָשיק. לויט די קלאַנגען, האָט ער אויך געהאַט בייַ זיך, פאַר די וועמען דער ליבע־פּראָשיק אָדער דער חתונה־רינג האָבן ניט געהאָלפן, אַ שקאַרמוצל צוקערלעך אָנגעפּילט מיט סם.

מיר זייַנעןביידע געשטאַנען נעבן די קאָרטן־שפּילערס און, ווי דער שטייגער איז, זיי געהאָלפן שפּילן. דאָס פלעגט פירן צו ביטערע קריגערייַען און קללות, און פלעגט זיך אָפּט פאַרענדיקן מיט אַ געשלעג, נאָך וועלכן מ'האָט געדאַרפט לכל־הפּחות איינעם אָפּמינטערן מיט אַן עמער וואַסער.

אַחוץ די צוויי, האָט זיך נאָך אויסגעטיילט אַ דריטער, וואָס מען האָט אים גערופן "אימפּעראַטאָר". ס'איז ניט אינגאַנצן קלאָר, צי ער האָט געקראָגן דעם דאָזיקן נאָמען ווייַל ער איז שטענדיק געגאַנגען אין אַ צעריסענעם גענעראַלסקן מונדיר מיט אַ בלישטשענדיקער קאָקאַרדע אויף דעם צעלעכערטן היטל, צי ווייַל ער פלעגט אַרייַנזשליאָקען אין איין אָטעם אַ גאַנץ פלעשל נייַנציקער און זיך אַפילו ניט פאַרקרימען. ווי עס זאָל ניט זייַן, איז ער ווערט געווען דעם דאָזיקן הויכן טיטל בלויז פאַר זייַן שלאַנקער הויכער געשטאַלט און פאַר זייַן פּראַכטיקער באַסאָווער שטים און זייַן זיס און טרויעריק צוזינגען זיך.

ווען מיר זייַנען אַראָפּגעקומען אין פּאָדערהייַזל פון קעלער, איז אונדז אַנטקעגנגעקומען מאַצעקס מוטער, אַ געזונטע פרוי, מיט רויטע באַקן און נאָך רויטערע הענט און פיס.

— מאַמע, וואָס איז דאָרטן אויפן הימל, די זון, אָדער אַ פייַערדיקער באַלאָן? — האָט זי מאַצעק באַלד פאַרהאַלטן.

— די זון — האָט זי געענטפערט און איז אַרויף אויף די טרעפּלעך,

אַרויסצוגיסן די פּאַמוויניצע.

— אַהאַ, איך ווייס בעסער פון דיר וואָס עס טוט זיך אויפן הימל! — האָט מאַצעק אַ צופרידענער אויסגעשריִען.

— פרעג זי וועגן דער לבנה — האָב איך אים אונטערגעהעצט. און ווען זי האָט זיך צוריק באַוויזן מיטן אויסגעלײדיקטן צעבער, האָט מאַצעק זיך איר ווידער געשטעלט אין וועג און געפרעגט:

— וואָס איז בייַנאַכט אויפן הימל, אַ לבנה צי אַ שפּיגל?

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַרישקייט — האָט זי אומגעדולדיק אים אָפּגעשטופּט — אַוודאי אַ לבנה! — און זי איז אַרייַן אין דער טיר, ווו דער מלאך מיטן שטיוול איז געווען אויסגעמאָלן.

— פרעג זי ווער עס צעברעכט די לבנה — האָב איך אים אונטערגעשטופּט.

פון יענעם טאָג בין איך געפלויגן אין קעלער מיט פאַרשיידענע שאלות: פאַרוואָס גייט אַ רויך פון קוימען? פאַרוואָס האָט אַ פערד פיר פיס? — אַלץ כּדי איך זאָל האָבן אַ מעגלעכקייט, ביז מאַצעק וועט געפינען דעם ענטפער, זיך אַרומצודרייען נעבן דער חברה קאָרטן־שפּילערס. דער שיכּורער אימפּעראַטאָר פלעגט זינגען, באַגלייט פון דעם בלינדן בעטלער אויף דער האַרמאָשקע, דער טאָטער איז געשפּרונגען ביז צום באַלקן און זיך געדרייט אויף איין פוס ווי אַ דריידל, דער מאַנדאַרין מיט׳ן צעפּל האָט כיכיקעט מיט אַ קוויטשיק קולכל און צוגעפּליעסקעט מיט די הענט.

די חברה איז מיר געוואַלדיק געפעלן געוואָרן און איך האָב געזוכט וואָס נענטער זיך צו באַפרייַנדן מיט מאַצעקן און מיט די שכנים פון קעלער. איך בין געלאָפן ברענגען פאַר אַ קאָפּיקע הייס וואַסער פון דער טשייַנע פאַרן מאַנדאַרין און געהאָלפן דעם טאָטער אויפהייבן דאָס פּעקל אויף דער פּלייצע. אָבער מער פון אַלעמען האָב איך זיך באַמיט אונטערצוהעלפן מאַצעקס מוטער. כ׳האָב איר געהאָלפן אויסגיסן די פּאַמוויניצע, אויסקערן די פּאַדלאָגע, וואַשן דאָס גרעט. אויף אַזאַ אופן בין איך געוואָרן היימיש בייַ דער חברה אין קעלער, ווו מ׳האָט אויף מיר אָנגעהויבן קוקן ווי אויף אַ מין צווילינג־ברודער פון מאַצעקן.

ווי אַלע שכנים, פלעג איך און מייַן צווילינג־ברודער שטיין בייַם טישל און זיך צוקוקן צו דער האַזאַרטנער שפּיל צווישן טים־טאַם קאַפּוסטאַ, דער איזוואָשטשיק, און דעם איינאויגיקן פעליקס, וואָס האָט זיך געוויצלט, אַז ער האָט זייַן צווייט אויג פאַרזעצט ווען ער האָט זיך אַמאָל שטאַרק גענויטיקט אין געלט. פעליקס האָט דעם טים־טאַם גענומען אויפן פולן זיכער. ניט בלויז פלעגט ער בייַ אים אָפּגעווינען די גאַנצע לייזונג פון טאָג, נאָר דער איזוואָשטשיק האָט נאָך געדאַרפט צוגעבן דעם געווינער אַן אומזיסטיקן שפּאַציר אַרום דעם מאַרק אין זייַן אַלטער דראָשקע מיט דער צעדריבלטער בויד.

פעליקס האָט געפּאָדערט, אַז דאָס פערדל זאָל גיין פּאַמעלעך, און אַליין האָט ער זיך אויסגעצויגן מיט די פיס אויף די קאָזלעס, זיך אַריבערגעדעקט מיט דער בויד און געכראָפּעט. איך און מאַצעק פלעגן זיך אָנהענגען אויף די הינטערשטע רעסאָרן פון דער דראָשקע און אַזוי, פון קיינעם ניט באַמערקט, פלעגן מיר אויך פאַרענדיקן אונדזער טאָג מיט אַ יאַזדע אַרום דעם מאַרקפּלאַץ.

אין איינעם אַן אויפדערנאַכט האָט פעליקס, וואָס איז שטענדיק געווען דער געווינער, געשלאָסן די שפּיל און, צו אַלעמענס איבערראַשונג, אומגעקערט דעם איזוואָשטשיק דאָס פאַרשפּילטע געלט. דערפאַר האָט ער אָבער געפּאָדערט אַ לאַנגע יאַזדע פון גאַנצע הונדערט מאָל אַרום דעם מאַרק. איך און מאַצעק זײַנען באַלד אַרויסגעלאָפן און, באַגײַסטערטע, פאַרנומען אונדזער פּלאַץ אויף די הינטערשטע רעסאָרן.

בײַנאַכט איז אַרום דעם מאַרק געווען אַזוי שטיל, אַז מ׳האָט געקאָנט הערן דאָס שאָרשקען פון די ביימער אַזש פון דער קלויסטער־גאַס. קאַפּוסטאַ, וויגנדיק זיך אויפן הויכן געזעס פון זײַן דראָשקע, איז אַנטדרעמלט געוואָרן און געלאָזט זײַן פערד גיין אַליין. פלוצעם האָט מאַצעק מיך אַ צופּ געטאָן בײַם אַרבל. פון דער בויד האָט זיך געהערט אַ מאָדנע שטיל געלעכטערל. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָרט שלאָפט פעליקס, דער געווינער, וואָס קריגט, ווי אַלעמאָל, דעם אומזיסטיקן שפּאַציר. טיילמאָל האָט ער דאָרטן געכראָפּעט, טיילמאָל — געפּיפּט, אָבער לאַכן האָבן מיר אים פריִער קיינמאָל ניט געהערט. אַחוץ דעם האָט ער געלאַכט ניט מיט זײַן שווערן פאַרטונקלטן קול, נאָר מיט אַ דינער, קלינגענדיקער שטים פון אַ פרוי...

פאַרהאַלטן דעם אָטעם, האָבן מיר זיך אָנגעשטרענגט צוגעהערט וואָס אַזוינס טוט זיך דאָרטן אין דער בויד. אָבער דאָס לאַכן האָט פלוצעם אויפגעהערט. אַלץ וואָס מיר האָבן געקאָנט הערן, איז געווען דאָס סקריפּען פון די רעסאָרן און דאָס שווערע סאָפּען פון דעם פערדל. מיר האָבן זיך פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט און שוין מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט דער שפּאַציר זאָל זיך ענדיקן.

ווען דאָס פערדל האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַם קעלער, בין איך און מאַצעק גיך אַראָפּגעשפּרונגען פון אונדזער פּלאַץ און זיך געשטעלט אין אַ זײַט פון דער דראָשקע. צו אונדזער איבערראַשונג איז פון דער בויד אַרויסגעקומען מאַצעקס מאַמע. זי האָט אַ שמייכל געטאָן צו פעליקסן, וועלכער איז געבליבן אינעווייניק, און האָט זיך געשווינד אַראָפּגעגליטשט אין קעלער אַרײַן. קאַפּוסטאַ האָט אַ כוואָשטש געטאָן דאָס פערדל און איז באַלד פאַרשוווּנדן, איבערגעלאָזט די צווילינג־ברידער אין דער גרעסטער פאַרוווּנדערונג אויף דער פּוסטער גאַס.

איך האָב געוואַרט אַז מאַצעק זאָל מיר געבן צו פאַרשטיין וואָס דאָס

אַלץ האָט געמיינט, אָבער מאַצעק איז געשטאַנען מיט אַן אָפֿן מויל און האָט געשוויגן.

— אפשר איז בעסער איך זאָל גיין אַהיים — האָב איך פֿאָרגעלייגט, אָבער מאַצעק האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן ביַים אַרבל:

— איך וועל דיך ניט לאָזן גיין אַהיים, סיַידן דו וועסט זיך שווערן, אַז דו וועסט קיינמאָל קיינעם ניט אויסזאָגן וואָס מיר האָבן היַינט ביַינאַכט געזען.

אָן וואַקלענישן האָב איך תּיכּף ערנסט געענטפֿערט:

— איך שווער, אַז אַלץ וואָס עס האָט היַינט ביַינאַכט געטראָפֿן, וועט פֿאַרבליַיבן אַ סוד.

— אויף אייביק — האָט מאַצעק צוגעגעבן, מיך אַרומגענומען און געזאָגט: — פֿון היַינט אָן איז אונדזער פֿריַינדשאַפֿט פֿאַרבונדן מיט דעם סוד און אַזוי ווי דו האָסט געשוואָרן, אַז דער סוד איז אויף אייביק, אַזוי איז אונדזער פֿריַינדשאַפֿט אויף אייביק. פֿון היַינט אָן זיַינען מיר שוין אמתע, ריכטיקע ברידער!

כּדי צו באַפֿעסטיקן די דאָזיקע ברודערשאַפֿט, האָט מאַצעק אַרויסגענומען די פֿאַרזיכערונגס־שפּילקע, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן זיַינע הויזן און מיט איר איַינגעשטאָכן דעם שפּיץ פֿון זיַין מיטלסטן פֿינגער און געפֿאָדערט איך זאָל טאָן דאָס זעלביקע. דערנאָך האָט מאַצעק צוזאַמענגעלייגט אונדזערע ביידנס פֿינגער, אַז דאָס בלוט זאָל זיך אויסמישן.

פֿון יענער נאַכט אָן זיַינען מיר ביידע געשטאַנען נעבן פֿעליקסן און געהיט וויאַזוי ער טאַשט די קאָרטן. פֿון דער מאַלינע האָב איך געדענקט, אַז די קונץ פֿון געווינען ליגט אָפֿטמאָל אין דעם טאַשן די קאָרטן. אונדז איז געגאַנגען אין לעבן אַז פֿעליקס זאָל פֿאַרשפּילן, כּדי קאַפּוסטאַ זאָל אים ניט דאַרפֿן פֿירן אויף אַ שפּאַציר.

איינער פֿון אונדז האָט זיך געשטעלט הינטער פֿעליקסעס פּלייצעס, אַריַינגעקוקט אין זיַינע קאָרטן און געגעבן צייכנס דעם צווייטן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער זיַיט פֿון קאַפּוסטאַ. עס האָט אָבער ווינציק געהאָלפֿן. פֿעליקס איז, ווי שטענדיק, אַרויס דער געווינער.

איינמאָל, ווען מאַצעקס מאַמע איז אַרויס פֿון דער בויד, האָט זי באַגעגנט ביַים סאַמע אַריַינגאַנג ביַים קעלער, יאַן דעם שוסטער. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זיַין וויַיב פֿאַר די האָר, אַריַינגעשטופּט איר קאָפּ צווישן די קני, און אים גענומען האַמערן מיט דער זעלביקער פֿלינקייט, ווי ער האָט עס געטאָן מיט אַן אַלטן שוך. זי האָט זיך אַרויסגעריסן און איז אַריַין אין שטיבל, דאָרט האָט זי אַ כאַפּ געטאָן אַ טאָפּ זודיק וואַסער פֿון אויפֿן איַיזערנעם אייוועלע און עס אַ פֿליוך געטאָן אין פּנים פֿון איר מאַן.

דער בלינדער בעטלער הינטערן ליַילעך האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און גענומען שריַיען מיט וויסטע קולות. זיַינע געשרייען האָבן באַלד אַריַינגעבראַכט די

שכנים אין די אונטערהויזן. דער מאַנדאַרין און דער אימפּעראַטאָר האָבן זיך באַלד אַרײַנגעוואָרפן אין געשלעג. זיי האָבן פּאַרטיידיקט די פּרוי. דאַקעגן דער טאָטער האָט זיך געשטעלט אויף דער זײַט פון דעם אָפּגענאַרטן מאַן. פּאַר זיי זײַנען די נאַכטיקע שפּאַצירן פון מאַצעקס מוטער קיין סוד ניט געווען. איטלעכער האָט געהאַט וועגן דעם זײַן אייגענע מיינונג. איצט האָבן זיי געהאַט אַ געלעגנהייט זייערע מיינונגען אַרײַנצוזעצן אין נאָז און אין קאָפּ, איינער פון אַנדערן, מיט די פויסטן און מיט אַלץ וואָס איז אונטערגעקומען אונטער דער האַנט.

די אָנגעלאָפענע שכנים האָבן קודם־כל אַרויסגעוואָרפן אין גאַס די דרײַ פּאַרטיידיקערס, דערנאָך האָבן זיי צעשיידט די צעבלוטיקטע מאַן־און־ווײַב, און זייביידן באַשטאַט אין באַזונדערע שטיבלעך. אויף דער וואַנט איז געבליבן הענגען דאָס רייכערנדיקע לעמפּל, פון וועלכן דאָס גלעזל, ווי אַלע זאַכן אין שטוב, איז געלעגן צעשמעטערט אויף דער פּאַדלאָגע. אין איין ווינקל האָט זיך געוואַלגערט דער בעטלער מיט אַ צעקוועטשטער נאָז און היפּשע פלעקן אונטער די בלינדע אויגן. אין אַ צווייט ווינקל האָבן מיר, די צווילינג־ברידער, זיך אײַנגענורעט.

אויף מאָרגן פּאַרנאַכט, ווען די אײַנוווינערס פון קעלער זײַנען זיך צונויפגעקומען אין פּאָדערהײַזל, האָט מען זיך דערמאָנט ווער ווען ס׳האָט נעכטן באַליידיקט. ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און דאָס געשלעג האָט זיך צעפלאַקערט מיט מער פרישקייט און לעבעדיקייט. איצט האָט אין דעם געשלעג אָנטיילגענומען אויך פּעליקס, און איידער וואָס, האָבן שוין יאַנען דעם שוסטער געפּעלט עטלעכע פּאָדערשטע ציין, און דער בלינדער בעטלער, וואָס האָט, ניט וויסנדיק פּאַרוואָס, זיך געהאַלטן הינטער יאַנען, איז געלעגן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ.

ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז מאַצעק זאָל אין דער קריגערײַ צווישן טאַטע־מאַמע זײַן אויף דער זײַט פון דער מוטער. זי פלעגט אים אַמאָל דאָס פּנים אָפּוואַשן און מיט אַ גרויסער שער אונטערשנײַדן די האָר; אין די לאַנגע ווינטער־נעכט האָט זי אים אויך פאַרוויגט מיט שוידערלעכע מעשיות וועגן די פאַרשאָלטענע זשידעס. זונטיק — אים געפירט אין קלויסטער און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער געקרײַציקטער מיט די דורכגענעגלטע הענט און דער בלוטיקער וווּנד אונטערן האַרץ — איז די אַרבעט פון די זשידעס. פּסח־צײַט פלעגט זי אים טוליען צו זיך, כּדי די זשידעס זאָלן אים ניט פאַרכאַפּן און אויסצאַפּן דאָס בלוט, וואָס זיי דאַרפן צו פּראַווען זייער פינצטערן יום־טוב. זי האָט אים אָפּגעהיט פון אַלע סכּנות, בעת יאַן האָט צו אים קיינמאָל קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט און קיין שמייכל ניט געטאָן, ווי גלײַך אים וואָלט ניט געאַרט, אַז די זשידעס זאָלן אים אויסצאַפּן דאָס בלוט און אַפילו אינגאַנצן אויפפרעסן. אויך נאָכן צווייטן

געשלעג, ווען יאַן האָט שוין געהאַט פֿאַרלוירן אַ היפּשן טייל פֿון זײַנע ציינער, איז מאַצעק נאָך אַלץ געווען אויף דער זײַט פֿון זײַן מאַמען.

אַנדערש איז געווען מיט מיר. איך האָב דווקא מיטגעפֿילט מיט דעם צעשלאָגענעם יאַן, אָבער איך האָב ניט געקאָנט זיך אַרויסשטעלן קעגן מײַן צווילינג־ברודער, מיט וועמען איך האָב ערשט מיט אַ טאָג־צוויי פֿריִער געשלאָסן אַ בלוטיקן בונד פֿון אייביקער געטרײַשאַפֿט, אַזוי אַז איך בין געווען געצוווּנגען, קעגן מײַן ווילן, זיך צו פֿאַראייניקן מיט די, וואָס האָבן געשלאָגן דעם אומגליקלעכן שוסטער.

איך און מאַצעק זײַנען געקראָכן אויף אַלע פֿיר איבער דער פּאַדלאָגע, געקליבן העמערלעך, צווענגלעך, הילצערנע קאַפּולן, און דאָס אונטערגעטראָגן דער מאַמען, זי זאָל דערמיט מזיקן דעם טאַטן — ביז יאַן, אין גרויסער אויפֿרעגונג, האָט אַראָפּגעכאַפּט דאָס ברענענדיקע קעראָסין־לעמפּל פֿון דער וואַנט און עס אַ שלײַדער געטאָן אויף זײַן ווײַב. זי האָט זיך פֿלינק אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק און זיך איבערגעקוליעט איבער מיר. פֿון דעם געוואַלדיקן טראַסק אין קאָפּ איז זי אַ רגע פֿאַרטשאַדעט געוואָרן, אָבער באַלד האָט זי זיך אויסגעטשוכעט, מיך אָנגעכאַפּט בײַ די האָר, און מיט אַזאַ ווילדן צאָרן מיך אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן גאַס, אַז דער מלאך מיטן שטיוול אין האַנט איז אַזש אַראָפּגעפֿלויגן פֿון דער טיר.

די דאָזיקע געשלעגן זײַנען, מיט קליינע איבעררײַסן, אָנגעגאַנגען אַ היפּשע צײַט. אַ נאַכט אָדער צוויי האָט מען זיך אָפּגערוט און דערנאָך ווידער אָנגעהויבן פֿון דאָס נײַ. מיך האָט מען שוין מער אין קעלער ניט אַרײַנגעלאָזט. בין איך אַוועק צוריק צו די טרעפּלעך פֿון מייטעסעס בעקערײַ, אויסצוספּעקולירן וויאַזוי מ׳קאָן פֿאַרט דערגרייכן דעם צעפּלאַצטן שפּיגל פֿון דער לבנה, אים פֿאַרקויפֿן אויפֿן מאַרק און אַרויסהעלפֿן מײַן צווילינג־ברודער.

איין נאַכט איז מאַצעק געקומען צו די טרעפּלעך און אַרויסגעכליפּעט:

— כ׳בין הונגעריק, כ׳וויל עסן. מײַן טאַטע־מאַמע שלאָגן זיך ווידער...

איך בין תּיכּף אַרויפֿגעלאָפֿן צו זיך אַהיים און אין דער שטיל אַרויסגעשלעפּט פֿון קיך אַן אָקרײַעץ ברויט מיט אַ לעפֿל פּוטער. מאַצעק האָט עס פֿאַרשלונגען אין איין רגע און אַ זיפֿץ געטאָן:

— איך וויל שוין מער אינגאַנצן ניט לעבן, איך האָב נאָך אייערנעכטן באַשלאָסן צו שטאַרבן. איך וועל אויסטרינקען אַ ביסל סם און שטאַרבן. און אויב דו ביסט מײַן בעסטער פֿרײַנד, דאַרפֿסטו מיך ניט פֿאַרלאָזן און אויך נעמען אַ ביסל סם, מיר זאָלן ביידע שטאַרבן צוזאַמען.

איך האָב אַ דערשטוינטער אָנגעקוקט מאַצעקן און ניט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן אויף דעם אומדערוואַרטן פֿאָרשלאָג. אמת, איך האָב שוין געזען עטלעכע טויטע: איין מאָל דעם סטרוזשס קליין טעכטערל מאַרינקאַ. זי

איז געלעגן אין אַ ווײַס קעסטל מיט זילבערנע פּרענדזלעך בײַ די זײַטן. זי איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ ווײַסן שלײַער און באַצירט מיט בלומען. זי האָט אויסגעזען זייער שיין. אַ צווייט מאָל האָב איך געזען ווי פיר פערד מיט שוואַרצע טיכער איבער די קעפּ, מיט אויסגעשניטענע לעכלעך אַרום די אויגן, האָבן געפירט אַ שוואַרצן קאַסטן. פון הינטן האָט אַ גרויסער עולם מאַרשירט, און פון פראָנט האָט אַ כאָר פון קינדער געזונגען, מיט אָנגעצונדענע ליכטלעך אין די הענט. ס׳איז געווען זייער טשיקאַווע. אָבער איצט, ווען כ׳האָב געקראָגן אַ דירעקטן פּאַרשלאַג, האָב איך זיך פאַרלוירן. מאַצעק איז מיר גלײַך געקומען צו הילף. ער האָט אַרויסגענומען פון אונטער זײַן העמד אַ קליין פאַרשמאָלצן ביכעלע מיט פאַרביקע בילדלעך, און געזאָגט:

— נאָך דעם ווי מע פאַרסמט זיך, שטאַרבט מען און מע גייט אַוועק ווײַט־ווײַט אין הימל אַרויף — און ער האָט דערבײַ אַ ווײַז געטאָן מיטן פינגער אין דער הייך. — דאָרט געפינט זיך גאָט.

— ווער איז גאָט? — האָב איך מיט אַן אומגעלומפּערטן שמייכל געפרעגט.

— ער איז דער קעניג פון הימל. זײַן הויז איז אַרומגערינגלט מיט מלאכים, אָט זע — און מאַצעק האָט אויפגעמישט אַ בילדל, וווּ נאַקעטע, פעטע יאַטלעך מיט גאָלדענע לעקלעך און זילבערנע פליגעלעך האָבן אַרומגעשוועבט צווישן די וואָלקנס.

דאָס האָב איך ניט געוווּסט.

— אויב דו גלייבסט ניט, קאָן איך דיר געבן דאָס ביכל.

— איך קען ניט לייענען.

— איך אויך ניט. — האָט זיך מאַצעק מודה געווען און גלײַך צוגעגעבן:

— אָבער מײַן מאַמע קען יאָ.

— טאָ לייען פאַר מיר וואָס דײַן מאַמע קען, — האָב איך זיך אָנגעצונדן מיט אַ פײַערדיקן נײַגער. — לייען פאַר מיר איבער דאָס גאַנצע ביכל, ווועל איך וויסן וואָס דיר צו ענטפערן.

— נאָך דעם ווי מע שטאַרבט, גייט מען אַרויף אין הימל — האָט מאַצעק געפירט דעם פינגער איבער די שורות און פאַרגלאָצט די אויגן צום הימל — דאָרטן זיצט גאָט בײַ אַ לאַנגן טיש פול מיט די טײַערסטע הינער, קאַטשקעס און ווײַנטרויבן...

— אָבער וואָס טוט מען דאָרט נאָך דעם ווי מע האָט שוין אָפּגעגעסן?

— האָב איך, אַ ציטערנדיקער אויפן גאַנצן גוף, געפרעגט.

— מע זינגט און מע טאַנצט און מען עסט. גלעקער קלינגען אַ גאַנצן טאָג און מ׳שפּילט זיך מיט מלאכים — האָט מאַצעק ״געלייענט״, און גרויסע טרערן האָבן זיך געקײַקלט איבער זײַנע באַקן.

ס׳האָט ניט געקאָנט זײַן קיין שום ספק אין דער ריכטיקייט פון זײַנע רייד,

וואָרעם אַחוץ דעם, וואָס איך האָב נאָך פון פריִער אָנערקענט מאַצעקן ווי אַן אויטאָריטעט אין הימל־זאַכן, איז איצט נאָך פאַר מײַנע אויגן געלעגן דאָס מערקווערדיקע ביכעלע, וואָס האָט באַשטעטיקט יעדעס וואָרט וואָס מאַצעק האָט אַרויסגערעדט, מיט אַ וווּנדערלעך בילד.

איין זאַך האָב איך פאָרט ניט פאַרשטאַנען: פאַרוואָס האָט עס מאַצעק געהאַלטן בסוד און מיר קיינמאָל וועגן דעם ניט דערמאָנט? צי האָט ער ניט געוווּסט ווי שטאַרק מיר ווילט זיך דערגרייכן ביז עק וועלט, ביז יענער מאַניענדיקער ווײַטקייט, וואָס ליגט הינטערן מאַרק, הינטער דער לעצטער גאַס פון דער שטאָט, בײַם סאַמע ברעג פון הימל? וויפל מאָל האָב איך אים דערציילט וועגן מײַנע נסיעות אויף באַנען, אויף שיפן, ווי איך האָב אויף בערג געקלעטערט, אַ ים אַריבערגעשווומען און געבליבן אויף דעם בעקערס טרעפּלעך בלויז דערפֿאַר, ווײַל מײַן פֿאָטער האָט מיך פֿאַראַטן און איז אַנטלאָפֿן קיין אַמעריקע. אָבער — וואָס איז אַמעריקע אין פֿאַרגלײַך מיט דעם גאָלדענעם הויז אין הימל? פֿאַרוואָס האָט מיר מאַצעק גלײַך דעמאָלט ניט געוויזן זײַן צויבער־ביכעלע? וואָס האָט ער געוואַרט? ווען איך וואָלט געקענט רעדן, וואָלט איך אים אַ סך ענלעכע שאלות געפֿרעגט. אָבער, צי פֿון רחמנות פֿאַר זײַנע טרערן, צי פֿון באַגײַסטערונג, איז מײַן האַלדז פֿאַרשטשעמעט געוואָרן, און מיט אַ שיכּורער צונג האָב איך קוים אַרויסגעשעפּטשעט:

— יאָ, איך גיי מיט דיר, גיב מיר אַ ביסל סם.

מאַצעק האָט אָבער קיין סם ניט געהאַט. ער האָט זיך, ווײַזט אויס, ניט גערינכט, אַז איך וועל אַזוי גיך צושטימען. אַחוץ דעם איז ער געווען צו אָרעם. מיר איז געווען גרינגער צוצוגרייטן דעם סם. ער האָט ניט געהאַט קיין קיך. איך — יאָ. נאָך דעם ווי מאַצעק האָט מיר איבערגעגעבן דעם גאַנצן רעצעפּט, ווי טשינגיס־כאַן מאַכט דעם סם פֿאַר דערוואַקסענע מענטשן, האָבן מיר זיך ביידע צעקושט און צעשיידט, מיטן צוזאָג זיך מאָרגן צו טרעפֿן אויפֿן זעלביקן פּלאַץ, פֿון וואַנען מיר וועלן זיך אַוועקלאָזן צום עק שטאָט, ווו די ערד מיטן הימל באַגעגענען זיך.

ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין שטוב, זײַנען שוין אַלע געשלאָפֿן. איך האָב זיך שטיל אויסגעטאָן, אַרײַנגעלייגט אין בעט און אַריבערגעצויגן די קאָלדרע איבערן קאָפּ. דאָס איז מײַן לעצטע נאַכט אין בעט. מאָרגן וועל איך שוין שפּאַצירן איבער די וואָלקנס. זאָל דאָרטן דער טאַטע אין אַמעריקע טאַנצן זײַן קאַדריל מיט לייבקע דעם שמאַטע־הענדלער. איך וועל בעסער טאַנצן מיט מלאכים אין הימל.

איך האָב קוים באַוויזן צו פֿאַרמאַכן די אויגן און אַן אומרויִקער חלום האָט מיך אַרויסגעוואָרפֿן פֿון בעט. אין נאַכטהעמד בין איך אַרויסגעשפּרונגען פֿון פֿענצטער און אַ פֿײַף געטאָן אַזוי שטאַרק, אַז מאַצעק האָט דאָס דערהערט

אין שלאָף און איז מאָמענטאַל, אַ האַלב־נאַקעטער, צוגעלאָפן צום בעקערס טרעפּלעך. מיר האָבן ביידע אַרויפגעקלעטערט אויפן דאַך און זיך אָנגעכאַפּט אין אַ שפּיץ פון אַ פאַרביַילויפנדיקן וואָלקן, וואָס האָט אונדז, געטריבן פון ווינט, צוגעבראַכט ביז צום סאַמע טויער פונעם גאָלדענעם הויז. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין דער גרויסער טיר.

די טיר עפנט זיך. מיר זעען ווי גאָט זיצט ביַי אַ רייַך־געדעקטן טיש, אַרומגערינגלט מיט שוועבנדיקע יאַטן. מאַצעק נעמט זיך גלייַך צום עסן, אָבער מיר איז די צונג פאַרטריקנט און דער גומען פאַרפּעכנעט. אין אַ ווינקל הענגט די זון, וואָס ווייַזט זיך אַרויס צו זייַן, ווי איך האָב אַלעמאָל געזאָגט, אַ פייַערדיקער באַלאָן. קעגנאיבער הענגט די לבנה. זי איז טאַקע, ווי איך האָב געטראַכט, אַ רונדער, זילבערנער שפּיגל. אָבער מער פון אַלץ געפעלט מיר די גרויסע בלויע פאַדלאָגע, וואָס איז דורכגעבויערט מיט טויזנטער און טויזנטער פינקלענדיקע לעכלעך. איך פאַל צו מיט די אויגן צו אַ לעכל און... דאָרטן אונטן איז דער מאַרקפּלאַץ. איך דערקען פּיטשען דעם בלעכער, נאָטען דעם קעראָסין־קרעמער און דעם קאָזאַק אַרקאַשקאַ. איך שרייַ מיט אַלע כּוחות: היי, יאָלדן, קוקט ווו איך בין! גאָט בייגט זיך אַראָפּ צו מיר און פרעגט מיט אַ גוטן שמייכל:

— וואָס זעסטו דאָרטן, מייַן קליינער פרייַנד?

— דעם מאַרקפּלאַץ. האָסט מיך קיינמאָל ניט געזען אויפן מאַרק?

— איך גיי פון הימל קיינמאָל ניט אַרויס, איך ווייס ניט ווער דו ביסט, אָבער דו געפעלסט מיר. זאָג מיר וואָס דו ווילסט און איך וועל דיר העלפן.

— גיב מיר אַ שטיין און איך וועל אים אַראָפּוואַרפן אויף אַרקאַשקאַן.

— דאָס איז ניט שיין. קענסט אים נאָך דעם קאָפּ צעשפּאַלטן. אָבער אויב דו באַשטייסט דערויף, וועל איך דיר נאָכגעבן. אָט איז אַ שטיין, וואַרף, וועט זייַן מיט איין קאָזאַק ווינציקער אויף דער וועלט.

דער שטיין פאַלט מיט אַ גרויסן דונער אויפן מאַרק. גאָט האָט זיך צעלאַכט און מיר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ:

— אויב דו האָסט שוין געמאַכט אַ דונער, מוז איך זיי דאָרטן שוין איצט באַגיסן מיט אַ ביסל וואַסער, ווייַל נאָך אַ דונער קומט אַ רעגן.

— דאָס טויג ניט. אַזוי איז אַלעמאָל. ווען איך קען זיי אַראָפּוואַרפן אַ ביסל טאַבאַק, וואָלטן זיי זיך תּיכּף געכאַפּט אַז איך בין דאָ.

— דאַרפסט נאָר זאָגן וואָס דו ווילסט. טויזנט פּעקלעך וועלן זייַן גענוג?

דערווייַל איז מאַצעק פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן און גענומען טאַנצן מיט די מלאכים.

—וויפל איז איצט דער זייגער? — האָט גאָט געפרעגט. — ס'איז שוין צייַט איר זאָלט גיין אַהיים, קינדער.

— ניין, ניין — האָב איך און מאַצעק קאַפּריזנע געטופּעט מיט די פיס

— מיר ווילן ניט גיין צוריק, מיר ווילן בלייַבן דאָ.

— מוזט איר צוערשט אויסטרינקען דעם סם. דערנאָך ערשט וועלן בײַ אײַך אויסוואַקסן פליגל און איר וועט ווערן מלאכים. אַזוי אָבער קענט איר דאָ ניט בלייַבן.

— אויב אַזוי, וועלן מיר מאָרגן פאַרטאָג ווידער זײַן דאָ. קום, לאָמיר ניט פאַרלירן קיין צײַט — האָב איך אַ שלעפּ געטאָן מאַצעקן בײַם אַרבל און דערנאָך זיך געווענדט צו גאָט: אויב איך וועל פאַרשלאָפן, וואַרף אַראָפּ אַ שטיין. אַז איך וועל הערן דעם דונער, וועל איך זיך אויפכאַפּן...

דעם דונער האָב איך פאַרהערט, אָבער אַזוי ווי די ערשטע טראָפּנס רעגן האָבן נאַס געמאַכט מײַן קישן, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט, אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, און נאָך מײַן לעצטן פרישטיק, זיך גענומען צוגרייטן דעם סם.

ה

לויט ווי מאַצעק האָט מיר אָנגעזאָגט, האָב איך צוזאַמענגעטאָן אין אַ קליין פּלעשל: זאַלץ, פּעפּער, אָנגעריבענעם כריין, אָנגעשניטענע ציבעלע — און אַלץ אויסגעמישט מיט עסיק. דערנאָך בין איך אַריַין אין שלאָפצימער אַ קוק טאָן אויף פּעלגאַן, וואָס האָט געהאַלטן אין פאַרבעטן מיַין געלעגער — צום לעצטן מאָל. אין צימער האָב איך געטראָפן מיַין קליין שוועסטערל און איר צערטלעך אַ גלעט געטאָן איבערן קעפּל. כ׳בין געווען צופרידן, וואָס מיַין מאַמע איז שוין ניט געווען אין דער היים, ווייַל מיט איר וואָלט מיר שווערער געווען זיך צו געזעגענען.

ווען איך בין צוגעקומען צו די טרעפּלעך, ווו מיר האָבן געהאַט אָפּגערעדט זיך צו טרעפן, איז מאַצעק נאָך ניט געווען. אַז עס איז אַריבער אַ היפּשע ווייַלע און ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט באַוויזן, בין איך געוואָרן אומרויִק.

ווי קאָן דאָס זיַין? איז עס מעגלעך, אַז מאַצעק האָט אין גרויס ייִאוש אויסגעבאָרגט אַ ביסל סם ביַי דעם טשינגיס־כאַן און איז אַליין אַנטלאָפן אין הימל? דער געדאַנק האָט מיך געשטאָכן ווי מיט אַ נאָדל, און איך האָב זיך גלייַך געלאָזט לויפן צו יאַן דעם שוסטערס קעלער.

ווי גרויס איז געווען מיַין איבעררעאַשונג, ווען כ׳האָב דערזען יאַנען זיצן ביַים טישל, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט מיט ליידיקע שנאַפּס־פלעשלעך, און שפּילן אין קאָרטן — און מיט וועמען? מיט זיַין ביטערן שונא, מיט פּעליקסן. אַרום זיי די געוויינטלעכע שכנים, און מאַצעק. אַלע האָבן זיי מאָדנע טומלדיק געלאַכט.

יאַן האָט געקנאַקט די קאָרטן אויפן טיש און דער שיכּורער עולם האָט אים אונטערגעגעבן „פּעטוכע". ביַי איטלעכער קאָרט, וואָס יאַן האָט מיט אַ קנאַק אַרויסגעלייגט, האָט מאַצעק געפּאַטשט מיט די הענט, און באַלד איז ער פון באַגייַסטערונג אַרויפגעשפּרונגען אויף דעם ליידיקן ביר־פעסל. פון דאָרט האָט ער מיך שוין געמוזט באַמערקן. ער איז גלייַך צוגעלאָפן און האָט שאַרף אַ פרעג געטאָן:

— וואָס האַלטסטו אונטערן אָרעם?

— דעם סם.

— ווו האָסטו אים גענומען?

— איך האָב אים צוזאַמענגעשטעלט אַזוי ווי דו האָסט מיר געהייסן.

מאַצעק האָט אַרויסגענומען דאָס פלעשל פון מיַין האַנט, אַ שמעק געטאָן

און זיך פֿאַרקרימט:

— ס׳טויג ניט — האָט ער געזאָגט — ער האָט אַפֿילו ניט דעם געוויך פֿון טשינגיס־כאַנס סם, און ער דאַרף ניט זײַן אין קיין אין פֿלעשל. מע דאַרף אַלץ אויפֿקאָכן אין אַ טאָפּ און לאָזן קאַלט ווערן. דערנאָך צעשנײַדן אויף קליינע ציגעלעך. גיי אַהיים און מאַך עס ווי עס באַדאַרף צו זײַן. אָדער, אויב דו ווילסט, לאָז עס איבער ביז מאָרגן. און דערווײַלע קום, לאָמיר צוקוקן ווי מײַן טאַטע געווינט דאָס גאַנצע געלט בײַ פֿעליקסן.

מאַצעק האָט פֿאַרשטאַנען, אַז עס וועט זײַן בעסער אויב ער וועט מיר באַלד דערקלערן וואָס דאָ האָט אַזוינס פּאַסירט.

— נעכטן בײַנאַכט האָט מײַן טאַטע זיך איבערגעבעטן מיט פֿעליקסן... די שכנים האָבן געטרונקען אַ סך שנאַפּס און אויפֿגעגעסן אפֿשר גאַנצע צען קישקעס קאָלבאַס. מע האָט זיך געקושט און געזונגען. די גאַנצע נאַכט האָט מען געשפּילט אין קאָרטן. מײַן טאַטע האָט שוין געוווּנען צען רובל און זיי אַוועקגעגעבן דער מאַמען, וואָס איז אַרויס אין מאַרק אײַנקויפֿן פֿלייש. זי וועט דערפֿון צוגרייטן גרויסע געהאַקטע קנײדלעך מיט קרויט און מיט גרעטשענער קאַשע און מיט...

ער האָט ניט באַוויזן אויסצורעכענען אַלע פּאָטראַוועס, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן אַ פֿריש געלעכטער בײַם קאָרטן־טישל: דאָס האָט געמיינט, אַז יאַן האָט שוין ווידער געוווּנען. מאַצעק האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צוריק צו די שפּילערס און מיך איבערגעלאָזט בײַ די טרעפּלעך מיטן סם אין די הענט.

אַ ווײַלע בין איך געשטאַנען אַ צעטומלטער און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. באַלד בין איך אַרויסגעלאָפֿן פֿון קעלער. וואָס האָט דאָ פּאַסירט? ווי איז דאָס מעגלעך, אַז פֿעליקס זאָל פֿאַרלירן זײַן געלט בײַ יאַנען, וועמען ער האָט ערשט מיט אַ טאָג צוריק צעמזיקט ביז בלוט? און ווי איז דאָס מעגלעך, אַז יאַן, וואָס האָט זעלטן אַ קאָרט אין האַנט גענומען, און איז געווען פֿאַררעכנט ווי אַ סך אַן ערגערער שפּילער פֿון קאַפּוסטאַ, זאָל פּלוצעם ווערן אַזוי געביפֿט, ער זאָל קענען געווינען צען רובל בײַ דעם גרעסטן שולער, און דערצו נאָך דאָס גאַנצע געווינס אָפּגעבן זײַן פֿאַרהאַסט ווײַב, זי זאָל צוגרייטן אַ וועטשערע מיט געהאַקטע קנײדלעך? ניין, דאָס קען ניט זײַן. עפּעס איז דאָ ניט גלאַט. מאַצעק האָט מיך פּשוט אונטערגעפֿירט, ער האָט מסתּמא דורך דער נאַכט פֿאַרלוירן דעם חשק צו שטאַרבן, און איצט געפֿונען אַ תּירוץ וויאַזוי זיך אַרויסצודרייען. וואָס בלײַבט מיר נאָך איצטער צו טאָן, נאָכדעם ווי איך האָב זיך שוין געזעגנט מיט מײַן היים? פֿאַרגעסן דעם הימל, פֿאַרגעסן גאָט, און זיך אומקערן צום מיסטקאַסטן אויפֿן מאַרקפּלאַץ? ניין, ניין, פֿאַר מיר איז קיין וועג צוריק ניטאָ. סוף־כּל־סוף איז דאָס פֿלעשל סם אין מײַן האַנט, און אין ערגסטן פֿאַל קאָן איך עס אַליין אויסטרינקען

און אַליין אַרויף אין הימל.

אַוודאי וואָלט געווען בעסער ווען מאַצעק, וואָס איז אַ בקי אין הימל־זאַכן, זאָל מיך ווייניקסטנס באַגלייטן ביז צום אַרײַנגאַנג. פֿאַרוואָס ניט? האָבן מיר דען ניט געשווירן, אַז אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט טאָר קיינמאָל ניט איבערגעריסן ווערן? און ווען אַפֿילו אין קעלער זאָל מען מאַכן צוואַנציק וועטשערעס מיט געהאַקטע קניידלעך, טאָר עס מאַצעקן ניט צוריקהאַלטן, אויב ער וויל ניט ברעכן אונדזער שבועה פֿון אייביקער ברודערשאַפֿט, באַפּעסטיקט מיט אונדזער אויסגעמישט בלוט. איך מוז גיין צוריק אין קעלער און פֿאָדערן אַז מאַצעק זאָל טאַקע די מינוט איבערלאָזן די קאָרטן־שפּיל, די קאָלבאַס און די וועטשערע, און ווי ס'זאָל ניט זײַן — גוטער סם, צי שלעכטער סם — מוז ער גיין מיט מיר אין הימל אַרויף.

אָבער איידער איך האָב באַשלאָסן אַהין צו גיין, איז שוין געווען שפּעט. ווען איך בין צוריקגעקומען אין קעלער, איז שוין די שפּיל געווען פֿאַרענדיקט. יאַן האָט זיך געוואָקלט אויף זײַנע שיכּורע פֿיס און געהאַלטן אין ציילן זײַן געווינס, בעת די קעלער־חבֿרה האָט זיך באַלעקט פֿון דער וועטשערע און געוווּנטשן לאַנגע יאָרן דעם געווינער.

קאַפּוסטאַ, וועלכער איז דאָס מאָל געווען בלויז אַ צוקוקער, האָט פֿון דעסטוועגן געהאַט גרייט בײַם אַרײַנגאַנג פֿון קעלער זײַן דראָשקע, כּדי, ווי געוויינטלעך, נעמען דעם געווינער אויף אַ שפּאַציר. דאָס מאָל, פֿאַרשטייט זיך, אַ געצאָלטן שפּאַציר.

דער שיכּורער עולם האָט זיך באַלד פֿריילעך אַרויסגעשאָטן אויפֿן גאַס, אַרויפֿגעזעצט יאַנען אויף דער קאָזלע נעבן קאַפּוסטאַן, און אים אַרײַנגעשטופּט די לייצעס אין האַנט. זײַן ווײַב און פֿעליקסן האָט מען אַרײַנגעזעצט אין דער בויד. דער אימפּעראַטאָר, זינגענדיק , און טשינגיס־כאַן, פֿײַפֿנדיק, האָבן זיך געשטעלט אויף די טרעפּלעך אויף ביידע זײַטן פֿון דער דראָשקע. מאַצעק איז געלאָפֿן פֿאַרכאַפּן זײַן שטענדיקן פּלאַץ אויף די הינטערשטע רעסאָרן, ווו דער מאַנדאַרין איז שוין געזעסן אײַנגעקאָרטשעט אין דרײַען און געשטשירעט זײַנע צעפּוילטע ציינדלעך.

דער טים־טאַם האָט ווילד גענומען כליעשטשען זײַן אויסגעדאַרט פֿערדל ביז עס האָט זיך אויסגעגליטשט אונטער דער איבערגעלאָדענער דראָשקע און פֿאַרשפּריצט מיט פּײַער־פֿונקען די פֿריילעכע חבֿרה.

איך בין נאָכגעלאָפֿן און געשריִען: מאַצעק! מאַצעק! — אָבער מײַן צווילינג־ברודער האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק. בײַ דער קלויסטער־גאַס האָב איך באַוויזן אָניאָגן די דראָשקע. כ'האָב אָנגעכאַפּט מאַצעקן בײַ אַ פֿוס און אים אַראָפּגעשלעפּט פֿון די רעסאָרן.

— וואָס ווילסטו פֿון מיר? — האָט זיך מאַצעק בײַז געבריקעט — פֿאַרוואָס לאָזטו מיך ניט פֿאָרן מיט מײַן מאַמען?

— פֿאַרוואָס האָסטו געזאָגט, אַז דער סם טויג ניט? האָב איך געפֿאָדערט.

— ווייַל ס'איז ניט קיין ריכטיקער סם.

— לאָמיר אויספּרוּוון, וועסטו זען, אַז ער איז גוט.

— ניט איצט... איצט קאָן איך ניט... אפֿשר מאָרגן, אפֿשר איבעראַכטאָג. טראָג אים אַוועק אַהיים און באַהאַלט אים. מיר וועלן אים אַן אַנדערש מאָל אויסניצן — האָט זיך מאַצעק געבעטן.

אָבער איך בין געבליבן אייַנגעשפּאַרט. איך האָב אים צוגעטראָגן דאָס פֿלעשל צו דער נאָז, ער זאָל אַ שמעק טאָן און זיך איבערצייַגן, אַז דער סם איז דער בעסטער אין דער וועלט. מאַצעק האָט מיט עקל אַ שפּיַי געטאָן:

— איך זאָג דיר, אַז ער טויג ניט!

— ער טויג יאָ!

— עס פֿעלט עסיק.

— ס'איז אַ ליגן!

— מסתּמא פֿעלט פֿעפֿער.

— דאָס איז אויך אַ ליגן. און דו אַליין ביסט אויך אַ געמיינער ליגנער!

— און איך האָב אַ בראָזג געטאָן דאָס פֿלעשל אויף דער ערד.

— ווי דערוועגסטו זיך מיך צו רופֿן ליגנער? — האָט מאַצעק פֿאַרקוועטשט זייַנע אויגן אין צוויי קליינע שפּעלטלעך.

— ווייַל דו ביסט אַ ליגנער. דו האָסט מיך אונטערגעפֿירט. דו האָסט מיר צוגעזאָגט מיטצונעמען אין הימל, דאָרטן באַקענען מיט גאָט, דעם קעניג פֿון הימל. איצט זע איך, אַז דו האָסט חרטה, און אַלץ וואָס דו האָסט געזאָגט איז ליגן שבליגן!

— גאָט איז אַ ליגן?! — האָט מאַצעק מיט געבייַלטע פֿויסטן אויסגעשריִען.

— צי זאָגסטו דאָס ניט ווייַל דו ביסט אַ פֿאַרשאָלטענער ייִד, אַ זשיד, וואָס גלייבט ניט אין גאָט? אויב אַזוי איז טאַקע בעסער וואָס דו האָסט דאָס פֿלעשל צעבראָכן. דער סם וואָלט דיר סייַ־ווי ניט געהאָלפֿן, מע וואָלט דיך סייַ־ווי אין הימל ניט אַרייַנגעלאָזט, ווייַל דו ביסט אַ ייִד, און גאָט האָט פֿייַנט זשידעס! די זשידעס האָבן אים דערהרגעט און פֿאַרקויפֿט פֿאַר דרייַסיק קאָפּיקעס. דערפֿאַר האָט גאָט זיי אַלעמען פֿאַרשאָלטן אויף אייביק.

— דו מיינסט אויך מיך?

— דיך און דייַן טאַטן און דייַן מאַמען און דייַן גאַנצע משפּחה! — האָט מאַצעק פֿאַרענדיקט מיט אַ קוויטש און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

— עס קאָן ניט זייַן... איך האָב וועגן דעם קיינמאָל ניט געהערט. מייַן טאַטע איז אין אַמעריקע, און פֿאַר מייַן מאַמען קאָן איך שווערן, אַז זי קען אַפֿילו קיין פֿליג אויף דער וואַנט ניט דערהרגענען... און ווי איז דאָס מעגלעך, אַז מען האָט אים דערהרגעט, ווען איך האָב אים ערשט נעכטן בייַנאַכט

געזען אַ לעבעדיקן — האָב איך זיך געשטיקט פון טרערן, אָנגעכאַפּט אין מײַן חלום, ווי איינער וואָס טרינקט זיך, אין אַ שטרוי. — נעכטן בײַנאַכט, בעת איך האָב צוגעגרייט דעם סם, האָב איך פאַרזוכט אַ ביסל און בין גלײַך אַרויף אין הימל. איך זאָג דיר, אַז ער לעבט, איך האָב אַליין גערעדט צו אים.

— ביסט משוגע, ס׳האָט זיך דיר געוויס געחלומט.

— ניין, איך זאָג דיר אַז ער לעבט. דו אַליין האָסט דאָך מיר געלייענט אין ביכל דערוועגן.

— איך ווייס ניט, — האָט מאַצעק געווישט די אויגן און געקוועטשט די פּלייצעס. — אפשר לעבט ער. און וואָס איז דער חילוק? די ייִדן האָבן אים סײַ־ווי דערהרגעט. אויב דו גלייבסט מיר ניט, קום מיט מיר אין קלויסטער, וועסטו זען, אַז ער הענגט אַ געקרײַציקטער אויף דער וואַנט.

אַ ווײַלע זײַנען מיר געשטאַנען שטיל, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי די ערד וואָלט פּלוצעם צווישן אונדז צעשפּאָלטן געוואָרן, און אַ טיפער אָפּגרונט וואָלט אונדז צעשיידט. אָבער באַלד האָט מאַצעק אויסגעשטרעקט די האַנט:

— ס׳פּאַרדריסט מיך, וואָס איך האָב עס דיר באַדאַרפט זאָגן, אָבער ס׳איז דײַן שולד. ווען דו ביסט ניט אַזאַ אײַנגעשפּאַרטער, וואָלט צו דעם אַלעם ניט געקומען. אָבער זאָרג ניט. מיך אַרט ניט, וואָס דו ביסט אַ פאַרשאָלטענער זשיד, איך האָב דיך ליב, און איך זאָג דיר צו, אַז דעם קומענדיקן זונטיק, ווען איך וועל גיין מיט מײַן מאַמען אין קלויסטער, וועל איך בעטן פאַר דיר, איך וועל זיך אײַנשטעלן פאַר דיר און דערקלערן, אַז דו ביסט מײַן בעסטער פרײַנד, און כ׳בין זיכער, אַז גאָט וועט דיר פאַרגעבן.

אַ שטראַל פון האָפענונג האָט אַ רגע אַ שימעריר געטאָן פאַר מײַנע אויגן און זיך גלײַך אויסגעלאָשן, וואָרעם כ׳האָב שוין מער קיין צוטרוי ניט געהאַט צו מײַן צווילינג־ברודער.

— איך וועל גיין צוזאַמען מיט דיר אין קלויסטער — האָב איך פאָרגעשלאָגן.

— ניין! — האָט זיך מאַצעק אַ כאַפּ געטאָן. ער האָט שוין גוט געוווּסט ווי ערנסט איך נעם אַ צוזאָג און האָט, ווײַזט אויס, ניט געוואָלט זיך ווידער פאַרטשעפּען מיט מיר.

— ס׳איז בעסער איך זאָל גיין אַליין. בעסער דו זאָלסט ניט זײַן דערבײַ.

מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ בין איך אַוועק אַהיים. אויפן ראָג פון דער קלויסטער־גאַס האָב איך זיך פאַרהאַלטן און פון ווײַטן אַ קוק געטאָן אויף דעם ווײַסן געבײַ מיט די לאַנגע קאָלירטע פענצטער, ווו דעם קומענדיקן זונטיק וועט באַשטימט ווערן מײַן גורל. דאָס געבײַ איז געווען אַרומגערינגלט מיט הויכע קאַשטאַנביימער. איך און מאַצעק פלעגן זיך אָפט אַדורכקוועטשן צווישן די אײַזערנע שטאַכעטן פון דעם פּאַרקן און פלעגן דאָרט קלייבן

אַראָפּגעפּאַלענע קאַשטאַנעס. איצט זײַנען די געלע בלעטער פֿון די ביימער אַרונטערגעפאַלן און די נאַקעטע צווײַגן האָבן אין ליכט פֿון דעם איינציקן גאַז־לאַמטערן אויסגעזען ווי לאַנגע פֿינגער, וואָס ציִען זיך אַ כאַפּ צו טאָן דעם זשיד פֿאַרן קאָפּ. איך בין גיך אַדורכגעלאָפֿן די גאַס.

כ׳האָב ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן. מײַן זכּרון, וועלכער האָט שטענדיק אין אַן עת צרה געהאַט אַ באַזונדער פֿאַרגעניגן מיך צו פּײַניקן, האָט אויך דאָס מאָל מיך גענומען מאַטערן מיטן חלום פֿון נעכטן בײַנאַכט און מיט מאַצעקס משונהדיקן אײַנפֿאַל צו בעטן אין קלויסטער מע זאָל מיר פֿאַרגעבן אַ מאָרד, וואָס איך בין קיינמאָל ניט באַגאַנגען.

פֿאַרטאָג בין איך צוגעלאָפֿן צום שוסטערס קעלער און זיך אַראָפּגעבויגן צום פֿענצטערל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף דער לאַווע. אַלע זײַנען דאָרטן געווען טויט־שיכּור. דער מאַנדאַרין איז געלעגן אונטערן טיש, דער אימפּעראַטאָר איז געזעסן אין מיטן צימער מיט אַן אַראָפּגעהאָנגענעם קאָפּ און געברומט איינס פֿון זײַנע טרויעריקע לידלעך. דער בלינדער בעטלער האָט מיד געצויגן זײַן צעריסענע האַרמאָשקע, וואָס האָט אַרויסגעלאָזן איינצלנע גרילצנדיקע קלאַנגען. איך האָב אַרויסגעשלעפּט אַ שמאַטקע פֿון דער צעלעבערטער שויב און אַרײַנגעשריִען אין קעלער אַרײַן: מאַצעק! מאַצעק! — ביז מאַצעק איז אַרויסגעקומען אין גאַס.

— פֿון וואַנעט ווייסט גאָט, אַז איך בין אַ ייִד? — האָב איך אים מיט אַ טריִומפֿירנדיקן שמייכל באַגעגנט. — ער גייט דאָך קיינמאָל ניט אַרויס פֿון הימל. ער האָט מיר אַליין געזאָגט, אַז ער קען מיך ניט. דו וועסט אים אין קלויסטער בלויז דערציילן אַ זאַך, וואָס ער ווייסט גאָרניט דערפֿון. און דו, פֿון וואַנען ווייסטו, אַז איך בין אַ ייִד? — כ׳האָב אים אָנגעכאַפּט בײַם שמוציקן העמד, געקוקט אים גלײַך אין פּנים אַרײַן און אויסגעשריִען: — דו און דײַן מאַמע און דײַן טאַטע און דײַן גאַנצע משפּחה זײַנען געמיינע ליגנערס! איך בין ניט קיין ייִד!

איבערראַשט פֿון דעם אומדערוואַרטן אָנפֿאַל, און נאָך מער פֿון דער מאָדנער אַליין־פֿאַרלייקענונג מײַנער, האָט מאַצעק אַ צעטומלטער פּרובירט באַפֿרײַען זײַן העמד פֿון מײַן פֿאַרקלעמטער פֿויסט:

— מײַן מאַמע איז ניט קיין ליגנערקע!

— טאָ לאָמיר ריידן מיט דײַן מאַמען.

— מײַן מאַמע שלאָפֿט.

— לאַמיר פֿרעגן דײַן טאַטן. — בין איך אײַנגעגאַנגען אויף אַ פּשרה.

— מײַן מאַמע האָט אָנגעזאָגט דו זאָלסט מער ניט קומען צו אונדז אין קעלער. לאָז מיך אָפּ, דו צערײַסט מײַן לעצט העמד.

— לאָמיר גיין און פֿרעגן דײַן טאַטן, — האָב איך, קריצנדיק מיט די ציין, געפּאָדערט.

— ניין, איך וועל דיך מער ניט אַרײַנלאָזן צו אונדז! — האָט זיך מאַצעק מיר געשטעלט אין וועג. מיט דער פלינקייט וואָס איך האָב אַמאָל אַרויסגעוויזן קעגן פּעווקען אויפן פּלעצל, און באַזיגט די יאַפּאַנעזער בײַם מיסטקאַסטן, האָב איך איצט אַראָפּגעשלעפּט מאַצעקן פון די ציגלנע טרעפּלעך אין קעלער אַרײַן.

די שיכּורע חברה האָט מיך באַגעגנט מיט פריידיקע באַגריסונגען, אָבער איך האָב זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט און בין גלײַך צו אין ווינקל ווו יאַן איז געזעסן אויף זײַן דרײַפוס־בענקעלע און מוראדיק געשלוקעכצט.

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך בין אַ ייִד? — האָב איך הויך און דײַטלעך געפרעגט.

יאַן האָט אויפגעהויבן זײַן צעקנייטשט און פאַרכמורעט פּנים און מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ פּאָר פאַרגלייזטע אויגן פון קאָפּ ביז די פיס. דערנאָך איז ער אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער, וואָס האָט פאַרפלייצט זײַנע אויגן מיט טרערן. פונעם געלעכטער, געמישט מיט אַ געהוסטערײַ, האָט ער פון דעסטוועגן אַרויסגעשריען:

— אַוודאי ווייס איך! אַלע ווייסן! — און ער האָט מיר אַ פורקע געטאָן צווישן די פיס.

איך האָב זיך אַ כאַפּ געטאָן בײַם דיך, ניט אַזוי פון ווייטיק, ווי פון איבעררעאַשונג, און נאָך איידער כ׳האָב באַנומען וואָס אַזוינס יאַן מיינט מיט זײַן חוצפּה, האָט דער אימפּעראַטאָר פון הינטן־אַרום מיר פלינק אויפגעשפּיליעט די הויזן, אַ קיצל געטאָן אונטערן נאַקעטן נאָפּל און גראָב אויסגערופן:

— נאָכאַמאָל זאָלסטו ניט ברויזן וועגן זאַכן, וואָס ליגן רויִק אין דײַנע הויזן!

פון אונטערן טיש איז אַרויסגעקראָכן אויף אַלע פיר דער מאַנדאַרין:

— לאָזט מיך אויך אַ קוק טאָן, איך האָב נאָך קיינמאָל אין מײַן לעבן קיין ייִד ניט געזען.

טשינגיס־כאַן האָט אָנגעכאַפּט דעם כינעזער פאַרן צאָפּ און אים צוריקגעשלעפּט צום טיש. מיך האָט ער אָפּגעפירט אין אַ זײַט און פאַרשפּיליעט די הויזן. מיט דעם האָט זיך דער טאָטער נאָך נישט באַנוגנט. ער האָט געמאָנט, אַז אַלע זאָלן זיך אַנטשולדיקן פאַר מיר, דעם באַליידיקטן "צווילינג־ברודער". דער אימפּעראַטאָר האָט תּיכּף אײַנגעשטימט. ער האָט זיך אויסגעצויגן אין זײַן גאַנצער לענג, צוגעלייגט זײַן האַנט צום היטל, און מיט אַ מיליטערישן שטעל אַ קנאַק געטאָן מיט די קנאַפּל:

— אַנטשולדיקט, מײַן הער!

אַז ער האָט ניט באַקומען קיין ענטפער, האָט ער אויסגעשפּיגן און געזאָגט:

— צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן האָב איך זיך אַנטשולדיקט פאַר אַ

ייִד, אָבער אַ ייִד בלײַבט אַ זשיד.

ער איז אַרויס פֿון קעלער. נאָך אים זײַנען געגאַנגען דער מאַנדאַרין מיט די בלומען און דער בעטלער מיט דער האַרמאָשקע.

פֿון הינטערן לײַלעך איז אַרויסגעקומען פֿעליקס, באַגלייט פֿון מאַצעקס מוטער. ער האָט איר אַ קניפּ געטאָן אין באַק, פֿאַרריכט די שוואַרצע שמאַטקע אויף זײַן פֿוסט אויג און איז אויך אַרויס אין גאַס.

טשינגיס־כאַן האָט שוין געהאַט אַרויפֿגעלייגט דאָס פּעקל אויף די פּלייצעס, אָבער בײַ דער טיר האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַרויסגענומען אַ שקאַרמוצל מיט צוקערלעך און עס מיר צוגעטראָגן.

איך האָב געקוקט אויף דעם טאָטערס אויסגעשטרעקטער האַנט, וואָס האָט געהאַלטן דעם אמתן סם. דערמיט וואָלט איך געקאָנט אַרויף אין הימל אַזוי גרינג ווי אַ פֿעדערל, אָבער צו וואָס האָט עס מיר איצט געטויגט, אַז איך בין שוין זיכער, איבערצײַגט: איך בין אַ ייִד, אַ זשיד, און דער הימל איז פֿאַרשלאָסן פֿאַר מיר אויף אייביק.

איך האָב זיך אָפּגעקערט פֿון טאָטער, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און פֿאַרגראָבן דעם קאָפּ צווישן די קני.

ו

אין אַ פּראָסטיקן ווינטער־טאָג איז אַן אָרעמע פוירטע אין צעריסענע וואָליקעס געקומען צו מיַין מוטער שרה פּאַרקויפן די מילך, וואָס זי האָט געטראָגן אין אירע צוויי גרויסע ברוסטזעק. זי האָט דערציילט, אַז זי איז געוואָרן פאַרפירט פון אַ „שיינעם גזלן” און איר קינד איז געשטאָרבן ווען ס׳איז נאָך ניט אַלט געווען קיין צוויי וואָכן. זי האָט אויסגעשטעלט אירע בריסטן, און נאָך דעם ווי שרה, מיַין מאַמע, האָט באַטאַפּט די נאָפּלען און פאַרזוכט די מילך, האָט זי מיך אַוועקגעריסן פון איר אייגענער קליינער ברוסט, ביַי וועלכער כ׳האָב שוין עטלעכע וואָכן זיך געקלאַמערט מיט פאַרשוואָלענע, פון אָנשטרענג, ליפּן אַרויסצוזייגן אַ ביסל שפּיַיז, און זי האָט מיך אַרויפגעלייגט אויף די פליישיקע בערג פון דער וויַיסרוסישער פוירטע. שפּעטער מיט יאָרן האָט פעלגאַ, מיט איר געזונטן דאָרפישן חוש פאַר הומאָר דערציילט, אַז שוין אין ערשטן טאָג ביַי איר ברוסט האָב איך זיך אויפגעפירט ווי אַ שאַרלאַטאַן: נאָך דעם ערשטן זופּ פון איר מילך האָב איך אַ ווונק געטאָן מיט אַן אויג: דאָס איז עס! דערנאָך איר אַ קיצל געטאָן אונטער דער מאָרדע.

ווען מיַין מאַמע, וואָס איז געווען אַ צאַרטע פרוי, איז פון אַן אָפּעראַציע אין אַ צווייטן קימפּעט אַרויס שטאַרק אָפּגעשוואַכט, האָט פעלגאַ איבערגענומען די שליסלען פון דער גאַנצער בעל־הבתישקייט. צוזאַמען דערמיט האָט איר שוין מיַין מאַמע איבערגעגעבן אַ גרויסן טייל פון איר רעכט איבער מיר, און אויף אַזאַ אופן בין איך געוואָרן אַ קינד מיט צוויי מאַמעס.

צווישן די צוויי מאַמעס איז געשטאַנען דער טאַטע, וועלכער האָט זיך דווקא איבערגענומען מיט דעם וואָס זיַין זון איז דער גרעסטער אויסוווּרף אין דער וועלט און ער קאָן דערגיין די יאָרן ניט בלויז צוויי, נאָר גאַנצע זעקס מאַמעס. אָבער איצט, נאָך דער פּאַסירונג אין יאַן דעם שוסטערס קעלער, האָב איך צום ערשטן מאָל דערפילט די נויטווענדיקייט פון אַ מאַמען, און כ׳האָב באַשלאָסן קודם זיך צו ווענדן צו פעלגאַן.

דעם אויסקלייב צווישן די צוויי מאַמעס האָב איך געמאַכט דערפאַר, וויַיל נאָך מיט אַ ציַיט צוריק, בעת פעלגאַ האָט אויסגעלופטערט איר קאַסטן, וואָס זי האָט שטענדיק געהאַלטן אונטער איר בעט, האָב איך דאָרט דערזען אַ קאָלירטן פּאָרטרעט פון אַ פרוי, וואָס האָט געהאַלטן אויף איר שויס אַ נאַקעט קינד מיט אַ זילבערן רעמל אַרום זיַין קאָפּ. דאָס איז גראָד געווען

אין דער צײַט ווען כ׳האָב זיך געאײַלט אין דער מלחמה מיט די יאַפּאַנעזער, און כ׳האָב ניט באַוויזן דאָס אַפּילו גוט אָנצוקוקן. אָבער איצט האָט די ענלעכקייט פון דעם בילד אין פעלגאַס קאַסטן מיט די בילדלעך אין מאַצעקס ביכל אויפגעבליצט אין מײַן זכּרון מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט.

צומאָרגנס, בעת פעלגאַ האָט אויף אַלע פיר געוואַשן די פּאַדלאָגע, בין איך צוגעגאַנגען צו איר:

— היי, וואָס ווייסטו וועגן גאָט?

זי האָט אויפגעציטערט, ווי עמעצער וואָלט איר מיט עפּעס אַ זעץ געטאָן.

— וואָס איז דאָס דײַן זאַך, וואָס גייט עס דיך אָן?

— איז עס אמת, אַז מ׳האָט אים דערהרגעט און פאַרקויפט?

— בײַס דיר אָפּ די צונג! האָט זי בייז אַ שלײַדער געטאָן די נאַסע שמאַטע און, בלײַבנדיק אויף די קני, האָט זי צוגעלייגט דרײַ פינגער צו אירע ליפּן, ווי אַ קוש געטאָן, און מיט די זעלביקע פינגער זיך איבערגעצלמט.

— וואָס מיינט עס וואָס דו האָסט איצט געטאָן?

— ס׳איז ניט דײַן עסק! גיי דיר אויפן מאַרק! — האָט זי אויסגעשריִען.

— נאָכאַמאָל זאָלסטו זיך ניט דערוועגן צו רעדן דערפון. דו האָסט דײַן אייגענעם גאָט!

—ווער איז מײַן גאָט? — האָב איך געפרעגט און ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס זי איז אַזוי אויפגעקאָכט.

— איך קען אים ניט, איך ווייס גאָרנישט ניט וועגן אים! פאַרוואָס פרעגסטו ניט דײַן מאַמען?

— דו ביסט אויך מײַן מאַמע, ניין?

דאָס האָט געפעלט, אַז אירע בלויע אויגן זאָלן זיך אָנפילן מיט טרערן. זי האָט מיך צוגעשלעפּט צו זיך, צוגעדריקט מײַן קאָפּ צו איר פעטן בויך און, ווישנדיק די טרערן שוין געערדט מילדער:

— אפשר דערפאַר, ווײַל דו האָסט צופיל מאַמעס און אַפּילו קיין איין טאַטן ניט, אפשר דערפאַר ווייסטו ניט ווער דײַן גאָט איז. איך מיין, אַז דײַן טאַטע האָט אויך ניט געוווּסט ווער זײַן גאָט איז. איך האָב אים קיינמאָל ניט געהערט דערמאָנען גאָטס נאָמען. אין אָט דעם פאַרשאָלטענעם הויז האָב איך אַליין אויך כּמעט פאַרגעסן, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אין הימל. אַזאַ גרויסער יונג ווי דו האָט שוין געדאַרפט וויסן ווער דער ייִדישער גאָט איז.

— ווער איז דער ייִדישער גאָט? — האָב איך זיך געבעטן בײַ איר.

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? מײַן גאָט איז יעזוס קריסטוס.

— אויב אַזוי, קענסטו דאָך מיר דערציילן וועגן דײַן גאָט! — האָב איך זי געכאַפּט בײַם וואָרט.

— איך האָב דיר שוין געזאָגט, אַז דאָס איז ניט דײַן עסק. וועגן מײַן גאָט דאַרפסטו איבערהויפּט ניט וויסן, ניט רעדן און אַפּילו ניט טראַכטן.

— פאַרוואָס?

— ווײַל דו ביסט אַ ייִד און דאַרפסט טראַכטן וועגן דײַן אייגענעם גאָט!

— האָט זי געוואַלדעוועט מיט געבײַלטע פויסטן.

אַז איך בין אַ ייִד, איז שוין פאַר מיר קיין נײַס ניט געווען. איך האָב בלויז געוואָלט פון איר אַרויסבאַקומען, צי איז נאָך פאַר אַ ייִדן דאָ אַ מעגלעכקייט אַרויפצוגיין אין הימל און זיך שפּילן מיט די נאַקעטע מלאכימלעך. אָבער פון איר אויפרעגונג האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז כּמעט אַ פאַרפאַלענע זאַך און איך האָב אַ רעזיגנירטער געפרעגט:

— אויב אַזוי, צי קאָנסטו מיר אפשר זאָגן, ווו געפינט זיך דער ייִדישער גאָט?

— לאָז מיך צו רו. איך האָב דיר שוין געזאָגט, אַז איך טאָר וועגן דײַן גאָט ניט רעדן. מאָרגן וועל איך רופן דײַן זיידן, ער וועט דיר שוין אַלץ דערקלערן. איצט גיי אויפן מאַרק! — זי האָט מיר אַרײַנגעקוקט אין די אויגן און צוגעגעבן:

— זאָלסט זיך ניט דערוועגן אַרויסצורעדן אַ וואָרט פאַר דײַן זיידן וועגן דעם וואָס דו האָסט מיט מיר גערעדט, וואָרעם דער אַלטער נאַר קען נאָך מיינען, אַז דאָס אַלץ איז מײַן שולד. קיין וואָרט ניט, דו הערסט?

— און זי האָט מיך אַרויסגעשטופּט פון דער שטוב.

איך בין געבליבן שטיין הינטער דער טיר אַן אַנטוישטער. אפשר איז עס גאָר געווען אַ נאַרישקייט אַרײַנצושלעפּן מײַן משפּחה אין מײַנע פּריוואַטע געשעפטן מיט גאָט? פאַרפאַלן! וואָרעם פעלגאַ האָט באַלד איבערגעלאָזט די ניט־דערוואַשענע פאַדלאָגע און איז געלאָפן זוכן מײַן צווייטע מאַמע. נאָך אין זעלביקן נאָכמיטאָג האָבן זיי זיך ביידע פאַרשפּאַרט אין שלאָפצימער, כּדי זיך צו האַלטן אַן עצה צו וועלכן פון די צוויי זיידעס זיך צו ווענדן נאָך הילף.

דער ערשטער זיידע, מײַן טאַטנס פאָטער, איז געווען אַ קוואַדראַטנע פיגור מיט אַ מאָנגאָליש פּנים. אַלץ וואָס אים האָט געפעלט, איז געווען אַ לאַנגער צאָפּ אויף דער פּאַטילניצע, ער זאָל אויסזען ווי דער מאַנדאַרין פון דעם שוסטערס קעלער. אָפט פלעגן די מאַרק־מענטשן זיך וווּנדערן, ווי קומט אַ קיטאַיעץ צווישן ייִדן? באַרוועס זון האָט, אויף זײַן שטייגער, געפרווּווט טרעפן און געזאָגט, אַז ס'איז געווען אַ צײַט, ווען די מאָנגאָלן, יענע וואָס זײַנען געריטן אויף ווילדע ציגן און געהאַלטן די שווערדן צווישן די ציינער, האָבן באַזיגט גאַנץ אייראָפּע, אַרײַנגערעכנט דעם אַלטן מאַרקפּלאַץ, איז זייער מעגלעך, אַז ר׳ מרדכי זאָל זײַן פון זייער שטאַם. און דאָס וואָס ער האָט אַ ביסל צופיל ליב דעם ביטערן טראָפּן, איז נאָר אַ באַווײַז, אַז כאָטש ער איז אַ ייִד, איז נאָך אַ גרויסער ספק צי ער שטאַמט טאַקע פון די אבות, פון אברהם, יצחק און יעקב.

פאַר פעלגאַן איז דאָס געווען גענוג, אַז זי זאָל אויסקלײַבן דעם צווייטן

ווידע, וואָס איז טאַקע געווען נאָר אַ פּשוטער שניַידער, אָבער ער האָט געהייסן משה און איז אינגאַנצן געווען ענלעך צו יענעם אויף אירע קאָלירטע בילדער: הויך, דאַר, אַ פּאָר גוטע, קורצזיכטיקע אויגן אונטער גדיכטע ברעמען, אַ פאַרמעטן פּנים, איַינגערעמט אין אַ לאַנגער, שיטערער באָרד.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט זיך שוין משה אַריַינגעריסן אין שלאָפצימער און מיט זיַין צעטראָגן קול זיך אַרויפגעוואָרפן אויף מיר:

— סטיַיטש, סטיַיטש, וואָס הייסט דו ווייסט ניט אַז דו ביסט אַ ייִד? שפּילן זיך מיט הינט און שפּילן אין קאָרטן ווייסטו יאָ? טו זיך תּיכּף אָן, מיר גייען אין חדר אַריַין, ועסטו קודם־כּל וויסן, אַז אַ ייִד דאַרף גיין אין חדר. איך האָב שוין נעכטן אָפּגערעדט מיטן רבין און ער וואַרט אויף דיר.

נאָך איידער איך האָב באַוויזן צו פרעגן וואָס דאָס אַלץ מיינט, האָט מיך פעלגאַ אַרויסגעשלעפּט פון בעט, אַריַינגעוואָרפן אין אַ צעבער מיט וואַסער, און גענומען מיך וואַשן און צוואָגן מיט אַזאַ אימפּעט, ווי געוואָלט פון מיר די הויט אָפּשינדן. די מאַמע, שרה, האָט פיבערדיק צוגעגרייט פאַר מיר פרישע אונטערוועש. אַלע דריַי האָבן מיר געהאָלפן אָפּכאַפּן דעם פרישטיק.

דער ווידע האָט מיך געשלעפּט ביַי דער האַנט און מיט שנעלע טריט זיך געדרייט פון איין געסל אַרויס, אין צווייטן אַריַין. די וויַיבער זיַינען נאָכגעלאָפן, ווי עמעצער וואָלט זיך געיאָגט נאָך אונדז מיט אַ מעסער.

ענדלעך האָט דער ווידע זיך אָפּגעשטעלט ביַי אַ טויער. ער האָט אָנגעטאָן זיַינע צוויי פּאָר ברילן, אַ קוק געטאָן אויף דעם אָפּגעריבענעם נומער און געזאָגט:

— יאָ, דאָ איז עס! מיר זיַינען אַדורך אַ שמאָל ברודיק הייפל און אַריַין אין אַ טונקעלן פּאָדערהיַיזל, וווּ פון וואַנט צו וואַנט האָט זיך אויף אַ שטריק געטריקנט נאָרוואָס געוואַשענע גרעט.

פון אונטער אַ נאַס העמד האָט זיך אַרויסגערוקט אַ געשטאַלט, וואָס אויפן ערשטן בליק איז שווער געווען צו באַשטימען, צי דאָס איז אַ פרוי, צי אַ מאַן. וואָרעם, ניט געקוקט וואָס דאָס געשטאַלט האָט געטראָגן אַ וויַיבעריש קלייד, האָבן זיך אַרויסגעזען פון אונטערן קלייד שווערע מענערישע אונטערהויזן. אַחוץ דעם האָט מען אונטער דער נאָז געזען אַ פּאָר שיטערע וואָנצעלעך. פאַרן ווידן איז אָבער, וויַיזט אויס, דאָס געשטאַלט געווען באַקאַנט, וויַיל ער האָט זיך באַגריסט:

— גוט־מאָרגן, רביצין!

די רביצין האָט אין איַילעניש פאַרריכט איר קלייד און מיט אַ הייזעריק מענעריש קול געענטפערט:

— גוט־מאָרגן, גוט־יאָר! — און אַריַינגעפירט די געסט אין חדר אַריַין. אויף אַלטע צעקריצטע בענק זיַינען געזעסן עטלעכע קינדער, זיך געשאָקלט

און געזונגען. מיטן פּנים צו די קינדער איז געזעסן אַ קליין מענטשעלע מיט אַ קײַלעכדיק שמייכלענדיק פּנים, אײַנגערעמט אין אַ געל־רויט בערדל. ער איז געזעסן אַ האַלב־פּאַרזונקטער אין אַ שטול, וואָס דער שטרויענער געזעס זײַנער איז געווען צעפּליקט, און בלויז אַ פּאָר אונטערגעלייגטע קישעלעך האָבן אים ניט געלאָזט אינגאַנצן דורכפאַלן.

ווען מיר זײַנען אַרײַנגעקומען, האָט דער רבי אָפּגעשטעלט דאָס געזאַנג, איז אַרויסגעקראָכן פון שטול און זיך פאַרנייגט פאַר די געסט. מיר, דעם נײַעם תּלמיד, האָט ער אַ קניפּ געטאָן אין בעקל און מיך אַוועקגעזעצט אויף דער הינטערשטער באַנק.

— איך וועל פּאַרטיק ווערן מיט זיי, וועל איך זיך נעמען צו דיר.

ער האָט זיך ווידעראַמאָל אַ נייג געטאָן צו די געסט, וואָס האָט געמיינט, אַז זיי מעגן שוין גיין. אַליין האָט ער זיך צוריק אײַנגעמאָשטשעט אין שטול און אַ ווונק געטאָן צו די קינדער, וועלכע האָבן גלײַך זיך גענומען וויגן און זינגען.

אויף די בענק האָב איך ניט געטראָפן קיין איין באַקאַנט פּנים. כ׳האָב זיך געוווּנדערט: ווער זײַנען זיי און וואַהין האָט מען מיך פאַרשלעפּט? אָבער, זיצנדיק און הערנדיק זייער געזאַנג, איז מיר באַלד קלאָר געוואָרן, אַז איך בין אויפן ריכטיקן אָרט, וואָרעם אויף וויפל כ׳האָב געקאָנט אויפכאַפּן זייערע ווערטער, האָבן די קינדער געזונגען גראָד וועגן דעם וואָס האָט מיך פאַראינטערעסירט מער פון אַלץ אויף דער וועלט:

— וועגן גאָט.

ענדלעך האָט דאָס זינגען אויפגעהערט און די קינדער זײַנען זיך אויף גיך צעלאָפן מיט אַ פריילעך געפילדער.

דער רבי האָט אָפּגעגענעצט, זיך אַ קראַץ געטאָן אונטער דער פּאַכווע, דערנאָך מיט אַ פינגער אַ רוף געטאָן דעם נײַעם תּלמיד, וועלכער איז שוין געזעסן אויף שפּילקעס, און אים געהייסן זיך אַוועקזעצן אויף דער פאָדערשטער באַנק. ער האָט אַרויסגענומען פון דער קאַמזויל־קעשענע אַ צונויפגעלייגט אַלט פּאַפּיר, עס אויסגעשפּרייט אויפן טיש, און געזאָגט:

— דו זעסט דאָס קליינע קאַטשקעלע, וואָס האָט איין פּיסל אונטערן בײַכל, און דאָס צווייטע אויפן רוקן? דאָס איז אַן אַלף, אָ־אָ־אָ!

דער רבי האָט ווידער אַ לאַנגן געגעץ געטאָן און מיר אָנגעוויזן אויף אַ צווייטן אות:

— דאָס קעסטעלע מיט אַ פּינטעלע, ווו עס פעלט אַ ווענטעלע פון פראָנט, הייסט ״בייס״, באָ־באָ־באָ!

כ׳האָב אומגעדולדיק נאָכגעזאָגט:

— קעסטעלע, פּינטעלע, ווענטעלע, באָ־באָ־באָ!

— דאָס... — האָט דער רבי אַרויפגעשטעלט דעם פינגער אויפן דריטן

אות און ווידער געעפנט דאָס מויל אַ געגעץ צו טאָן, אָבער דאָ האָב איך אים שוין אָפּגעשטעלט:

— קענט איר מיר ניט זאָגן וועגן וועלכן גאָט האָבן דאָ פריִער די קינדער געזונגען?

מיט דעם ניט־פאַרענדיקטן געגעץ אין מויל, האָט דער רבי זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי עמעצער וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער:

— וואָס מיינסטו, מיט וועלכן גאָט? ס׳איז דאָ בלויז איין גאָט!

— ווער איז ער? — האָב איך זיך נענטער צוגערוקט.

— וואָס זײַנען דאָס פאַר אַ קשיות? רעד ניט קיין נאַרישקייטן און זאָג מיר נאָך: אָט דער מיטן קרומען פיסל איז אַ גימל. גאָ־גאָ־גאָ!

— איך וויל ניט קיין קרומען פיסל — האָב איך אָפּגעשטופּט דעם פאַרשמאָלצענעם אַלף־בית. — פאַרוואָס זינגט איר ניט מיט מיר דאָס זעלביקע ווי מיט די אַנדערע קינדער?

— ווי קומסטו צו זיי? דו ביסט אפשר עלטער פון זיי, אָבער זיי לערנען שוין חומש. ווי קאָנסטו זיך גלײַכן צו זיי?

— אויב אַזוי, וועל איך בעסער גיין אַהיים.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט פון דער באַנק. אָן איבערראַשטער האָט דער רבי זיך גענומען אַרויסקאָראָבקען פון דער שטול און רופן:

— ביילע־פעסל! ביילע־פעסל! — און באַלד האָט אין דער טיר זיך באַוויזן דאָס געשטאַלט מיט די וואָנצעלעך.

— ווי געפעלט דיר, דער יונג לויפט אַהיים! — האָט דאָס רבילע צו איר געזאָגט מיט אַ וויינענדיק קול.

— סטייַטש, סטייַטש! — האָט די רביצין געבראָכן די הענט. — קוים וואָס מע דערוואַרט זיך אויף אַ תּלמיד, זאָל מען אים אַזוי גיך פאַרלירן!

— הערסט דאָך, — האָט דער רבי געטענהט — איך הייס אים נאָכזאָגן: קאַטשקעלע, בייַכל, פיסל, אַלף, און ער פרעגט מיך: ווער איז גאָט?

— נו, און אַז ער פרעגט דיך, ביסטו קליין צו ענטפערן? — האָט די רביצין מיט איר הייזעריקער שטים אַ ברום געטאָן.

דער רבי האָט זיך גענומען פאַרענטפערן:

— וואָס הייסט, ווער איז גאָט? ווער ווייסט עס ניט, אַז גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד, אַלע ימים און בערג?

— ווו געפינט ער זיך, אָט דער גאָט? — האָב איך געפאָדערט מייַנס.

— וואָס הייסט ווו? אומעטום, אין הימל און אויף דער ערד!

— אויף דער ערד? אויף וועלכער גאַס?

— אויף אַלע גאַסן, אין אַלע שטעט, אין אַלע לענדער, אויף דער גאַנצער ערד.

— יאָ, אָבער צי האָט ער ניט ערגעץ אַ באַשטימט אָרט, אַ הויז?

— אַוודאי, די גאַנצע וועלט איז זײַן הויז. — האָט זיך די רביצין אַרײַנגעמישט.

— אָבער, צי זיצט ער ניט ערגעץ אויף איין אָרט בײַ אַ טיש? — האָב איך זיך שוין געווענדט צו דער רביצין.

זי האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן, און האָט געקוקט מיט אַן אומבאַהאָלפֿענעם שמייכל אויפֿן רבין. און באַלד האָט זי אָנגעהויבן שרײַען:

— פֿאַרוואָס ענטפֿערסטו ניט? אַזעלכע זאַכן דאַרפֿסטו וויסן וויאַזוי צו ענטפֿערן!

אָבער דער רבי איז געזעסן אַ געפּלעפּטער און מיט ביידע הענט געצופּט דאָס געל־רויטע בערדל.

— איך וועל בעסער גיין אַהיים — האָב איך ווידער אַ סטראַשע געטאָן.

די רביצין איז מלא־כּעס צוגעלאָפֿן צום רבין, אים אַרויסגעשלעפּט פֿון שטול און געשריִען:

— אַלע וויסטע חלומות אויף מײַנע שונאימס קעפּ! ער פֿרעגט דיך אַ קשיא, פֿאַרוואָס ענטפֿערסטו אים ניט? — זי האָט מיך אָנגעכאַפּט בײַם אָרעם און מיט מיר צוזאַמען זיך אַרײַנגעזעצט אין דער באַנק. — דער יונג איז גערעכט. איך אַליין וויל אויך וויסן, ווער איז גאָט? רייד! — האָט זי מיט אַ שטרענג פּנים באַפֿוילן.

אונטער דעם באַפֿעלערישן בליק פֿון דער רביצין האָט דאָס אומגליקלעכע רבֿילע גענומען אַרומשפּרײַזן איבערן צימער, ברעכנדיק די פֿינגער:

— זאָל איך אַזוי וויסן פֿון צרות, צי איך ווייס וואָס אים צו זאָגן.

— ווי זעט ער אויס? — האָב איך פּרובירט אים אונטערהעלפֿן.

— גאָט זעט ניט אויס, ווײַל מע קאָן אים ניט זען, ניט הערן און ניט אָנטאַפּן — האָט די רביצין זיך באַמיט אַרויסצוהעלפֿן דעם צעטומלטן רבין.

— האָט איר ניט אַ בילד פֿון אים? — האָב איך קאַלטבלוטיק געפֿרעגט.

די רביצין איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון הינטער דער באַנק און אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פֿוס אין דער פּאַדלאָגע, ווי עס וואָלט איר שוין ניט געאַרט, צי זי וועט פֿאַרלירן דעם תּלמיד, צי ניט:

— דער ייִדישער גאָט האָט ניט קיין בילדער!

פֿילנדיק הינטער זיך דאָס ווײַב, איז אויך דאָס רבֿילע מוטיקער געוואָרן און האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

— דער יונג איז אַ צעדרייטער! מע טאָר אַזוי ניט ריידן וועגן גאָט!

— פֿאַרוואָס? — האָב איך זיך ווידער גענומען רוקן צו דער טיר.

— ווײַל גאָט איז הייליק, און זײַן נאָמען איז הייליק. גאָט איז פּאָרכטיק און אַלמעכטיק, און זײַן הייליקן שם טאָר מען אויף די ליפּן ניט ברענגען. וואָס מיינסטו עפּעס, פֿאַר די פּאָר פֿאַרשמאָדערטע רובל אַ זמן קאָנסטו קומען און גאָטס נאָמען לעסטערן? אין דר'ערד אַרײַן די פּאָר קאַרבן, און

זאָלסט זיך ניט דערוועגן אַזוי צו ריידן וועגן דעם אייבערשטן.

— איך וויל וויסן גאָטס נאָמען. — האָב איך אַרויסגעמורמלט.

— ווי קומסטו צו גאָטס נאָמען, וואָס איז דאָס דײַן עסק?

— מיט גאָטס נאָמען קאָן מען וועלטן אויפבויען און וועלטן חרוב מאַכן!

— האָט די רביצין מיט אַ תּחינה־ניגון אַריבערגעשריִען איר מאַן. — מע קאָן ימען שפּאַלטן און בערג אויפהייבן, מע קאָן אַפילו מאַכן אַ מענטש, אַ לעבעדיקן מענטש פון ליים, אַ גולם.

פאַר מיר איז דאָס אַלץ געווען ווינציק. אמת, ס׳איז שוין געווען קלאָר, אַז מײַן גאָט איז דער ייִדישער גאָט, אָבער וועדליק די צוויי מענטשן האָבן נעבעך זיך באַמיט מיר צו דערקלערן, איז עס אַ גאָט, וואָס האָט ניט קיין נאָמען און ניט קיין פּנים, און כאָטש ער איז, דאַכט זיך, אומעטום, האָט ער ניט קיין באַשטימטן אַדרעס ווו מע זאָל קענען קומען צו אים. איך האָב שוין געהאַט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דער קליאַמקע פון דער טיר, ווען דאָס לעצטע וואָרט פון דער רביצין האָט מיך פאַרהאַלטן. איך האָב זיך אַ קער געטאָן און געפרעגט:

— אַ גולם, האָט איר געזאָגט? וואָס איז דאָס אַזוינס?

— אָ, אויב דו פרעגסט וועגן גולם, קענען מיר דיר וועגן דעם דערציילן. אַדרבא, זעץ זיך צוריק אין באַנק, און מיר וועלן ריידן. וואָס לויפסטו? וואָס האָסטו קיין צײַט ניט?

זי האָט מיטן ברעג פון איר קלייד אַ וויש געטאָן די באַנק, דערנאָך האָט זי דעם מלמד אָנגענומען בײַם אָרעם און אים אַרויסגעשטופּט:

— דו גיי! דאָרט אין קיך וועסטו געפינען אַ שיסל מיט גרויפּן. גיי עס, און לאָז דאָס ייִנגל מיט מיר.

איידער זי האָט נאָך פאַרמאַכט די טיר הינטער אים, האָט זי מיטן זעלביקן אימפּעט ממשיך געווען:

— דער גולם איז אַ מענטש געמאַכט פון ליים, גלייב מיר, דאָס איז כּדאַי צו הערן. קום, לאָמיר זיך ביידע אַרײַנזעצן אין באַנק.

— פון ליים?

— יאָ, פון ליים... אַ לעבעדיקער מענטש!

— ווי קאָן עס זײַן? ווער האָט אים געמאַכט?

— אַ גרויסער רבי, אַ גאון, דער גאון פון דעם גאָונס קלויז.

— איך פאַרשטיי ניט וואָס איר רעדט.

— האָסט קיינמאָל ניט געהערט וועגן דעם גאון? ער איז דאָך געווען אַ ליכטיקע טרייסט פאַר אונדז ייִדן. ער האָט געמאַכט דעם גולם, כּדי ער זאָל באַזאָרגן ייִדן מיט פיש אויף שבת. ער פלעגט דעם גולם שיקן ער זאָל זיך אַראָפּלאָזן צום אָפּגרונט פון טײַך, דאָרטן אויף פיש־לשון צוזאַמענרופן די פיש, זיי פאַרנאַרן אין אַ גרויסער נעץ און דערנאָך

זיי ברענגען און צעטיילן צווישן ייִדן... קום, זעץ זיך אַרײַן צוריק אין באַנק.

איך האָב זיך ניט גערירט פון אָרט, אָבער די קליאַמקע פון דער טיר האָב איך אָפּגעלאָזט. די רביצין האָט עס מסתּמא באַמערקט און זי האָט, אַ צעקאָכטע, גענומען זינגען מיט איר תּחינה־ניגון:

— ער האָט אים אויסגעפּורעמט פון ליים און זאַמד און וואַסער. און אַזוי ווי ער, דער גאָון, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, האָט געקענט דעם אַלף־בית און דעם חומש און די גמרא אויף אויסנווייניק, און האָט אויך געוווּסט אַלע סודות פון דער קבלה, אַזוי האָט ער אויך געוווּסט דעם נאָמען פון גאָט, בּרוך הוא, און ער האָט דעם נאָמען אָנגעשריבן אויף אַ פּאַפּירל און אַרײַנגעלייגט אין אויער פון דעם גולם, און פון דעם ליים איז באַלד געוואָרן אַ לעבעדיקער מענטש.

די אויסערגעוויינטלעכע מעשה, און בפֿרט דער וויינענדיקער האַרצרײַסנדיקער ניגון, מיט וועלכן זי האָט זיך באַמיט דאָס אויסצוזינגען מיט איר הייזעריקער שטים, האָט מיך פֿאַרכאַפּט. פון דעסטוועגן האָב איך נאָך אַלץ, מיט אַ קאַפּריזנער אײַנגעשפּאַרטקייט, געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין, ניין, עס קאָן ניט זײַן! אויב ער איז געווען אַ מענטש, וויאַזוי האָט ער געקענט אַרונטער אונטערן וואַסער און ניט דערטרונקען ווערן?

— אַוודאי האָט ער געקענט! — איז זי אַרויף אויף העכערע טענער, פון וואָס אירע גרויסע ווײַסלעך אין די אויגן זײַנען פאַרלאָפן מיט בלוט. — ער האָט אויך געקענט שפּרינגען ווי אַ פויגל פון דאַך צו דאַך. ער האָט זיך אויך געקענט פאַרשטעלן, אַז קיינער זאָל אים ניט זען, און שוועבן אין דער לופטן ווי אַ ווינט אין אַ קאַלטן טאָג. אַלץ האָט ער געקענט. וואָס האָט ער ניט געקענט? האָב רחמנות, קום, זעץ זיך אַרײַן מיט מיר אין דער באַנק.

— אָבער איר אַליין זאָגט דאָך, אַז ער איז געווען אַ מענטש, וויאַזוי־זשע האָט ער געקענט זײַן אַ ווינט?

— ער איז געווען אַ מענטש, און דאָך ניט קיין מענטש. אַ סימן האָסטו, אַז דער גאָון האָט אים געשיקט אין זײַן קלויז, ער זאָל דאָרטן אויסלעשן די ליכט אום שבּת, וואָרעם כאָטש דער גולם האָט געהאַט דעם אָנבליק פון אַ מענטש, איז ער דאָך קיין מענטש ניט געווען, און דעריבער ניט מחויב געווען אָפּצוהיטן אַלע מצוות און דינים פון דער תּורה, און געמעגט מחלל־שבּת־זײַן. דער עיקר איז אָבער זײַן עבֿודה באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער פלעגט זיך אײַנשטעלן פאַר ייִדן, ווען עס פלעגט זיך מאַכן אין אַ חגא, צי אין אַ יריד־טאָג, און שיכּורע פּויערים האָבן זיך צעבושעוועט און גענומען שלאָגן ייִדן. דעמאָלט האָט דער גאָון אַרויסגעשיקט דעם גולם, און — האָט זי זיך פלוצעם אַ כאַפּ געטאָן בײַם האַלדז, ווי עפּעס וואָלט דאָרטן געפּלאַצט, און איז פון איר פּאַלצעט ראַפּטעם אַראָפּגעפאַלן

אויף באַסאָווע טענער — אוי, ווי דער גולם פלעגט זיי די קעפּ צעשפּאַלטן, הענט און פיס צעברעכן! זיי האָבן זיך מיט אים קיין עצה ניט געקאָנט געבן. אָט איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויפן דאַך, אָט איז ער אַרונטערגעשפּרונגען אונטערן וואַסער און אַרויסגעשטעקט אַ לאַנגע שטיינערנע צונג. ווען דער גובערנאַטאָר האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, אוי, גאָטעניו, גאָטעניו, האָט דער גולם, כ׳מיין דער גאָון, געשיקט דעם גולם ער זאָל אויספּאַטשן דעם, ווי רופט מען אים, דעם... גובער... גובער... קבע... קבע... נאַטאָר...

איך האָב געקוקט ווי זי מאַטערט זיך אַרויסצוברענגען אָדער אַראָפּצושלינגען די ווערטער, וואָס האָבן זיך איר פאַרפּלאָנטערט אין האַלדז. דערנאָך בין איך צוגעגאַנגען נענטער צו איר:

— וואַס דאַרפט איר זיך אָנשטרענגען און זינגען? וואָס דאַרפט איר אַזויפיל ריידן? לאָמיר בעסער צוגיין צום גולם. ווו געפינט ער זיך?

— אויפן בוידעם פון דער גרויסער שול.

— איז עס ווייַט פון דאַנען?

— איך בין דאָרטן קיינמאָל ניט געווען.

— טאָ רופט אַרייַן דעם רבין, פרעגט אים!

— געוואַלד, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף צוויי אָרעמע מענטשן? איך דאַרף אייַנהייצן דעם אויוון, איך דאַרף פאַרקנעטן ברויט, איך דאַרף וואַשן די פאַדלאָגע, ביסטו גאָר געקומען אונדז פאַרצאַפּן דאָס בלוט! אין מיטן העלן טאָג זאָל איך אַלץ איבערלאָזן און קריכן מיט דיר אויפן בוידעם זוכן דעם גולם! אַגב, דער גולם איז שוין ניט קיין גולם, וואָרעם דער גאָון האָט אַרויסגענומען פון אים דאָס פּאַפּירל מיטן שם המפורש און אים צוריק פאַרוואַנדלט אין אַ שטיק ליים.

— פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן? — האָב איך בייז אויסגעשריִען.

— ווייַל איצט, קיין עין הרע, זייַנען דאָ פיש איבערגענוג אויפן מאַרק. אַפילו אַזעלכע אָרעמעלייַט ווי מיר זייַנען, קאָנען זיך אויך פאַרגינען אַ שטיקל קאַרפּ אויף שבת. און ווידער, די שעה זאָל עס ניט זייַן, אַז מע וועט אים דאַרפן, וועט מען אים ווידער לעבעדיק מאַכן.

— וויאַזוי?

— עס וועט קומען אַ נייַער גאָון און וועט אים צוריק אַרייַנלייגן אין אויער אַרייַן דאָס מוראדיקע פּאַפּירל. נאָר זאָל גאָט שומר און מציל זייַן. בעסער זאָל מען ניט דאַרפן.

— מע דאַרף אים יאָ!

— ווער דאַרף אים?

— איך דאַרף אים!

צי דערפאַר, ווייַל מייַן לעצטע פאָדערונג האָט זי איבערגעשראָקן, צי ווייַל זי האָט סוף־כל־סוף באַנומען, אַז איר גאַנצער אָנשטרענג איז געווען

אומזיסט, אַז אירע כּוחות זײַנען אויסגעשעפּט, אַז זי פאַרלירט אַ תּלמיד — זי האָט פּלוצעם אַרומגענומען דאָס פּנים מיט אירע ברוינע מענערישע הענט און איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. אַ ווײַלע האָב איך זי געלאָזט וויינען, דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן פון פאָרנט:

— וואָס איז געווען אָנגעשריבן אויפן פּאַפּירל?

— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט: גאָטס הייליקער נאָמען — האָט זי געווישט די נאָז מיטן אַרבל.

— איר האָט דאָך געזאָגט, אַז גאָט האָט ניט קיין נאָמען.

— ער האָט, ער האָט. גאָט האָט טויזנט נעמען, ווי למשל: גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, גאָט־אין־הימל, דער־וואָס־כ׳האָב־די־הענט־ניט־געוואַשן, דער רבונו־של־עולם, און נאָך. אָבער איינער פון די נעמען איז דער הייליקסטער פון אַלע, און אָט דעם נאָמען ווייסן בלויז די גרויסע תּלמידי־חכמים, גרויסע רבנים, גרויסע גאונים. ווי קום איך, אַן אָרעמע, שוואַכע ייִדענע, צו וויסן אַזעלכע זאַכן? אַז דו וועסט אם־ירצה־השם אויסוואַקסן און ווערן אַ גרויסער גאָון... און דו וועסט ווערן, ווי הײַנט איז דאָנערשטיק אויף דער וועלט, וואָרעם איך זע דאָך שוין, אַז דו ביסט ניט ווי אַלע אַנדערע קינדער, וועסט ווערן אַ גאָון און וועסט מאַכן אַ גולם, פאַרוואָס ניט? ס׳איז גוט פאַר ייִדן. אָבער כּדי דו זאָלסט ווערן אַ גאָון, מוזסטו קומען יעדן טאָג אין חדר אַרײַן און לערנען דעם קמץ־אַלף אָ, קמץ־בית באָ... זי האָט געהאַלטן דעם צעקנייטשטן אַלף־בית פאַר מײַן פּנים און געוועט ווי אַ געשאָכטענע, מיט רויטע טרערן אין די אויגן.

אַ ווײַלע בין איך געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, דערנאָך האָב איך אַרויסגעמורמלט:

— קאַטשקעלע, פּיסל, בײַכל, אַלף, אָ, אָ, בית, באָ, באָ, באָ...

די גליקלעכע רביצין האָט מיט צוגויפגעלייגטע הענט פאַררייסן דעם קאָפּ צום באַלקן:

— אַ לויב צו דעם, וואָס מען טאָר זײַן נאָמען ניט דערמאָנען!

פון יענעם טאָג בין איך געלאָפן אין חדר מיט דעם זעלביקן אימפּעט, ווי איך בין פריִער געלאָפן אויפן מאַרקפּלאַץ. ווערן אַ גאָון, ניט אין הימל, נאָר אויף דער ערד. ניט טרינקען קיין סם און שטאַרבן, נאָר לעבן. אויסלערנען די תּורה, די גמרא, דערגרונטעווען זיך צום הייליקן שם און דערנאָך קומען אויפן מאַרקפּלאַץ באַגלייט פון אַ שטיינערנעם ריז...

פון אָט דעם געדאַנק האָבן די שוואַרצע אותיות פונעם אַלף־בית גענומען ציטערן, זיך אויסגעצויגן ביז צום אַלטן מאַרקפּלאַץ, אַ פולער מיט צעטומלטע מאַרק־מענטשעלעך. עס לויפן די ״סקאָקערס״ פון דער מאַלינע אָנקוקן זייער אַלטן מויקע. עס שפּרינגען איינער אויפן אַנדערן די שמאָנדעקלעך פון הינטערן מיסטקאַסטן, אָנצוקוקן זייער געוועזענעם שותּף. און די קאָזאַקן

פאַרהאַלטן זייערע פערד, אַ קוק צו טאָן אויף דעם קליינעם רבילע, וואָס שטייט אין מיטן מאַרקפּלאַץ נעבן אַ ריזיקן שטיינערנעם מענטש.

מיט איין שפּרונג איז דאָס רבילע באַלד אויפן קאַרק פון דעם ריז, שרײַט אַרויס דעם הייליקן נאָמען, און מע זעט שוין גאָרנישט ניט, בלויז אַ שטורעמווינט פליט דורך די גאַסן, גלײַך אין קעלער פון דעם שוסטער יאַן. דער שטורעם רײַסט אויף די טיר מיט אַ טראַסק, צעבלאָזט די קאָרטן און צעוואַרפט די שיכּורע באַנדע. ער רײַסט אַראָפּ די הויזן פון זיי און שלײַדערט זיי אַרויס אין גאַס. מיט אַ מוראדיקער שרעק, מיט נאַקעטע הינטנס לויפן זיי דורך דער יאַטקעווער־גאַס און שרײַען: ראַטעוועט! ראַטעוועט! אָבער קיינער קאָן זיי ניט העלפן, וואָרעם — ווער קען אָפּהאַלטן אַ ווינט? זיי הערן בלויז אַ טראַסקערײַ פון שטיינערנע פיס אויפן ברוק, ווי פון הימל וואָלט אַ דונערדיק געלעכטער געפּאַלן...

פליִענדיק אויף די פליגל פון מײַן צעבושעוועטער פאַנטאַזיע, שפּרינג איך באַלד אַריבער צום אַלף־בית, צום חומש, פון אברהם אבינו צו משה רבנו, און פון ים־סוף צום מידבר, און דעריאָג די תּלמידים אין ארץ־ישראל. און נאָך לאַנג פאַרן חורבן פון בית־המיקדש בין איך שוין געזעסן אין דער פאָדערשטער באַנק און געזונגען העכער פון אַלעמען.

## ז

אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, קומענדיק פֿון חדר, באַמערק איך אויפֿן מאַרק אַ געזעמל. אַז דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט באַרוועס זון, איז געווען קלאָר, וואָרעם די מענטשן זיינען געווען צעטיילט אין באַזונדערע גרופּעס, און דאָס האָט ניט געקאָנט זיין בעת דער געלערנטער בחור האָט דאָרטן געהאַלטן איינע פֿון זיינע לעקציעס. וואָס זשע קאָן עס זיין? — האָב איך פּרובירט טרעפֿן. נאָר איידער איך האָב עס באַנומען, בין איך שוין געווען אויפֿן מאַרק.

כ'האָב זיך אַליין געטראַכט: וויאַזוי וועלן מיך די מאַרק־מענטשן אויפֿנעמען נאָך דעם ווי איך בין שוין אַזוי לאַנג ניט געווען אויפֿן מאַרק? נאָר זיי האָבן זיך אַפֿילו ניט אומגעקוקט אויף מיר. אָבער אַז איך בין שוין אַרויף אויפֿן מאַרק, וואָלט געווען נאַריש איך זאָל אַוועק און זיך ניט דערוויסן וועגן וואָס די מאַרק־מענטשן אַמפּערן זיך דאָרט אַזוי היציק.

כ'האָב צוגעלייגט אַן אויער צו איין גרופּע און צו אַ צווייטער און באַלד אַריבער צו אַ דריטער און ענדלעך פֿאַרשטאַנען, אַז אַלע גרופּעס רעדן וועגן איין און דער זעלביקער זאַך, וואָס האָט פּאַסירט אין דער צייט ווען איך האָב אויסגעפֿעלט אויפֿן מאַרק. כאָטש איטלעכע גרופּע און איטלעכער מענטש אין דער גרופּע האָט געהאַט זיין אייגענע ווערסיע וועגן דער פּאַסירונג, איז געווען קלאָר, אַז דאָ גייט עס אין אַ געוויסן גרויסן מוזיקער — פּאַגאַניני.

לויט איין עדות (פּאַר וועלכן אַ צווייטער האָט גאַראַנטירט און אַ דריטער האָט אים אַ ביסעלע קאָרעגירט), זאָל די זאַך האָבן פּאָרגעקומען אַזוי: מיט אַ צייט צוריק, אין אַ זייער הייסן טאָג, איז דורך דעם מאַרקפּלאַץ אַדורכגעגאַנגען אַן אומבאַקאַנטער מאַן מיט אַ פֿידל אונטערן אָרעם, און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ שטעלכל אויסצוטרינקען אַ גלאָז עפּלקוואַס. ער איז געווען דאַר, הויך, מיט אויסערגעוויינטלעך לאַנגע פֿיס און האָט געטראָגן אַ שוואַרצע פּעלערינע מיט אַ גלאַנציקן צילינדער.

ער האָט אויסגעזען צו זיין דאָרשטיק. ר'האָט אַוועקגעלייגט דעם פּוטליאַר מיטן פֿידל אויף אַ דערבייאיק בענקל און, ווישנדיק דעם שטערן מיט אַ זיידן נאָזטיכל, האָט ער זיך פֿאָסמאַקעוועט מיטן קוואַס.

אין דער צייט איז פֿון הינטן צוגעקומען אַ קליינער, באָרוועסער יאַט, האָט געעפֿנט דעם פּוטליאַר, אַרויסגענומען דעם פֿידל און גענומען שפּילן.

דער אומבאַקאַנטער האָט זיך אומגעקוקט, און פון איבערראַשונג אַ ווייַלע פאַרלאָרן ס׳לשון. אַז ער איז צו זיך געקומען, האָט ער אויסגעשריִען: ״מייַן גאָט, איך קען שווערן, אַז דער יאַט וואַקסט אַ צווייטער פּאַגאַניני!״

ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן, אַ קוש געטאָן דעם יאַט אין קאָפּ און צוגעגעבן: ״איך שענק דיר דעם פידל. ווען דו וועסט פּאַרקלינגען די וועלט מיט דייַן שפּילן, וועסטו מיר אָפּצאָלן!״ אַרייַנגעשטופּט דעם פידל מיטן פוטליאַר דעם יאַט אין די הענט אַרייַן און פאַרשוווּנדן געוואָרן פון מאַרק.

לויט אַ צווייטער ווערסיע (וואָס איינער האָט געהערט פון אַ צווייטן, וועמען אַ דריטער האָט עס דערציילט), איז די זאַך געווען אינגאַנצן אַנדערש:

פּאַגאַניני אַליין, דער אמתער גרויסער פידל־מייַסטער, איז געקומען שפּילן אַ קאָנצערט אין גרויסן שטאָט־זאַל. פאַרשטייט זיך, אַז בלויז גבירים האָבן געקענט אַרייַנקומען אין זאַל. די אָרעמעלייַט זייַנען געשטאַנען אין גאַס, מיט דער האָפענונג, אַז אפשר וועלן אַ פּאָר קלאַנגען פון דעם פידל אַדורכפאַלן דורך די ווענט. אין דער סומאַטאָכע האָט קיינער ניט באַמערקט, ווי הינטער דער בינע דרייט זיך אַרום אַ קליין, באָרוועס יאַטל. נאָך דעם ערשטן נומער, וואָס האָט געהייסן ״פּערפּעטוום מאָבילע״, האָט פּאַגאַניני איבערגעלאָזט דעם פידל אויף אַ טיש הינטער די קוליסן און איז געגאַנגען משתין זייַן. דער קליינער יאַט האָט בייַ קיינעם ניט געפרעגט, גענומען דעם פידל, אַרויס אויף דער בינע און געשפּילט דעם זעלביקן ״פּערפּעטוום מאָבילע״.

מילא, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין זאַל, האָט קיינער פון די מאַרק־מענטשן ויט געקאָנט באַשרייַבן, ווייַל קיינער פון זיי האָט ניט געהאַט די זכיה דאָס צו זען מיט זייַנע אייגענע אויגן. אָבער איין זאַך האָבן אַלע געוווּסט: דער גאַנצער עולם אין זאַל האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט ווי איין מענטש געפּאָדערט, אַז דעם קאָנצערט זאָל פאַרענדיקן ניט פּאַגאַניני, נאָר דאָס באָרוועסע יאַטל. און דאָס איז נאָך ניט אַלץ.

צי דאָס איז טאַקע געווען פּאַגאַניני (וועלכער איז לויט איינעם אַן אייַנגעשפּאַרטן טומלער געשטאָרבן נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק), צי גלאַט עפּעס אַ כּלי־זמר, וואָס האָט דעם יאַט געשאָנקען אַ פידל, איז געווען ניט אַזוי וויכטיק ווי דאָס, וואָס עס האָט זיך באַלד אָפּגערופן אַ רייַכער ייִד, האָט דעם יאַט אויסגעפּוצט אין אַ סאַמעטענעם אָנצוג, געדונגען פאַר אים אַ מוזיק־לערער, כּדי ער זאָל אים צוגרייטן פאַר אַ קאָנסערוואַטאָריע אין פּעטערבורג.

איידער איך האָב, לויפנדיק פון איין גרופּע צו דער צווייטער, באַוויזן צונויפצושטעלן אין מייַן געדאַנק אַ קלאָר בילד פון אָט דער מערקווערדיקער פּאַסירונג, האָבן זיך פּלוצעם אַלע גרופּעס געלאָזט לויפן צום קוואַס־שטעלכל, וואָס האָט זיך געפונען אויפן ברעג פונעם מאַרקפּלאַץ, אויף דער זייַט פון דער קלויסטער־גאַס. אַ צעטומלטער האָב איך זיך נאָכגעשלעפּט. די

אומגלויבלעכע געשיכטע מיט פּאַגאַניני, וואָס האָט מיך אַזוי פריטשמיעלעט, איז געווען אַ גאָרנישט אין פאַרגלייַך מיט דעם, וואָס איך האָב באַלד דערזען. פון דער קלויסטער־גאַס איז אַרויסגעקומען אַ יאַט אין אַ סאַמעטענעם אָנצוג מיט אַ פידל אונטערן אָרעם, און דער יאַט איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי בערטשיק דער לעקיש, מייַן שלימזלדיקער שותּף פון הינטערן מיסטקאַסטן.

ער האָט זיך, אַחוץ דעם שיינעם אָנצוגל, ווינציק וואָס געביטן. זייַן אויסגעצויגן בלייך פּנימל און די קייַלעכיקע ברעמען אַרום זייַנע גרויסע אויגן האָבן נאָך אַלץ געהאַט דעם זעלביקן נעבעכדיק־תּמעוואַטן אויסדרוק פון אַמאָל.

ווען בערטשיק (ווּעמען די מאַרק־מענטשן האָבן איצט גערופן באָריסל) איז צוגעקומען צו זייַן מאַמען, ביילע די קוואַסניצע, איז ער באַלד געוואָרן אַרומגערינגלט פון די מאַרק־מענטשן, ווי פון אַ סטאַיע האָלדער־באָלדערדיקע גענדז:

באָריסל, איז דאָס טאַקע אמת, אַז דו וועסט פאָרן קיין פּעטערבורג אין אַ קאָנסערוואַטאָריע?

— ווען פאָרסטו, דעם זומער, צי דעם אַנדערן ווינטער?

— האָסט שוין אַ באַן־בילעט?

— לאָזט אים צו רו, ער איז ניט געקומען צו אייַך, ער איז געקומען צו זייַן מאַמען!

— איי, ווען זייַן טאַטע וואָלט געלעבט, וואָלט ער נחת געהאַט!

— וואָס אַזוינס איז פאָרגעקומען אויפן קאָנצערט אין שטאָט־זאַל?

— ווער איז געווען דער אומבאַקאַנטער קוואַס־טרינקער?

— האָט ער דיך טאַקע אָנגערופן פּאַגאַניני דער צווייטער?

— איז דאָס טאַקע פּאַגאַנינים פידל, וואָס דו האַלטסט אונטערן אָרעם?

— האָט טאַקע פּאַגאַניני געקראָגן די קראַמפן ווען ער האָט דערהערט ווי דו שפּילסט?

— פאַרוואָס זאָלסטו שפּילן בלויז פאַר גבירים, זאָלן פּראָסטע מענטשן אויך עפּעס הערן!

— שטופּט זיך ניט, אייַלט זיך ניט, ער וועט שפּילן, ער וועט שפּילן!

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. אַ מינוט שפּעטער האָט פּאַגאַניני דער צווייטער פאַרקלונגען דעם מאַרק מיט זייַן מוזיק.

שטילערהייט האָב איך דורכגערוקט מייַן קאָפּ דורך דער וואַנט פון פּלייצעס אַרום מייַן אַמאָליקן שותּף, וועלכער איז איצט געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָנגעלענט דעם אויער אויף דעם פידל און מיט ציטערדיקע פינגער געלאָפן איבער די סטרונעס.

ווען איך וואָלט מיט מייַנע אייגענע אויגן געזען ווי משה שפּאַלט דעם ים, אָדער ווי אליהו גייט אַרויף אין הימל, וואָלט איך ניט אַזוי אויפגעטרייסלט

געוואָרן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער דאָזיקער צווייטער פּאַגאַניני פֿליט ניט בלויז אַליין אַרויף אין הימל, נאָר ער שלעפּט מיט זיך נאָך דעם גאַנצן מאַרק. איך האָב ממש געפֿילט ווי די ערד טראָגט זיך מיר אַרויס פֿון אונטער מײַנע פֿיס, ווי שטאַרקע ווינטן וואָלטן מיך אויפֿגעהויבן אין דער לופֿט.

סטײַטש, סטײַטש, וויאַזוי האָט עס פּאַסירט? ווי נישטיק איז אַלץ וואָס איך בין אַמאָל געווען און האָב געטאָן אויפֿן מאַרק, אין פֿאַרגלײַך מיט דעם, וואָס דער קליינער לעקיש האָט דערגרייכט! ווי איז דאָס מעגלעך געווען, וואָס איך האָב זיך געלאָזט פֿאַרפֿירן אין אַן אומעטיקן חדר און דאָרט פֿאַרשווענדן אַזויפֿיל צײַט אויף מעשיות פֿון חומש, און זיך לאָזן אײַנרעדן פֿון עפּעס אַ נאַריש מלמדל, אַז אויב איך וועל זײַן אַ גוט ייִנגל, וועל איך אויסוואַקסן אַ גאָון און כ׳וועל קענען לעבעדיק־מאַכן דעם גולם, וועלכער ליגט אײַנגעוויקלט אין שפּינוועבס אויפֿן בוידעם פֿון דער אַלטער שול? ווער, צו אַלע רוחות, האָט מיך פֿאַרשלעפּט פֿון דעם מאַרק גראָד דעמאָלט ווען פּאַגאַניני דער ערשטער האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָרטן טרינקען קוואַס? ס׳קען דאָך ניט זײַן דער מינדסטער ספֿק, אַז ווען איך וואָלט דעמאָלט געווען אויפֿן מאַרק, וואָלט איך דאָך געווען דער ערשטער זיך צו באַקענען מיט פּאַגאַנינין, און דער פֿידל, וועלכן פּאַגאַניני האָט געשאָנקען דעם לעקיש, וואָלט דאָך איצט זיכער געווען מײַנער. דאָס וואָלט איך דאָך איצט געווען פּאַגאַניני דער צווייטער, דאָס וואָלט איך דאָך איצטער געשפּילט אין דער מיט פֿונעם מאַרקפּלאַץ, אַרומגערינגלט פֿון די מאַרק־מענטשן, פֿול מיט פֿריידיקע טרערן אין זייערע אויגן...

משה רבנו און אליהו הנביא זײַנען אפֿשר געווען גרויסע מענטשן, אָבער וואָס האָב איך געהאַט מיט זיי בשותּפֿותדיקס? האָב איך דען מיט זיי צוזאַמען געהאַלטן אַ בעקערײַ? אָבער מיט פּאַגאַניני דעם צווייטן האָב איך דאָך געשפּילט אין פֿערדלעך, פֿאַרקויפֿט באַבקעלעך, אַ גלײַכער שותּף געווען אין אַלע מײַנע אונטערנעמונגען. און פּונקט ווי איך וואָלט איצט ווידעראַמאָל געוואָרן אַ שותּף מיט פּאַגאַנינין, האָב איך מיט אַ גליקלעכן שמייכל נאָכגעקוקט יעדן ציטער פֿון זײַנע פֿינגער און מיטגעציטערט מיט אים, ווי איך וואָלט אים געהאָלפֿן שפּילן, ווי איך וואָלט אים אונטערגעהאַלטן דעם פֿידל, ווי איך וואָלט אים אונטערגעשטופּט דעם סמיטשיק. אמת, פּאַגאַניני איז געווען אַ שלעכטער שותּף, ער האָט מיר אַמאָל פֿאַרשאָטן די אויגן מיט זאַמד, אָבער איצט האָט עס מיך ניט געאַרט. איך וואָלט זיך גערן געלאָזט פֿון אים די אויגן אַרויסנעמען, אַבי צו זײַן אַ שותּף מיט אים.

ווען פּאַגאַניני האָט געענדיקט, האָט דער עולם, אָפּשטופּנדיק מיך אָן אַ זײַט, אַרומגערינגלט דעם קליינעם מוזיקאַנט, און מיט טומל און

געפּילדער אים געקושט אין קאָפּ, געקושט די הענט, אייניקע האָבן געקושט דעם פּידל און אַפילו דעם פּוטליאַר, און נאָך דעם ווי זײַן מאַמע האָט אים מכבד געווען מיט אַ גלאָז עפּלקוואַס, האָט דער יובלענדיקער עולם אים אַראָפּבאַגלייט פון מאַרק ביז צו דער סעמינאַר־גאַס, און דאָרט אים ענדלעך געלאָזט גיין אַהיים.

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און מיט אַ צעטומלטן קאָפּ בין איך אים נאָכגעגאַנגען פון דער ווײַטן: שוין, אויס חדר. איך פּאַרלייג באַלד מיט אים אַ שותּפות. פון מאָרגן אָן קומען מיר ביידע אויפן מאַרק געבן קאָנצערטן... איך וועל אים אַרויפשטעלן אויף אַ קעסטל, ער וועט שפּילן און איך וועל האַלטן דעם פּוטליאַר. דערנאָך וועל איך שפּילן, און ער וועט האַלטן דעם פּוטליאַר. דערנאָך וועלן מיר ביידע אַריבערלויפן צום רײַכן ייִד, וואָס פּאַטראָניזירט מוזיקערס, און אַרויסשטעלן אַ באַדינג: אָדער ער שיקט ביידע שותּפים קיין פּעטערבורג אין אַ קאָנסערוואַטאָריע, אָדער קיינער פון אונדז פאָרט ניט... בײַם טויער פון סעמינאַר־הויף האָב איך אים גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און אויסגעשריִען:

— היי, וואָס מאַכסטו?

פּאַגאַניני האָט פון דעם אומדערוואַרטן קלאַפּ אַ ציטער געטאָן, מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פּיס און געענטפערט:

— ווער ביסטו? וואָס ווילסטו פון מיר?

איך וואָלט עס אָנגענומען ווי אַ וויץ, ווען פּאַגאַניני זאָל עס ניט האָבן געזאָגט מיט אַזאַ ערנסטן אויסדרוק אויף זײַן פּנים. איין מאָמענט האָב איך זיך פּאַרלאָרן, ווי איך וואָלט טאַקע געמאַכט אַ טעות און פּאַרהאַלטן אַ פּרעמד ייִנגל. אָבער באַלד האָב איך זיך באַהערשט, און מיט אַ טאָן פון אַנטשולדיקונג געפּרעגט:

— איז ניט דײַן נאָמען בערטשיק?

— ניין, באָריס!

— באָריס, געדענקסטו ווי מיר האָבן אַמאָל ביידע געהאַלטן אַ בעקערײַ?

— האָב איך אים פּרובירט דערמאָנען.

— וואָס ווילסטו פון מיר? וועלכע בעקערײַ?

— הינטערן מיסטקאַסטן, בײַם רינשטאָק פון קליינעם מאַרקפּלעצל.

— איך קען דיך ניט! — האָט יאַסינאָווסקי מיט אַ תּמעוואַטער ערנסטקייט געענטפערט, זיך אַ שאַרפן דריי געטאָן און — אַוועק.

איך בין געבליבן שטיין ווי אַ געפּלעפּטער. די דאָזיקע באַגעגעניש האָט געדויערט אפשר ניט מער ווי אַ מינוט, דאָך האָט אין דער מינוט מיט מיר פּאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט פּאַרשטאַנען און כ׳פּאַרשטיי עס ביז הײַנט ניט, און האָט אפשר באַשטימט דעם גורל פון מײַן גאַנצן ווײַטערדיקן לעבן.

ווי איך האָב דערזען, אַז פּאַגאַניני פּאַרדרייט זיך פון דער סעמינאַר־גאַס אין דער גלעזער־גאַס אַריַין, האָב איך זיך מיט אַ ווילדן אימפּעט אַ וואָרף געטאָן אין סעמינאַר־הויף; איך האָב געוווּסט, אַז דאָרטן געפינט זיך אַ פּריוואַטער דורכגאַנג צו דער גלעזער־גאַס. איך האָב זיך מיט דער שנעלקייט פון אַ צוגווינט דורכגעדרייט צווישן די קאָמפּליצירטע קאָרידאָרן. ווען באָריס איז צוגעקומען צום מיטן פון דער גלעזער־גאַס, איז ער געבליבן שטיין אַן איבעררראַשטער. דאָס זעלביקע ייִנגל, וואָס האָט אים מיט אַ פּאָר מינוט פריער פּאַרהאַלטן בייַם מאַרק, איז איצט געשטאַנען אין דער מיט פון דער גלעזער־גאַס מיט אַ פּאַרריסענעם קאָפּ און אַרויפגעקוקט צום דאַך פון סעמינאַר־מויער.

באָריסל האָט מסתמא קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן די קאָרידאָרן פון סעמינאַר, און דעריבער ניט געקאָנט פאַרשטיין וויאַזוי איך קום דאָ פריִער, פאַר אים. אָבער נאָך מער האָט אים פּאַראינטריגירט וואָס אַזוינס איך זע דאָרטן אויפן דאַך. צוערשט איז ער מיט אַן אָנשטעל פון גלייַכגילטיקייט פאַרבייַגעגאַנגען, אָבער באַלד האָט ער זיך אומגעקוקט און, זעענדיק ווי איך נעם נאָך אַלץ ניט אַראָפּ די אויגן פונעם דאַך, האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און איז צוגעקומען צו מיר:

— וואָס זעסטו דאָרטן אויפן דאַך?

איך האָב געוואַרט אויף דער שאלה און געהאַט שוין צוגעגרייט אַן ענטפער:

— דאָרט שטייט אַ מענטש.

— ווו? — האָט באָריסל אַרויפגעקוקט.

— דאָרטן, דאָרטן — האָב איך געפירט מיטן פינגער אין אַן אומבאַשטימטער ריכטונג.

— איך זע גאָרנישט ניט — האָט באָריסל געזאָגט מיט פאַרדרוס אין קול און מיט אַ נאַרישן שמייכל אויפן פּנים.

— שטעל זיך דאָ, נעבן מיר — האָב איך אים אָנגעוויזן נאָענט נעבן זיך. און ווען ער איז צוגעקומען, האָב איך אַרויפגעלייגט מייַן האַנט אויף זייַנע פּלייצעס, געקוקט אים גלייַך אין פּנים אַריַין און געזאָגט: — זעסט דעם קוימען פון וועלכן עס גייט אַ רויכעלע?

— יאָ.

— בייַם זייַט זעסטו די רעגן־טרובע פון דעם סעמינאַר־מויער?

— יאָ.

— דאָרטן, אונטער דער טרובע שטייט ער.

באָריסל האָט אויסגעצויגן זייַן דאַרן האַלדז און פאַרריסן די אויגן. עפּעס האָט ער דאָרט יאָ געזען, אָבער צי דאָס איז געווען אַ מענטש, צי בלויז דער שאָטן פונעם קוימען, איז ער ניט געווען אינגאַנצן זיכער. פּלוצעם האָב

איך אַראָפּגעכאַפּט מײַן האַנט פון זײַן פּלײיצע און מיט אַ סודותדיקער שטים געזאָגט: — גיי אַוועק, גיי גיך אַוועק פון דאַנען!

— פאַרוואָס? — האָט דער צעטומלטער באָריסל געפרעגט.

— ווײַל דער מאַן וועט באַלד אַראָפּשפּרינגען פון מויער און איך דאַרף זיך דורכריידן מיט אים.

— אַראָפּשפּרינגען פון דעם פירשטאָקיקן געמויער! ווי איז דאָס מעגלעך?

— יענער מענטש איז ניט קיין געוויינטלעכער מענטש, ווי דו זעסט אין די גאַסן. אויב דו קענסט האַלטן אַ סוד, וועל איך דיר עפּעס פאַרטרויען: דער מענטש וואָס גייט דאָרטן אַרום איבער די דעכער, איז אַ שטיינערנער מענטש, געמאַכט פון שטיין און ליים.

— איך פאַרשטיי ניט וואָס דו רעדסט.

— האָסט געהערט וועגן דעם גולם?

— דאַכט זיך, געהערט... איך ווייס ניט... איך געדענק ניט, — האָט באָריס געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— קיין זאַך געדענקסטו ניט! קיין זאַך ווייסטו ניט! ווייסטו דען ניט, אַז דער גאָון האָט געשאַפן אַ מענטש פון ליים, וואָס ווען ער וויל ניט, קען אים קיינער ניט זען? ער קען גיין איבער גאַסן, ער קען שטיין אויפן דאַך, ער קען אַרײַן אין הויז און דו זאָלסט אים ניט זען.

— אַרײַן אין מײַן הויז און איך זאָל אים ניט זען? — האָט באָריס איבערגעחזרט יעדעס וואָרט באַזונדער.

— יאָ, אָבער דער וואָס ווייס דעם הייליקן שם, קען אַרויסרופן דעם גולם פון זײַן טויטקייט און זײַן ניט-זעעוודיקייט.

— וואָס מיינט עס, דער הייליקער שם? — האָט באָריס געפינטלט מיט די אויגן, ווי אים וואָלט געגומען שווינדלען אין קאָפּ.

— גיי אַוועק, גיי אַוועק פון דאַנען, וואָרעם ווען איך זאָל אַרויסריידן דעם הייליקן שם, קען ער נאָך גלײַך אַראָפּשפּרינגען פון מויער און דיך, צוזאַמען מיט דײַן פידל, צעטרעטן אונטער זײַנע שטיינערנע פיס! — און איך האָב אים אָפּגעשטופּט פון זיך.

— יאָ, איך וועל בעסער גיין אַהיים.

— ווו וווינסטו? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— אויף דער גרינער גאַס, אויפן ערשטן שטאָק — און ער האָט געמאַכט אַ טראָט אַוועקצוגיין.

— גיי, — האָב איך אים אונטערגעאײַלט — איך וועל דערציילן דעם גולם וועגן דיר.

דאָס לעצטע וואָרט האָט געהאַט דעם געהעריקן עפעקט. באָריס האָט פּרובירט אַוועקגיין, אָבער ניט געקענט אָפּרײַסן די פיס פונעם טראָטואַר, ווי איך וואָלט אונטער זײַנע פיס אויסגעגאָסן אַ קלעפּיקן פּעך.

— ווער איז ער, דער גולם, און ווי קומסטו צו אים? — האָט באָריס מיט אַ ציטערדיקער צונג אַרויסגעשטאַמלט.

— איך קען איצט ניט ריידן. איך וועל שפּעטער קומען צו דיר אין הויז און כ׳וועל דיר אַלץ דערציילן. איצט לאָז מיך אַליין. — איך האָב געטומען ווינקען מיט דער האַנט צום דאַך אַרויף.

איינגעקאָרטשעט דעם קאָפּ אין דער פּלייצע, פּלאָנטערנדיק מיט די פיס, האָט זיך באָריסל באַלד פאַרדרייט פון דער גלעזערגאַס אין דער גרינער גאַס אַריין. איך האָב אים נאָכגעקוקט פון דער ווייַטן און דערנאָך זיך שטיל צוגעשלייַכט צום פענצטער פון דעם קליינעם הייַזל, וווּ ער האָט געוווינט.

דורכן פענצטער האָב איך דערזען ווי ער האָט מיט אַ צערודערטן, בלייכן פנים אַוועקגעלייגט דעם פידל אויפן קאַמאָד אונטערן קייַלעכיקן טרומאָ־שפּיגל און זיך גלייַך מיט גרויס אומגעדולד געשטעלט בייַ דער טיר וואַרטן אויף מיר. ער האָט לאַנג ניט באַדאַרפט וואַרטן. איך האָב באַלד אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— דער גולם האָט דיך געזען, און דו געפעלסט אים — האָב איך אים גלייַך אַרייַנגעשושקעט אין אויער. — הייַנט בייַנאַכט וועל איך דיך באַקענען מיט אים.

— פאַרוואָס בייַנאַכט? בייַנאַכט האָב איך מורא.

— מיט מיר דאַרפסטו ניט מורא האָבן. דער גולם וויל דיך אָנקוקן אויף עטלעכע מינוט בלויז, ווייַל ער קען לאַנג ניט פאַרבלייַבן, ער דאַרף גיין צוריק זיך לייגן אויפן בוידעם פון דער גרויסער שול. איך האָב דעם גולם דערציילט ווי וווּנדערלעך דו שפּילסט אויפן פידל און ער וויל דו זאָלסט אַ ביסעלע שפּילן פאַר אים.

ביז איצט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז בערטשיק איז דער זעלביקער לעקיש פון אַמאָל, אָבער אַזוי גיך ווי איך האָב דערמאָנט זייַן פידל, האָט ער זיך מיטאַמאָל געביטן. זייַנע רונדע ברעמען האָבן זיך פונאַנדערגעצויגן אין צוויי גרויסע האַלבע רינגען, די אונטערשטע ליפּ איז אים אַרויף אויף דער אייבערשטער, און זייַן קולכל איז נאָך דינער געוואָרן.

— ווער ביסטו? — האָט ער אויסגעשריִען — איך פאַרשטיי דיך ניט, איך האָב קיינמאָל ניט געהערט וועגן גולם. די גאַנצע מעשה מוז זייַן אַ ליגן. אויפן דאַך איז קיינער ניט געווען. איך גלייב גיט, אַז אַ מענטש קען זיך אַזוי פאַרשטעלן, אַז מע זאָל אים ניט קענען זען. וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר און וואָס ביסטו מיר געקומען דרייען אַ קאָפּ? אויב דו מיינסט, אַז דו וועסט מיך איבערשרעקן מיטן גולם, מאַכסטו אַ טעות, ווייַל איך גלייב ניט, אַז דו האָסט עפּעס אַ פאַרבינדונג מיטן גולם. איך קען דיך, דו ביסט דער שאַרלאַטאַן, דער פערד־גנב, וואָס פלעגט זיך אַרומשלעפּן מיט די קאָזאַקן אויפן מאַרק. דו קענסט מיר קיין מעשיות ניט דערציילן.

איך האָב אים געלאָזט פּאַרטיק ווערן מיט זײַן דרשה, און נאָך אַ קורצער פּויזע געענטפערט:

— איצט האָסטו מיך דערקענט, ווײַל דו האָסט זיך דערשראָקן פאַרן גולם. אויב דו גלייבסט ניט אין אים, פאַרוואָס־זשע שרעקסטו זיך?

— איך שרעק זיך ניט!

— אויב דו שרעקסט זיך ניט, פאַרוואָס האָסטו מורא צוצוקומען בײַנאַכט צום מאַרק, ווו דו וועסט זען דעם גולם מיט דײַנע אייגענע אויגן?

— איך וויל אים ניט זען, איך וויל ניט האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע שרעקנדיקע זאַכן. איך זאָג דעם אמת, איך בין אַ ציטערדיקער, און איך ווייס ניט וואָס דו האָסט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר!

— אַז דו וועסט זײַן מיט מיר, דאַרפסטו פאַרן גולם ניט מורא האָבן.

— אָבער אַז איך וויל ניט זײַן מיט דיר. לאַנג צוריק האָט מיר מײַן מאַמע אָנגעזאָגט איך זאָל מיט דיר ניט האָבן צו טאָן, וואָרעם דו ביסט אַ שאַרלאַטאַן, אַ קאָרטן־שפּילער און אַ ממזר. דײַן אָרט איז צווישן די שיכּורים אויף דער יאַטקעווער־גאַס און עס פּאַסט ניט פאַר מיר זיך צו חברן מיט דיר.

— מיך אַרט ניט וואָס דײַן מאַמע האָט געזאָגט וועגן מיר — האָב איך אָפּגעלעקט מיט דער צונג מײַנע פּלוצעם טרוקן־געוואָרענע ליפּן. — אויב דו וועסט זיך דערוועגן אויסרעדן איין וואָרט וועגן דעם גולם צו דײַן מאַמען, אָדער צו וועמען עס איז פון די מאַרק־מענטשן, וואָרן איך דיך, אַז דײַן לעבן איז אין אַ סכּנה. אויב דו גלייבסט ניט אין גולם — פאַרגעס וועגן אים.

— איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל וועגן דײַן גולם גאָרנישט ניט דערציילן.

— גוט, אויב דו גלייבסט ניט, ברענג עס קיינמאָל ניט אַרויס אויף דײַנע ליפּן. וואָרעם איך וואָרן דיך: דו שפּילסט זיך מיט פײַער. טאָמער ווידער פאַרקערט, גלייבסטו יאָ אין דעם וואָס כ׳האָב דיר פאַרטרויט, מוז דאָס בלײַבן אַ סוד צווישן אונדז ביידן. איך האָב דיר פאַרגעלייגט דיך צו באַקענען מיטן גולם, ווײַל איך האָב צוטרוי צו דיר, און דערפאַר דאַרפסטו אויך האָבן צוטרוי צו מיר. אויב איך טייל זיך מיט דיר, דאַרפסטו זיך טיילן מיט מיר... און ווען איך זאָג דיר: ברענג דײַן פידל, דאַרפסטו ברענגען. און אַז דו וועסט מיר זאָגן: ברענג דעם גולם, וועל איך אים ברענגען.

באָריס האָט פאַרזשמורעט די אויגן, ווי ער וואָלט דעם גרעסטן אָנשטרענג געמאַכט צו פאַרשטיין וואָס מע רעדט צו אים, און האָט מיטאַמאָל ווידער אַרויסגעפּלאַצט:

— ס׳אַ ליגן! איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין די גאַנצע זאַך. דאָס קען ניט זײַן! דאָס קען ניט זײַן!

איך האָב אָפּגעוואַרט ביז מײַן אויפגערעגטער שותּף האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט און כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן:

— אויב דו קענסט עס ניט פאַרשטיין, װעל איך דיר באַװײַזן, אַז איך אַליין קען אויך פאַרשװינדן אין איין מינוט, װערן ניט־זעעװדיק... קום אַהער און גיב אַ קוק אין שפּיגל. זעסט מיך דאָרט, אָדער ניט?

בערטשיק האָט זיך צוגעשלעפּט צום שפּיגל און מיט אַ שטילער שטים אײַנגעשטימט:

— יאָ, איך זע...

— דו זעסט מיך דאָרטן אַ לעבעדיקן, װי איך באַװעג מיט מײַנע הענט, רייד צו דיר, און אין איין מינוט בין איך דאָרט ניטאָ. — און איך בין אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט. װוּ בין איך אַהינגעקומען? אויב דו זאָגסט, אַז דאָס װאָס מע זעט, זעט מען אַלעמאָל, פאַרװאָס זעסטו מיך ניט מער? דו קענסט דאָך ניט אָפּלייקענען, אַז איך בין נאָך אַלץ אין דעם זעלביקן צימער און שטיי הינטער דײַן רוקן.

— אָ, דאָס איז אַ שפּיגל! — האָט באָריסל אומגעדולדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— דער גולם איז אויך װי אַ שפּיגל.

— דו האָסט דאָך ערשט געזאָגט, אַז דער גולם איז געמאַכט פון ליים און שטיין — האָט זיך נאָך באָריסל געפּרוּװט ראַנגלען.

— װען מע זעט אים, איז ער פון ליים, און װען מע זעט אים ניט, איז ער פון שפּיגל. — האָב איך אים דערלאַנגט דעם לעצטן קלאַפּ איבערן קאָפּ.

דאָך האָט ער זיך נאָך פּרובירט אין עפּעס אָנצוכאַפּן. פלוצעם האָבן זײַנע תּמעװאַטע אויגן אויפגעלויכטן. ער האָט אויסגעשריִען:

— ביסט אַ ליגנער, װײַל אויב עס איז אמת װאָס דו דערציילסט װעגן שפּיגל, בין איך דאָך אויך אַ גולם. — בעת ער האָט זיך באַמיט מיר נאָכצומאַכן מײַנע פלינקע באַװעגונגען, האָט ער ממשיך געװען: — אָט בין איך אויך דאָ אין שפּיגל, און אָט בין איך ניטאָ. — און ער איז אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט מיט אַ שמייכעלע, װי איינער זאָגט: װאָס זאָגסטו צו דעם?

איך בין צוגעקומען נאָענט צום גלאָז, אַרײַנגעקוקט און מיט אויסערגעװיינטלעכער געלאַסנקייט געזאָגט:

— עס הייבט זיך ניט אָן, דו ביסט יאָ פאַראַן אין שפּיגל.

— ניט אמת! — האָט באָריסל כּמעט היסטעריש אַ קװיטשע געטאָן.

— איך זאָג דיר, אַז דו ביסט פאַראַן, און אויב דו גלייבסט מיר ניט, קום און גיב אַ קוק!

פאַגאַניני דער צװייטער האָט גענומען װישן דעם קאַלטן שװייס אויף זײַן שטערן.

אַ װײַלע האָבן מיר שװײַגנדיק געקוקט איינער אויפן צװייטן און ממשיך

געוועזן אונדזער פֿאַרביטערטן געפּעכט מיט די אויגן. ענדלעך האָט יאַסינאָווסקי אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מיט אַ רחמנותדיק קול געזאָגט:

— אפֿשר ביסטו גערעכט, אפֿשר פֿאַרשטיי איך גאָרנישט, אפֿשר פֿאַרשטייסטו זיך אין די זאַכן בעסער פֿון מיר. אפֿשר קענסטו זיך טאַקע מיטן גולם, ווער ווייס? איך הייב שוין אָן צו גלייבן אויף דיר אַלץ אויף דער וועלט. איך זאָג דיר דעם אמת: איך האָב מורא פֿאַר שדים.

— דער גולם איז ניט קיין שד! — האָב איך אים אומרחמנותדיק פֿאַרבעסערט.

— ניט קיין מענטש און ניט קיין שד, איז דאָך נאָך ערגער! צי האָסטו גאָר ניט מורא זיך צו טרעפֿן מיט אים בײַנאַכט אויפֿן פֿינצטערן מאַרק? און בכלל, ווי קומסטו צו אים?

— איך בין ניט געקומען צו אים, ער איז געקומען צו מיר.

באָריסל האָט, ווי אַ גוסטריקער פֿיש אויפֿן זאַמד, צום לעצטן מאָל אַ צאַפּל געטאָן, און קוים וואָס מע האָט געהערט, אויסגעזשיפּעט:

— פֿאַרוואָס צו דיר, ווער, צו אַלדע גוטע יאָר, ביסטו?

— טרעף! — האָב איך פֿאַרריסן דעם קאָפּ און זיך אויסגעצויגן אין מײַן גאַנצער גרייס.

מע האָט געקאָנט קלאָר זען, אַז ער איז שוין אינגאַנצן צעבראָכן, אַז ער האָט שוין ניט דעם קלענסטן ווידערשטאַנד, אַז ער איז שוין פֿולשטענדיק איבערצײַגט, אַז פֿאַר אים שטייט עפּעס אַ געפֿערלעכער פֿאַרשוין, וואָס האָט אַ פֿאַרבינדונג מיט עפּעס אַ נאָך מער געפֿערלעכן און שרעקלעכן גולם.

— אויב אַזוי, וועל איך קומען. וווּ ווילסטו מיר זאָלן זיך טרעפֿן? — האָט באָריסל אַ פֿאַרמישפּטער זיך געבעטן.

— בײַם קליינעם מאַרקפּלעצל, הינטערן מיסטקאַסטן... און פֿאַרגעס ניט צו ברענגען דעם... — איך האָב באַפּעלעריש אַרויפֿגעלייגט מײַן האַנט אויף דעם פּוטליאַר.

— דו מיינסט דעם פֿידל?

— יאָ, מיר וועלן שפּילן פֿאַרן גולם... ביידע וועלן מיר שפּילן. מיר זײַנען שטענדיק געווען שותּפֿים, געדענקסט?

באָריסל האָט אויף דעם נאָך געוואָלט עפּעס ענטפֿערן, אָבער ער האָט שוין מער דאָס מויל ניט געקענט עפֿענען, ווײַל זײַן האַרץ איז פֿאַרגאַנגען אין שווידערלעכע יסורים, ווי עמעץ וואָלט עס מיט אַ פּאָר צוואַנגען גענומען שלעפּן. אין זײַן שטומער שרעק האָט ער בלויז געקוקט מיט פֿאַרגלייזטע אויגן ווי איך עפֿן דעם פּוטליאַר און נעם אַרויס פֿון דאָרט זײַן פֿידל און מיט אַ לײַכטער באַוועגונג לייג איך עס אַרונטער אונטער דער מאָרדע מײַנער און טו אַ פֿיר מיטן סמיטשיק איבער די סטרונעס.

דער פּידל האָט אַ סקריפּע געטאָן, ווי אַ טיר אויף פֿאַרזשאַווערטע זאַוויסעס. איך האָב אַ ציטער געטאָן פֿון דעם אומדערוואַרטן קלאַנג. אַ צעטומלטער האָב איך אַ קוק געטאָן אויפֿן סמיטשיק. צי האָב איך ניט אין איַילעניש געמאַכט אַ טעות און גענומען אָנשטאָט דעם סמיטשיק די קאָטשערע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל בײַם אויוון? ניין, דער סמיטשיק איז אַ סמיטשיק. איך האָב אַ זויערן שמייכל געטאָן און מיט פֿרישער אַנטשלאָסנקייט און בייזער אײַנגעשפּאַרטקייט גענומען אים ציען אַרויף און אַראָפּ. איך האָב אָבער באַלד געמוזט ווידער אויפֿהערן, ווײַל די אומדערטרעגלעכע קריצערײַ איז געווען ניט בלויז ווי איך וואָלט געהאַלטן אין האַנט אַ קאָטשערע, נאָר ווי איך וואָלט מיט דער קאָטשערע געוואָלט איבערזעגן אַ שטיק אײַזן.

— פֿאַרוואָס שפּילט עס ניט? — האָב איך מיט אַ בייזן און מנוולדיקן בליק זיך געווענדט צו מײַן פּאַרציטערטן שותּף.

— איך ווייס ניט, אפֿשר דאַרפֿסטו נאָטן? — און ער האָט גיך אַרויסגענומען פֿון קאָמאָד אַ בינטל אַלטע בלעטער און זיי פֿונאַנדערגעלייגט אויפֿן טיש.

אַ היפּשע ווײַלע האָב איך געקוקט אויף די ניט־פֿאַרשטענדלעכע קײַקעלעך און פֿאַסיקלעך, און דערנאָך געזאָגט:

— פֿאַרוואָס ווען דו שפּילסט, האָב איך געזען, דאַרפֿסטו ניט קיין נאָטן?

— ווײַל איך קען אויף אויסנווייניק...

— אָט די אַלע נאָטן אויף אויסנווייניק?

— נאָך מער... גיב מיר דעם פּידל, איך וועל דיר ווײַזן — און ער האָט אויסגעשטרעקט זײַנע בלייכע הענט.

איך האָב אָפּגעווישט דעם טראָפּן שווייס, וואָס איז אַרויס אויף מײַן שפּיץ נאָז, מיט אַ ביטערער אַנטוישונג געקוקט אויף דעם שטיק סקריפּענדיקן האָלץ, און עס אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש.

באָריסל האָט אַרומגעכאַפּט דעם פּידל ווי אַ צאַרטע מוטער איר צעשראָקן קינד און עס טיף אײַנגעטוליעט אונטערן קאָפּ, און גלײַך האָט דאָס קינד, וואָס האָט געפֿונען זײַן מוטער, אַרויסגעלאָזט אַ לאַנגן, פֿריידיקן, האַרץ־פֿאַרכאַפּנדיקן אויסגעשריי.

די זון האָט אַרײַנגעקוקט אין פֿענצטער.
סטײַעס טויבן האָבן זיך צעפֿלאַטערט.
ביימער האָבן זיך געשאָקלט.
לייבן האָבן זיך צעברומט.

דער פּידל איז געוואָרן צען מאָל אַזוי גרויס. דער צימער — צו קליין פֿאַר דעם אויפֿגעדראָלענעם פּידל. איך האָב זיך אײַנגעקאָרטשעט אין אַ ווינקל, ווי געוואָלט פֿלאַץ מאַכן פֿאַר די פּלוצלינג אָנגעלאָפֿענע פֿייגל און ביימער, וואַסער און וועלדער. אָבער וואָס מער איך האָב מיך געשטופּט אין ווינקל,

אַלץ ענגער איז געוואָרן אין צימער, און איך האָב אָנגעהויבן שרײַען:

— געוואַלד, געוואַלד! איך בין ניט שולדיק, דער רבי, דער רבי האָט מיך אָפּגענאַרט...

אָבער מײַן ניט־פֿאַרשטענדלעך געבעט איז פֿאַרטויבט און פֿאַרלאָרן געוואָרן אין דעם רויש־און־רעש פֿון דעם ווילד־געוואָרענעם פֿידל. באַריסל האָט מיך שוין מער ניט געהערט און ניט געזען. מיט פֿאַרמאַכטע אויגן האָט ער זיך געוויגט. ער האָט געקלעטערט אויף בערג, געריסןביימער, געררייצט ווילדע לייבן.

— געוואַלד, געוואַלד! — האָב איך זיך געבעטן און זיך באַלד אַרויסגעריסן פֿון צימער.

איך בין געלאָפֿן מיט געבײַלטע פֿויסטן אין דער ריכטונג פֿון חדר. איך בין געלאָפֿן צו דעם געלן מלמדל מיט זײַן הייזעריקן ווײַב, זיי אין פּנים אַרײַנשרײַען: איר האָט מיך אָפּגענאַרט, איר האָט בײַ מיר צוגענומען מײַן מאַרק, מײַנע מענטשן, און אַוועקגעגעבן איינעם אַ לעקיש. איר האָט מיר פֿאַררעדט די ציין מיט עפּעס אַ לײמענעם גולם, מיר אײַנגערעדט, אַז איך וועל ווערן אַ גרויסער גאָון, וויסן אַלע נעמען פֿון גאָט, קענען דעם הייליקן שם און מיט אים באַווײַזן וווּנדער. אין דער צײַט איז פּאַגאַניני געקומען אויף מײַן מאַרק, און ווי דער בלינדער יצחק, אויסגעקליבן בערטשיקן, ער זאָל זײַן דער צווייטער פּאַגאַניני, אים געשאָנקען זײַן פֿידל, אים אויסגעלערנט שפּילן. איצט איז בערטשיק פּאַגאַניני דער צווייטער, און וואָס בין איך?

נאָר וואָס פֿאַר אַן ענטפֿער קען דער אָרעמער רבילע מיר שוין געבן?

— האָב איך אַ טראַכט געטאָן און זיך פֿלוצעם אָפּגעשטעלט אויפֿן ראָג פֿון דער גאַס, בײַ אַ לאַמטערן. — ער האָט דאָך קיינמאָל אויף מײַנע שאלות ניט געקענט ענטפֿערן, און איך קען שווערן, אַז ער ווייס אַפֿילו ניט ווער ס׳איז אַזוינס פּאַגאַניני דער ערשטער.

וואָס־זשע טוט מען? — האָב איך אין מײַן פֿאַרייִאושטקייט געפֿאָדערט אַן עצה בײַם סטאָלב פֿון דעם גאַס־לאַמטערן. און אַז עס איז ניט געקומען קיין ענטפֿער, האָב איך זיך צעוויינט. די גאַס איז פֿאַרפּלייצט געוואָרן מיט מײַנע טרערן. אין אַ משונהדיקן געדריי פֿון וואַסערדיקע רייפֿן האָבן די הײַזער זיך גענומען שפּאַלטן, אײַנפֿאַלן, און זײַנען ווי צוקער צעגאַנגען אין דער לווּשע פֿון מײַנע טרערן. דער צעווייקטער סטאָלב פֿון דעם גאַס־לאַמטערן האָט זיך אונטער מײַנע הענט אײַנגעקנייטשט און דאָס ליִכט פֿון דעם לאָמפּ איז זיך צעשאָטן אין אַ גליִענדיקן נעפּל אַרום מיר. איך בין געבליבן שטיין.

דורך מײַנע פֿאַרוואַסערטע אויגן האָב איך באַמערקט אַ מאַן מיט אויסערגעוויינטלעך לאַנגע פֿיס און מיט אַ צילינדער אויפֿן קאָפּ. איך האָב אים גלײַך דערקענט. דאָס איז געווען פּאַגאַניני דער ערשטער. ער האָט

אויסגעזען צו זײַן אין גרויס אײַלעניש און האָט מיט זײַנע מאָדנע לאַנגע פיס געשפּאַנט גיכער ווי איך האָב אים געקענט נאָכלויפן. צו מײַן פריידיקער איבערראַשונג האָב איך באַלד דערזען ווי דער גרויסער סודותדיקער מוזיקער דרייט זיך אַרײַן אויף דער מאַרקגאַס און גייט גלײַך אַרײַן אין הויף מיט די רויטע טויערן. עס איז געוווען קלאָר, אַז ער גייט צו מיר.

איך בין דורכגעלאָפן דורך דער קיך אין עס־צימער ווי אַ שאָטן פון אַ פליִענדיקער טויב. און ווען איך בין אַרײַן אין שלאָפצימער, איז אין דעם לאַנגן טרומאָ־שפּיגל שוין געשטאַנען פּאַגאַניני און געוואַרט אויף מיר.

— פּאַרוואָס, פּאַרוואָס, — האָב איך אָנגעהויבן מיט אַ טרערנפולער שטים — פּאַרוואָס האָסטו דײַן פידל אַוועקגעגעבן אַ פרעמדן, און ניט מיר? דער מאַרק געהערט צו מיר, און איך דאַרף שפּילן פאַר די מאַרק־מענטשן. פּאַרוואָס האָסטו אויסגעקליבן אַ פרעמדן און אים געמאַכט פאַר פּאַגאַניני דעם צווייטן? וואָס האָסטו זיך געאײַלט? ווען דו גיסט מיר דעם פידל, וואָלט איך דיר געוויזן, אַז אין אַ טאָג־צוויי וואָלט איך געשפּילט. אמת, איך האָב כמעט קיינמאָל קיין פידל ניט געזען, אויף אַ פידל שפּילן כמעט קיינמאָל ניט געהערט, אָבער איך קען דיר שוין ווײַזן וויאַזוי איך וואָלט געהאַלטן אַ פידל.

— גוט, אויסגעצייכנט — האָט פּאַגאַניני געשאָקלט מיטן קאָפּ — אָבער האַלט דאָס העלדזול אַ ביסל העכער פונעם בײַכל.

איך האָב אים געפאָלגט און נאָכגעמאַכט זײַנע גראַציעזע באַוועגונגען. אים איז עס געפעלן געוואָרן, און מיר האָבן גענומען שפּילן צוזאַמען. איך האָב אים אַפילו דערמאָנט די מעלאָדיע פון "פּערפּעטוום מאָבילע", וואָס ער האָט, ווײַזט אויס, ניט געגוי גערעדט. מײַנע פינגער האָבן זיך ציטערדיק געגליטשט איבער די סטרונעס מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער פלינקייט. ס'איז אים שטאַרק געפעלן, ווי ער וואָלט עס גאָר פריִער קיינמאָל ניט געהערט, און ער האָט געקוקט אויף איטלעכן פיר מײַנעם מיטן סמיטשיק.

אונדזער מוזיק אין שפּיגל האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן אין אַ מערקווערדיקן דועט. מיט האָבן געשפּילט און זיך איינער דעם אַנדערן אַרויסגעהאָלפן מיט געזאַנג. וואָס העכער ער האָט געזונגען, אַלץ העכער האָב איך געשפּילט. פון גרויס באַגײַסטערונג האָבן מיר זיךביידע צעוויינט. מיר זײַנען צוגעלאָפן איינער צום צווייטן און זיך געקושט אויף די ליפּן. מיר האָבן זיך איינער דעם אַנדערן געמוסרט און געטרייסט.

— וואָס וויינסטו, דו נאַר — האָט פּאַגאַניני, ווישנדיק די טרערן, געפרעגט.

— איך האָב געמאַכט אַ טעות, איך האָב דיך געזוכט און ניט געקענט געפינען, האָב איך מײַן פידל געשאָנקען דײַן שותּף.

— ניין, ניין, — האָב איך צוגעטוליעט מײַן פּאַרטרערטע נאָז צו זײַנער — ער האָט בײַ דיר אויסגענאַרט דעם פידל, ווי יעקב די ברכה בײַ זײַן

בלינדן טאַטן יצחק.

— נאַרעלע, — האָט פּאַגאַניני צוגעלייגט זײַן נאַסע באַק צו מײַנער, און אונדזערע טרערן האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן — די ברכה איז ניט אין דעם פידל, נאָר אין דעם וואָס שפּילט אויף אים, און דו שפּילסט אַזוי גוט, אַז דו דאַרפסט אינגאַנצן ניט קיין פידל.

— פאַרוואָס זשע האָט זיך מײַן האַרץ אָפּגעשטעלט ווען בערטשיק האָט גענומען שפּילן?

— אויך בײַ בערטשיקן האָט זיך דאָס האַרץ אָפּגעשטעלט ווען דו האָסט גענומען רופן דעם גולם פון דאַך. וואָס אַרט עס דיך? זאָל בערטשיק שפּילן אויף דעם פידל, און דו וועסט שפּילן אויף בערטשיקן. אַזוי וועט איר ווידער זײַן שותּפים.

אונטערגעהיצט פון פּאַגאַנינים חניפה, האָב איך אָנגעהויבן וואַרפן מיטן סמיטשיק אַרויף־און־אַראָפּ, און מיט פאַרמאַכטע אויגן, פאַרזונקען אין טיפער קאָנצענטראַציע, האָב איך געזען ווי פּאַגאַניני רוקט אַרויס זײַן האַנט פון הינטער דעם זילבערגלאָז און לייגט זי מיט צערטלעכקייט אַרויף אויף מײַן קאָפּ און זאָגט:

פון הײַנט אָן איז דײַן נאָמען פּאַגאַניני דער דריטער, און איך דערקלער פאַרן גאַנצן מאַרק און פאַר דער גאַנצער שטאָט, אַז ניט דער ערשטער און ניט דער צווייטער, נאָר דער דריטער איז דער אמתער, דער עכטער, דער גרעסטער פון אַלע דרײַ...

ח

נאָך דעם ווי איך האָב זיך, מיט עטלעכע טעג שפּעטער, דערוווּסט פון באַרוועס זון, אַז פּאַגאַניני איז טאַקע געשטאָרבן מיט הונדערט יאָר צוריק, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיר וועט שוין גאָרנישט ניט העלפן: אויב איך וויל האָבן אַ פידל, מוז איך מיר אַליין פאַרשאַפן.

איך האָב אויסגעשניטן אַ ברעטל אין דער פאָרעם פון דער ציפער אַכט, און עס פאַרצויגן מיט סטרונעס פון באַוול. פאַר אַ סמיטשיק האָב איך גענוצט אַ דין שטעקל, צו וועלכן איך האָב צוגעטשעפּעט די האָר, וואָס איך האָב אויסגעפּליקט פונעם עק פון קאַפּוסטאַס פערד. עטלעכע טעג האָב איך אַרומגעשפּרייַזט איבערן צימער מיט דעם ברעטל אונטער דער מאָרדע און געזונגען ״פּערפּעטוום מאָבילע״.

דורכן פענצטער האָב איך געזען ווי די שכנים קוקן אַרויף און זוכן מיט פאַרווונדערטע אויגן, פון וואַנעט קומט די ״ווונדערלעכע״ מוזיק? זאָל עס זייַן פּאַגאַניני דער ערשטער, דער צווייטער, אָדער אפשר איינער, וואָס איז בעסער פון ביידע? די מוזיק האָט געקלונגען ווי פון עפּעס אַ מאָדנעם פידל, וואָס האָט אַ לעבעדיקע נשמה, וואָס זיפצט און וויינט מיט אמתע מענטשלעכע טרערן. נאָך עטלעכע וואָכן פון אָנגעשטרענגטער צוגרייטונג האָב איך געפילט, אַז איך בין פאַרטיק און גרייט אויפצוטרעטן אויפן מאַרקפּלאַץ ווי פּאַגאַניני דער דריטער. איך בין געווען זיכער, אַז די מאַרק־מענטשן וועט דווקא געפעלן מייַן מאָדנע מוזיק, ווייַל סוף־כל־סוף האָבן זיי דאָך שוין צוויי מאָל געהערט ״ פּערפּעטוום מאָבילע״ אויף אַ פּשוטן פידל. אָבער וועלכער פּאַגאַניני קען די זעלביקע מוזיק שפּילן אויף די סטרונעס פון זייַן אייגענעם האַלדז? מייַן מוזיק וועט זיכער ניט זייַן קיין נאָכמאַכונג, נאָר עפּעס נייַס, עפּעס אַזוינס, וואָס זיי האָבן אין זייער לעבן ניט געהערט, און אפשר טאַקע דערפאַר וועלן זיי גיכער פאַרשטיין דעם טעות, וועלכן זיי האָבן געמאַכט מיט דעם באָריסל. זיי וועלן פאַרשטיין, אַז בעצם בין איך צוליב זיי אַוועק אין דעם אומעטיקן חדר, לערנען וויאַזוי לעבעדיק צו מאַכן דעם גולם, כּדי ער זאָל זיי באַזאָרגן מיט פיש אויף שבת און זיי באַשיצן פון די קאָזאַקן. זיי וועלן זייַן גערירט, זייער זכרון וועט אויפוואַכן, זיי וועלן זיך דערמאָנען אין מיר, אָפּשאַצן מיך און צוריק אויפנעמען אויפן מאַרק ווי געווען.

אַזוי בין איך געקומען אויפן מאַרק, זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ קעסטל,

אַרויסגענומען דעם פּידל פון טיכל, אין וועלכן ער איז געווען איינגעוויקלט, און אָנגעהויבן זינגען.

באַלד איז דאָס געזעמל געווען אַרום מיר, און נאָך די ערשטע פּאָר וואַריאַציעס איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער. אָבער דאָס מאָל איז עס ניט געווען קיין געלעכטער פון חוזק, נאָר פון פריילעכער באַגייסטערונג. איייניקע האָבן מיטגעזונגען, אַנדערע האָבן געפּאַטשט מיט די הענט צום טאַקט פון מיין סמיטשיק.

זיי האָבן פאַרגעסן די דאגות זייערע, זיך אָנגעכאַפּט ביי די אָרעמס און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ פריילעך ריקודל. דער מאַרקפּלאַץ האָט זיך געטרייסלט אונטער זייערע קלאַפּנדיקע שטיוול. די קרעמלעך און די שטעלכלעך האָבן זיך גענומען פריילעך האָצקען און, פאַרשטייט זיך, דער מיסטקאַסטן איז ניט אָפּגעשטאַנען.

די איבערראַשטע הינער אין די שטייגן האָבן גענומען לוסטיק שפּרינגען איינע איבער די אַנדערע, די הענער מיט אַ ווילד געקריי, און איבער אַלעמען האָבן זיך אין אַ פריילעכן קאַראַהאָד געדרייט די גליקלעכע טויבן אויפן מאַרק. דאָס איז געווען אַזוי שיין און אַזוי וווּנדערלעך, ווייַט מער ווי איך האָב געקענט דערוואַרטן אין סאַמע שווונג פון מיין פאַנטאַזיע.

וואָס האָט געמיינט אַ גאָון, וואָס מאַכט לעבעדיק אַ שטיין, אין פאַרגלייַך מיט אַ פּאַגאַניני, וואָס מאַכט טאַנצן אַ גאַנצן מאַרקפּלאַץ? אמת, איך בין טאָקע געווען פּאַגאַניני דער דריטער, אָבער צי האָבן די ערשטע צוויי זיך געקאָנט פאַרגלייַכן צו מיר? ווען באָריסל האָט דאָ ניט לאַנג צוריק געשפּילט אויף זיין פּידל, אויף דעם זעלביקן אָרט, איז טאַקע געווען אַ היפּשע באַגייסטערונג, דאָך האָבן זיך געהערט גענוג שטימען וואָס האָבן געפרעגט, למשל:

— אויב דו ביסט פּאַגאַניני דער צווייטער, ווער איז דער ערשטער?

— האָט דיר טאַקע פּאַגאַניני דער ערשטער, צי מעכל דער חתונה־כּליזמר געשאָנקען דעם פּידל?

— האָט דיר דאָס סאַמעטענע אָנצוגל טאַקע געגעבן אַ רייַכער ייִד, צי האָט עס דיין מאַמע אַליין אויפגענייט פון אַן אַלטער קאָלדרע?

— דו פאָרסט טאַקע קיין פּעטערבורג אין אַ קאָנסערוואַטאָריע, אָדער פאָרסטו קיין מייַשעגאָלע שפּילן אויף אַ חתונה?

אָבער ווען זיי האָבן געטאַנצט אַרום מיר, זייַנען אָט די אַלע קשיות ניט געווען. יעדער איינער האָט אויסגעזען צו זייַן זיכער, אַז דאָס בין איך טאַקע דער איין־און־איינציקער פּאַגאַניני, ווי זיי וואָלטן דאָס אַפילו געוווּסט נאָך איידער איך האָב אָנגעהויבן שפּילן, ווי אָט דער מאָדנער קאָנצערט וואָלט ניט געקומען פאַר זיי אומדערוואַרט, נאָר ווי זיי וואָלטן זיך שוין צו דעם געגרייט אַ לענגערע צייַט.

עס קאָן זײַן, אַז די סיבה דערפֿון איז אויך געלעגן אין די מאָדנע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך לעצטנס פֿאַרשפּרייט אויפֿן מאַרקפּלאַץ, אָדער אפֿשר מחמת די מיאוסע רכילות פֿון איציקל דעם רויטן, דער געשטופּלטער בוכהאַלטער מיט די פֿערדישע אויערן. אָט די מיאוסע בריאה האָט געהאַט אַ צונג אויף רעדער (אָפּגעדאַרט זאָל זי אים ווערן), און זײַן פֿעטער אין אַמעריקע פֿלעגט אים צושיקן כל מיני מעשׂיות, ווי למשל, אַז מײַן פֿאָטער, בנימין, האָט דאָרטן חתונה געהאַט מיט אַ מיליאָנערשע, האָט צוגעגנבעט אירע מיליאָנען און קומט אינגיכן צוריק אַהיים.

כאָטש באַרוועס זון האָט עטלעכע מאָל באַצייכנט די דאָזיקע מעשׂיות ווי נאַרישע באַבקעס, האָט ער געמוזט צוגעבן: צי בנימין האָט טאַקע חתונה געהאַט, צי ער האָט מיליאָנען, איז ניט זיכער, נאָר אַז ער האָט געלט און קומט צוריק צו זײַן ווײַב, איז מסתּמא אמת.

— ס׳האָבן זיך אים, ווײַזט אויס, דערעסן די פּאַטייטעס מיט די טאָמייטעס

— האָט זיך איינער געוויצלט.

— וואָס איז די נפֿקא־מינה צוליב וואָס ער קומט — די שאלה איז נאָר, צי וועט ער מיטברענגען די מיליאָנען?

— און אַז ער וועט ברענגען איין מיליאָן, איז ניט גענוג?

— פֿאַר מיר איז עס גענוג, אַז ער וועט מיר באַצאָלן די פּאָר רובל שדכנות, וואָס ער קומט מיר ווען איך האָב אים באַקענט מיט שרהלען.

— שרהלע האָט זיך בײַ מיר אין שטוב אויסגעהאָדעוועט, און בײַ זײַן ייִנגל בין איך געווען סנדק.

— זײַן ייִנגל איז בײַ מיר אין קרעמל דער גאַנצער בעל־הבית.

— מײַן גאַנץ קרעמל האָט ער צעטיילט מתּנות פֿאַר די קאָזאַקן.

— און בײַ מיר אין שטוב, געדענקט איר, האָט ער אַמאָל אַראָפּגעלאָזט די הויזן, און אינמיטן צימער, אויף דער פּאַדלאָגע...

— נו, זעט איר דאָך שוין וואָס פֿון אַ קאַ—ער קען ווערן! איר זײַט אַ מבֿין אויף זײַן שפּילן?

— פּאַגאַניני איז אַ הונט אַנטקעגן אים.

העשל פּאָנפּאַטש האָט אַפֿילו אַ מרוקע געטאָן:

— אַז מע האָט אַ טאַטן אַ מיליאָנער, קאָן מען שוין שפּילן אַפֿילו אויף אַ בעזעם.

אָבער דער עולם האָט אים פֿאַרשריִען, אַז ער פֿאַרשטייט זיך אויף מוזיק ווי אַ חזיר אויף מאַראַנצן.

יעדער איינער האָט געהאַלטן פֿאַר נויטיק עטלעכע מאָל אין טאָג מיך צו באַגריסן מיט מײַן דערפֿאָלג און דערבײַ מיך פֿרעגן, ווען קומט מײַן פֿאָטער, און פֿאַרוואָס זאָל איך ניט געבן נאָך אַ קאָנצערט נעבן זײַן שטעלכל.

די באַגײַסטערונג פֿון מײַן קאָנצערט און די פֿיבערדיקע שפּאַנונג האָבן

אָנגעהאַלטן עטלעכע וואָכן, ביז אין איינעם אַ טאָג איז אויסגעבראָכן אַ טומל אויפֿן מאַרק: מײַן טאַטע פֿאָרט שוין אויף אַ שיף, אויף אַ באַן, אויף אַ דראָשקע... און דער עולם האָט זיך באַלד געלאָזט לויפֿן צום וואָקזאַל.

פֿון דער ווײַטן האָבן זיי שוין געזען אָנקומען די דראָשקע פֿון דעם אַלטן איזוואָשטשיק קאַפּוסטאַ. אין דער דראָשקע איז געזעסן מײַן פֿאָטער, אויסגעפּוצט אין אַ געקעמלטן אָנצוג, מיט אַ ברוינעם קאַפּעליוש. אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַ שטעקן מיט אַ זילבערן הענטל און מיט אַ גאָלדענעם מאָנאָגראַם. אין מויל האָט זיך געוואָרפֿן פֿון זײַט צו זײַט אַ לאַנגער דיקער ציגאַר.

דער אָנגעלאָפֿענער המון האָט זיך פֿונאַנדערגעטיילט און געמאַכט אַ וואַרע פֿאַר דעם אַמעריקאַנער מיליאָנער, וואָס האָט אַרויסגענומען פֿונעם בוזעם אַ הויפֿן גרינע געלט־פּאַפּירלעך און זיי אַרײַנגערוקט אין די הענט פֿון די וואָס האָבן זיך געקלאַמערט אַרום דעם וואָגן.

אין וואָגן זײַנען צוזאַמען מיטן מיליאָנער געזעסן מײַנע צוויי מאַמעס: שרה און פֿעלגאַ. איך האָב אַרויפֿגעקלעטערט אויף דער צוזאַמענגעלייגטער בויד און דאָרטן אין גליקלעכער באַגײַסטערונג געברומט ״פּערפּעטוום מאָבילע״...

פֿון יענעם טאָג האָבן די פּאַסירונגען גענומען פֿליִען מיט דער שנעלקייט פֿון אַ נס. אַ וואָך שפּעטער האָט דער מיליאָנער מיט זײַן הויזגעזינד פֿאַרלאָזט די מאַרקגאַס און, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ מיליאָנער, זיך איבערגעקליבן אויף דעם אַריסטאָקראַטישן בולוואַר פֿון הייליקן געאָרגי. מיך האָט מען אויסגעפּוצט אין אַן אָנצוג פֿון טשי־סו־טשאַ, אין לאַקירטע געקנעפּלטע שיך, מיט אַ זײַדן נאָזטיכעלע, און מיך אַרויסגעלאָזט אויפֿן גרויסן שיינעם בולוואַר, איך זאָל אָנהייבן אַ נײַ לעבן פֿון אַ מיליאָנערס אַ זון.

# ט

אין מײַן נײַעם גליקלעכן מצב וואָלט מען געקאָנט דערוואַרטן איך זאָל זיך באַזאָרגן מיט אַן אמתן פידל און פאָרן קיין פעטערבורג אין אַ קאָנסערוואַטאָריע און ווערן, אויב ניט פּאַגאַניני, איז לכל הפּחות אַ גוטער מוזיקער. אָבער געשען איז אינגאַנצן עפּעס אַנדערש.

בלויז עטלעכע וואָכן נאָך דעם ווי איך בין אַרײַנגעקראָכן אין די לאַנגע, עלעגאַנט־געפּרעסטע טשי־סו־טשאַ הויזן, האָב איך פאַרגעסן אַלע מײַנע אַמביציעס צו פאַרזאָרגן די אָרעמע מאַרק־מענטשן מיט מוזיק, און אָנשטאָט דעם זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַן אַוואַנטורע, וואָס האָט געפּאַסט מער פאַר אַ מיליאָנער: אַן אַוואַנטורע מיט אַ פרוי. איך מוז אָבער זאָגן, אַז איך בין צו דעם ניט געקומען אינגאַנצן צופעליק, און ניט אָן אַ געהעריקער צוגרייטונג.

כּמעט פון דער ערשטער וואָך, ווען מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן אויפן בולוואַר פון הייליקן געאָרגי, פלעגן זיך יעדן דאָנערשטיק אין פאָיע פון אונדזער רײַכן הויז צוזאַמענקלײַבן די קבצנים פון דער משפּחה, און גלאַט אָרעמע פרײַנד פון דער מאַרקגאַס און וואַרטן ביז דער אַמעריקאַנער מיליאָנער וועט זיי אײַנטיילן עפּעס אויף שבת. צוערשט האָבן זיך געהערט בלויז ברכות אויפן קאָפּ פון דעם מיליאָנער, אָבער אינגיכן האָט זיך דערהערט אַ קול פול מיט קינאה און ביטערניש: „אויב אַזוי, האָט שוין דער מיליאָנער געמעגט בלײַבן אין אַמעריקע מיט זײַן מיסיס". ווער מיסיס, וואָס מיסיס — האָט מען זיך איינער דעם אַנדערן געפרעגט, און פּרובירט דערקלערן. און באַלד איז די מיסיס געוואָרן אַ וויכטיקע פיגור אין פאָיע.

די געשיכטע וועגן דער פאַרבינדונג פון מײַן פאָטער מיט דער מיסיס איז געווען קורץ און פּשוט. ווען ער איז אָנגעקומען אין אַמעריקע, איז ער געווען אַ „באָרדער" בײַ אַ מיסיס. אַלץ וואָס מ'האָט וועגן איר געוווּסט, איז געווען, אַז זי האָט געהאַט געפּאַרבטע בלאָנדע לאָקן, גראָבע פיס און אַ ברייטן הינטן. אַזוי ווי די מיסיס האָט אין איר קליינער וווינונג געהאַט נאָך עטלעכע „באָרדערס", איז מײַן פאָטער אויסגעקומען צו שלאָפן אויף דער פּאַדלאָגע. דאָס אַלץ האָט מען געוווּסט פון די בריוולעך, וואָס ער האָט געשריבן צו מײַן מאַמען. אָבער פּלוצלינג האָט ער אויפגעהערט שרײַבן. די סיבה דערפון איז געווען, וואָס די מיסיס האָט זיך מיטאַמאָל דערבאַרעמט אויף איר אָרעמען שיינעם „באָרדער" און אים פון דער פּאַדלאָגע אַרײַנגענומען צו זיך אין בעט. דאָס וואָלט נאָך ניט געווען אַזוי געפערלעך. די צרה איז אָבער געווען, וואָס

זי האָט אים שוין מער פון בעט ניט אַרויסגעלאָזט. וויאַזוי ער האָט זיך פּאָרט אַרויסגעריסן פון איר בעט און פּלוצלינג געוואָרן אַ מיליאָנער, וועגן דעם זייַנען אַרומגעגאַנגען צענדליקער ווערסיעס פון אויער צו אויער.

די באַגלייביקסטע איז געווען, אַז איינמאָל, ליגנדיק מיט מייַן פֿאָטער אין בעט, האָט אים די מיסיס אַרייַנגעשושקעט אין אויער אַ סוד וועגן עפּעס אַ פּאַטענט פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, אַ קירזשנער, וויאַזוי אָפּצופּאַרבן אַן עק פון אַ קאַץ, ער זאָל האָבן דעם קאָליר פון אַ זילבערפוקס. מייַן פאָטער האָט באַלד גענומען אויסניצן דעם פּאַטענט און, אַזוי ווי אין אַמעריקע פּאַסירט אַלץ גיך און גרינג, האָט לאַנג ניט געדויערט און ער איז געוואָרן אַ מיליאָנער.

וואָס־זשע האָט אים צוריקגעבראַכט אַהיים? אויך וועגן דעם זייַנען אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע קלאַנגען. און דער באַגלייביקסטער איז, אַז נאָך דעם ווי ער איז געוואָרן אַ מיליאָנער, האָט ער זיך באַטראַכט, אַז איין בעט איז ניט גענוג גרויס פאַר צוויי מענטשן, און ער איז טאַקע באַלד אַוועק אין אַן אַנדער הויז מיט אַ גרעסער בעט. דער מיסיס האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, און איין מאָל, ווען זי האָט אים געפונען ליגן מיט אַ צווייטער מיסיס, האָט זי פון האַנטבייַטל אַרויסגעכאַפּט אַ פלעשל מיט קאַרבאָלקע און עס אַרייַנגעגאָסן אין בעט. אַ גליק, וואָס מייַן טאַטע איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ, אַניט וואָלט ער אַרויס פון בעט אַ בלינדער. דאָס האָט אים אַזוי איבערגעשראָקן, אַז ער האָט באַלד געכאַפּט אַ שיף און איז אַנטלאָפן אַהיים.

צי דאָס איז אמת אָדער ניט, ווייס איך ניט, נאָר ווען כ׳האָב איינמאָל, דורכגייענדיק דעם פּאַיע, אויפגעכאַפּט די מעשה מיטן שפּיץ אויער, איז מיר די מיסיס אַרייַן אין די ביינער.

זיך דערוויסן מער פרטים וועגן דעם האָב איך ניט געקענט, וואָרעם ריידן מיט די קבצנים האָט מיר ניט געפּאַסט, און פרעגן דעם טאַטן האָב איך זיך ניט דערוועגט.

צו דעם איז באַלד צוגעקומען אַ נייַע פּרשה, אָבער דאָס מאָל ניט אין פּאַיע, נאָר אין די אינעווייניקסטע צימערן: פעלגאַ איז טראָגעדיק געוואָרן. און ניט פון קיין אַנדערן, ווי פון דעם קאָזאַק אַרקאַשקאַ.

דער טאַטע האָט זיך תּיכּף אָנגענומען פעלגאַס קריוודע און האָט דעם קאָזאַק גערופן צו זיך. אַרקאַשקאַ איז געקומען און מיט גרויס דרך־ארץ זיך געשטעלט נעבן דער טיר, מיטן היטל אין האַנט, אָנגעשפּאַרט אויף זייַן שווערד. נאָך אַ קורצן אַרייַנפיר האָט מייַן טאַטע אַרויסגעשטעלט אַ קאָנדיציע: אָדער דער קאָזאַק האָט חתונה מיט פעלגאַן, אָדער מייַן טאַטע גייט גלייַך צום גענעראַל רענענקאַמף אים פאַרקלאָגן.

אַז מייַן פאָטער איז אַ גאַנצער שמעלקע מיט דעם הויפּט־גענעראַל פון

דעם גאַרניזאָן אין שטאָט, איז פאַר קיינעם קיין נײַעס ניט געווען, וואָרעם נאָך די ערשטע טעג ווי ער איז צוריקגעקומען פון אַמעריקע, האָט זיך אין שטאָט פאַרשפּרייט זײַן רעפּוטאַציע ווי דער בעסטער מבין אויף זילבערפּיקס און מ׳האָט אים טאַקע באַלד גערופן צו אַ דאַמע, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן אַ ווײַב פון אַ גענעראַל.

די גענעראַלשע האָט אים באַלד פאָרגעשטעלט פאַר דער מאַדאַם רענענקאַמף, וועלכע האָט אים געמאַכט פאַר איר אויפזעער, צושטעלער און צושנײַדער פון אירע טײַערסטע פעלצן.

די חשבונות האָט מײַן טאַטע געפירט מיטן גענעראַל פּערזענלעך. ער איז געווען אַ היפּשער שיכּור און אַ קאָרטנשפּילער, און געהאַט שוועריקייטן אין באַצאָלן זײַנע חובות. דאָס האָט מײַן טאַטן געבראַכט צו אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער גרעסטער מיליטערישער פיגור פון דער געגנט.

פון דעסטוועגן האָט דער קאָזאַק זיך אָנגענומען מיט מוט און פאַרלייקנט זײַן שולד. מײַן סימפּאַטיע איז, נאַטירלעך, געווען אויף דער זײַט פון מײַן משפּחה. אַחוץ דעם האָב איך נאָך געטראָגן אין מײַן זכּרון די מיאוסע אויפפירונג פון דעם קאָזאַק אין דער צײַט פון די ״קאָנסעקוועמצן״. אין דעם מאָמענט האָט אָבער עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט געביטן מײַן מיינונג וועגן אַרקאַשקאַן, און איך בין אין האַרצן אַריבער אויף זײַן זײַט.

דאָס איז געשען ווען אַרקאַשקאַ האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז אפשר ניט דער איינציקער טאַטע פונעם קינד. פעלגאַ איז אויפגעשפּרונגען פון טיש און אים אַראָפּגעלאָזט פיר פײַערדיקע פּעטש, צוויי אויף איטלעכער באַק. אַרקאַשקאַ האָט מיט זײַן עלנבויגן פאַרשטעלט דאָס פּנים און אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, און אויף אַזאַ אופן האָט פעלגאַ אים געקאָנט אָנכאַפּן בײַ דער טשופּרינע און שלײַדערן זײַן קאָפּ מיט אַזאַ רציחה, אַז דאָס זילבערנע אויערינגל זײַנס האָט זיך אָפּגעריסן פונעם אויער און זיך פאַרקײַקלט ערגעץ אונטערן טיש. און ווען ניט מײַן מאַמע, וואָס האָט פעלגאַן צוריקגעשלעפּט צום טיש, ווער ווייס צי די ווילד־געוואָרענע דינסט וואָלט בײַם קאָזאַק אינגאַנצן ניט אַראָפּגעריסן דעם קאָפּ.

אין וואָס זײַן חטא איז בעצם באַשטאַנען, האָב איך ניט גענוי באַנומען, אָבער די שטראָף וואָס דער קאָזאַק האָט איצט באַקומען, האָט מיר אויסגעוויזן צו זײַן צו האַרב, אַפילו מ׳זאָל שוין צורעכענען זײַן מיאוסע אויפפירונג קעגן מיר.

אַרקאַשקאַ איז געווען דער לעגענדאַרישער העלד פון מײַן קינדהייט. איצט, ווען איך האָב געזען ווי אָט דער העלד מיט זײַן גרויסער שווערד אויף איין זײַט, און דעם רעוואָלווער אין דער צווייטער זײַט שטייט מיט צעפּאַטלטע האָר און צעפלאַמטע באַקן, און פון מויל רינט אים אַ ריטשקעלע בלוט, האָט מיר אַ צוף געטאָן בײַם האַרצן פון גרויס ווייטיק.

באַלד האָט זיך מייַן טאַטע אויפגעשטעלט, אַרומגענומען דעם צעשלאָגענעם קאָזאַק, אים אַוועקגעזעצט בייַם טיש און געהאַלטן פאַר אים אַ לאַנגע לעקציע, אויסמישנדיק זייַן רוסיש מיט דרייַ אַמעריקאַנער ווערטער, וואָס ער פלעגט צוטשעפּען כּמעט נאָך יעדער צווייטער, דריטער פראַזע: יעס, אָל־רייַט, גוד־בייַ.

וואָס די דרייַ ווערטער מיינען, האָט אַרקאַשקאַ, ווי קיינער פון אונדז, ניט פאַרשטאַנען, אָבער ס׳איז געווען קלאָר, אַז די דאָזיקע ווערטער האָבן אויף דעם אָרעמען קאָזאַק געמאַכט ניט קיין קלענערן רושם ווי אויף די הויכע מיליטערלייַט. ער האָט אָפּגעווישט מיטן אַרבל זייַנע פאַרבלוטיקטע ליפּן און זיך צעשמייכלט. ווען דער טאַטע האָט דאָס דערזען, האָט ער אַרויסגענומען אַ פּעקל פּאַפּיר־געלט און אַרויסגעלייגט אויפן טיש; דערנאָך גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן דעם קאָזאַק אין פּלייצע און, אַריבערגייענדיק אויף „דו“ אים געזאָגט בערך אַזוי: אָל־רייַט, זאָג: יעס, דער שידוך איז געשלאָסן און גוד־בייַ. וואָלסטו ניט געווען דער טאַטע פון דעם קינד, צייַט קרענקסטו צי איך וואָלט דיר געגעבן פּעלגאַן פאַר אַ ווייַב, יעס. און וואָלט שרה ניט געווען מייַן ווייַב, וואָלט איך אַליין אַ בעלן געווען מיט פּעלגאַן חתונה צו האָבן. אָבער אַפילו אַזוי, איז זי דאָ אין הויז געווען די בעל־הביתטע און האָט אויסגעהאָדעוועט אַלע מייַנע קינדער. וואָס וועט דיך אַרן, אַז זי וועט פאַר דיר אויסהאָדעווען אַזאַ יאַט ווי יאָסיק? וואָרעם צווישן אונדז גערעדט, ווער ביסטו און וואָס ביסטו? אַ פאַרלויזיקטער קאָזאַק, שלאָפסט און עסט פון איין קאָריטע מיט דייַן פערד, און אַלץ וואָס דו קענסט, איז שלאָגן די זשידעס אויפן אַלטן מאַרקפּלאַץ. דאָס איז אַ תּכלית? דאַרפסט וויסן, אַז דו נעמסט אַ ווייַב פון אַ מיליאָנערסקע הויז און קריגסט נדן טויזנט קאַרבן. יעס. ווען דו וואָלסט נאָר געקענט האַלטן אַ פּען אין האַנט, און געקענט אַ ביסל רעכענען, וואָלסטו געוווּסט, אַז מיט דייַן געלט וואָס דו קריגסט, דאַרף דיר נעמען גאַנצע צוויי הונדערט יאָר זאָלסט קענען אָפּשפּאָרן אַזאַ פאַרמעגן. אָל־רייַט. זייַ ניט קיין נאַר, זייַ אַ מענטש, נעם דייַן ווייַב, נעם דאָס געלט און זאָג: יעס. אָל־רייַט, גוד־בייַ, פאַר אַהיים קיין קובאַן, קויף אַ הויז, קויף אַ קו און לעב אַ טאָג. מיט אַזאַ ווייַב און מיט אַזאַ נדן, גלייב מיר, וועלן דיך אַלע קאָזאַקן מקנא זייַן.

אַ מינוט האָט זיך נאָך אַרקאַשקאַ געקווענקלט, אָבער באַלד איז ער צוגעגאַנגען צו פּעלגאַן, איר אַ קוש געטאָן אין קאָפּ און אין האַנט, פון וואָס זי האָט זיך שרעקלעך צעכליפּעט, און איז אַרויסגעלאָפן פון צימער.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט פּעלגאַ אַראָפּגענומען דעם בינט שליסלען, וואָס זי האָט יאָרנלאַנג געטראָגן אויף זיך, און אים איבערגעגעבן מייַן מאַמען, וואָס האָט באַלד געעפנט אַלע קאַמאָדן און אַרויסגעלייגט אויפן טיש לייַלעכער, ציכלעך, העמדער, קליידער, לעפל, גאָפּל און אַנדער געשיר.

אַרקאַשקאַ האָט אַלץ איַינגעפּאַקט אין גרויסע זעק און אַרויסגעטראָגן צו דער פור, וואָס האָט אין דרויסן געוואַרט.

מיַינעביידע מאַמעס האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און מיט אַ געוויין זיך אַ לאַנגע ציַיט געקושט אין די פּנימער און אין די הענט. דערנאָך האָט זיך פּעלגאַ אַרויפגעוואָרפן אויף מיר, מיך שטאַרק געדריקט צו זיך, ווי זי וואָלט מיך געוואָלט אַריַינקוועטשן אין איר אויפגעבלאָזענעם בויך, און האָט אַרויסגעכליפּעט: איך וועל מיַין קינד רופן מיט דיַין נאָמען!

אַרקאַשקאַ האָט זי קוים אָפּגעריסן, זי אַרויפגעזעצט אויף דעם פול־געפּאַקטן וואָגן, און אַליין איז ער נאָכגעגאַנגען פון הינטן. דער וואָגן איז שוין געווען וויַיט איבערן בולוואַר, און איך האָב זיי נאָך אַלץ באַגלייט מיט פאַרטרערטע אויגן. איך בין געווען שטאַרק גערירט פון דער צעשיידונג מיט מיַין צווייטער מאַמען, אָבער נאָך מער האָט מיך געדריקט אַ רחמנות־געפיל צו אַרקאַשקאַן, וועלכער האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָכן וואָגן ווי אַ הונט אויף אַ שטריק.

אפשר איז עס געווען דערפאַר וואָס איך, ווי דער זון פון אַ מיליאָנער האָב געוווסט ווי ווינציק עס זענען די טויזנט קאַרבן, וואָס פאַר אַ נישטיקער פּריַיז דאָס איז פאַר איינעם, וואָס דאַרף זיך אויף אייביק צעשיידן מיטן מאַרקפּלאַץ. וואָרעם וואָס האָט שוין דעם אָרעמען אַרקאַשקאַ געקאָנט דערוואַרטן אין קובאַן מער ווי מיך, דעם מיליאָנער אויפן בולוואַר פון הייליקן געאָרגי? איך האָב ווינציק געוווסט ווו ס'איז קובאַן, אָבער איך בין געווען מער ווי זיכער, אַז ס'איז אויף דער גאַנצער וועלט ניטאָ אַזאַ ליכטיק, פריילעך שטיקל ערד ווי די, וואָס איז געלעגן צווישן דער יאַטקעווער־גאַס און דער מאַרקגאַס...

*

פון זינט מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן אויף דעם אַריסטאָקראַטישן בולוואַר, איז מיר ניט איין מאָל געקומען אויפן געדאַנק, אַז ווען איך קען, וואָלט איך אויפגעגעבן אַלע מיַינע מיליאָנען און צוריקגעלאָפן צום מאַרקפּלאַץ, וויַיל מיט דער גאַנצער שיינקייט און ריַיכקייט פון דעם בולוואַר, בין איך דאָ געוואָרן פון אַ זאַך, פון וועלכער איך האָב קיינמאָל פריִער אין מיַין לעבן ניט געוווסט: לאַנגוויַיליקייט.

אַ גרויסער בולוואַר מיט שיינע היַיזער, פיַינעביימער — אָבער ווו זיַינען די מענטשן? און אַז עס וויַיזן זיך שוין אַמאָל אַ פּאָר מענטשן, איז קוים וואָס זיי גייען, קוים וואָס זיי ריידן. ניט מען קריגט זיך, ניט מען קושט זיך. קינדער ליגן באַהאַלטן אין די היַיזער; דעם בולוואַר ניצן זיי בלויז אַדורכצוגיין פון הויז צו הויז. צי ס'איז מאָנטיק צי ס'איז דאָנערשטיק — אויפן בולוואַר איז שטענדיק שבת, שטיל, רויִק און נודנע. איצט, מיטן אַוועקפאָרן פון

פּעלגאַן און אַרקאַשקאַן, איז דער לאַנגער, פּוסטער בולוואַר געוואָרן צוויי מאָל אַזוי לאַנג און צוויי מאָל אַזוי פּוסט.

דעריבער איז קיין ווונדער ניט, אַז ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען צוויי ייִנגלעך אין גימנאַזיסטישע מונדירן, וואָס זײַנען געשטאַנען און אַרויפגערעדט צו אַ מיידעלע בײַם פּענצטער פון צווייטן שטאָק, בין איך פאַרצאַפּלט געוואָרן און ניט געקענט אָוועק פונעם אָרט. פאַרפירן מיט זיי אַ באַקאַנטשאַפט וואָלט אויף דער מאַרקגאַס געווען איינע פון די גרינגסטע זאַכן. אָבער דאָ, אין דער אַריסטאָקראַטישער געגנט, אין מײַנע עלעגאַנטע קליידער, האָב איך געוווּסט, אַז די מאַניערן פון אַלטן מאַרק זײַנען ניט אויפן פּלאַץ. דאָ, האָב איך שוין געלערנט, קאָן מען ניט גלאַט צוגיין צו אַ מענטש און ריידן. דאָ דאַרף מען עפּעס פרעגן אָדער עפּעס זאָגן, גלײַך אַראָפּנעמען דאָס היטל און זיך אַנטשולדיקן.

מיט מײַן גאַנצער אײַנפאַלערישקייט האָב איך ניט געקענט צוטראַכטן וואָס זיי צו פרעגן, כּדי זיך גלײַך צו אַנטשולדיקן. און בכלל, וועגן וואָס קען מען שוין ריידן דאָ, אויף דעם וויסטן בולוואַר? וואָס פּאַסירט דאָ, מע זאָל קענען וועגן דעם ריידן? קוים האָב איך שוין ענדלעך באַמערקט, אַז מען רעדט דאָ יאָ, האָב איך זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק און פּרובירט אויף מײַן אייגענעם אופן פאַראָוואָצירן אַ שמועס מיט די גימנאַזיסטן.

פאַרבײַגייענדיק, האָב איך בכּיוון פאַרלוירן אַ מטבע נעבן זיי, און בעת כ׳האָב זי געזוכט, האָב איך געוואַרט אַז עמעצער פון די גימנאַזיסטן זאָל זיך אָפּרופן מיט אַ וואָרט. אָבער ביידע האָבן מיך איגנאָרירט.

עטלעכע טעג שפּעטער, ווען איך האָב זיי ווידער געזען בײַם פּענצטער פון דעם מיידעלע, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און, פאַרבײַשפּאַצירנדיק, מיט אַ ברייטן שמייכל אַ פּינטל געטאָן מיטן אויג צו איינעם פון די גימנאַזיסטן. אָבער ער האָט אַרויסגעשטעלט אַ צונג און אַ שפּײַ געטאָן אין מײַן ריכטונג. אין דער זעלביקער צײַט האָט דער צווייטער גימנאַזיסט פון הינטן־אַרום אונטערגעשטעלט אַ פיסל, און ווען איך האָב געוואָלט אויסמײַדן דעם שפּײַ און געמאַכט אַ טראָט אויף צוריק, האָב איך זיך איבערגעקוליעט און זיך אויסגעצויגן אויף דער לאַווע.

אויף דער מאַרקגאַס וואָלט איך עס זיכער ניט פאַרשוויגן. איך וואָלט זיך אויף זיי געוואָרפן און זיי צעבריקעט מיט די פיס. אָבער דאָ, אין דער אַריסטאָקראַטישער געגנט, האָבן מײַנע לאַקירטע שיך מיט די ווײַסע פערלמוטערנע קנעפּלעך געהאַלטן מײַנע פיס אין צוים.

אָבער דאָס אַליין וואָלט נאָך ניט געווען גענוג מיך צוריקצוהאַלטן. אין דער אמתן האָבן מיך זייערע בלויע, שטײַף־אײַנגעצויגענע גימנאַזיסטישע מונדירן מיט די צוויי רייען בלישטשענדיקע קנעפּ אויף דער גאַנצער לענג פון דער ברוסט, די ווײַסע לאַמפּאַסן אויף די הויזן, און בפרט די גרויסע

ניקלנע קאָקאַרדעס אויף די גרינע לאַמקעס פון זייערע היטלען, מיך אַזוי פריטשמיעלעט.

באַלד אין די ערשטע חדשים נאָך דעם ווי איך בין געוואָרן אַ מיליאָנער, האָט מיך מײַן טאַטע אַוועקגעפירט אין דער זעלביקער רעגירונגס־גימנאַזיע, צו וועלכער די צוויי גימנאַזיסטן האָבן, ווערדליק זייערע מונדירן, באַלאַנגט. דאָרט האָט מען מײַן טאַטן איידל געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ייִדישע אַפּליקאַנטן ווערן צוגעלאָזט צו די אײַנטריט־עקזאַמענס אין אַ קוואָטע בלויז פון צען פּראָצענט, און אַז פון די צען פּראָצענט, וואָס האַלטן אויס די עקזאַמענס, קענען בלויז אַ דריטל אַרײַנגענומען ווערן.

אַלץ וואָס האָט מיך פון דער ערשטער קאַטעגאָריע אַרײַנגעשטעלט אין דער צווייטער, האָט מײַן פֿאָטער געקויפט מיט היפּשע סומעס "שמירעכץ" פאַר איטלעכן "פינף" באַזונדער. אָבער אַפילו אין דער צווייטער קאַטעגאָריע בין איך נאָך אַלץ געווען ניט מער ווי איינער פון די פיר־פינף דורכגעלאָזטע קאַנדידאַטן. און היות ווי אַ דריטל פון דער צאָל האָט אויסגעמאַכט בערך איינס און דרײַפערטל ייִד, האָבן די ייִדן, נאָך דעם ווי זיי האָבן שוין אויסגעהאַלטן די עקזאַמענס, געדאַרפט וואַרפן גורל צווישן זיך. דער וואָס האָט אַרויסגעצויגן דעם גאַנצן נומער, איז געווען דער גליקלעכער אָנגענומען צו ווערן. דער, ווידער, וואָס האָט געקראָגן דעם דרײַפערטל־נומער, האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט אין אַ יאָר אַרום ווידעראַמאָל אַדורכצוגיין די זעלביקע פּראָצעדור. אָבער, אַזוי ווי איך בין געווען גראָד דער, וואָס האָט אַרויסגעצויגן דעם פוסטן נומער, און קעגן דעם האָט שוין קיין "שמירעכץ" אויך ניט געקענט העלפן, איז מײַן האָפענונג אַרײַנצוקריכן אין אַ מונדיר, אַפילו אין אַ יאָר אַרום, געווען זייער אַ שוואַכע.

דער מונדיר, וועלכן מײַן פֿאָטער האָט שוין געהאַט באַשטעלט בײַ אורע דעם שנײַדער, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן פונקט ווען דער שנײַדער האָט שוין געהאַלטן בײַם צושנײַדן די הויזן.

אינעם מאָמענט האָט מיך די דאָזיקע ייִדישע קאָמפּליקאַציע ווינציק וואָס באַאומרויִקט, וואָרעם קיין גרויסן חשק צו לערנען האָב איך סײַ־ווי ניט געהאַט. אָבער איצט, אין מײַן צוזאַמענשטויס מיט די צוויי ייִנגלעך, האָבן זיך זייערע בלישטשענדיקע מונדירן מיר אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן מיט אַ באַזונדערער וויכטיקייט. איך האָב דעריבער זיך שטיל אויפגעהויבן פון טראָטואַר און זיך גיך אָפּגעטראָגן.

דער שפּיץ אין פנים, וועלכן איך האָב באַקומען פון די גימנאַזיסטן, האָט מיך ניט געלאָזט רוען. אָבער אַלץ וואָס איך האָב געקענט טאָן, איז געווען — זיך צו שפּילן מיטן געדאַנק, אַז אויב איך קען ניט צונעמען פון די גימנאַזיסטן די גאַס, קען איך אפשר צונעמען בײַ זיי דאָס פענצטער מיט דעם מיידל פון דער גאַס. און ניט ווײַל איך האָב געהאַט וועלכן עס

איז אינטערעס צו דעם מיידל; פאַרקערט, נאָך דער געשיכטע מיט פּעלגאַן און מיט דער אַמעריקאַנער מיסיס, זײַנען פאַר מיר פרויען געווען גאָר אַ קליינע אַטראַקציע. אַחוץ דעם האָב איך בכלל ניט געוווּסט ווער און וואָס איז דאָס מיידל. געקענט האָב איך בלויז אַ העלפט פון איר, די העלפט וואָס האָט אַרויסגעהאָנגען דורכן פענצטער אויף דער גאַס. אין איר גאַנצער גרייס האָב איך זי קיינמאָל ניט געזען. אָבער אַפילו די העלפט אירע איז געווען גענוג פאַר מיר, איך זאָל זיך נאָר קענען דערמיט אָפּרעכענען מיט די גימנאַזיסטן.

אין איינעם אַ טאָג האָב איך זי דערזען פונדערווײַטנס אין פענצטער. די גימנאַזיסטן זײַנען ניט געווען נעבן איר. צי זיי זײַנען שוין געווען און אַוועקגעגאַנגען, אָדער זיי האָבן אפשר ערשט געדאַרפט קומען — האָב איך ניט געוווּסט. פאַר מיר איז עס אָבער געווען די מזלדיקע געלעגנהייט פאַרבײַצוגיין און זיך צו אַנטשולדיקן.

— פאַרוואָס אַנטשולדיקט איר זיך? איך קען אײַך ניט, — האָט זי גוטמוטיק אַראָפּגעשמייכלט צו מיר.

— איך פאַרשטיי, אַז דאָ דאַרף מען זיך אַנטשולדיקן איידער מען באַקענט זיך.

— ווער האָט עס אײַך געזאָגט?

— צי בין איך ניט גערעכט?

— איר וווינט דאָ?

— ניין.

— איך האָב אײַך דאָ געזען עטלעכע מאָל פאַרבײַגיין.

— הייסט עס, אַז איר קענט מיך.

— ניין, איך קען אײַך ניט.

— מאָדנע, דאָרט פון וואַנען איך קום, זײַנען ניט פאַראַנען אַזעלכע מענטשן, וואָס קענען זיך ניט.

— איך פאַרשטיי אײַך ניט. אין וועלכער שול גייט איר?

— איך גיי ניט אין קיין שול, איך בין ניט פון דאַנען.

— טאָ ווער־זשע זײַט איר? פון וואַנען קומט איר?

איר שאלה איז געווען אַ גאַנץ נאַטירלעכע, פון דעסטוועגן האָט מײַן האַרץ אַ ציטער געטאָן און איך האָב דערפילט ווי מײַנע פיס זײַנען מיר פלוצעם שוואַך געוואָרן. זי וואָלט עס מיך קיינמאָל ניט געפרעגט, ווען איך זאָל שטיין פאַר איר אין אַ גימנאַזיסטישן מונדיר. אָן אַ מונדיר האָב איך פלוצעם דערפילט ווי איך וואָלט געשטאַנען פאַר איר אַ נאַקעטער און אויף אַ רגע האָב איך פאַרלוירן די קאָנטראָל איבער זיך און געלאָזט פון מײַנע ליפן פאַלן אַ וואָרט, פאַר וועלכן איך האָב באַלד אויפן אָרט חרטה געהאַט, אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט.

— פון אַמעריקע — האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון מײַן מויל, און צו די צרות האָב איך עס נאָך איבערגעחזרט — איך קום פון דעם ווײַטן לאַנד אַמעריקע.

זי האָט פונאַנדערגעריסן די אויגן, ווי זי וואָלט געזען פאַר זיך אַ מענטש וואָס איז געקומען פון הימל. דער צויבער פון דעם וואָרט "אַמעריקע", מיט וועלכן מײַן פאָטער האָט פאַרכּישופט גענעראַלן, האָט אויסגעוויזן איצט צו האָבן נאָך אַ גרעסערע ווירקונג אויף דעם מיידל.

— איר זײַט אַן אַמעריקאַנער? אַך, ווי אינטערעסאַנט, אַך, ווי װוּנדערלעך!

— האָט זי אין גרויס באַגײַסטערונג אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט ווי מיט צוויי פליגלען, גרייט אַרויסצופליִען פונעם פענצטער, און האָט אויסגעשריִען:

— דו יו ספּיק אינגליש? וואָנדערפול! פּליז, טאָק טו מי אין אינגליש!

מײַן פּנים האָט זיך צעפלאַקערט, מײַן האַרץ האָט זיך צעבאַראַבאַנעוועט אין אַ שרעקלעכער טרעוואָגע, איך זאָל זיך גלײַך אָפּטראָגן, וואָרעם איך בין דאָ אַרײַנגעפאַלן. אָבער דער אַספאַלט אויפן טראָטואַר איז ווי צעשמאָלצן געוואָרן. איך האָב ניט געקענט אַרויסקראָבקען מײַנע פיס, און אין גרויס צעטומלעניש האָב איך קוים אַרויסגעבאָלבעט מײַן פאָטערס דרײַ ווערטער:

— יעס... אָל־רײַט... גוד־בײַ...

זי האָט זיך נאָך אַ טיפערן בייג געטאָן דורכן פענצטער, ווי זי וואָלט שוין אינגאַנצן געוואָלט אַרויפשפּרינגען אויף מיר.

— וואַטס יור האַרי? אַר יו ביזי? ווודנט יו לײַק טו טאָק טו מי? אָ, אַמעריקאַ, אַמעריקאַ!

וואָס טוט מען? ווי אַנטלויפט מען פון דאַנען? ווו כאַפּט מען דאָ אַ שיף? ווי ראַטעוועט מען זיך אַרויס פון אַמעריקע?

— איך הער ניט וואָס איר רעדט — האָב איך מיט אַ מינע פון גרויס אָנשטרענגונג צוגעלייגט מײַן האַנט צום אויער.

— אָ, פאַרוואָס־זשע שטייט איר אויף דער גאַס? — איז זי איבערגעגאַנגען אויף רוסיש. — פאַרוואָס קומט איר ניט אַרויף צו מיר? צום ערשטן מאָל טרעף איך אַן אַמעריקאַנער. איך בין אַזוי צופרידן, איך בין אַזוי גליקלעך! איך בעט אײַך, קומט אַרויף!

אָ, דו זיבן מאָל פאַרשאָלטענער גימנאַזיסטישער מונדיר, אין וואָס פאַר אַ בלאָטע האָסטו מיך דאָ אַרײַנגעשלעפּט — האָב איך אין האַרצן אויסגעשריִען. אָבער אין דער זעלביקער צײַט האָב איך מײַנע אויגן ניט געקענט אָפּרײַסן פון דעם גלאַט פאַרקעמטן קעפּל מיט די גלאַנציקע אויגן, וואָס האָבן מיט אַזאַ צאַרט געבעט אַראָפּגעקוקט צו מיר.

ווער איז זי? — האָב איך געטראַכט — פון וואַנען קען זי ענגליש? אפשר איז עס גאָר ניט געווען קיין ענגליש? וואָס האָב איך מורא? וואָס, צו אַלדע גוטע יאָר, איז מיך באַפאַלן אַזאַ שרעק? פאַרוואָס זאָל איך טאַקע ניט

אַרויפגיין? בין איך דען ניט צוגעקומען מיטן גערעאַנק זי אַוועקצונעמען פון די חוצפּהדיקע גימנאַזיסטן? איצט, ווען איך האָב די בעסטע געלעגנהייט זיי אָנצולערנען, זאָל איך זיך אָפּשטעלן?

— ווי קומט מען אַרויף צו אײַך? — האָב איך ניט מיט מײַן קול אַרויסגעשעפּטשעט.

— אויפן ראָג איז דער אַרײַנגאַנג — האָט זי מיט גרויס צופרידנקייט אָנגעוויזן.

איך האָב געגומען גיין און געפילט, אַז באַלד־באַלד ברעך איך צוזאַמען אונטער דעם שווערן אַמעריקאַנער שטיין, וועלכן איך האָב זיך אַליין אָנגעהאָנגען אויפן האַלדז. עטלעכע מאָל האָב איך זיך פאַרהאַלטן אַ קוק צו טאָן, אפשר... אָבער זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אויסגעשטרעקט איר ווײַס הענטל, וואָס האָט פון דער ווײַטנס, אין גלאַנץ פון דער נאָכמיטאָג־זון, אויסגעזען ווי פון גאָלד:

— רעכטס, רעכטס, אויפן ראָג...

איך האָב זיך אַרויפגעשלעפּט אויף די עטלעכע מאַרמאָרנע טרעפּ, וואָס האָבן אַרײַנגעפירט אין אַ קײַלעכדיקן פאָדערהויז. די פּאַרלאָגע איז געווען אויסגעבעט מיט רויטן פּליוש, און אויף דער גאַנצער לענג פון דער רעכטער וואַנט איז געשטאַנען אײַנגעפּאַסט אין אַ רעם פון געשניצטע גאָלדענע בלומען אַ גרויסער טרומאָ־שפּיגל.

איך בין צוגעפאַלן צו דעם שפּיגל מיט אַזאַ פרייד, ווי איך וואָלט פאַרשלײַדערט געוואָרן פון אַ שטורעמווינט ערגעץ אויף אַ וויסטן אינדזל און דאָרטן פּלוצלינג געטראָפן אַן אַלטן גוטן פרײַנד.

הינטערן גלאָז, אין שפּיגל, איז טאַקע געשטאַנען מײַן אַלטער גוטער פּאַגאַניני דער ערשטער און געשמייכלט: יאָלד, וואָס דו ביסט! וואָס שרעקסטו זיך? דו קענסט ניט קיין ענגליש, איז וואָס? לייענען נאָטן קענסטו יאָ? פון דעסטוועגן שפּילסטו "פּערפּעטוום מאָבילע" בעסער פון אַלע פּאַגאַנינים. האָב ניט קיין מורא, איך בין מיט דיר. און פּונקט ווי איך פיר מיטן פּלעקל איבערן ברעטל און דו זינגסט די מעלאָדיע, אַזוי וועסטו איצט מאַכן מיט די ליפּן און איך וועל ריידן דעם ענגליש. מיט איין שפּרונג בין איך אַרויף די עטלעכע טרעפּ פון דעם פאָדערהויז ביז צו דער טיר און אַ שטאַרקן צי געטאָן דאָס גלעקל.

ד

ניוראַ האָט געעפֿנט די טיר און איך בין געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן די קאָנווערסאַציע — אין ענגליש.

זי האָט פֿאַרוואָרפֿן איר גלאַט פֿאַרקעמט קעפּל אָן אַ זײַט, ווי זי וואָלט זיך אָנגעשטרענגט בעסער צו פֿאַרשטיין מײַן מאָדנעם דיאַלעקט.

שווער איז פֿאַר מיר נאָר געווען איר צו קוקן גלײַך אין די אויגן. אָבער צו מײַן גליק האָט זיך אין דעם מאָמענט באַוויזן פֿון אַ װײַטיקער טיר אַ קליין ווײַס פּודעלע, מיט אַ ראָזן באַנד אַרום דעם האַלדז. דאָס הינטל האָט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף מיר מיט אַ קוויטשיקער בילערײַ, וואָס האָט פֿאַרטומלט מײַן דערוועגט פּלאַפּלען. איך האָב מיך אַראָפּגעבויגן און ממשיך געווען מײַן "ענגליש" צום פּודעלע. ווי ס׳האָט אויסגעזען, איז דאָס הינטעלע געווען דער איינציקער, וואָס האָט פֿאַרשטאַנען מײַן ענגליש, ווײַל עס האָט זיך באַלד באַרויִקט און גענומען לעקן מײַנע הענט. איך האָב זיך אויסגעגלײַכט און זיך געוואָנדן צו ניוראַן אויף רוסיש:

— פֿון וואַנען פֿאַרשטייט איר ענגליש?

— צוויי מאָל אַ וואָך נעם איך פּריוואַטע לעקציעס בײַ אַ לערערין פֿון ענגליש, אָבער איצט, ווען איך הער אײַך ריידן, זע איך, אַז איך האָב נאָך זייער ווייניק באַוויזן זיך אויסצולערנען.

— אפשר איז דאָס ניט אַזוי אײַער שולד, ווי דער לערערינס, אפשר לערנט זי אײַך ניט דעם ריכטיקן ענגליש. ווען איך האָב געהערט פֿון אײַך די פּאָר ווערטער, האָב איך אויך ניט פֿאַרשטאַנען. לאָמיר בעסער ריידן רוסיש, וואָס איז אַ סך אַ בעסערע און שענערע שפּראַך. און בכלל האָב איך ענגליש זייער ניט ליב.

— דאָס איז טשיקאַווע, אַן אַמעריקאַנער זאָל ניט ליב האָבן זײַן אייגענע שפּראַך!

— ניט נאָר די שפּראַך, — האָב איך אין פֿאַרלעגנהייט אַ דריי געטאָן מײַן פּוס אויפֿן קנאַפּל. — איך האָב אין אַלגעמיין ניט ליב אַמעריקע.

— דאָס איז אינטערעסאַנט, אָבער — האָט זי זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן — פֿאַרוואָס שטייען מיר בײַ דער טיר? קומט אַרײַן אין מײַן צימער.

דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען אין פֿאָיע. דאָס איינציקע ליכט איז דאָ געקומען פֿון ווינקל, פֿון אַ ציטערדיק פֿלעמל איבערגעדעקט מיט אַ רויטן קאַפּטערל אונטער אַ דרײַ־טאָוולדיק הייליק בילד, אײַנגעפּאַסט אין אַ זילבערנער רעם.

ווען ניוראַ איז פֿאַרבײַגעגאַנגען דאָס הייליקע בילד, האָט זי זיך גלײַך איבערגעצלמט, דערנאָך געעפֿנט איינע פֿון די זײַטיקע טירן און מיך אַרײַנגעפֿירט אין אַ צווייטן צימער. דאָ איז שוין געווען ליכטיק. די ווענט זײַנען געווען געדיכט באַהאָנגען מיט בילדער און פֿאָטאָגראַפֿיעס. כּדי אויסצומײַדן איר בליק, האָב איך זיך גלײַך פֿאַרטיפֿט אין די פֿאָטאָגראַפֿיעס, אָבער באַלד מיט אַ ציטער זיך אַ כאַפּ געטאָן אויף צוריק, ווי מײַן אויג וואָלט אָנגעטראָפֿן אויף אַ שאַרפֿן טשוואָק. אין אַ געבלימלט רעמל זײַנען געשטאַנען אַרומגענומען מײַנע צוויי שונאים, די גימנאַזיסטן, אין זייערע מונדירן, מיט די ביכער אונטערן אָרעם.

— ווער איז דאָס? — האָב איך אויסגעשריִען העכער ווי איך האָב געוואָלט.

— דאָס איז מײַן ברודער סאַשאַ — האָט זי אָנגעוויזן אויף איינעם — און דער צווייטער איז זײַן בעסטער חבֿר, ראָמעק זאַוואַדסקי. זײַן פֿאָטער איז אַ פּאָליאַק, אַ גענעראַל אין דער רוסישער אַרמיי — האָט זי מיט אַ צוקערדיק שמייכעלע דערקלערט.

איך האָב דערפֿילט אַ שוואַכקייט אין די קני, און בעת איך האָב געוואָלט זיך אָנשפּאַרן אין דער וואַנט, האָב איך מיטן עלנבויגן שיִער ניט אַראָפּגעריסן אַ מיניאַטור־בילדעלע אין אַ קײַלעכדיק רעמל, וואָס איז געהאָנגען גאָר נידעריק בײַ מײַן זײַט. כּדי צו פֿאַרגלעטן מײַן אומגעלומפּערטקייט, האָב איך ווידער אַ פֿרעג געטאָן:

— נו, און ווער איז דער?

— דאָס איז מײַן עלטער־זיידע, וואַקטוזען, פֿון דאָרפּאַט, אַ לאַטווישער באַראָן — האָט זי מיט אַ באַדײַטנדיקן שטאָלץ אויסגעגלײַכט דאָס בילדעלע אויף דער וואַנט.

איך האָב זיך גענומען שאַרן צו דער אָנגעוויזענער טיר, ווי איך וואָלט געגאַנגען אויף אַ שטריק איבער אַ טיפֿן גרוב פֿול מיט שלאַנגען. ערשט ווען זי האָט אײַנגעאַנצן פֿאַרמאַכט די טיר, האָב איך אָפּגעצויגן מײַן אָטעם. איך בין צוגעגאַנגען צום פֿענצטער, אַרויסגעקוקט אויפֿן פּוסטן בולוואַר און דערנאָך זיך אויסגעדרייט צו איר מיט אַ צופֿרידענעם שמייכל:

— אַך, ווי שיין דאָ איז!

— זיצט — האָט זי מיר אָנגעוויזן אויף אַ שעזלאָנג. אַליין האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן טעפּיך, מיט די פֿיס אונטער זיך.

— פֿאַרוואָס האָט איר פֿײַנט אַמעריקע? — האָט זי באַלד אָנגעהויבן.

— אָ, אַ סך צו דערציילן — האָב איך אַ שטילן זיפֿץ געטאָן. — מײַנע דערפֿאַרונגען דאָרטן זײַנען געווען ניט קיין פֿריילעכע... אַגבֿ האָב איך ניט אַזוי פֿײַנט אַמעריקע, ווי די מענטשן דאָרט, איבערהויפּט די פֿרויען, איבערהויפּט איין געוויסע מיסיס.

איר זיס פּנימל האָט זיך פֿאַרקרימט אין איין גרויסן פֿרעגצייכן. איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אונטער דער שווערער מאַסע זכרונות וועגן מײַנע ניט־אייגענע דערפֿאַרונגען מיט דער ״מיסיס״, דערנאָך מיט אַ שמייכל שטיל אַרויסגעמורמלט:

— יעס, אָל־רײַט, גוד־בײַ...

— וואָס, איר גייט שוין אַוועק? פּליז, איך בעט אײַך, גייט ניט אַוועק, דערציילט.

— אײַער ברודער מיט זײַן פֿרײַנד קענען אָנקומען, און אַז זיי וועלן מיך דאָ געפֿינען, קענען זיי מיך נאָך אַרויסטרײַבן.

— דאָס איז נאַריש — האָט זי מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט און אָפּגעפֿירט פֿון דער טיר — פֿאַרוואָס זאָלן זיי אײַך אַרויסטרײַבן?

— איך ווייס ניט פֿאַרוואָס, אָבער איר האָט דאָך אַליין געזען ווי זיי האָבן מיך דאָ ניט לאַנג צוריק אָפּגעשטויסן פֿון פֿענצטער.

— דאָס איז געווען אַ חוצפּה פֿון זייער זײַט!

— פֿאַרוואָס־זשע האָט איר זיך ניט אײַנגעשטעלט פֿאַר מיר און זיך ניט אָנגערופֿן מיט קיין וואָרט?

— איך האָב אײַך ניט געקענט.

— אָבער איצט וועט איר זיך אײַנשטעלן פֿאַר מיר?

— דאָס איז מײַן צימער. מײַן ברודער האָט זײַן אייגענעם צימער. אַגב, ווייס ער דאָך ניט, אַז איר קומט פֿון אַמעריקע. איך בין זיכער, אַז ווען ער זאָל וויסן, וואָלט ער געווען צופֿרידן זיך מיט אײַך צו באַקענען. אַחוץ דעם, זײַט איר געקומען צו מיר, ניט צו אים.

— יאָ, אָבער איך האָב אײַך שוין געזאָגט, אַז איך האָב מער גאָרניט צו טאָן מיט אַמעריקע. איך בין פֿון דאָרטן אַנטלאָפֿן, אויף אַ שיף...

— ווו זײַנען אײַערע עלטערן?

— איך בין אַנטלאָפֿן אַליין, אויף אַ שיף...

— איך פֿאַרשטיי ניט.

— איך בין געווען אַ ״באָרדער״ בײַ אַ געוויסער ״מיסיס״, אַן עקלדיקע פּרוי מיט דיקע פֿיס, און זי האָט מיך געוואָלט אָפּגיסן מיט קאַרבאָלקע. איך האָב מיך געראַטעוועט אויף אַ שיף, און דערפֿאַר וויל איך מער וועגן אַמעריקע ניט ריידן.

— איך פֿאַרשטיי ניט — האָט זי דערשטוינט פֿאַרריסן דעם קאָפּ. — איך האָב קיינמאָל אַזוינס ניט געהערט. אויב אײַך איז ניט אָנגענעם און איר ווילט ניט ריידן וועגן אַמעריקע, דאַרף מען ניט. לאָמיר ריידן וועגן עפּעס אַנדערש. מיר געפֿעלט ווי איר רעדט. קומט, זעצט זיך נעבן מיר אויף דער פּאַדלאָגע.

אין אירע ווערטער, און בפֿרט אין איר טאָן האָב איך אַרויסגעהערט אַן אויפֿריכטיק מיטגעפֿיל צו מײַנע צרות און כ׳האָב פֿאַרשטאַנען, אַז מיט דעם

קורצן שמועס איז מיר געראָטן זי צו אַנטווישן אין דעם לאַנד און אין דער שפּראַך, צוליב וועלכער זי האָט מיך פֿאַרבעטן צו זיך.

די שאלה איז אָבער געווען: וואָס זאָגט מען ווײַטער? זיצן שווײַגנדיק, פּאַסט ניט. ריידן — איז ניטאָ וועגן וואָס. אויפֿן אַלטן מאַרקפּלאַץ האָט מען מיר דאָס מויל ניט געקענט פֿאַרמאַכן. אויפֿן בולוואַר האָב איך טאָג־אײַן, טאָג־אויס אַרומגעבלאָנקעט און געחלשט אויסצוריידן אַ וואָרט. איצט, אַז איך קען שוין און דאַרף שוין ריידן — האָב איך ניט וועגן וואָס.

זאָל איך איר אויסזאָגן דעם אמת, אַז איך קום ניט פֿון אַמעריקע, נאָר פֿון דעם אַלטן ייִדישן מאַרקפּלאַץ? זאָל איך איר דערציילן ווי איך האָב דאָרט היטלען פֿאַרקויפֿט, הינער געקאָרמעט, טויבן געלאָנטשעט, אין קאָרטן געשפּילט, אַ גולם געמאַכט, אַ פּאַגאַניני געוואָרן?

אין אַמעריקע האָב איך געקענט בלויז איין "מיסיס", וואָס איז, אַחוץ אירע פּיס און די געפֿאַרבטע לאָקן, געווען בלויז אַ שאָטן אָן אַ פּאָרעם. אַ פּאָר צענדליק ווערטער, און איך בין פֿאַרטיק געוואָרן מיט גאַנץ אַמעריקע.

אַ סך בעסער וואָלט איך געקענט דערציילן וועגן פּעווקען פֿון הינטערן מיסטקאַסטן, וועגן דעם באָרוועסן מאַצעק פֿון דעם שוסטערס קעלער, אָדער וועגן באָריסל יאַסינאָווסקי... אָבער ניין, ניין! וואָרעם אויב יאָ, מוז איך איר אויך דערציילן פֿאַרוואָס איך טראָג ניט קיין מונדיר, און אויב עס זעט אויס אַז זי גלייבט מיר ביז איצט אַלע מײַנע ליגנס, וועט זי גראָד דעם איינציקן אמת מיר זיכער ניט מוחל זײַן. זי קען מיך נאָך אַרויסטרײַבן און אַ שפּײַ טאָן אויף מיר, ווי די גימנאַזיסטן האָבן עס געטאָן, כאָטש זי זאָגט, אַז זי וועט זיך אײַנשטעלן פֿאַר מיר. איר גראַציעז צלמען זיך בײַם הייליקן בילד איז נאָך געשטאַנען פֿריש פֿאַר מײַנע אויגן. און בכלל, צי קאָן מען זיך דען אָנפֿאַרטרויען אַ פֿרוי, אַפֿילו ווען זי האָט אַזעלכע שיינע פּיסלעך און ברוינע, לאַנגע צעפּלעך?

וואָס־זשע טוט מען? וווּאַהין פֿאָרט מען ווײַטער מיט דער שיף, אויף וועלכער איך בין אַנטלאָפֿן פֿון אַמעריקע? דער פֿרעגצייכן אויף איר פּנים האָט געפֿאָדערט אַ באַלדיקן ענטפֿער. גלאַט שווימען אַליין אויף אַ שיף אָן אַ רודער, אויף אַ ים אָן אַ ברעג, אָן אַ היים, אָן אַן אַדרעס, איז געוואָרן אוממעגלעך.

אַ ווײַלע האָבן מיר ביידע שווײַגנדיק געקוקט איינער אויפֿן צווייטן. זי, מיט אַ געבעט אויפֿן פּנים: גייט ניט אַוועק! איך — מיט אַ מינע: צו אַלדע רוחות, איך האָב ניט וועגן וואָס צו ריידן!

ריידן האָב איך געמוזט. לכל הפּחות זיך אַרויספּלאָנטערן פֿון דער נאַרישער פּלאַפּלערײַ, וואָס האָט מיך אַרויסגעשטעלט ווי עפּעס אַן אומגליקלעך ייִנגל. מײַן באַשלוס איז געקומען גלײַך און גיך.

— זאָגט מיר, קענט איר איינעם מיטן נאָמען פּאַגאַניני? ניין? כ׳מיין פּאַגאַניני דער ערשטער.

זי האָט געעפנט איר מויל, אָבער קיין ווערטער זײַנען פון דאָרט ניט אַרויס.

— האָט איר אפשר אַמאָל געהערט וועגן פּאַגאַניני דעם צווייטן? אויך ניט? מוז איך אײַך זאָגן, אַז איך בין פּאַגאַניני דער דריטער.

דער שפּיץ פון איר צונג איז געווען פּאַראַליזירט אויף דער אונטערשטער ליפּ.

— האָט איר אַמאָל געהערט וועגן ״פּערפּעטווּם מאָבילע״? דאָס איז אַ מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע פון פּאַגאַניני דעם ערשטן. אַ שאָד, איך האָב ניט מיט זיך מײַן פידל, וואָלט איך עס פֿאַר אײַך אויפגעשפּילט. נאָר, אויב איר וועט מיר דערלויבן צו קומען אַ צווייט מאָל, וועל איך מיטברענגען מײַן פידל.

— פּאַרוואָס זאָלט איר ניט צולויפן צו זיך אַהיים און ברענגען אײַער פידל גלײַך, אַצינד? — האָט זי באַגײַסטערט געפּאַטשט מיט די הענט, ווי אַ מעכאַנישע ליאַלקע.

— ניין, אַצינד קען איך ניט... עס איז צו ווײַט און צו שפּעט. אַן אַנדערש מאָל. אפשר מאָרגן.

— זאָל זײַן מאָרגן, אָבער פּאַרוואָס אײַלט איר זיך, ס׳איז נאָך אַזוי פרי? קומט, זעצט זיך נעבן מיר אויפן טעפּיך און דערציילט. איר זענט אַ פידלער? אָ, ווי גוט! דערציילט, איך בעט אײַך, דערציילט אַלץ וועגן זיך.

— איר האָט אפשר אַ ברעטל? — האָב איך גענומען זוכן מיט די אויגן איבערן צימער — איך וועל פאַר אײַך אויפשפּילן דעם ״פּערפּעטווּם מאָבילע״.

— זיכער האָב איך — זי איז אויפגעשפּרונגען און באַלד געבראַכט פון קיך אַ בינטל שפּענער. איך האָב אויסגעקליבן צוויי. זי האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט אויף דער פּאַדלאָגע און מיט גליקלעכע, פּאַרחידושטע אויגן אַרײַנגעלייגט די הענט צווישן די קני, גרייט צו הערן דעם קאָנצערט.

איר פּאַרהויבן פּנים איז געלעגן פאַר מיר ווי אַ בלאַט נאָטן אויף אַ שטענדער, און עס איז געווען ווי פּאַגאַניני האָט מיר צוגעזאָגט: דער פידל האָט ניט געשפּילט וואָס עס איז געשריבן אין די נאָטן, נאָר קאַפּריזער, די נאָטן האָבן מיר געוויזן ווו מײַן פידל פירט מיך.

״שפּיל, שפּיל — האָב איך אַראָפּגעלייענט פון איר פּנים, — ווער ביסטו? אַ מוזיקער, צי אַ ליגנער? אַ צופעליקער פאַרבײַגייער בײַ מײַן פענצטער, צי עפּעס אַ חשדימדיקער פּאַרשוין, וואָס האָט זיך אַרײַנגענאַרט צו מיר אין צימער? קומסטו פון אַמעריקע, צי פון ערגעץ אַנדערש? ווער ווייס? און וואָס איז וויכטיק ווער דו ביסט און פון וואַנען דו קומסט. דו ביסט אַזוי אַנדערש און אַזוי ניט ענלעך צו קיינעם פון די וואָס

איך האָב ביז איצטער באַגעגנט, ניט ענלעך צו ראָמעקן, ניט צו פּעטיען, ניט צו גרישען. קען דאָס זײַן, אַז איך האָב זיך ערשט איצט מיט דיר באַקענט? ניין, ניין, איך קען דיך שוין פון לאַנגע יאָרן. טאָ פאַרוואָס האָב איך דיך ניט גלײַך אַרויפגערופן צו זיך, ווען איך האָב דיך צום ערשטן מאָל געזען דורכן פענצטער, פאַרוואָס האָב איך דערלאָזט מע זאָל אויף דיר שפּײַען, מע זאָל דיך שלאָגן. אָבער מער ניט! איצט וועל איך זײַן דײַן בעסטער פרײַנד, וואָרעם אפשר איז טאַקע אמת, אַז עפּעס אַ מיסיס האָט דיר געוואָלט שלעכטס טאָן און דו ביסט אַנטלאָפן פון אַמעריקע אויף אַ שיף? וואָס איז אַזוי שווער צו גלייבן, אַז עמעצן איז ניט אײַנגעגנעם צו ריידן וועגן באַשטימטע זאַכן? ס׳איז געווען טאַקטלאָז צו פאַרבעטן צו זיך אַזאַ מאָדנע ייִנגל ווי דו ביסט, און אים מטריח זײַן מיט אומנייטיקע שאלות. אָבער מער ניט! איך וועל דיך מער גאָרנישט ניט פרעגן, דו זאָלסט מיר בלויז מוחל זײַן און ניט אויפהערן צו שפּילן״...

איך בין געשטאַנען מיט איין אויג צוגעמאַכט, מיטן צווייטן געלייענט די נאָטן אויף איר פּנים און געשפּילט, ביז זי האָט זיך פּלוצעם אַ וואָרף געטאָן אויף מיר און זיך אָנגעהאָנגען אויף מײַן האַלדז, ווי עמעצער וואָלט מיך געוואָלט פון איר אַוועקנעמען. איך האָב זיך דערשראָקן. די ברעטלעך זענען מיר פון די הענט אַרויסגעפאַלן. אַ מאָדנער, זיסער, ווייטיק, פון וועלכן איך האָב פריִער קיינמאָל קיין אַנונג ניט געהאַט, איז אַדורך מײַן לײַב, ווי עמעצער וואָלט מיט אַ מעסער פון צוקער מיר אַרײַן אין די ביינער. מײַנע ציטערדיקע פיס האָבן זיך אונטערגעגעבן און איך בין אַראָפּגעפאַלן מיט ניוראַן, וואָס איז געהאָנגען אויף מײַן האַלדז, איבער די ווייכע בלומען פונעם טעפּיך.

## י״א

אין יענעם אויפדערנאַכט, ווען איך בין אַהיימגעגאַנגען, האָבן די צוויי רייען גאַזלאָמפּן אויפן בולוואַר אויפגעלויכטן מיט אַ באַזונדערער פּראַכט. איך בין מער ניט געווען דער איינזאַמער מיליאָנער אין דעם פאַרשאָלטענעם מידבר פון הייליקן געאָרגי, נאָר צוריק געוואָרן דער גליקלעכער שאַרלאַטאַן פון אַלטן מאַרקפּלאַץ.

דאָס איז געווען אין אַ דאָנערשטיק פאַרנאַכט. כ׳האָב קיין טעות ניט געקאָנט מאַכן, ווײַל אין דעם אויפדערנאַכט פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן די מענטשן אין פאָיע פון דעם מיליאָנער, ווו ער האָט זיי אויסגעטיילט דעם ״פאַיאָק״ אויף שבת.

עס איז געווען גענוג איך זאָל אַ קוק טאָן אויף די גוט באַקאַנטע פנימער, כדי איך זאָל זען, אַז עפּעס איז מיט זיי ניט פריילעך. פון זייער קרעכצנדיקער שושקערײַ האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז אויפן אַלטן מאַרקפּלאַץ דערוואַרט מען אַ פּאָגראָם.

סטײַטש, פאַר וואָס, פאַר ווען? אויף דעם האָבן זיי געהאַט בלויז איין קליינע מעשה צו דערציילן, וואָס איז אַפילו פאַר מײַן אומבאַגרענעצטער פאַנטאַזיע געווען צו ווילד.

אַ קליין שיקסל, די טאָכטער פון אַ סטרוזש אויף דער יאַטקע־גאַס, איז מיט אַ וואָך צוריק אַרײַן צו אַ פאַריקמאַכער. דער־פאַריקמאַכער האָט כלומרשט באַלד אָנגעשאַרפט זײַן בריטווע און מיט איר געקוילעט דאָס שיקסל. פון איר אויסגעצאַפּטן בלוט האָט ער געמאַכט עטלעכע פלעשלעך ווײַן...

סטײַטש, ווי איז דאָס מעגלעך? איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט פאָרשטעלן אַ שיקסל מיט אַ באָרד, וואָס זאָל קומען זיך ראַזירן בײַ אַ פאַריקמאַכער. צווייטנס, ווי קומט אויפן מאַרקפּלאַץ אַ פאַריקמאַכער? אויף וויפל איך האָב געדענקט, זײַנען דאָרטן געווען שיך־ און היטל־מאַכערס, בעקערס, הערינג־פאַרקויפערס — אָבער אַ פאַריקמאַכער האָב איך דאָרט קיינמאָל ניט געזען. דריטנס, ווער האָט נאָך אַזוי גוט ווי איך געקענט די מאַרק־מענטשן און געוווּסט, אַז אַחוץ מײַן זיידע מרדכי, וואָס האָט אַביסל אונטערגעזינדיקט מיטן ביטערן טראָפּן און איז דערפאַר געווען באַקאַנט ווי ״אַ ייִד אַ שיכּור״, איז ניט געווען קיין איין־און־איינציקער דאָרטן, וואָס זאָל זײַן מסוגל צו קוילען אַ מענטשן צוליב אַ פלעשל ווײַן. די נאַרישע גערעדערײַ איז שוין געווען צו קינדיש אַפילו פאַר קינדער.

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער פּאָגראָם אויסגעבראָכן אין פולן ברען. די גאַסן זײַנען געווען פֿאַרצאַמט פון פּאָליציי, און איך האָב געקענט צוקומען צום מאַרק ערשט מיט אַ טאָג שפּעטער, ווען ס׳איז שוין געווען נאָך אַלעמען. אין די גאַסן־ווינקלען זײַנען געשטאַנען מענער און ווײַבער, וואָס זײַנען געקומען אָנקוקן וואָס דער פּאָגראָם האָט אָפּגעטאָן. איך האָב זיך געשטעלט אונטער אַן אָפּגעזונדערט פּאָרל און פון הינטער זייערע פּלייצעס געקוקט, אינגאַנצן אַן אויפגעטרייסלטער, אויף דעם גרויסן בראָך, וואָס האָט געטראָפן מײַן מאַרק.

דער גאַנצער מאַרק איז געלעגן אַ צעשמעטערטער: נאָטעס קרעמל איז צוזאַמענגעפאַלן אין אַ קופּע ברעטער; אָרטשע דעם היטלמאַכערס "מאַגאַזין" איז געלעגן אַן אײַנגעוואָרפענער; העשל האָט געקײַקלט אַ פאַרשמאָלצן פעסל און צוזאַמענגעקליבן פון דער ערד די צעוואָרפענע שטיקלעך הערינג; לייזער דער טאַנדעטניק האָט מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ אַרומגעזוכט זײַן צעשלײַדערטע "ענגלישע וואַרע"; די דיקע דאָבע האָט, אײַנגעשפּאַנט אין אַ טאַטשקע, געשלעפּט די פאַרזשאַווערטע אײַזנס, וואָס עמעצער האָט פאַרשלײַדערט אַזש ביז צו די הינער־שטײַגן; די הינער־שטײַגן זײַנען געווען כּמעט פוסט, בלויז עטלעכע פאַרבליבענע הינער האָבן אומעטיק געקוואָקעט; דער באַרימטער מיסטקאַסטן איז געלעגן איבערגעקערט, ווי מע וואָלט אים אין אַ גרעסערן מיסטקאַסטן אַרײַנגעוואָרפן, צוזאַמען מיט צעריסענע קערב, צעבראָכענע קאַסטנס און צעפאַלענע פעסלעך.

דער גאָראָדאָוואָי איז אַרומגעלאָפן מיט דער שווערד, וואָס האָט זיך געפלאָנטערט צווישן זײַנע פיס און בייז געטריבן די בעטלערס און גנבים, וואָס זײַנען זיך איצט דאָ צוזאַמענגעלאָפן ווי שוואַרצע ראָבן אויף אַ הויפן מיסט. די פּאָר צעשראָקענע, לאָיאַלע מאַרק־קעץ האָבן זיך באַהאַלטן און געלאָזט די מײַז אַרומלויפן פרײַ אַהין און אַהער. לישק און זשוק, די צוויי הינט, האָבן צעטומלטע, מיט פאַרקרעמפּטע עקן, הייזעריק געבילט צום הימל אַרויף.

וועלכע געמיינע כוליגאַנעס האָבן זיך דערוועגט חרוב צו מאַכן מײַן מאַרק? וויי, וויי! מײַן פאַרבאָרגענע האָפענונג איך זאָל אַמאָל צוריקקומען און ברענגען מײַן שיף מיט מײַן געפאַנגענעם אוצר, ניוראַן, איז דאָ איצט געלעגן אַ צעשמעטערטע אויף אייביק. אַ ווילדער, אַן אָנמאַכטיקער פון כּעס, האָב איך פאַרגעסן אַלע מאַנירן פון בולוואַר דער הייליקער געאָרגי, און האָב אויפן גאַנצן קול אַרויסגעשריִען מײַן אַלטע, גוטע, נײַן־גאָרנדיקע קללה: פון טאַטנס־טאַטן אין דער מאַמעס־מאַמען, פון אונטן, פון אויבן, פון אַלע זײַטן, אין די געדערעם, דורך די לונגען, אין זײַער הינטישן בלוט אַרײַן!

דאָס פּאָרל, הינטער וועמען איך בין געשטאַנען, האָט זיך אומגעקוקט מיט

שרעק, ווי ס'וואָלט זיך פּלוצעם געיאַוועט איינער פון די פּאָגראָמשטשיקעס. איך האָב זיי גלייַך דערקענט:

— וואָס מאַכט איר, רבי, און איר, רביצין?

— זע נאָר, זאָלסט אַזוי געזונט זייַן, דאָס איז דאָך אונדזער יאָסיק — האָט די רביצין אַ פּאַטש געטאָן מיט אירע ברוינע הענט.

— יאָסיק, יאָסיק — האָט דער רבילע זיך געקראַצט אין דער פּאַטילניצע

— אוי, וויי, ביסט נאָך אַלץ דער זעלביקער שטיפער. ווי קאָן אַ ייִדיש קינד ניצן אַזאַ לשון? פּאַר אַזעלכע זינדיקע רייד האָט אפשר גאָט באַשטראָפט דעם מאַרק!

— ערשטנס, איז מייַן זידלערייַ אַ גויִישע — האָב איך, קריצנדיק מיט די ציין, אַרויסגעברומט. — צווייטנס, אויב איך שילט אַזוי מיאוס, פאַרוואָס האָט גאָט זיך אָפּגערעכנט מיטן מאַרק, און ניט מיט מיר? דריטנס, האָב איך געמיינט, אַז דעם פּאָגראָם האָבן געמאַכט שיכורע גויִים, ווילדע בויאַנעס, און ניט אייַער גאָט!

— אייַער גאָט?! איַי־איַי־איַי! דער זעלביקער תּכשיט! — האָט דער רבילע זיך פאַרקרימט. — ניטאָ אַזאַ זאַך ווי אונדזער גאָט און אייַער גאָט. ס'איז דאָ בלויז איין גאָט, און קיין זאַך אין דער וועלט ווערט ניט געטאָן אָן זייַן ווילן. אַזוי גיך האָסטו פאַרגעסן וואָס דו האָסט געלערנט אין חדר?

— איך געדענק גוט די אַלע מעשיות וואָס איר האָט מיר דערציילט וועגן גאָט, אָבער איך פרעג אייַך: פאַרוואָס האָט גאָט געוואָלט, אַז דאָס זאָל געטאָן ווערן? — האָב איך, ווי אין די אַמאָליקע צייַטן, זיך אַרייַנגעלאָזט אין אַ וויכּוח מיטן רבין.

— ווער ווייס און ווער קען וויסן גאָטס מיין און גאָטס דרכים? — האָט די רביצין מיט אַ געוויינטלעכן תּחינה־טאָן פאַרגלאָצט די גרויסע, מילכיקע אויגן און אויף איר אַלטן שטייגער אַרויסגעהאָלפן דעם רבין. — איין זאַך איז זיכער. אומזיסט שטראָפט ער ניט. דער מאַרק האָט עס כּשר פאַרדינט. ייִדן האָבן זיך אַזוי פאַרקאָכט אין האַנדל, אַז מ'האָט פאַרפעלט אַ מינחה, אַ מעריב, אַרייַנגעכאַפּט אַ ביסן אָן אַ בּרכה. בייַ די יושקע־שטעלכלעך האָט מען ניט נאָר די הענט ניט געוואַשן, נאָר אַפילו דאָס פלייש ניט געכּשרט. און וואָס איז וועגן גנבים, קאָרטן־שפּילערס? און וואָס איז וועגן לערנען תּורה? זיי האָבן אַפילו אויפגעהערט צו שיקן די קינדער אין חדר...

— ווער איז דער פאַריקמאַכער? — האָב איך אומגעדולדיק איבערגעריסן די נודנע רייד.

— וואָס פאַריקמאַכער, ווער פאַריקמאַכער! — האָט דער מלמד געטרייסלט מיט די הענט אין דער לופט. — דאָס איז געווען בלויז אַן

אויסרייד פאַר די פּאָגראָמשטשיקעס. גאָט דאַרף קיין אויסרייד ניט האָבן. ער טוט זײַן גערעכטיקייט ווי ער פאַרשטייט, און ווען דו וואָלסט ניט אַנטלאָפן פון חדר, וואָלסטו אויך פאַרשטאַנען...

— אוודאי, — האָט זײַן ווײַב זיך ווידער אַרײַנגעמישט. — ווען דו האָסט ניט געהאַט צו צאָלן קיין זמן־געלט, ביסטו געקומען צו אונדז אין חדר, אָבער אַזוי גיך ווי גאָט האָט דיר געהאָלפן און עס גיסט זיך דיר שמאַלץ פון די ליפּן, ביסטו אַנטלאָפן פון אונדז.

— ריכטיק — האָט דער מאַן איר צוגעבאָמקעט.

— וואָס דרייט איר מיר איצט אַ קאָפּ מיטן חדר? — האָב איך מיט אַ ווילדן צאָרן אַ געשריי געטאָן אויף זיי.

— שרײַ ניט, האָב דרך־ארץ פאַר עלטערע מענטשן! האָט דער רבילע אַ טופּע געטאָן מיט זײַן צעריסענעם שטיוול אויפן ברוק. — אַ ייִד דאַרף גיין אין חדר, און דו וואָלסט געטאָן רעכט, ווען דו קומסט איצט צוריק.

— איך דאַרף ניט מער קיין חדר, ווײַל איך בין שוין ניט מער קיין ייִד!

— האָב איך אַרויסגעבורטשעט דורך דער נאָז.

— פינצטער איז מײַנע יאָרן!! — האָבן מאַן און ווײַב אין דער זעלביקער צײַט אויסגעשריִען.

— אויב גאָט האָט געמאַכט דעם פּאָגראָם, איז ער ניט מער מײַן גאָט.

— אַ בראָך צו מיר! — האָט די רביצין אָנגעכאַפּט איר מאַן אונטער דער פּאַכווע, ווי זי וואָלט מורא געהאַט ער זאָל ניט באַלד צוזאַמענברעכן. אָבער דער רבי האָט זיך אַרויסגעדרייט פון איר האַנט און, אָפּמעסטנדיק דעם חוצפּהדיקן גאָט־לעסטערער מיט אַן אויסדרוק פון וואָרענונג און ביטול, בייז געשאָקלט מיטן פינגער:

— זאָלסט וויסן, אַז דער פּאָגראָם איז נאָך גאָרנישט אין פאַרגלײַך מיט דעם, וואָס גאָט קען אָפּטאָן אין זײַן כּעס און אין זײַן גערעכטיקייט. גענוג האָב איך דיך געלערנט, אַז גאָט איז גרויס און אַלמעכטיק, איבעראַל און אומעטום, און פון זײַן צאָרן קאָן קיינער זיך ניט אויסבאַהאַלטן. אויב דו מיינסט, אַז דו ביסט געוואָרן אַ מיליאָנער און קענסט זיך אויסבאַהאַלטן אויף דעם אַריסטאָקראַטישן בולוואַר, צווישן גויִים, מאַכסטו אַ טעות, וואָרעם ער וועט דיך דאָרטן אָפּזוכן און געפינען און באַשטראָפן און פאַרטיליקן ווי אַ וואָרעם...

— קום, לאָמיר גיין — האָט די רביצין געשלעפּט איר מאַן פאַרן אַרבל. אָבער דער רבילע איז געשטאַנען אײַנגעשפּאַרט. ער האָט נאָך דאָס וויכטיקסטע ניט געזאָגט. און מיט דער זעלביקער אויפרעגונג האָט ער ממשיך געווען:

— צוליב די שולדיקע לײַדן די אומשולדיקע. און אויב דו ווילסט וויסן ווער דער אמתער פּאָגראָמשטשיק איז, וועל איך דיר זאָגן: דו! צוליב איין אַזאַ ייִד ווי דו, ווערט כּל־ישׂראל באַשטראָפט. פאַר איין אַזאַ

יונגאַטש ווי דו, וועט גאָט אומברענגען אַלע ייִדן...

— אויב גאָט וועט אומברענגען אַלע ייִדן... — אָבער דער רבילע האָט מיך ניט געלאָזט איבערחזרן מײַן באַרימטן שפּרוך. ער האָט מיטן גאַנצן מויל אַ שפּײַ געטאָן אויף מיר, און שלעפּנדיק איינער דעם אַנדערן האָבן זיך מאַן־און־ווײַב גיך אָפּגעטראָגן פון זייער אַמאָליקן תּלמיד, ווי פון אַ וויסטן טײַוול.

איך האָב אָפּגעווישט דאָס שפּײַעכץ פון מײַן עלעגאַנטן אָנצוג, צום לעצטן מאָל אַ קוק געטאָן אויף מײַן חרוב־געוואָרענעם מאַרק, און מיט גיכע טריט אַוועק צום בולוואַר דער הייליקער געאָרגי.

ווי קען איך זיך איצט ווײַזן פאַר ניוראַן? קומען צו איר ווידעראַמאָל ווי אַן אַמעריקאַנער פידלער, איז געווען צו ריזיקאַליש. ווײַזן איר מײַן אייגן פּנים — דאָס פּנים פון אַ מאַרק־ייִנגל — האָב איך זיך געשעמט. קומען צו איר פון אַ מאַרק, ווו מע האָט אויסגעטראַכט אַזאַ געמיינעם בילבול, וואָס מ׳האָט באַשטראָפט מיט אַזאַ גרויליקער שטראָף, איז געווען מער ווי איך האָב געקענט פועלן בײַ זיך.

דערווײַלע איז ניוראַ געלעגן, ווי שטענדיק, אַריבערגעהאָנגען איבערן פענצטער און געוואַרט אויף מיר. און אַז עס איז אַריבער אַ היפּשע ווײַלע און איך האָב זיך אַלץ ניט באַוויזן, איז זי אַרויס אויפן בולוואַר מיך אויפזוכן. איך בין געשטאַנען בײַ זיך אין צימער, בײַם פענצטער, און איר נאָכגעקוקט. עטלעכע טעג האָט זי אַליין אַרומגעבלאָנדזשעט. דערנאָך איז זי שוין געקומען באַגלייט פון איר ברודער, סאַשאַ, און זײַן פרײַנד, ראָמעק. ביידע האָבן געהאַלטן גראָבע שטעקנס אין די הענט. איך האָב כּמעט געקאָנט זען זייערע בייזע, פאַרכמורעטע פּנימער.

וואָס האָט זי זיי דערציילט וועגן מיר?

אַז זי האָט אין איר אויפגערייצטער אַנטוישונג ניט געקאָנט זײַן געוואָרנט אין אירע רייד, האָב איך פאַרשטאַנען און איר אַפילו געגעבן גערעכט. וואָס האָב איך איצט פאַר איר געקענט זײַן מער ווי אַן אַמעריקאַנער שווינדלער, וואָס האָט זיך אַרײַנגעריסן אין איר צימער מיטן אויסרייד, אַז ער איז אַ פידלער, זי אַנידערגעוואָרפן אויף דער פאַדלאָגע און אַרויסגעלאָפן פון הויז אָן אַ זײַ־געזונט. ניט איבערגעלאָזט ניט קיין נאָמען, ניט קיין אַדרעס? און אַז עס האָט זיך נאָך אַרויסגעוויזן, אַז דער אַמעריקאַנער איז דאָס זעלביקע ייִנגל, וועמען זיי האָבן אַמאָל פאַרשפּיגן דאָס פּנים, איז געווען נאַטירלעך, אַז די צוויי גימנאַזיסטן זאָלן אויפגעקאָכט ווערן, זיך אָנלאָדן מיט שטעקנס און זיך אַרויסלאָזן זוכן דעם אַמעריקאַנער וואַגאַבונד.

עטלעכע וואָכן בין איך ניט אַרויס פון שטוב. דורך די פענצטער פון דריטן שטאָק האָב איך געקאָנט זען, ווי זיי בלאָנדזשען אַרום אויפן בולוואַר און דרייען מיט די קעפּ פון מויער צו מויער און פון הויף צו הויף. איך האָב

געזען, אַז מײַן לעבן איז אין אַ סכּנה. די סכּנה, וואָס איך האָב צוגעטראַכט בײַ ניוראַן אין צימער, האָט זיך איצט פֿאַרוואַנדלט אין אַ לעבעדיקער רעאַליטעט, און איך בין פּלוצעם געוואָרן דער העלד פֿון מײַן אייגענער פֿאַנטאַסטישער מעשׂה.

פֿאַרנאַכט, בײַם פֿענצטער, בײַ דער אונטערגייענדיקער זון, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מע האָט מיך שוין געכאַפּט און איך זיץ שוין ערגעץ הינטער די קראַטן פֿון עפּעס אַ פֿאַנטאַסטישער תּפֿיסה. די לעצטער שטראַלן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון האָבן זיך אויסגעצויגן אויף מײַן טשי־סו־טשאַ אָנצוגל מיט די שטרײַפֿן פֿון אַרעסטאַנטן־קליידער און מיט קייטן אויף די פֿיס. פֿאַרלאָזן פֿון דעם גולם, אָפּגענאַרט פֿון פּאַגאַניני און, דער עיקר — פֿאַרראַטן פֿון נאָך אַן ענגליש־רײדנדיקער מיסיס, וואָס איז מסוגל מיך צו באַגיסן מיט קאַרבאָליק־עסיק.

אָבער די קורצע מאָמענטן פֿון רחמנות אויף זיך אַליין זײַנען באַלד אָפּגעווישט געוואָרן מיט אַ כוואַליע פֿון זיך־אַליין־באַרעכטיקן, און מיך דורכגענומען מיט דעם זיסן געפֿיל פֿון נקמה פֿאַר דעם פּאָגראָם אויפֿן מאַרק, פֿאַר דעם ניט־דערגרייכטן מונדיר צוליב דער פּראָצענטן־נאָרמע, און פֿאַר דעם נודנעם בולוואַר דער הייליקער געאָרגי. איך האָב זיך אָפּגערעכנט מיט די חוצפּהדיקע גימנאַזיסטן, זיי צוגענומען ניוראַן, זאָל זײַן כאָטש פֿאַר איין נאָכמיטאָג. איצט האָב איך געקענט אַראָפּקוקן דורכן פֿענצטער פֿון מײַן באַהעלטעניש און זען ווי זיי פּלאַצן אין דער נעץ פֿון מײַן פֿאַנטאַזיע, אין וועלכער איך האָב זיי אַזוי קונציק פֿאַרפּלאָנטערט.



משה רויטבאָרד איז געווען אַ שנײַדער, ווײַל ווען די מאַרק־מענטשן האָבן זיך אָפּט געוווּנדערט: ווען משה וואָלט געקענט אַזוי גוט צונייען אַ קנעפּל, ווי ער קען דאַווענען און לערנען אַ בלאַט גמרא, וואָלט ער אפשר געהאַט ווינציקער אַ שטיקל לויתן אויף יענער־וועלט, אָבער דערפֿאַר וואָלט ער זיכער געהאַט מער צו עסן אויף דער־וועלט. אויף דעם פֿלעגט משה ענטפֿערן: אַ פֿיש שווימט בעסער ווי אַ מענטש, אַ הירש לויפֿט שנעלער; פֿאַראַן חיות מיט חוש־הריח אויף מײַלן־ווײַט; אַ לייב איז שטאַרקער, אַ העלפֿאַנט לעבט לענגער. אָבער איין זאַך קענען זיי קיינער ניט: דאַווענען און לערנען אַ ביסל תּורה.

לאַנג פֿאַר זון־אויפֿגאַנג איז ער שוין געזעסן בײַ אַ קליין קעראָסין־לעמפּל, איבערגעדעקט מיט אַ קאָפּטערל פֿון אַן אַלטער צײַטונג, פֿאַרטיפֿט אין די געלע, אויסגעריבענע בלעטער פֿון חומש, מיט די פּיטשעמאָנטשיקע אותיות פֿון רש״י, וואָס געזונטע אויגן וואָלטן אין אַ קורצער צײַט פֿון זיי בלינד

געוואָרן. זײַנע צוויי פּאָר ברילן מיט די געפּלאַצטע גלעזלעך האָבן אים, ווײַזט אויס, ווינציק געהאָלפן. ער פלעגט פאַרנעמען זײַן באָרד אויף אַ זײַט, כּדי זי זאָל אים ניט שטערן אַרויפצולייגן דאָס גאַנצע פּנים אויפן ספר און שאַרן זײַן דינע נאָז איבערן בלאַט, ווי ער וואָלט די הייליקע ווערטערלעך גיכער דערשמעקט מיט דער נאָז, ווי זיי געזען מיט די אויגן.

ווען הינטערן פענצטער פלעגן זיך אויסלעשן די לעצטע שטערן, פלעגט ער אַ בלאָז טאָן אין לאָמפּ, פאַרמאַכן דעם ספר, זיך אײַנוויקלען אין טלית־און־תּפֿילין, און זיך שטעלן אין מיזרח־ווינקל דאַוונען — ביז ער האָט דערהערט דעם ערשטן פרימאָרגן־קרעכץ פון זײַן ווײַב, ליבע. דעמאָלט האָט ער אויפגעקאָכט אַ ביסל וואַסער, צעשניטן אַ ברויט, און עס איר צוגעטראָגן צום בעט.

טונקענדיק דאָס ברויט אין הייסער טיי, האָט ליבע געקוקט אויף איר מאַן מיט אַ שטומען געבעט אין די אויגן, ער זאָל איר פאַרגעבן וואָס אירע פיס זײַנען, פאַר קיין ייִדן געדאַכט, פאַראַליזירט געוואָרן, און וואָס זי האָט דעריבער געמוזט אויפגעבן איר שטעלכל אויפן מאַרק און ברענגען דערצו, אַז איר משהלע זאָל זיך דאַרפן אָפּרײַסן פון די הייליקע ספרים, שנײַדן ברויט, קאָכן טיי, און אַפילו אויסקערן די שטוב נאָך דעם ווי ער האָט מער ווי אַ דרײַ־פערטל פון זײַן לעבן יעדן פרימאָרגן געלערנט תּורה, געדאַוונט, געזאָגט מיליאָנען ברכות, געקליבן מצוות — כּדי ווען זײַן צײַט וועט קומען, איבער הונדערט־און־צוואַנציק יאָר, זאָל ער אַרויף גלײַך אין גן־עדן.

פלוצעם האָט ער זיך געמוזט אָפּרײַסן פון די ספרים, פאַרקירצן דאָס דאַוונען, אײַנשטעלן זײַן שווער־פאַרדינטן חלק גן־עדן, און אַלץ צוליב איר, אַלץ צוליב דעם, וואָס די פיס זײַנען איר אָפּגענומען געוואָרן, און נאָך גאַנצע פופציק יאָר לויפן, האָט זי זיך מיטאַמאָל אַרײַנגעלייגט אין בעט און מע דאַרף איר נאָך, ווי אַ גרעפין, צוטראָגן פרישטיק, ווייַ איז איר און ווינד.

כּמעט פופציק יאָר נאָכאַנאַנד, זומער און ווינטער, פרי פאַרטאָג, נאָך איידער גאָט האָט די זון פון שייד אַרויסגענומען, איז זי שוין געלאָפן אויפן מאַרק זיך אַמפּערן און דינגען מיט אַ פאַרשלאָפענעם אָדער פאַרפרוירענעם פויער איבער זײַן פורל גרינע עפּל, אָדער קליינע באַרנעלעך, און באַלד צוריקגעלאָפן אַהיים צו אירע קינדער — איינעם אָנזייגן, אַ צווייטן באָדן, אַ דריטן פאַרריכטן די הויזן, און גלײַך צוריק אויפן מאַרק, עפענען דאָס שטעלכל, און איידער וואָס־ווען, ווידער לויפן אַהיים און אויפראַמען, ווישן די פאַדלאָגע, אויסשווענקען דאָס גרעט, צוגרייטן אָנבײַסן, און ווידער אויפן מאַרק... דערנאָך ווידער אַהיים, די קינדער פאַרקעמען, חדר־געלט באַצאָלן, אַ גמילות־חסד קריגן, דירה־געלט אָפּבעטן, שײַערן די לײַכטער, צוגרייטן דעם שבת.

וואָס קאָן מען טאָן מער אין משך פון קורצע פופציק יאָר, ווען עס קומט נאָך אויס גאַנצע פופצן יאָר זיך צו ניאַנטשען מיט אַ זון, וואָס האָט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק באַקומען אַן אַנדערע קרענק און פאַר וועלכן מ׳האָט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק געמוזט לויפן צום פעלדשער — אַ ביסל פּיאַווקעס, אַ ביסל באַנקעס, און אַז עס האָט ניט געהאָלפן, געלאָפן מעסטן קברים, שפּרינגען איבער אַ בעזעם, אויפן גר־צדקס קבר שטיינדלעך לייגן.

וואָלט עס כאָטש געהאָלפן! אָבער פון דעם גאַנצן לויפעניש האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. אויפן פופצעטן יאָר האָט דער חולה די נשמה אויסגעהויכט. וואָס־זשע האָט זי געקאָנט טאָן מער ווי וויינען, זיצן שיבעה, זאָגן אַ תּחינה, הערן אַ קאַפּיטל תּהילים, און באַלד ווידער לויפן זען וואָס צו טאָן מיט דער קליינער עלקע, וואָס איז געגאַנגען אַרויסנעמען זיך אַ צאָן, און דער פעלדשער האָט איר צוזאַמען מיטן צאָן אַרויסגעריסן אַ שטיק צונג. דערפון האָט זי געקראָגן אַ בלוט־פאַרגיפטונג, און דאָס האָט געמיינט ווידער לויפן צום רבין, אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע, צדקה געבן, שטופּן דעם מיידל קנאָבל אין דער נאָז, שיטן זאַלץ אין די אויערן, אַפילו ברענגען אַ גוייִשן זנאַכער. אָבער דאָס מיידל איז, ווי אויף צו־להכעיס, בלויער און בלויער געוואָרן און באַלד אויך, ווי איר ברודער, פון דער וועלט אַוועק.

דאָס גאַנצע שטיקל נחת איז געווען שײַקע, דער עלטסטער זון, אַ שלאָסער, אַ יונג מיט ביינער, שיין און געזונט. האָט ער זיך אָבער פּלוצעם גענומען חברן מיט די בונטאָווששיקעס און האָט אָנגעפּאַטשט אַ פּאָליציאַנט. ווען זי איז נאָך געווען אין מיטן דער שיבעה נאָך עלקען, האָט מען איר די גוטע בשורה געבראַכט, אַז אין דער לוקישקער פאַרשטאָט פירט מען איר נחת אין קייטן אַ באַרוועסן מיט אַן אָפּגעשוירענעם קאָפּ.

האָט זי גענומען אַרומלויפן, קלאַפּן אין טירן, זוכן, פאָרשן אין וועלכער טורמע האָט מען איר נחת פאַרשיקט? אָבער גיי לויף, שרײַ, אַז עס זײַנען פאַראַן מער טורמעס, ווי גראָז אין פעלד.

ווען זי וואָלט געלעגן אין בעט ווי אַ גרעפּין און וואָלט ניט אַרומגעלאָפן, וואָלט דען איר עלטערע טאָכטער, פייגל, וואָס איז שוין געווען אַ מיידל אין די יאָרן, ניט פאַרזעסן ביזן גרויען צאָפּ? און צי וואָלט דען אברהמל געגאַנגען צו דער חופּה, ווען זי ברענגט ניט ביסלעכווײַז דעם גאַנצן נדן? און אַז דער גזלן האָט שוין געהאַט דעם גאַנצן נדן, איז ער אין אַ שיינעם טאָג אַרויס פון שטוב אָן אַ זײַ־געזונט און איז שוין קיינמאָל ניט צוריקגעקומען. פייגל האָט געוואָלט אין וואַסער שפּרינגען, אָבער ליבע האָט ווידער געטאָן אירס: זי איז געלאָפן, געקראָגן נאָך אַ גמילות־חסד און אײַנגעאָרדנט אַ בשמים־קרעמל פאַר איר טאָכטער די עגונה, וואָס אַליין האָט זי אַ קאַץ דעם עק ניט געקענט פאַרבינדן.

אמת, פּאַר שרהלען האָט זי שוין ניט באַדאַרפט זאָרגן וועגן קיין נדן. נאָך איר האָבן זיך שוין געיאָגט די חתנים. און ווען זי האָט אַהיימגעבראַכט בנימינען, איז ליבע געלאָפן און האָט צוגעגרייט אַ מאָלצײַט, וואָס דער קיסר אַליין וואָלט זיך געלעקט די פינגער. אָבער, ווען מ׳האָט זיך געזעצט צום טיש, האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער חתן האָט פּאַר די פינף יאָר, וואָס ער איז געווען אַ סאָלדאַט, פאַרגעסן ווי מען מאַכט אַ מוֹצא. משה איז אַוועק פון טיש אַ ברוֹגזער. ליבע איז אים נאָכגעלאָפן און האָט געמוזט אַרויס מיטן גאַנצן אמת: די כלה איז שוין ניט קיין בתולה, און ער, משה, וועט מוזן קומען צו דער חתונה, עס זאָל ניט זײַן קיין שאַנד פאַר לײַטן.

נאָך דער חתונה האָט ליבע זיך שוין געקענט אָפּרוען, חלילה ניט ווי אַ גרעפין, ניט אויף לאַנג, ווײַל באַלד איז אויסגעבראָכן די מלחמה. בנימינטשיק, וועלכער האָט זיך שוין געהאַט אָנגעמאַטערט גאַנצע פינף יאָר אין דער אַרמיי, האָט ניט געהאַט קיין חשק ווידער צו ווערן אַ סאָלדאַט, און איז באַלד נעלם געוואָרן. ליבע האָט ווידער געדאַרפט לויפן, וואָרעם ווער זאָל העלפן שרהלען, אויב ניט די מאַמע.

אַזוי איז זי אַרומגעלאָפן, ביז אין אַ טאָג האָט זי דערפילט, אַז איר לינקער פוס איז עפּעס מאָדנע שווער געוואָרן. צוערשט האָט זי זיך געקליגלט וויאַזוי צו לויפן אויף דעם רעכטן פוס מער ווי אויף דעם לינקן, אָבער באַלד איז אויך דער רעכטער פוס געוואָרן שווער, און אַנשטאָט די פיס זאָלן זי טראָגן, האָט זי שוין איצט געמוזט שלעפּן די פיס.

ניין, ניין, — האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ — זי וואָלט ניט אויפגעהערט צו לויפן, ווען זי פאַלט ניט אַנידער איינמאָל אויפן מאַרק און ווען גוטע מאַרק־מענטשן טראָגן זי ניט אַהיים און לייגן זי ניט אַרײַן אין בעט, ווי אַ גרעפין, וויי, וויי...

משה, וועלכער איז קיינמאָל אין ערגעץ ניט געלאָפן, איז אויך איצט רויִק געזעסן, געשטשאָבעט אַן אַלט אויסגעריבן רעקל און ניט אויפגעהערט צו מורמלען איין קאַפּיטל תּהילים נאָכן אַנדערן.

פון צײַט־צו־צײַט האָט ער געוואָרפן אַ שמייכל צו דער נאַרישער יִידענע, וואָס קען זיך נאָך אַלץ ניט באַרויִקן און לויפט נאָך אַלץ ערגעץ אַרום אין געדאַנק. צו וואָס לויפן? אַ הירש לויפט פלינקער און קומט אין ערגעץ ניט אָן. און אַז אַ שרץ האָט צוואַנציק פיס, וואָס טויגן זיי אים, וווהין ברענגען זיי אים? צו וואָס לויפן, האַווען, זאָרגן וועגן זאַכן, וואָס זײַנען, ווי אַלץ אויף דער ערד, לויטן ווילן פון גאָט. און ווער קען פאָרויסזאָגן, וואָס גאָט קען זיך פלוצלינג פאַרוועלן?

און ער איז געווען גערעכט, וואָרעם ווען וואָלט עס געקאָנט אײַנפאַלן, אַז אין אַ שיינעם טאָג וועט גאָט אַראָפּשיקן אַ מלאך, דווקא ניט פון הימל,

נאָר פון אַמעריקע. אָט דער מלאך האָט די באָבע ליבע אַרויסגענומען פון דעם אײַזערנעם בעטל אויף דער מאַרקגאַס און זי אַריבערגעטראָגן אויף דעם בולוואַר פון הייליקן געאָרגי, זי אַרײַנגעלייגט אין אַ הילצערן אויסגעשניצט בעט מיט פּוכענע קישנס, און אַנטקעגן איר אַוועקגעזעצט איר משהלען מיט אַ גאַנצן באַרג נײַע ספרים, אונטער אַ גרויסן "עלעקטריטשעסקן" לאָמפּ מיט אַ קאָפּטער, וואָס האָט געשפּרינקלט מיט אַלע פאַרבן פונעם רעגנבויגן.

אַ גאַנץ לעבן האָט ליבע געחלומט, אַז איבער הונדערט־און־צוואַנציק יאָר וועט אַראָפּקומען אַ מלאך פון הימל, אַ כאַפּ טאָן איר משהלען און אים אַרויפטראָגן אין גן־עדן, ער זאָל זיצן דאָרטן מיט אַלע צדיקים בײַ דער גרויסער סעודה. פאַר ווײַבער, האָט זי געוווּסט, איז אין גן־עדן קיין פּלאַץ ניטאָ.

מיט די שוין פאַרנעפּלטע אויגן האָט זי אַצינד געזען ווי איר משהלע זיצט אין דעם אויסגעבעטן שטול, מיטן קאָפּ פאַרזונקען אין אַ גרויסן ספר, די באָרד צעפּאַטלט איבערן גאַנצן בלאַט, שטיל, רויִק, קיין ריר ניט מיט קיין אבר. זי האָט געפילט, די באָבע ליבע, אַז עס וואַקסן איר אויס פליגל און טראָגן זי, ווי אַ זומער־פייגעלע, אין גן־עדן, אַרום משהס קאָפּ. זי האָט געוואָלט זינגען אַ לויב צו דעם אייביקן און אַלמעכטיקן, אָבער דער פּאַראַליז, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ פינגער בײַם פוס, האָט שוין איצט דערגרייכט צו איר צונג, און דאָס געזאַנג איז געבליבן שטעקן פאַרגליווערט אין איר האַלדז. מיט די לעצטע כּוחות האָט זי אַ פאָכע געטאָן מיט די פליגל, אָבער באַלד איז זי צוריקגעפאַלן צו דער ערד, ווי אַ געפאַנגענע טויב.

זי האָט ניט געוווּסט, אַז משהלע, איר מאַן, האָט געפונען זײַן אייביקע רו, זיצנדיק אַזוי איבערן ספר בלויז מיט אַ האַלבער נאַכט איידער זי האָט אויסגעהויכט די נשמה...

אַזוי זײַנען געשטאָרבן די צוויי פּשוטע, באַשיידענע מענטשן. שפּעטער וועט זיך עמעצער אין זיי דערמאָנען און וועט זאָגן: צו שטאַרבן אַזוי שיין איז איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען אין לעבן...

דאָס איז די קורצע געשיכטע פון דער באָבע ליבע און דעם זיידן משה. אָבער אַזוי ווי איטלעכן מענטשן זײַנען באַשערט צוויי באָבעס און צוויי זיידעס, וועל איך דערציילן אויך וועגן דער צווייטער באָבע, וואָס האָט, מעשה צופאַל, אויך געהייסן ליבע, און איר מאַן, מײַן צווייטער זיידע, וואָס האָט געהייסן מרדכי.

דער פאָטער פון דער באָבע ליבע נומער צוויי איז געווען אַ לעגענדאַרער גיבור. ווען ער פלעגט אָפּקויפן אַ שטח וואַלד־ביימער, פלעגט ער גלײַך אויפן אָרט זיך אָנשפאַרן מיטן גראָבן קאַרק אין די ביימער, זיי אײַנברעכן,

אָדער זיי אַרויסרײַסן מיט די וואָרצלען פון דער ערד — אַלץ כּדי מע זאָל אים, חלילה, ניט אָפּנאַרן און צושטעלן אַנדער געהילץ, וואָס ער האָט ניט אויסגעקליבן.

די טאָכטער זײַנע איז געווען אַ לעבעדיקער עדות, אַז די לעגענדע איז ניט אינגאַנצן אויסגעטראַכט. זי איז געווען אַ ברייטע, געזונטע ייִדענע, מיט אַ שטאַרקער שטים און נאָך אַ שטאַרקערן געלעכטער. זי האָט טאַקע ניט געקענט אַרויסרײַסן קיין בוים פון דער ערד, אָבער זי האָט איינמאָל געגעבן אַ פּאַטש אירס אַ ייִנגל ווײַל ער האָט ניט געוואָלט גיין אין חדר אַרײַן, זײַנען אים גלײַך אויפן אָרט אַרויס צוויי ציינער פון די יאַסלעס.

פונקט ווי די ערשטע באָבע ליבע, האָט אויך די צווייטע באָבע ליבע געוווּסט, אַז יענע־וועלט געהערט בלויז צו מענער, און דעריבער האָט זי אין זינען געהאַט וואָס מער אַרײַנצוכאַפּן אויף דער־וועלט. מענטשן האָבן דערציילט וועגן איר קאָכן און באַקן, און וועגן איר אַפּעטיט צו עסן. זי פּלעגט אויך אַרײַנוואַרפן אַ קעלישיק נײַנציקער און זיך אַפילו ניט פאַרקרימען.

צי איר מאַן מרדכי וועט אַרײַן אין גן־עדן, צי ניט — איז איר ווינציק אָנגעגאַנגען, אַזוי לאַנג ווי ער פּלעגט איר ברענגען אַהיים דעם גאַנצן פאַרדינסט זײַנעם. און זײַנע פאַרדינסטן ווי אַ מעקלער אין פאַרשיידענע מסחרים זײַנען געווען גאַנץ גוטע. אַגב, וואָס שייך דעם ביטערן טראָפּן, האָט זיך מרדכי געקאָנט פאַרמעסטן מיט זײַן ווײַב... כאָטש ער איז געווען אַ פרומער ייִד און האָט קיין ביסן ניט גענומען אין מויל אַרײַן אָן אַ ברכה, האָט ער וועגן גן־עדן געהאַט זײַן אייגענע ווערסיע. ער האָט געגלייבט, אַז ווען משיח וועט קומען, וועלן די וואַסערן אין טײַך זיך פאַרוואַנדלען אין שנאַפּס, און דער כּוס זײַנער וועט זײַן — דער גרויסער גלאָק פונעם קלויסטער. דאָס פּאָרל האָט געהאַט דרײַ זין. דער עלטסטער, עלטשיק, איז געווען איינער פון די דרײַ געזעלן בײַ אוריע דעם שנײַדער, וואָס האָט פאַרמאָגט צוויי אַלטע אַמעריקאַנישע זינגער־מאַשינען, און האָט דעריבער געהאַט דעם שם פון דעם גרעסטן עקספּלואַטאַטאָר אויף דער וועלט.

עלטשיק איז געווען אַ בונטאָווטשיק, און איז דעם בעל־הבית דערגאַנגען די יאָרן. ער האָט געטענהט, אַז די צוויי זינגער־מאַשינען נעמען צו די אַרבעט בײַ די אָרעמע מענטשן און זיי וועלן שטאַרבן פון הונגער. און ווען דער בונטאָווטשיק האָט נאָך אָנגעהויבן צופיל צו קוקן אויף אוריעס יונגן ווײַבל, האָט דער עקספּלואַטאַטאָר געקראָגן אַ האַרצשלאַק און איז געשטאָרבן. עלטשיק האָט באַלד חתונה געהאַט מיט דער יונגער אלמנה, איבערגענומען די צוויי זינגער־מאַשינען, און אַליין געוואָרן אַן עקספּלואַטאַטאָר. די פאַרבליבענע צוויי געזעלן האָט ער אויסגעפּאַטשט און אַרויסגעוואָרפן.

מיט איר עלטסטן זון האָט זיך די באָבע ליבע שטאַרק איבערגענומען. דערפֿאַר האָט זי שוין געהאַט ווינציקער נחת פֿון די צוויי ייִנגערע זין. דער מיטלסטער, בנימין, איז ניט געווען קיין גרויסער פּאַרדינער, און ביז ער איז אַוועק קיין אַמעריקע און צוריקגעקומען פֿון דאָרטן אַ מיליאָנער — האָט די מאַמע אים געדאַרפֿט אַרויסהעלפֿן מיט אַ ביסל דירה־געלט.

דעם גרעסטן האַרצווייטיק האָט זי אָבער געהאַט פֿון דעם ייִנגסטן זון, אַברהמל, אַבראַשקע. ס׳האָט ווינציק געהאָלפֿן וואָס זי האָט אים נאָך קליינערהייט אויסגעהאַקט צוויי ציין, ווײַל ער האָט ניט געוואָלט גיין אין חדר אַרײַן. ער איז אויסגעוואַקסן, ווי די מאַרק־מענטשן האָבן געזאָגט, „אַן אומגליק אויף ייִדן״.

להיפּוך צו די צוויי עלטערע ברידער, איז אַבראַשקע געווען קליין און דאַר, מיט אַ פּאָר פֿאַרזשמורעטע אייגלעך, געירשנט פֿון זײַן טאַטן. ער פֿלעגט אָפּט אַרומבלאָנדזשען בײַם ראַנד פֿון אַלטן מאַרק אין אַ פּאָר אָנגעצויגענע קורצלעכע הויזן, מיט אַ צעקנייטשן קאַפּעליושל פֿאַרדרייט אין אַ זײַט, מיט אַ צווײַגל אין האַנט און אַן אויסגעברענט שוועבעלע צווישן די ליפּן. ניט ער האָט געקויפֿט, ניט ער האָט פֿאַרקויפֿט; ער איז ניט געווען ניט קיין בעל־הבית, ניט קיין רב, ניט קיין גנב, פּשוט אַ מענטש אָן אַ פּראָפֿעסיע, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געאַרבעט און קיינמאָל ניט פֿאַרדינט — אַן אומגליק אויף ייִדן.

היפּשע עטלעכע מאָל האָט אים די באָבע ליבע אַרויסגעטריבן פֿון שטוב, אָבער ער פֿלעגט שטענדיק צוריקקומען און סטראַשען, אַז אויב מ׳גיט אים ניט אָפּצועסן און אַ קערבל אין קעשענע, וועט ער זיך איבערשנײַדן דעם גאָרגל. כּדי מע זאָל אים גלייבן, האָט ער טאַקע אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ בלישטשענדיק מעסער און דערמיט אַ פֿאָכע געטאָן אין דער לופֿט. די באָבע ליבע פֿלעגט אים צוערשט גוט אויספּאַטשן, אָבער נאָכדעם פֿלעגט זי אים אַוועקזעצן בײַם טיש, אָנקאָרמען, געבן דאָס קערבל און ווידער אַרויסוואַרפֿן אים פֿון שטוב.

מער פֿון אַלץ האָט דער באָבע ליבע פֿאַרדראָסן, וואָס זי האָט ניט געוווּסט ווו אַבראַשקע ווערט נעלם צווישן איין אַרויסטרײַבן אים פֿון שטוב און אַ צווייטן. זי איז אים נאָכגעגאַנגען, נאָכשפּיאָנירט, נאָכגעפֿרעגט, אָבער ניט זי, ניט איר מאַן און ניט די צוויי עלטערע זין האָבן זיך געקענט דערוויסן דעם סוד. עס איז פּונקט אויסגעפֿאַלן אויף מײַן גורל, אַז גראָד איך זאָל אַנטפּלעקן דעם גרויסן סוד.

צו יענער צײַט האָט מײַן טאַטע מיך שוין בלית־ברירה אַרײַנגעגעבן אין דער רוסיש־ייִדישער שול, וואָס האָט סײַ אין ייִדיש און סײַ אין רוסיש געהייסן: נאַטשאַלנאָיע אוטשילישטשע. דאָרט איז קיין פּראָצענט־נאָרמע ניט געווען. סײַ די תּלמידים, סײַ די לערער זײַנען געווען ייִדן. מחמת דרך־ארץ פֿאַר

מייַן פֿאָטער דעם אַמעריקאַנער מיליאָנער, האָט מען מיך אַרייַנגעזעצט מיט אַ קלאַס העכער ווי די קינדער פֿון מייַן עלטער און מייַן וויסן.

אין אָנהייב איז מיר די שול ניט געווען צום האַרצן. מ׳האָט דאָרט ניט געטראָגן קיין שיינע מונדירן. די תּלמידים זייַנען געווען געקליידט אין טונקעלע סאַטינענע העמדלעך מיט פּלאַכע, מאַטע קנעפּלעך און אומעטיקע היטלען אויף די אָפּגעגאָלטע קעפּ. קיין גרויסע פֿעיִקייטן האָב איך ניט אַרויסגעוויזן. אַלע דרייַ מאָל וואָס מ׳האָט מיך אַרויסגערופֿן אויפֿן פֿאַרהער, האָב איך געקראָגן כּמעט די ערגסטע מיינונגען. ביסלעכווייַז האָב איך זיך אָבער צוגעוווינט צו דער נייַער סביבה און זיך גענומען דערנענטערן צו מייַנע נייַע קאָלעגעס.

עס האָט מיר בלויז געשטערט, וואָס פּונקט אויף דער שכנותדיקער גאַס איז געווען די גימנאַזיע ווו סאַשאַ און ראָמעק זייַנען געגאַנגען, און כּדי איך זאָל זיך מיט זיי ניט צונויפֿטרעפֿן, בין איך שטענדיק געגאַנגען אין שול און צוריק מיט אַ זייַטיקן וועג. אויך ניוראַס פֿענצטער, בייַם ראָג פֿון דער גאַס, האָב איך אויסגעמיטן. דאָס כּסדרדיקע דרייען זיך דורך די זייַטיקע גאַסן איז געווען ניט באַקוועם, אָבער איך בין געווען זיכער, אַז וואָס לענגער איך באַהאַלט זיך אויס פֿון איר, אַלץ מער זוכט זי מיך, און וואָס מער זי זוכט מיך, אַלץ ווינציקער האָב איך זי געקענט פֿאַרגעסן.

און כאָטש איך האָב שוין ביסלעכווייַז אָנגעהויבן פֿאַרלירן די האָפֿענונג אַז איך וועל זי נאָכאַמאָל באַגעגענען, איז געשען דאָס פֿאַרקערטע: איך האָב זיך באַגעגנט ניט בלויז מיט איר, נאָר אויך מיט מייַנע פֿאַרביסענע שונאים, די גימנאַזיסטן, מיט וועלכע כ׳האָב זיך אַרייַנגעלאָזט אין אַ לאַנגן און גרויליקן קאַמף. נאָר איידער איך האָב זיך באַגעגנט מיט זיי, האָב איך קודם אויסגעפֿונען מייַן קליינעם פֿעטערל, דעם וואַגאַבונד, דעם וויסטן טייַוול, אַבראַשקען.

איך מוז זאָגן, אַז אַ מענטש וואָס איז אַ שוואַרצער טייַוול פֿאַר דער גאַנצער וועלט, קאָן אין דער זעלביקער צייַט זייַן פֿאַר עמעצן אַ מלאך. בעת אַבראַשקע איז פֿאַר דער גאַנצער משפּחה געווען אַ פֿינצטערע בושה, האָט ער מיר געבראַכט אַ זאַך, וואָס איך האָב וועגן איר קיין אַנונג ניט געהאַט, און האָט מיר געגעבן דעם באַוווסטזייַן פֿון עפּעס אַ מאָדנעם כּוח, וואָס האָט מיר געהאָלפֿן אין מייַן געראַנגל פֿאַר ניוראַן און אויפֿגעוועקט אין מייַן האַרץ אַ פֿרישע לייַדנשאַפֿט, וואָס איר האָב איך שפּעטער געהייליקט מייַן גאַנץ לעבן.

## י״ב

ווענן דער דאָזיקער באַגעגעניש מיט מײַן פעטערל איז מיר אין די שפּעטערע יאָרן אויסגעקומען מערערע מאָל זיך צו דערמאָנען. מער ווי די אַנדערע פּאַסירונגען אין מײַן יוגנט פלעגט אָט די באַגעגעניש אַרויפשווימען אין דער וויזיע פון מײַן זכרון מיט דער קאַפּריזנער אומגעריכטקייט און אומגלויבעוודיקן אמת פון חלום.

דורך דער פּערספּעקטיוו פון צײַט האָט זיך אָט די פּאַטאַלע באַגעגעניש געשפּיגלט אין מײַן זכרון ווי אַ מאָדנע־ווײַט פלאַטערנדיק בילד, מיט משונה־שאַרפע ליניעס און קאַפּריזנע שימערירנדיקע קאָלירן פון מײַן קליינעם פעטערל, וואָס איז געשטאַנען פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, אָנגעשפּאַרט בײַם ראָג פון טויער. זײַן טשיקאַווער אויסזען, זײַן גלײַכגילטיקייט צו די מענטשן אַרום אים, און בפרט זײַן טראַגי־קאָמישע אויפפירונג אין שטוב בײַ דער באָבען, האָבן געררייצט מײַן נײַגעריקייט און איך האָב ניט איין מאָל געפּרוּווט זיך צו דערנענטערן צו אים, אָבער אַבראַשקע האָט ניט אַרויסגעוויזן דעם קלענסטן אינטערעס פאַר מיר. דערפאַר, ווען איך האָב אים איצט דערזען פונדערווײַטנס, האָב איך ניט געוווּסט, צי זאָל איך צו אים צוגיין, צי ניט. אָבער נאָך איידער איך האָב זיך אַנטשלאָסן וואָס צו טאָן, האָב איך באַמערקט ווי דאָס פעטערל פאָכעט אומגעדולדיק צו מיר מיט דער האַנט. איך בין צוגעלאָפן מיט אַן אימפּעט, וואָס קיינער וואָלט ניט דערוואַרט פון אָט דעם קליינעם אויסגעדאַרטן, קאַלטן לונג־און־לעבער, האָט זיך דאָס פעטערל אַרויפגעוואָרפן אויף מיר:

— איך וואַרט דאָ אויף דיר, קום מיט מיר!

— וואַהין?

— פרעג ניט! — האָט דאָס פעטערל מיך געשלעפּט בײַם אַרבל — איך ווייס אַז דו ביסט אַ יאַט פון די יאַטן, און דו וועסט מיר אַרויסהעלפן. ס׳איז אַ פראַגע פון לעבן און טויט, דו מוזסט מיך ראַטעווען!

די פּלוצעמדיקע קאָמפּלימענטן, און איבערהויפּט די פּאַרייִאושטע בקשה נאָך הילף, האָבן מיך אַ רגע צעמישט, נאָר פון דעסטוועגן האָב איך זיך ניט געוועדט און געלאָזט זיך שלעפּן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך האָב דאָ איצט אַ געלעגנהייט אָנצוקוקן איינעם פון זײַנע זעלבסטמאָרדן, וועגן וועלכע איך האָב אַזויפיל געהערט און קיינמאָל ניט געזען. ער האָט פאַרהאַלטן אַן אָנקומענדיקע דראָשקע און האַסטיק מיך אַרײַנגעזעצט.

— מיר מוזן פאָרן, ס'איז שפּעט, מע מוז לויפן, מע מוז פליִען... — און צום קוטשער האָט ער געשריי געטאָן: — צום לוקישקער פערדמאַרק, פאַנאָטשעק, און זשאַלעווע ניט די בײַטש, טו אַ טובה, טרײַב, טרײַב!

— וואָס ברענט דאָרטן, אַ פײַער? — האָט דער אַלטער קוטשער אַ שמייכל געטאָן.

— ערגער, ערגער ווי אַ פײַער. טרײַב, טאַטעלע, טרײַב, פּאַנאָטשעק!

— האָט דאָס פּעטערל זיך געבעטן.

אונטער דער קנאַקעריַי פון די אײַזערנע רעסאָרן איבער די קרומע, שפּיציקע ברוק־שטיינער, האָט אַבראַשקע זיך כּמעט אַרויפגעלייגט אויף מיר און מיר אַרײַנגעשריִען אין אויער:

— וועסט זײַן אַ ליליפּוט! דאַרפסט ניט מורא האָבן! איך ווייס, אַז דו ביסט ניט פון די ציטערדיקע יאַטן, מע קאָן זיך אויף דיר פאַרלאָזן... וועסט מיך ראַטעווען, וואָרעם אַז ניט, וועט אַלץ אויסגיין צו מײַן קאָפּ, ווי גלײַך איך בין שולדיק וואָס דער ליליפּוט איז געשטאָרבן. — איך האָב זיך דערמאָנט ווי מ'האָט אין דער משפּחה גערעדט, אַז אַבראַשקע איז ניט בײַם קלאָרן זינען און וועט נאָך אַמאָל אינגאַנצן משוגע ווערן. האָב איך אים אָנגעקוקט מיט מורא און חשד. — יאָ, יאָ, וועסט זײַן אַ ליליפּוט! — האָט דער משוגענער געבליצט מיט די אויגן — מ'וועט דיך פאַרשטעלן, מ'וועט דיך גרימירן, זאָלסט אויסזען ווי וואַסקאַ סיביריאַק, אַ שוואַרץ יאָר אויף אים! פּונקט הײַנט האָט זיך אים פאַרגלוסט אַוועקצופגרן. נעכטן בײַנאַכט האָט ער זיך איבערגעפרעסן, און הײַנט אינדערפרי האָט ער זיך אויסגעצויגן אין קראַמפּן. ער האַלט שוין אפשר בײַם שטאַרבן. גאָראָדענקאָ וועט משוגע ווערן.

"ווער וועט משוגע ווערן? ווער האָט זיך איבערגעפרעסן? ווער איז גאָראָדענקאָ? און וואַהין פאָרן מיר?" — האָב איך געוואָלט פרעגן, אָבער ניט באַוויזן, וואָרעם אַבראַשקע האָט, לעקנדיק מיט דער צונג זײַנע פאַרשמאָלעטע ליפּן, ממשיך געווען מיט נאָך מער פײַער:

— מע וועט דיר אָנטאָן אַ פּאָר וואָנצעס מיט אַ בערדל, זאָלסט אויסזען עלטער. איך ווייס אַז דו ביסט אַ יאַט פון די יאַטן און דו וועסט עס טאָן פאַר אונדז, וואָרעם אויב ניט, וועט זײַן אַ בראָך צו מיר און צו דעם גאַנצן באַלאַגאַן. איך האָב צוגעזאָגט גאָראָדענקאָן, אַז איך וועל אים צושטעלן אַ ליליפּוט, וואָרעם וואַסקאַ איז געווען די גאַנצע אַטראַקציע. מע דאַרף האָבן אַ יאַט וואָס זאָל ניט מורא האָבן, און דו ביסט דער יאַט... אַלץ וואָס דו דאַרפסט געדענקען, איז, אַז דו ביסט אַלט פינף־און־פערציק יאָר און קומסט פון סיביר, פון אַ הויכער מאַמען און פון אַ נאָך העכערן טאַטן. גאָראָדענקאָ וועט דיך פאָרשטעלן פאַרן פּובליקום. מע וועט דיך אַרויפפירן אויף דער בינע רײַטנדיק אויף אַ לייב. דערנאָך וועל איך אַרײַן אין אַ קעסטל און דו וועסט מיך דורכשטעכן מיט עטלעכע לאַנגע שווערדן, דערנאָך וועט אַ

מיידל, סאָנקע, אַריַין אין אַן אַנדער קעסטל און דו וועסט זי איבערזועגן מיט אַ זועג. גאָראָדענקאָ וועט דיר שוין וויַיזן אַלע זאַכן וואָס דו דאַרפסט טאָן. גאָר צום סוף וועט מען דיר דערלאַנגען צוויי סקאַווראָדעס און אַן איי. ווערסטו צעברעכן דאָס איי אין איין סקאַווראָדע און זי פּאַרדעקן מיט דער צווייטער. וועסט צעטרייסלען דאָס איי און פון צווישן די סקאַווראָדעס וועט אַרויספּליִען אַ לעבעדיקע הון. דער אָרקעסטער וועט אַ קנאַק טאָן אַ מאַרש, דער עולם וועט שריַיען ״בראַוואָ!״, ״הוראַ פּאַר וואַסקאַ סיביריאַק!״

— אַזאַ געלעגנהייט מאַכט זיך איין מאָל אין הונדערט יאָר, ווערסט זיַין אַ ליליפּוט...

— אַ ליליפּוט? — האָב איך אידיאָטיש געשמייכלט.

— יאָ, יאָ, דער עיקר, דאַרפסט זיך ניט שרעקן. איך וועל קיינעם ניט דערציילן. און דו דאַרפסט אויך קיינעם אין שטוב ניט דערציילן, איבערהויפּט ניט דער באָבען. ביַינאַכט וועל איך דיך נעמען צוריק אַהיים. דאַרפסט אונדז בלויז אַרויסהעלפן היַינט ביַינאַכט.

— טריַיב, טאַטעלע, טריַיב, — און אַרויסכאַפּנדיק די ביַיטש פון קוטשערס האַנט, האָט ער אַ כמאַלע געטאָן דאָס פערדל איבער די הינטערשטע פיס. דאָס פערדל האָט זיך אַ ריס געטאָן מיט אַזאַ פּלוצעמדיקן אימפּעט, אַז אַלע דריַי אין דער דראָשקע האָבן זיך געמוזט אָנכאַפּן איינער פאַרן צווייטן, כּדי ניט אַרויסגעשליַידערט צו ווערן אויפן ברוק. וואַרפנדיק זיך אין אַ ווילדן קדחת, האָט זיך די דראָשקע געדרייט אין די קרומע געסלעך פון דער לוקישקער פּאָרשטאָט, און סוף־כּל־סוף האָט זיך פון דער וויַיטן באַוויזן דער פערדמאַרק.

אין אַ יאַריד־טאָג פלעגט אויפן מאַרק זיַין אַ מוראדיקער טומל. דאָס געפּילדער און דער רעש פון מענטשן און בהמות האָט זיך צעטראָגן אין די אַרומיקע גאַסן. פערדהענדלערס מיט בלויע בולבעוואַטע נעזער, שלאַנקע יונגען אין לאַקירטע שטיוול מיט שוואַרצע, פלינקע אויגן און ברוינע פּנימער פלעגן דאָ צוזאַמענברענגען כאָפּטעס פערד, צערייצטע, בלישטשענדיקע אָגערס, בכּיוון אונטערגעהעצטע מיט פאַרשיידענע געטראַנקען, זיי זאָלן דונערדיק הירזשען און שפּריצן מיט שוימיקע מולינעס דורך זייערע פונאַנדערגעריסענע נאָזלעכער. קי, קעלבער, אָקסן און ציגן האָבן אַריבערגעמעקעט און אַריבערגעמוקעט איינער דעם צווייטן. און אַלעמען פלעגן פאַרטויבן די קולות פון די חזירים, וואָס זיַינען געוויינטלעך געלעגן צו פינף־זעקס אין אַ גרויסן זאַק, זיך געוואָרפן מיט מוראדיקע געוואַלדן, ווי עפּעס אַ פאַרשאָלטענע, פאַנטאַסטישע באַשעפעניש.

אויך דער מיסחר האָט זיך דאָ געפירט אויף אַ טומלדיקן אופן, מיט זידלעריַי, קריגעריַי און ביטערע געשלעגן, נאָך וועלכע מע פלעגט זיך

איבערבעטן, צעקושן, זיך אָנשיכּורן, און דערנאָך זיך ווידער שלאָגן.

די געסלעך אַרום דעם מאַרק זײַנען געווען אָנגעפּיקעוועט מיט שענקלעך, טרושטשאָבעס, מאַלינעס, ווו בײַ אַ קוועטל שנאַפּס און אַ האַרט איי פלעגט מען זיך דערמאָנען ווער ווען ס׳האָט דער ערשטער באַליידיקט בײַם מיסחר, זיך ווידער צעקריגט, צעפּאַטשט, און צום סוף זיך ווידער, מיט טרערן אין די אויגן, צעקושט. אָט די מאָדנע קושערײַ איז אָנגעגאַנגען ביז פּאַרנאַכט. איידער דער עולם איז זיך צעפאָרן אַהיים, האָט ער זיך נאָך אָפּגעשטעלט בײַם באַלאַגאַן, אַ קוק טאָן אויף דעם באַרימטן קונצנמאַכער, דעם ליליפּוט וואַסקאַ סיביריאַק.

דער באַלאַגאַן איז געשטאַנען איבער דעם מאַרק. דאָס איז געווען אַן אַלטע הילצערנע חורבה, אָפּגעפאַרבט אין געלן קאָליר, מיט אַ רויטן טוך בײַם אַרײַנגאַנג און עטלעכע קאָליריקע פּאַפּירענע לאַמטערנס בײַ די זײַטן. די פענצטער זײַנען געווען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער און פאַרקלעפּט מיט גרויסע פּלאַקאַטן, אויף וועלכע ס׳איז געווען אָנגעמאָלן אַ פּירקאַנטיקער ליליפּוט אין אַ פראַק, מיט אַ צילינדער, אין פאַרשיידענע פּאָזעס. אויף דעם אויסגעקרימטן דאַך האָבן שטאָלץ געפלאַטערט צוויי צעדריבלטע רוסישע פאָנען.

ווען די דראָשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז אַבראַשקע דער ערשטער אַרויסגעשפּרונגען. זײַן פּנים איז געווען באַשפּרענקלט מיט טראָפּנס שווייס, גרויס ווי אַרבעס, ווי ניט דאָס פערדל, נאָר ער, אַבראַשקע, וואָלט געשלעפּט דעם וואָגן.

— וויפל? — האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם קוטשער, און נאָך איידער ער האָט באַקומען אַן ענטפער, האָט ער זיך געווענדט צו מיר: — האָסט געלט? באַצאָל! איך וועל דיר שפּעטער אומקערן.

איך האָב אויסגעטרייסלט די קעשענעס:

— כ׳האָב ניט גענוג...

— ס׳וועט זײַן גענוג! — האָט אַבראַשקע אַרויסגעכאַפּט דאָס קליינגעלט פון מײַן האַנט און עס דערלאַנגט דעם קוטשער. יענער האָט אַ קוק געטאָן אויף די פּאָר מטבעות, איז אַראָפּגעשפּרונגען פון די קאָזלעס, נאָכגעלאָפן דעם פּאַסאַזשיר און געשריִען:

— וואַרט, וואַרט אַ ווײַלע!

אַבראַשקע האָט מיך פלינק אַרײַנגעשטופּט הינטער דעם רויטן טוך, און אַליין איז ער געבליבן שטיין אינדרויסן. פון הינטער דעם טוך האָב איך געהערט ווי מײַן פעטערל שרײַט אַריבער צום אויפגערעגטן איזוואָשטשיק:

— וואָס ווילסטו? וואָס שרײַסטו? מיינסט אַז דו ביסט אין איינער פון די טרושטשאָבעס? דאָ איז אַ טעמפּל פון קונסט! זעסט די פאָנען אויפן דאַך? מיר האָבן אַ דערלויבעניש פון גובערנאַטאָר. וואָס מיינסטו,

האָסט צו טאָן מיט פערד־גנבים, מיט חזירים־טרײַבערס? דו ווייסט וועמען דו האָסט געפירט אין דײַן דראָשקע? עס איז אַ כּבוד פאַר דיר און פאַר דײַן אַלטער פאַדלע, דײַן פערד! ווייסטו ווער ס'איז דאָס מענטשל, וואָס איז מיט אונדז מיטגעפאָרן? דאָס איז דער באַרימטער ליליפּוט וואַסקאַ סיביריאַק!

מער האָב איך ניט געהערט. ס'איז מיטאַמאָל געוואָרן שטיל. אַ ווײַלע בין איך געשטאַנען אין דער פינצטער. דערנאָך האָב איך זיך צוגעשאַרט צו אַ האַלב־אָפן טירל און אַרײַנגעקוקט. דאָרטן, אין אַ שטײַג, זײַנען אַרומגעשפּרונגען עטלעכע קליינע מאַלפּעס. גלײַך דערבײַ, אין אַ גרעסערער שטײַג, איז געלעגן אַ לייב. אַן עלטערער מאַן אין אַ שמוציק העמד און צעלעכערטע הויזן, מיט אַ פּאָר צעפּאַטלטע וואָנצעס, וואָס האָבן כּמעט פאַרדעקט די אונטערשטע העלפט פון זײַן פּנים, איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער שטײַג, געמיטלעך געררייכערט אַ גרויסע ליולקע און זיך באַמיט אַרײַנצובלאָזן דעם רויך דעם לייב אין די אויגן. אין דער זעלביקער צײַט האָט ער נאָך מיט אַ צווײַגל געקיצלט דעם לייב אין דער פּיאַטע. דער לייב האָט זיך ניט געוועהרט, בלויז פויל געפינטלט מיט די גרויסע קאָלטונעוואַטע ברעמען.

דאָס פּעטערל האָט מיך האַסטיק אַ שלעפּ געטאָן בײַם אַרבל און מיך אַרויסגעפירט אין אַ הינטערהייפל, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן מיט פאַרשיידענע קעסטלעך, ברעטער, שמאַטעס און גלאַט קופּעס מיסט, ווו עס האָבן זיך גערויעט עטלעכע הינדלעך. אין מיטן הייפל איז געשטאַנען אַ דאַר, ברוין פערדל. אַ מאַן מיט אַן עמער קאַלך און אַ ברייטן וואַנט־פּענדזל האָט געהאַלטן אין אָפּפאַרבן דאָס פערד אויף ווײַס. פון ערגעצוווּ האָט זיך געהערט אַ צעריסענע שטים, וואָס האָט געשריִען און געזידלט מיט לאַנגע קללות. אַבראַשקע האָט מיך צוגעשטופּט צו אַ טיר און געזאָגט:

— האָב ניט קיין מורא, גיי אַרײַן!

אינעווייניק זײַנען געזעסן עטלעכע מענטשן און געשמאַק געגעסן. אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ פאַרשוין און האָט, מיט דער זעלביקער הייזעריק־סקריפּעדיקער שטים, וואָס איך האָב פריִער געהערט אינדרויסן, געזידלט די עסערס.

כ'האָב אים געפּאַקט! — האָט אַבראַשקע אויסגעשריִען.

דער פאַרשוין מיטן הייזעריקן קול האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו מיר. ווען עמעצער זאָל אין אַ קײַלעכדיק שטיק טייג אַרײַנשטעקן צוויי פינגער און צוטשעפּען דאָרטן, אויפן אָרט פון אַ פּאָר וואָנצעס צוויי שוואַרצע ספּרוזשינעס פון אַ וואַנטזייגער, וועט ער האָבן אַ פולשטענדיק בילד פון גאָראָדענקאָס פּנים. דאָס דאָזיקע שטיק טייג איז געווען צוגעפּוצט מיט אַ גרויסן שוואַרצן שלייף אונטער דער מאָרדע, און מיט אַ קליין האַרט קאַפּעליושל אויפן קאָפּ. דאָס מערקווירדיקסטע איז אָבער געווען ניט זײַן

פּנים, נאָר זײַן בויך, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון אונטער דער מאָרדע און זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ גרויסער רייף ביז צו די קני.

גאָראָדענקאָ האָט מיך אָנגעקוקט און זיך באַלד ווידער צעשריִען, דאָס מאָל מיט אַ קוויטשענדיקער שטים, ווי אַ זעג וואָלט אַרויף אויף אַ סוק:

— צו גרויס, צו גרויס, צו גרויס!

אַנשטאָט אים צו ענטפערן, האָט אַבראַשקע זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר און איז גלײַך נעלם געוואָרן.

— קום אַהער, דו וויסטע זאַראַזע, קום, דו פאַרכעוואַטער הונט — האָט גאָראָדענקאָ נאָכגעשריִען מײַן פאַרשווּנדענעם פעטערל און דערנאָך זיך געוואָנדן צו מיר: — גיי, טראָג זיך אָפּ פון דאַנען, וואָרעם איך צעפּאַטש דיר די מאָרדע און האַק דיר אויס די ציינער!

איך האָב זיך ניט גערירט פון אָרט. וואַהין און פאַרוואָס טרײַבט ער מיך? פאַרוואָס וויל ער מיר אויסהאַקן די ציינער? בין איך דען ניט געקומען, און נאָך אויף אייגענע הוצאות, אַרויסהעלפן איינעם אַ ליליפּוט, וואָס האַלט בײַם שטאַרבן? פאַרוואָס קומט מיר מע זאָל מיך אַרויסטרײַבן און אויספּאַטשן?

גאָראָדענקאָ איז דערווײַלע אָנגעגאַנגען מיט זײַנעם:

— וואָס שטייסטו? פאַרשטייסט ניט וואָס איך רייד צו דיר? טויגסט ניט! ביסט צו גרויס און דו זעסט אויס ווי אַ יִנגל. איך דאַרף האָבן אַן אַלטן ליליפּוט, איינעם וואָס זאָל זײַן קלענער און אויסזען עלטער. דער פאַרך אַבראַשקע האָט מיר אײַנגערעדט, אַז ער וועט מיר ברענגען איינעם וואָס זעט אויס ווי אַ ליליפּוט. ווער וועט גלייבן אַז ער איז אַ ליליפּוט?

— האָט ער געפרעגט בײַ די עסערס, וואָס זײַנען געזעסן מיט גלײַכגילטיקע פּנימער, געקײַט און געשוויגן.

— דער איזוואָשטשיק האָט געגלייבט — האָב איך מיט בייזקייט אַרויסגעבורטשעט. די עסערס האָבן אַ דריי געטאָן די אויגן צו מיר. אויך גאָראָדענקאָ, וועלכער איז שוין געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו מיר, האָט זיך צוריק אויסגעדרייט.

— וואָס האָסטו געזאָגט? וועלכער איזוואָשטשיק?

— דער וואָס האָט מיך געבראַכט אַהערצו.

— וואָס האָט ער געגלייבט?

— אַז איך בין דער ליליפּוט!

גאָראָדענקאָ האָט אַ שאָקל געטאָן מיט זײַן גרויסן קאָפּ, ווי ער וואָלט געוואָלט אַראָפּטרייסלען אַ בייזע פליג פון דער נאָז:

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנשיקעניש אויף מיר? נעמט אים אַוועק פון מײַנע אויגן! וואָס זיצט איר? וואָס שווײַגט איר? גענוג צו פרעסן, אַ פינצטער יאָר אויף אײַך מיטן ליליפּוט צוזאַמען. וואָס טוט מען? איך בין

אומגליקלעך. ס׳איז שפּעט! מע דאַרף באַלד אָנהייבן. ווו איז אַבראַשקע? מײַן נאָמען איז ניט גאָראָדענקאָ, אויב איך וועל אים הײַנט ניט אויסדרייען הענט און פֿיס. געגוג צו פּרעסן, האָב איך געזאָגט! נעמט זיך אָנטאָן! ווו איז מײַן גלעקל? — ער האָט זיך גענומען שטופּן דורך דער טיר.

— און וואָס וועט זײַן מיט מיר? — האָב איך זיך אַ רוק געטאָן נאָך אים און פֿאַרבּיסן די ליפּן.

— גיי אַהיים! — האָט גאָראָדענקאָ אַ צערייצטער אַ ברום געטאָן.

— ס׳איז צו ווײַט צו גיין, מע דאַרף מיך אָפּפֿירן. אַבראַשקע האָט בײַ מיר צוגענומען מײַן געלט צו באַצאָלן דעם איזוואָשטשיק, איר דאַרפֿט מיר געבן אויף אַ דראָשקע צוריקצופֿאָרן.

— ווי געפֿעלט אײַך אַזאַ אומגליק? ווער דאַרף דיך, אין דײַן מאַמעס, טאַטנס־טאַטן אַרײַן!

— גיט מיר געלט! פֿון טאַטנס־טאַטן אין דײַן מאַמעס־מאַמען, פֿון אונטן, פֿון אויבן, דורך לונג־און־לעבער אין דײַן הינטישן בלוט אַרײַן! — האָב איך מיט זיכערקייט אַ שאָס געטאָן אויף צוריק.

מײַן אומדערוואַרטער ענטפֿער האָט אַראָפּגעוואָרפֿן די עסערס פֿון די בענק. זיי האָבן זיך פֿאַרקײַקלט אין אַ ווילד געלעכטער אויף דער פּאַדלאָגע.

קיין גרעסערע זאַך האָט ניט געקאָנט פּאַסירן. קיינער וואָלט מיר קיין גרעסערע הילף ניט געקאָנט געבן, ווי דער דאָזיקער ספּאָנטאַנער אויסברוך פֿון די עסערס. גאָראָדענקאָ האָט אַרויסגענומען אַ רויטע פּאַטשיילע פֿון זײַן קעשענע, אַ וויש געטאָן דאָס צעפּאַרעטע שטיק טייג אויף זײַנע פּלייצעס. מיט אַ הוזשערײַ האָט ער אַרײַנגעצויגן אַ פֿרישע פּאָרציע לופֿט אין זײַן גרויסן בויך און ווידער זיך געוואָנדן צו דער גרופּע, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ געטרייסלט פֿון געלעכטער:

— ווי געפֿעלט אײַך דער דאָזיקער הינטישער גליד? ס׳איז דאָך אמת גאָלד. מײַן טײַער קינד, ווו ביסטו געווען? מײַן גאַנץ לעבן האָב איך דיך געזוכט. פֿאַרוואָס האָסטו צו מיר גלײַך ניט גערעדט ווי אַ מענטש דאַרף ריידן? — האָט ער מיט אַ צוקערדיקן שמייכל מיר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ — קום נאָר אַהער, לאָמיר עס הערן נאָכאַמאָל.

און נאָכדעם ווי איך האָב נאָך מיט מער אימפּעט און קלאָרקייט איבערגעחזרט מײַן פּיזמון, צו וועלכן איך האָב נאָך צוגעגעבן אַ פּאָר נײַע וואַריאַציעס, האָט גאָראָדענקאָ גענומען קלינגען מיטן גלעקל, און מיט זײַן צוריקגעקערטער אויטאָריטעט באַפֿוילן:

— ברענגט אַרײַן וואַסקאַס קליידער, לאָמיר זען וויאַזוי דער יאַט וועט אויסזען אין פֿראַק און צילינדער.

מײַן גורל איז געוואָרן געחתמעט.

*

פון איצט אָן לויפן שוין די פּאַסירונגען מיט דער האַסטיקייט פון אַ חלום. אין אַ מישמאַש פון זידלערייַ און לאַנגע קללות טראָגט מען מיך, שטופּט מען מיך, פאַרבט מען מיך, קליידט מען מיך. באַלד שטיי איך שוין אין אַ טונקעלן ווינקל אויסגעפּוצט אין אַ פראַק מיט אַ קליין צילינדערל אויפן קאָפּ. אויף דער מאָרדע האָט מען מיר צוגעקלעפּט אַ בערדל, און אונטער דער נאָז — אַ פּאַר פאַרשניצטע וואָנצעס. איך קוק אויף זיך: איך דערקען זיך ניט. דאָס בין איך?

בייַ דער זייַט נעבן מיר שטייט דאָס ווייַס־אָפּגעפּאַרבטע פערדל מיט אַ זילבערנעם פּראַנדז אויפן קאָפּ. אויף אים זיצט סאָנקע, אין אַ ראָזעווען טריקאָ, מיט בלישטשענדיקע פּליטערלעך אַרום די היפּטן. אויף דער צווייטער זייַט ליגט אויף דער ערד דער אַלטער, מידער לייב און דרעמלט. דער מאַן מיט די גרויסע צעפּאַטלטע וואָנצעס שטורכעט אים מיטן פוס, ער זאָל ניט אַנטשלאָפן ווערן. אויף דער אַרענע, אונטער אַ שנייַדיקער גאַז־ליכט, אין קלאָונישע קאָסטיומען באַהאָנגען מיט גלעקלעך, גייען אויף די הענט, שטייען אויפן קאָפּ, די עסערס. אַרום זיי דרייט זיך גאָראָדענקאָ אין ווייַסע הענטשקעס און אין אַ שוואַרצן פראַק, מיט דרייַ רייען בלישטשענדיקע מעדאַלן אויף דער ברוסט. ער דיריגירט מיט אַ שוואַרץ שטעקל און שרייַט אויף פראַנצויזיש: האָפּ, האָפּ! אַ מאַלפּע רייַט אויף אַ הונט, דאָס ווייַסע פערדל טאַנצט אַ וואַלצער, און ווען די מוזיק ווערט אַנטשוויגן, אַנאָנסירט גאָראָדענקאָ דעם הויפּט־נומער פון פּראָגראַם: דעם גרעסטן ווונדער אויף דער וועלט.

— זשע ווו פּרי, קאָם איל פאָ מאָן גראַן ליליפּו דע וואַסקאָ דע סיביריאַק!

אַבראַשקע פליט ווי אַ צעספּוזשעטע פלעדערמויז פון איין ווינקל אין צווייטן. ער שלעפּט אַ קאַסטן, ער ציט אַ שטריק. עמעצער גיט אים אַ בריק אין הינטן, און אַז ער הייבט זיך אָן צו פאַרענטפערן, קריגט ער נאָך אַ זעץ איבערן קאָפּ. דערנאָך פאַלט ער צו צו מיר און שעפּטשעט מיר האַסטיק אין אויער אַרייַן:

— געדענקסט אַלץ וואָס מ׳האָט דיר אָנגעזאָגט? זעץ זיך אַרויף אויפן לייב! איצט גייסטו!

— איך שטשעמע זיך אייַן אין דער קודלעוואַטער טשופּרינע פון דעם לייב. אַבראַשקע און דער מאַן מיט די צעפּאַטלטע וואָנצעס שטופּן אַרויס דעם לייב פון פינצטערן ווינקל אין דער ליכטיקייט פון דער אַרענע.

אַ שטיקנדיקער רויך פון ביליקער מאַכאָרקע. אַן איבלדיקער גערוך פון פאַרשוויצטע פיס, צעפּאַרעטע קעפּ מיט אָנגעשוואָלענע בולבעוואַטע נעזער. שוואַרץ־חנעוודיקע גנבישע פּנימער מיט בלישטשענדיקע אויגן. אַ ווילדער טראָמפּייט און אַ בראַזגערייַ פון אַ גרויסן באַראַבאַן. די צעריסענע שטים פון גאָראָדענקאָ:

— ווי אַלט ביסטו, וואַסקאַ?
— פינף־און־פערציק יאָר!
— פאַרוואָס ביסטו אַזוי קליין?
— ווייַל מייַן טאַטע האָט מיך גרעסער ניט געמאַכט.
— פאַרוואָס האָט דער טאַטע דיך גרעסער ניט געמאַכט?
— ווייַל ער האָט קיין צייַט ניט געהאַט.
— פאַרוואָס האָט ער קיין צייַט ניט געהאַט?
— ווייַל ער האָט געדאַרפט מאַכן נאָך צוועלף קינדער.

אַ דונערדיקער געלעכטער. אַ רעגן פון פאַלנדיקע מטבעות.

אין אַ קעסטל ליגט איַינגעקאָרטשעט מייַן פעטערל. איך שטעך אים דורך מיט זעקס שווערדן, און ער קומט אַרויס אַ פאַרשוויצטער און אַ לעבעדיקער.

אויף אַ טישל ליגט אויסגעצויגן אין טויט־שרעק מייַן ווייַב סאָנקע. מיט אַ גרויסער זעג זעג איך זי איבער אויף צוויי גלייַכע שטיקער און זי שפּרינגט אַראָפּ פון טיש אַ גליקלעכע און אַ גאַנצע.

איך צעברעך אַן איי און עס קומט אַרויס אַ לעבעדיקע הון. און האַלטנדיק די פלאַטערנדיקע הון בייַ די פיס, אַיבער מייַן קאָפּ, הייב איך אָן מייַן גרעסטע, מוראדיקסטע, פיר־און־צוואַנציק־גאָרנדיקע קללה, צונויפגעשטעלט פון גאָראָדענקאָ: אין טאַטנס־טאַטן, אין דער מאַמעס גדערעם...

די ווענט טרייסלען זיך פון אַ ווילד־געוואָרענעם פובליקום. זיי קלאַפּן מיט די פיס, זיי וואַרפן די היטלען, זיי כאַפּן זיך אַרום און קושן זיך און נעמען זיך שלאָגן...

דאָס ליכט ווערט פאַרלאָשן. אין דער פינצטער רייַסן זיך קעפּ, פּאָכען הענט. גרויסע פונאַנדערגעריסענע מייַלער שרייַען:

— הוראַ! הוראַ!...

## י״ג

דער באַוווסטזיין אַז איך בין אין דער ״נאַטשאַלנאָיע אוטשילישטשע״ בלויז דערפֿאַר, ווײַל מען האָט מיך ניט אַרײַנגענומען אין דער גימנאַזיע, און איבערהויפּט דאָס, וואָס מײַן פֿאָטער האָט מיך אַרײַנגעשטופּט אין אַ קלאַס העכער ווי מײַן עלטער, און מײַנע קענטענישן האָבן עס דערלויבט, האָט מיך אַוועקגעשטעלט אין אַ זייער ניט אָנגענעמען מצב.

מײַן הינטערשטעליקייט לגבי מײַנע שול־חברים האָב איך זיך באַמיט צו פֿאַרענטפֿערן דערמיט, וואָס איך בין געקומען אין שול, ניט ווי זיי, עפּעס צו לערנען, נאָר איך בין דאָ, אַזוי צו זאָגן, אַ צופֿעליקער צײַטווײַליקער גאַסט. אַ מין פֿאַרבײַפֿאָרנדיקער אורח אין אַן אַכסניא; איך בין בעצם אַ פֿידל־שפּילער און בין פּאַקטיש אויפֿן וועג קיין פּעטערבורג, אַרײַנצוטרעטן אין קאָנסערוואַטאָריע.

צוערשט האָבן מײַנע רייד אַרויסגערופֿן אַ ביסל דרך־ארץ. אָבער אַז עס זײַנען אַריבער אַ פּאָר חדשים, און בײַם אַרויסרופֿן מיך צום פֿאַרהער האָב איך זיך נאָך אַלץ געקראַצט אין דער פּאַטילניצע און אַרויפֿגעקוקט מיט רחמנותדיקע אויגן צו דער סטעליע, אָדער פֿיבעריש געזוכט אין די קעשענעס, ווי איך וואָלט דאָרטן דערוואַרט צו געפֿינען דעם ענטפֿער אויף דער שאלה וואָס דער לערער האָט געשטעלט, האָט עס אַרויסגערופֿן אָפּט אַ ספּאָנטאַנעם געלעכטער, אויסגעמישט מיט שפּאָט. איך האָב דעריבער באַלד געמוזט אַרויס מיטן אמת, אַז איך בין ניט קיין פֿידלער אין פּשוטן זין פֿון וואָרט, אַז מײַן שפּילן איז פֿאַרבונדן מיט אַ קונץ, ווײַל בעצם בין איך אַ קונצנמאַכער און האָב פֿאַר מײַן אַרײַנטרעטן אין שול געאַרבעט אין אַ צירק. און כּדי דאָס גלײַך צו באַשטעטיקן, האָב איך פֿאַר זיי געוויזן עטלעכע קונצן.

אין אַ באַשטימטן טאָג האָב איך אַפֿילו געבראַכט פֿון דער היים אַן איי, און בעת דעם איבעררײַס, ווען די יִינגלעך האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין בית־הכּסא, האָב איך פֿון דעם איי אַרויסגעשלעפּט אַ לעבעדיקע הון. די קונץ האָט זיי אינגאַנצן מטושטש געמאַכט, און כאָטש אייניקע האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן באַמערקט אינדערפֿרי, ווען איך בין געקומען אין שול, אַז מײַן בוזעם איז אויפֿגעבלאָזן און עס האָט זיך געהערט פֿון דאָרטן דאָס קוואָקען פֿון אַ הון, האָט מײַן פֿאַכמענישקייט און אויטענטישקייט פֿון די שפּרוכן, וואָס איך האָב באַנוצט, אײַנגעשטעלט די

מיינונג, אַז אַפילו ווען איך בין ניט קיין אמתער קונצנמאַכער, בין איך דאָך ניט קיין פּשוטער תּלמיד, און דעריבער דאַרף איך טאַקע גאָרנישט ניט לערנען און גאָרנישט ניט קענען, און איך בין דאָ טאַקע צופעליק און ציַיטווײַליק, בלויז זיי פריילעך צו מאַכן.

דאָס מערקווערדיקסטע דערבײַ איז געווען, וואָס אָט די מיינונג פון מײַנע שול־חברים איז באַלד אויך געוואָרן די מיינונג פון די לערערס, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו קוקן אויף מיר ווי אויף עפּעס אַ פרעמדן "קליינעם איגנאָראַמוס", וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין שול ווי אַ יוון אין סוכה, וועלכער הייבט ניט אָן צו וויסן ווו ער געפינט זיך און וועגן וואָס מע רעדט דאָ, און וואַרפט אָפּט אַרײַן, מיט זײַן אומבאַהאָלפנקייט, דעם גאַנצן קלאַס אין אַ פריילעכער כאָכעטולע. מײַן פאַרײַאושטער גראַנגל צו טרעפן דעם ענטפער האָט מער אַמוזירט און צופרידנגעשטעלט די לערערס, ווי ווען איך פלעג אַמאָל יאָ געבן אַ ריכטיקן ענטפער. מײַן ריכטיקער ענטפער פלעגט זײַן ווי אַן אַנטוישונג פאַרן קלאַס, פאַר אַלע, ווי ניט דאָס וואָס מען דערוואַרט פון מיר, ווי איך וואָלט אָפּגענאַרט, און דעריבער פלעג איך שטענדיק זוכן ניט אַזוי דעם ענטפער, ווי צו געבן וואָס מען וואַרט פון מיר.

איינגיקע לערערס האָבן עס אָפּגעשאַצט און פלעגן אַפילו טיילמאָל מיר שטעלן אַ בעסערע נאָטע ווי איך האָב פאַרדינט, בפרט דער לערער גראַסים איסאַקאָוויטש. ער האָט מיך אַרויסגערופן צום פראָנט און מיך געפרעגט:

— וויפל ערד־טיילן זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט?

איך האָב זיך פאַרטראַכט, דורכגעגאַנגען מײַן געוויינטלעכע פּראָצעדור פון פאַרגלאָצן די אויגן צום באַלקן, קראַצן דעם שטערן, בײַסן די ליפּן, און בין אַרויס מיטן ענטפער: פיר! — אָבער אין דעם זעלביקן אָטעם צוגעגעבן:

— מעגלעך, אַז עס איז דאָ איינער מער אָדער איינער ווינציקער, נאָר אויפן סמך פון מער אָדער ווינציקער מוזן זײַן פיר.

דער לערער און די תּלמידים האָבן זיך, ווי געוויינטלעך, שטאַרק צעלאַכט. איך האָב זיך פאַרנייגט מיט דער העפלעכקייט פון אַ כינעזישן מאַנדאַרין און געזאָגט:

— איך זע אַז איך האָב ניט געטראָפן. איך בין אָבער זיכער, אַז איך האָב קיין גרויסן טעות ניט געמאַכט. און אויב יאָ, וואָס איז דער חילוק. וויפל איך זאָל ניט זאָגן, זעקס אָדער צען, וועל איך דאָך סײַ־ווי ניט קריגן מער ווי אַן איינס אָדער אַ צוויי. אַזאַ מזל האָב איך...

נאָך אַ גאַנצער מינוט, בעת וועלכער דער לערער האָט זיך באַמיט אַריבערצולאַכן זײַנע תּלמידים, האָט ער אָפּגעווישט די פריילעכע טרערן פון די אויגן און געזאָגט:

— דאָס איז ניט אמת, עס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט מזל. די שלעכטע נאָטע קריגט איר, ווײַל איר גיט ניט קיין ריכטיקן ענטפער. ווען איר זאָלט

ענטפערן: פינף וועלט־טיילן — וואָלט איר זיכער געקראָגן אַ פינפער.

— אויב אַזוי, — האָב איך מיט דער זעלביקער תּמעוואַטער געלאַסנקייט געשמייכלט — שטעלט מיר אַ פירער, ווײַל איך האָב דאָך געענטפערט: פיר!

דער קלאַס האָט גענומען אַפּלאָדירן. גראַסים איסאַקאָוויטש האָט אויפגעהויבן די פּען:

— איר האָט אַ שלעכטע מיינונג וועגן זיך און וועגן די לערערס. אָבער כּדי אײַך צו ווײַזן, אַז איר האָט דווקא יאָ מזל (וואָרעם קיינמאָל האָט נאָך אַ שלעכטער תּלמיד ניט אָנגעטראָפן אויף אַזאַ גוטן לערער), וועל איך אײַך שטעלן אַ גאַנצן פינף — און דאָס וועט אײַך שוין אין איינוועגס העלפן געדענקען, אַז דער ענטפער איז ניט פיר, נאָר פינף.

אין דער צײַט פונעם איבעררײַס האָב איך זיך אונטערגעהערט ווי די תּלמידים האָבן גערעדט:

— דאָס איז אַ סקאַנדאַל, פאַר אַזאַ ענטפער אַ פינף!

— אַפילו קאַפּלאַן האָט קיינמאָל קיין פינף ניט געקראָגן.

— קאַפּלאַן איז אַ זשעני, ער האָט איבערגעחזרט די טעאָרעמע פון פּיטאַגאָראַס גלײַך ווי דער לערער האָט זי פאָרגעברענגט, און ער האָט באַקומען בלויז פיר.

— דאָס איז אַ מזל...

— ניין, דאָס איז אַ שווינדל, דאָס איז אַ סקאַנדאַל!

אָבער גראַסים איסאַקאָוויטש האָט, ווי עס ווײַזט אויס, געהאַט זײַן אייגענע מיינונג וועגן מיר. ער האָט מיך גערופן צום פּראָנט מער ווי די געוויינטלעכע רוטין האָט געפאָדערט, און מיר געשטעלט שאלות אין אַזאַ טאָן, וואָס האָט אַרויסגערופן געלעכטער אין קלאַס נאָך איידער איך האָב געענטפערט. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט מיר ניט פאַרגונען די גוטע נאָטע, וואָס ער אַליין גיט מיר, און קאָנקורירט מיט מיר פאַר דעם געלעכטער פונעם קלאַס.

איינמאָל האָט ער מיך אַרויסגערופן און, ווײַזנדיק מיט זײַן שוואַרצן שטעקל אויף דער קאָלירטער מאַפּע אויף דער וואַנט, מיך געפרעגט:

— ווי איז דער נאָמען פון אָט דעם ים?

ווען איך האָב געמאַכט אַ טראָט נענטער צו דער מאַפּע, האָט ער מיך מיטן שטעקל אָפּגעשטויסן אויף צוריק און געזאָגט:

— אויב איר זענט קורצזיכטיק, פאַרוואָס בעט איר ניט אײַער פאָטער דעם מיליאָנער ער זאָל אײַך קויפן אַ פּאָר ברילן? — און ער האָט געקראָגן אַ שטורמיש געלעכטער.

איך האָב אָפּגעוואַרט ביז דאָס געלעכטער האָט זיך אויסגעשעפּט, און דערנאָך אויסגעמורמלט:

— אויב איר גלייבט, אַז ברילן קענען מיר העלפן, האָב איך בײַ זיך צופעליק אַ פּאָר... — און איך האָב אַרויסגעשלעפּט פון מײַן הינטערקעשענע

אַ פּאָר אַלטע שפּאַקולן און זיי אומגעלומפּערט אַרויפגעזעצט אויף מײַן נאָז.
אַנשטאָט אַ געלעכטער איז דאָס מאָל געקומען פון קלאַס אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער "אָ־אָ־אָ" פון פאַרוווּנדערונג.
דער לערער האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן שוואַרצן שטעקל אין טיש, און מיט אַ קול פון איבערראַשונג, פאַרשעמטקייט און בייזקייט אויסגעשריִען:
— הערט, יונגערמאַן, איך פאַרליר שוין מײַן געדולד צו די דאָזיקע חכמות. דאָ איז ניט קיין צירק, און איר וועט אַזוי גוט זײַן אויפהערן מיט אײַערע קלאָונישע שטיק און מיר גלײַך ענטפערן אויף מײַן שאלה.
איך האָב אָנגעשטעלט אַ נעבעכדיק פּנים:
— אויב דער הער לערער וועט ניט זײַן אין כּעס אויף מיר, וועל איך, ווי אַלעמאָל, אויפריכטיק זיך מודה זײַן, אַז איך בין ניט זיכער. דאָך וועל איך זאָגן, אַז לויט אַלע סברות איז עס דער שוואַרצער ים.
גערשאָם איסאַקאָוויטש האָט מיט אומגעדולד אַ שלײַדער געטאָן דאָס שטעקל און זיך געוואָנדן צום קלאַס:
— וועט איר אַזוי גוט זײַן און זאָגן דעם קליינעם איגנאָראַמוס דעם נאָמען פון דעם ים?
— דער רויטער ים! — האָבן עטלעכע און דרײַסיק שטימען מיט שטאָלצער צופרידנקייט אויסגערופן.
איך האָב אַ ווײַלע אויסגעהאַלטן דעם חוזק־בליק אין די עטלעכע און דרײַסיק פּאָר אויגן. דערנאָך האָב איך אָנגעטאָן צוריק די ברילן און געזאָגט:
— איצט בלײַבט פאַר דעם הער לערער צו אורטיילן ווער פון אונדז איז גערעכט. אַלץ וואָס איך קען זאָגן איז, אַז דורך מײַנע ברילן זע איך, אַז דער ים איז ניט שוואַרץ, ניט רויט, נאָר בלוי.
דער לערער האָט מיך אָנגעכאַפּט בײַם קאָלנער און אַ וואָרף געטאָן אין דער ריכטונג פון מײַן פּלאַץ אויף דער באַנק.
בעת דעם איבעררײַס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער לערער האָט אינדערשטיל, קיינער זאָל ניט באַמערקן, מיר ווידער אַוועקגעשטעלט אַ הויכע נאָטע. ער קריגט גוט באַצאָלט דערפאַר, אין אַמעריקאַנער דאָלאַרן. אייניקע תּלמידים האָבן דווקא זיך אײַנגעשטעלט פאַר מיר. ס'איז כּמעט אויסגעבראָכן אַ קריגערײַ. אַנדערע זײַנען געווען קעגן מיר. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ס'איז בעסער איך זאָל זיך ניט אַרײַנמישן און שטיין בײַ דער זײַט, אָבער זיי האָבן מיך ניט אָפּגעלאָזט.
אין די הפסקות פלעגן די תּלמידים מיך אַרומרינגלען און זיך באַמיִען אַרויסצוקריגן פון מיר דעם אמת, צי איך בין טאַקע אַ פידלער, צי אַ קונצנמאַכער. ווי זיי וואָלטן געהאַט אַ חשד, אַז דעם אמתן אמת באַהאַלט איך אויס פון זיי, און מײַן זײַן דאָ אין שול איז פאַרבונדן מיט עפּעס

אַ געהיימעניש, ווו איך האָב ליב צו זײַן אַליין און וויל זיך מיט זיי ניט טיילן.

איינמאָל, ווען זיי האָבן מיך צוגעדריקט צו דער וואַנט איך זאָל זיי זאָגן ווו איך האָב זיך אויסגעלערנט אַזוי שיין ריידן, האָב איך זיי געענטפערט, אַז איך רייד אויך ענגליש און איטאַליעניש. אייניקע האָבן געהערט, אַז מײַן פֿאָטער איז פֿון אַמעריקע — איז אפשר ענגליש. אָבער אַז איך רייד איטאַליעניש, האָבן זיי ניט געוואָלט גלייבן.

— איך רייד פֿראַנצויזיש אויך.

— הער אויף, וואָס זײַנען מיר, אידיאָטן? — האָבן זיי שוין גענומען פֿאַרלירן דעם געדולד.

— זשע ווו פֿרי, קאָם איל פֿאָ, מאָן גראַן ליליפּו!

— הערט, הערט, ער רעדט דאָך טאַקע פֿראַנצויזיש, וואַרט אַ ווײַלע...

אָבער איך האָב קיינמאָל ניט געוואַרט. איך פֿלעג זיך גלײַך אַרויסדרייען פֿונעם קרײַז און זיך אָפּטראָגן, איבערלאָזנדיק זיי פֿאַרבליפֿטע.

הינטער מײַנע פּלייצעס האָב איך געהערט ווי זיי קרימען מיר נאָך און וואַרפֿן מיר נאָך שאַרפֿע, באַליידיקנדיקע נעמען, ווי: פֿלאַפּלער, טשאַקער, זיכער־נעמער — אָבער זייערע באַליידיקונגען זײַנען געפֿאַלן אויף מיר ווי פֿאַפּירענע פֿײַלן אויף אַן אײַזערנעם פּאַנצער.

איינמאָל, ווען מיר זײַנען אַרויס פֿון שול, האָבן זיי מיך אַרומגערינגלט אין אַ קרײַז און גענומען מיך אָנציִען:

— וואָס אײַלסטו זיך? ווען פֿאָרסטו קיין אַמעריקע? האָסט שוין אײַנגעפּאַקט די זאַכן?

— יאָ — האָב איך געענטפֿערט — קומענדיקן דאָנערשטיק פֿאָר איך אַוועק. — און איך האָב אַרויסגענומען פֿון דער בוזעם־קעשענע אַ באַן־בילעט.

זיי זײַנען געבליבן איבערראַשט:

— דאָס איז אַ קונץ. ער איז טאַקע אַ קונצנמאַכער! — האָט איינער פּרובירט דערקלערן.

— דאָס איז בלויז אַ האַלבער אמת. און אויב עס ווילט זיך אײַך דווקא וויסן דעם גאַנצן אמת, וועל איך אײַך אויסזאָגן, אָבער איר מוזט מיר געבן דאָס וואָרט, אַז איר וועט ניט דערציילן די לערערס.

אַלע האָבן זיך צוגערוקט נענטער.

— איך בין געווען אַ ליליפּוט.

— אַ וואָס?!

— אַ ליליפּוט. און ערשט ניט לאַנג איידער איך בין אַרײַן אין שול בין איך אויסגעוואַקסן.

דאָס געזעמל האָט אויסגעבראָכן אין אַ הילכיק געלעכטער. זיי האָבן

אָנגעהויבן אַפּלאָדירן. אונטערגעהעצט פון די אַפּלאָדיסמענטן, האָב איך זיי דערציילט ווי אַ געוויסער גאָראָדענקאָ האָט מיך פאַרנאַרט אין אַ צירק, מיך געשאָלטן מיט פינצטערע קללות, געשלאָגן, געבויגן, געקוועטשט און געקאָרטשעט, איך זאָל אויף אַ ווייַלע זיך פאַרוואַנדלען אין אַ ליליפּוט און כאָטש אויף אַ האַלבער שעה ווערן פינף־און־פערציק יאָר אַלט. דרייענדיק און ברעכנדיק מיך אַהין און אַהער, האָט ער פון מיר אַ תּל געמאַכט און מיך אַזוי פאַרקריפּלט, אַז איך בין געוואָרן אַ העלפט די גרייס ווי פריִער. מיך האָט ניט אַזוי געשראָקן וואָס מיר פעלט אַ גוטע העלפט, ווי דער פאַקט וואָס דער פאַרשאָלטענער באַלאַגאַנטשיק האָט אין דער העלפט וואָס איז מיר געבליבן אַרייַנגעקוועטשט גאַנצע פינף־און־פערציק יאָר. איך האָב זיך געפילט זייער אַלט און אומגליקלעך. אמת, פון דרויסן האָב איך זיך ביסלעכווייַז אויסגעצויגן און געקומען צו דער נאָרמאַלער גרייס, אָבער די פינף־און־פערציק יאָר זייַנען מיר געבליבן שטעקן אין די ביינער. און איצט:

— צי איר ווילט גלייבן, צי ניט, איך בין פינף און פערציק יאָר אַלט!

— און איך האָב אַרויסגענומען אַ געשטעמפּלטע לעגיטימאַציע, וווּ עס איז געווען אָנגעגעבן דאָס יאָר פון מייַן געבורט מיט עטלעכע־און־פערציק יאָר צוריק.

זיי זייַנען געבליבן דערשטוינט און פאַרגאַפט. אַז דאָס איז ווידער אַ ליגן, איז געווען קלאָר, אָבער דאָס מאָל איז דער ליגן אַזוי געוואַגט, אַזוי איבערראַשנדיק און שיין, אַז זיי זייַנען אינגאַנצן צעחושט געוואָרן. פּלוצעם האָט עמעצער פון הינטן אַ געשריי געטאָן:

— לאַמפּעדוסער! — און אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט: — יאָ, יאָ, דאָס וואָס ער איז, אַ לאַמפּעדוסער, דאָס איז דער אמתער אמת.

דעם צונאָמען לאַמפּעדוסער האָב איך פריִער קיינמאָל פון זיי ניט געהערט און קיין אַנונג ניט געהאַט וואָס דאָס מיינט. פון דעסטוועגן האָב איך דערפילט ווי דער־אָ צונאָמען האָט דורכגעלעכערט מייַן פאַנצער, אַרייַן אין מייַנע ביינער און מיך צוגענאַגלט צו דער וואַנט.

פּראָטעסטירן איז געווען אוממעגלעך. ווי ווייַט איך האָב געקענט אויסגעפינען, האָט קיינער ניט געוווּסט פון וואַנען דאָס וואָרט קומט, ווער עס האָט עס דער ערשטער גענוצט. און עס איז ניט אַזוי געווען דער נאָמען, ווי דאָס געוואַלדיקע פאַרגעניגן, וואָס זיי האָבן געהאַט ווען זיי האָבן מיך מיט אָט דעם נאָמען גערייצט. ס׳האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן וואָס זיי קענען מיר זאָגן אַ וואָרט, אויף וואָס איך ווייס ניט וויאַזוי צו רעאַגירן, וויאַזוי זיך צו באַשיצן, ווייַל איך ווייס ניט וואָס פאַר אַן אינהאַלט זיי לייגן אַרייַן אין דעם וואָרט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי טוען מיט מיר איצט דאָס זעלביקע, וואָס איך האָב אַמאָל געטאָן מיט פּאַגאַניני דעם צווייטן, אַז זיי

באַמיִען זיך צו ברעכן אין מיר עפּעס אַן אייגנשאַפט, וואָס זיי פֿאַרגינען מיר ניט, און האַלטן מיך געפּאַנגען מיט דעם צוגעטראַכטן נאָמען, פּונקט אַזוי ווי איך האָב געהאַלטן דעם גרויסן מוזיקער אין מײַנע הענט מיט דעם אויסגעטראַכטן גולם.

פֿון אַן אַנדערער זײַט האָב איך זיך געטרייסט מיט אַ פֿלוצלינג אויפֿגעדראָלענעם שטאָלץ צו זײַן עפּעס אַזוינס, וואָס מע קען מיט קיין איינעם פֿון די פֿאַראַנענע ווערטער ניט באַצייכענען און מע דאַרף צוטראַכטן עפּעס אַ ספּעציעלן נאָמען. לצים, פֿלאַפּלערס, טשאַקערס, זיכער־נעמערס, אַפֿילו שווינדלערס און פֿערד־גנבים זײַנען פֿאַראַן אַ סך, אָבער אַ לאַמפּעדוסער — דאָס האָט נאָך קיינער קיינמאָל ניט געהערט און איז נאָך קיינמאָל ניט געווען.

דער דאָזיקער באַוווסטזײַן האָט דערוועקט אין מיר צוערשט אַ צופֿרידנקייט, דערנאָך אַ שטאַרקן חשק צו זײַן אַ לאַמפּעדוסער, דווקא צו זײַן דאָס, וואָס ניט איך און ניט זיי ווייסן וואָס דאָס באַטײַט. אַפֿילו איצט, נאָך דעם ווי איך האָב שוין הונדערטער ביכער געלייענט, מיליאָנען ווערטער געלערנט, און ווייס וואָס פֿאַר אַ מערקווערדיקע כּוחות און וואָס פֿאַר אַ לײַדנשאַפֿט אָט דער נאָמען האָט אין מיר דערוועקט, וואָס פֿאַר אַ גענוס דאָס האָט פֿאַרשאַפֿט דעם קלאַס, און וואָס פֿאַר אַן אומדערוואַרטע דערגרייכונגען דאָס האָט מיר געבראַכט, מוז איך זאָגן, אַז קיין פּינקטלעכערער און מער אויסשעפּנדיקער נאָמען פֿאַר דעם וואָס האָט תּיכּף נאָך דעם פּאַסירט, קען גאָר ניט זײַן, ווי דאָס וואָרט, דאָס איין־און־איינציקע: לאַמפּעדוסער.

עס איז געווען ווען דער צווייטער ווינטער איז צעשמאָלצן געוואָרן אין גרויסע לוזשעס און האָט גענומען לויפֿן מיט אַ הוזשערײַ און אַ פּליעסקערײַ דורך די קרומע רינשטאָקן פֿון דער שטאָט אַרויס. די פֿאַרשלאָפֿענע דעכער האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט און שטיפֿעריש גענומען אַראָפּבריקען פֿון זיך די שמוציקע שניי־פּערינעס איבער די קעפּ פֿון די פֿאַרבײַגייענדיקע מענטשן. די צוריקגעקומענע מחנות פֿייגל האָבן מיט אַ פֿריילעכן געפֿילדער אַראָפּגעריסן די ברודיקע וואָלקנס פֿון דער זון, זיי אויף קליינע שמאַטעס צעפֿליקט און צעוואָרפֿן איבער דער שטאָט.

ס'איז געווען פֿרילינג, אָבער ניט אויף לאַנג. אַ פֿריצײַטיקער זומער איז אָנגעלאָפֿן מיט אַזאַ ברענענדיקן אימפּעט, און אַרומגעכאַפּט די שטאָט מיט אַזאַ היץ, ווי ער וואָלט ניט געקומען צווישן מענטשן אין דער ליטע, נאָר ערגעץ אין דער וויסטעניש פֿון סאַהאַראַ. אַפֿילו די עלטסטע אין שטאָט האָבן זיך ניט געקענט דערמאָנען אַזאַ זומער. אָבער נאָך הייסער איז דער זומער געווען פֿאַר די תּלמידים פֿון "נאַטשאַלנאָיע אוטשילישטשע", וואָרעם צוזאַמען מיטן זומער זײַנען אויך געקומען די טעג פֿון די לעצטע עקזאַמענס פֿון יאָר.

יענע טעג זײַנען אומעטום, אונטער אַלע הימלען, אין אַלע קלימאַטן הייסע טעג פֿאַר תּלמידים. איבערהויפּט פֿאַר אַזאַ תּלמיד ווי איך בין געווען. און אַז מע האָט נאָך צו די עקזאַמענס ספּעציעל אונטערגעלייגט אַ פֿײַער אין שול, און אין דער זעלביקער צײַט איז נאָך בײַ מיר אין דער היים אויסגעבראָכן אַ שׂריפֿה, האָב איך אין יענע טעג פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון קאַלך־אויוון, ווי מע האָט אַמאָל אַרײַנגעוואָרפֿן אברהם אבינו. און אויב דער אַלטער אברהם אבינו איז געווען דער ערשטער וואָס האָט באַוויזן אַרויסצוקומען פֿון קאַלך־אויוון אַ לעבעדיקער, איז דער לאַמפּעדוסער געווען דער צווייטער.

צו די עקזאַמענס פֿון לעצטן קלאַס פֿלעגט געוויינטלעך אַראָפּקומען אַ ספּעציעלער אינספּעקטאָר פֿון פּעטערבורג, דער באַרימטער "געלערנטער ייִד". וועגן דעם דאָזיקן אינספּעקטאָר זײַנען אין שול געווען פֿאַרשפּרייט לעגענדעס, אַז ער איז איינער פֿון די געלערנטסטע מענטשן אין לאַנד, אַ גרויסער היסטאָריקער, אַ גרויסער מאַטעמאַטיקער, און ריידן רעדט ער ניט מער און ניט ווינציקער ווי פֿערצן שפּראַכן. דערצו איז ער זייער אַ בייזער און אַ שטרענגער, און האָט אַ סאַדיסטישן פֿאַרגעניגן צו פּײַניקן די תּלמידים מיט אויסערגעוויינטלעך קאָמפּליצירטע שאלות.

נאָך אין די ערשטע קלאַסן פֿלעגן די תּלמידים, אין צײַט פֿון איבעררײַס, מאָלן מיט קרײַד אויפֿן טאָוול דעם דאָזיקן געלערנטן, מיט וועלכן זיי פֿלעגן זיך דאַרפֿן אַמאָל טרעפֿן. זיי האָבן זיך אים פֿאָרגעשטעלט ווי אַ כינעזישן דראַקאָן מיט הענט ווי שלאַנגען און ציינער פֿון אַ זעג. אין צווייטן, דריטן קלאַס זײַנען די בילדער פֿון אים געמאָלט געוואָרן אײַנגעהאַלטענער, ווי למשל: האַלב מענטש און האַלב וואָלף, אָדער אַ גאַנצער מענטש און בלויז דער קאָפּ פֿון אַ כיטרען פֿוקס. ערשט אין די צייכענונגען פֿון פֿערטן — לעצטן — קלאַס איז ער שוין געווען אַ פֿולע מענטשלעכע געשטאַלט, מיט אַ גרויסן פּראָפֿעסאָרישן שטערן און אַ געדיכטן, צעפּודלטן קאָפּ האָר.

אין לעצטן קלאַס האָט מען שוין צו זײַן שרעקעדיקער רעפּוטאַציע פֿון ערשטן קלאַס צוגעגעבן פּאָזיטיווע קוואַליטעטן, ווי למשל זײַן גרויסע פּאָפּולאַריטעט און די וויכטיקע פֿאַרבינדונגען, וואָס ער האָט ניט נאָר אין דער ייִדישער, נאָר אויך אין דער קריסטלעכער וועלט. און מיט אַזאַ מענטש, פֿאַרשטייט זיך, איז כּדאַי זיך צו באַקענען, אַפֿילו ווען ער האָט אין זיך חיהשע אינסטינקטן און האָט ליב אײַנצובײַסן דעם תּלמיד, זען ווי ער צאַפּלט צווישן זײַנע שאַרפֿע ציינער. ס'האָט שוין געטראָפֿן, און איינמאָל אַפֿילו ניט לאַנג צוריק, אַז נאָך דעם ווי דער אינספּעקטאָר האָט אַזוי גוט צעביסן דעם תּלמיד, אַז ער האָט שיִער אַ צאָן ניט צעבראָכן, האָט ער אים מיטגענומען מיט זיך קיין פּעטערבורג און דאָרטן, דורך זײַנע גרויסע פֿאַרבינדונגען, אַרויסבאַקומען פֿאַר אים אַ פֿאַלשן פּאַס און אים אַרײַנגעגעבן אין אַן אוניווערסיטעט. איצט איז דער צעביסענער קרבן אַ

באַרימטער אינזשיניער, צי אַ דאָקטער, צי אַן אַדוואָקאַט.

אַזוי אַז ס'איז אפשר גאָר בעסער וואָס דער אינספּעקטאָר איז ניט קיין גענויינטלעכער מענטש , און אויב ער בײַסט טאַקע, קאָן ער אָבער דערפאַר, ווער ווייס? — אפשר אַ פאַלשן פּאַס, אפשר פּעטערבורג, אוניווערסיטעט? ווער קען וויסן? אַלץ וואָס מע דאַרף איז, אַז דער אינספּעקטאָר זאָל צעברעכן די ציינער בײַסנדיק. און צו דעם האָבן זיך די תּלמידים אין דער גרויסער היץ מיט אַ שווידערלעכן ערנסט צוגעגרייט.

אויך איך האָב געשוויצט און זיך באַמיט צוצוגרייטן פאַר די שאַרפע ציין פון דעם אינספּעקטאָר. אָבער עס איז געווען פּונקט אין איינעם פון יענע טעג ווען איך בין צוגעקומען צו מײַן הויז און האָב דערהערט דורך די אָפענע פענצטער מאָדנע, טויבע קלעפּ. איך בין גלײַך אַרויפגעשפּרונגען די טרעפּ און געבליבן שטיין אויפן שוועל פון דעם עס־צימער.

אין מיטן פון גרויסן צימער איז געזעסן מײַן פאָטער אַ האַלב־נאַקעטער און האָט מוֹראדיק געהוסט. וואָלט איך ניט געווען זיכער אַז איך שטיי בײַ זיך אין דער היים, וואָלט איך ניט געגלייבט, אַז דאָס איז מײַן לעבעדיקער פאָטער, נאָר עפּעס אַ פרעמדע, מאָדנע פיגור, צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע קאָלירן, ענלעך צו די גרויליקע פאַרזעענישן פון די טאָוול־אילוסטראַציעס אויף די פינף־גראָשנדיקע בולוואַר־ראָמאַנען.

זײַן רונד ווײַס פּנים איז איצט געווען אינגאַנצן ברוין, די ליפּן בלוי, און די אויגן זײַנען געווען ווי שטיקער קרײַד פאַרצויגן מיט אַ נעץ פון בלוט־רויטע אָדערן. די הילכיקע קלעפּ וואָס זײַנען אַרויסגעקומען פון זײַן ברוסטקאַסטן, זײַנען געווען איבערנאַטירלעכע אַפילו פאַר אַזאַ הויכן, שטאַרקן מענטש ווי מײַן פאָטער איז געווען. זײַן נאַקעטער בויך האָט זיך קאָנווולסיוו געוואָרפן אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ צעלעכערטער בלאָז־זאַק. דורך זײַן אויפגעריסענעם מויל האָט זײַן וויאָלעטעווע צונג געציטערט און זײַנע נאָזלעכער האָבן זיך פונאַנדערגעריסן ווי בײַם פערדל אין די מעשיות פון "קאַניאַק גאַרבוניאַק". עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געווען אָנגעפולט מיט פּולווער, וואָס האָט יעדע מינוט אויפגעריסן מיט פאַרטויבנדיקע קלעפּ און זיך געקליבן אַרויסצוזעצן דעם קאָפּ ווי אַ קאָרק פון אַ פלאַש, און נאָר די מיאוסע, בלוי־גרינע שטריק, וואָס זײַנען אַרויסגעקראָכן פון אונטער דער הויט אַרום דעם האַלדז, האָבן נאָך געהאַלטן דעם קאָפּ געבונדן צו די אַקסלען. ער אַליין האָט זיך מיט זײַנע מעכטיקע הענט אָנגעהאַלטן אָן דעם גרויסן דעמבענעם טיש, ווי ער וואָלט מוֹרא געהאַט, אַז זײַנע אייגענע קלעפּ זאָלן אים ניט אַרויסשלײַדערן דורך די אָפענע פענצטער. נעבן אים האָבן זיך אַרומגעדרייט צוויי דאָקטוירים און געמאַכט הכנות אים אַרײַנצושפּריצן עפּעס אין אָרעם. צוזאַמענגעפּרעסט אין אַ ווינקל זײַנען געשטאַנען שטומע און צעשראָקענע די מוטער, די צוויי דינסטן און אַ פּאָר שכנים.

אונטער דער ווירקונג פון דער איינשפּריצונג האָט דער פאָטער ענדלעך אויפגעהערט צו הוסטן, און אַנשטאָט דעם גענומען כאָרכלען מיט אַ פּיַיפעריַי ווי מע וואָלט אים פאַרצויגן מיט שטריק אַרום דעם גאָרגל, און אַ ווייַלע שפּעטער איז ער אינגאַנצן צוזאַמענגעפאַלן ווי אַ פאַרטשאַדעטער. די צוויי דאָקטוירים האָבן אים אַריַינגעשלעפּט אין שלאָפצימער און אים אויסגעצויגן אין בעט.

אויף מאָרגן האָט זיך די סצענע איבערגעחזרט. אויפן דריטן און פערטן טאָג זיַינען די אַסטמאַטישע אַטאַקעס ניט גרינגער געוואָרן. די דאָקטוירים האָבן פּרובירט זיך אַריַינרייַסן אין זיַינע פאַרשטאָפּטע לונגען מיט פאַרשיידענע שפּריצערס, פּולווערריזאַטאָרן און לופטזויגלעך, אָבער אומזיסט. ער האָט גרויליק געסווישטשעט, ווי אַ לויפנדיקע באַן אין דער לעצטער רגע פאַר אַ קאַטאַסטראָפע.

עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט אַ קאָנסיליום פון גאַנצע פיר דאָקטוירים באַשלאָסן, אַז דער פאָטער מוז תּיכּף פאָרן קיין דיַיטשלאַנד זיך ראַטעווען. דאָרט, האָבן די דאָקטוירים פאַרזיכערט, געפינען זיך די גרעסטע פּראָפעסאָרן, די בעסטע קליניקעס. דערביַי האָבן זיי אויך געגעבן אָנצוהערן, אַז די באַרימטע פּראָפעסאָרן לאָזן זיך גוט באַצאָלן, דעריבער זאָל מיַין פאָטער מיטנעמען אַ היפּשע סומע געלט.

אין גרויס איַילעניש האָט מיַין פאָטער באַלד איַינגעפּאַקט עטלעכע העמדער, גענומען אַלע באַנק-ביכעלעך, און אין באַגלייטונג פון אַן אָרטיקן דאָקטער זיך אַוועקגעלאָזט קיין דיַיטשלאַנד צו די גרויסע פּראָפעסאָרן.

די דאָזיקע פּלוצימדיקע קרענק פון מיַין פאָטער האָט מיך אַזוי צערודערט, אַז אַפילו נאָך דעם ווי ער איז שוין געווען אַוועקגעפאָרן, האָב איך נאָך אַלץ ניט געקענט פאַרטריַיבן פון מיַינע אויגן דאָס מוראדיקע בילד פון וואָרגעניש. די שוידערלעכע מוזיק פון כאָרכלעריַי און סווישטשעריַי האָט מיר כּסדר געקלונגען אין די אויערן.

פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ מצב, און נאָך אין די מערדערלעכע היצן, האָט זיך אַפילו דאָס ביסל וואָס איך האָב געוואָלט וויסן וועגן פּיטאַגאָראַס טעאָרעמע אויך ניט געקענט איַינלייגן אין מיַין צו־להכעיסדיקן זכּרון, וואָס פלעגט געוויינטלעך איַינזאַפּן אין זיך די קלענסטע דעטאַלן פון אַלץ וואָס איך האָב געוואָלט פאַרגעסן און זעלטן געקענט אויפהאַלטן עפּעס פון דעם וואָס איך בין געווען געצוווּנגען צו געדענקען. אַזוי אַז איך בין געקומען צו דעם עקזאַמען ווי אַ רוי, ווייך שטיק פלייש פאַר די שאַרפע ציינער פון דעם אינספּעקטאָר, און האָב זיך שטילערהייט אַריַינגעשאַרט אין מיַין באַנק.

באַלד האָבן זיך דערהערט אָנקומענדיקע טריט. די תּלמידים זיַינען אויפגעשפּרונגען פון די בענק, און אַלע ווי איינער האָבן פאַרריסן די קעפּ

צו דער טיר, ווו עס איז געשטאַנען אַ פּאַרשוין, מערקווערדיק ענלעך צו די אַלע צייכענונגען און מאָלערייַען פון דעם ערשטן ביז דעם לעצטן קלאַס. זייַנע אויסערגעוויינטלעך דאַרע, לאַנגע הענט און פיס האָבן אָן ספק געהאַט אין זיך עפּעס פון אַ דראַקאָן, און זייַן לאַנג, שאַרף פּנים מיט דער שפּיציקער מאָרדע האָט דערמאָנט אַ פוקס. דערפאַר אָבער האָבן זייַנע שטייענדיקע זילבערנע האָר, איבערהויפּט זייַנע גוטמוטיקע אויגן וואָס האָבן אַריבערגעקוקט איבער אַ פּאָר פּענסנע, צוגעטשעפּעט מיט אַ זייַדערנער טאַשמע צום רעכטן לאַץ פון זייַן מונדיר, אין אַ גרויסער מאָס דערמאָנט די צוזאָגנדיקע מעלות, וועגן וועלכע מען האָט גערעדט אין פערטן קלאַס.

דאָס חשיבות פון אַ מענטשן שאַפן אָבער קודם־כּל די וואָס שטייען אַרום אים. די לערערס, וואָס זייַנען איצט געווען אויסגעפּוצט אין זייַערע יומטובדיקע מונדירן און האָבן אים אַרומגערינגלט מיט אַזאַ דרך־ארץ, האָבן עדות־געזאָגט, אַז דאָס איז טאַקע דער באַרימטער ייִד, וועלכער קען טאָן גרויסע טובֿות אין דער קריסטלעכער וועלט. און אַז דער בילדערישער מעטאַפאָר וועגן זייַן בייַסן און וועגן זייַנע גרויסמוטיקע מעשׂים איז ניט קיין פּוסטע אַלעגאָריע, האָט מען געקענט זען אין דעם, וואָס פּונקט אין פּראָנט פון זייַן שמייכלענדיקן מויל האָבן געפּעלט עטלעכע ציין.

— איך ווינטש אייַך גליק, חבֿרה! — האָט ער מיט אַ פלאַכן, געשעפּטלעכן ווונק אַ מורמל געטאָן.

— מיר זייַנען גליקלעך אין אונדזערע באַמיאונגען, הער אינספּעקטאָר! האָבן עטלעכע און דרייַסיק יונגע און לויטערע שטימען אָפּגעקלונגען מיט אַ מעטאַלענעם עכאָ.

דער אינספּעקטאָר האָט זיך אַרייַנגעזעצט אין מיטלסטן פּאָטעל בייַם לאַנגן גרינעם טיש, ניט געוואַרט אַפילו ביז די לערערס האָבן זיך רעכט אייַנגעמאָשטשעט אין זייערע פּלעצער, און גלייַך אַ הייב געטאָן זייַן לאַנגע האַנט, וואָס איז כּמעט ביזן עלנבויגן אַרויסגעקראָכן פון דעם אייַנגעשרומפּענעם אַרבל פון זייַן אַ ביסל צו ענגלעכן און צו קורצלעכן מונדיר, און אַ ווייַז געטאָן מיט אַ ביינערדיקן פינגער אויף איינעם פון די תּלמידים. דער עקזאַמען האָט זיך אָנגעהויבן.

איינס נאָך איינס האָבן די תּלמידים פון דער "נאַטשאַלנאַיאַ אוטשילישטשע" זיך געשטעלט פאַר דעם אינספּעקטאָר פון פּעטערבורג און אים ממש איבערראַשט מיט זייער ספּריטנעקייט אין באַנעמען זייַנע שאלות און מיט דער קלאָרקייט פון זייערע ענטפערס. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין איבערקוקן מיט די לערערס און געקוועטשט מיט די פּלייצעס: גענִיאַל! גענִיאַל!

פּופצן, צוואַנציק, דרייַסיק מאָל האָט שוין דער "געלערנטער ייִד" אַ ווייַז געטאָן מיטן פינגער פון איין האַנט, און מיט דער צווייטער געשטעלט

אַ פינף. אַנשטאָט, ווי די תּלמידים האָבן דערוואַרט, דער דראַקאָן זאָל פאַרפּײַניקן, איז ער אַליין נאָך עטלעכע שעה פון זינט דער עקזאַמען האָט זיך אָנגעהויבן, געזעסן אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער, ווי די תּלמידים וואָלטן אים פאַרפּײַניקט און ער וואָלט שוין זייער געהאַט חשק צוריקצולויפן קיין פּעטערבורג.

ער איז געזעסן הינטער דעם גרינעם טיש אַ צעווייקטער אין שווייס און אַן אויסגעמאַטערטער פון דער מאָנאָטאָנער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. דאָס האָט ער דאָך גערעדאַרפט וויסן נאָך איידער ער איז אַרויסגעפאָרן פון פּעטערבורג, וואָרעם ווער האָט עס געקענט וויסן בעסער ווי ער, דער „געלערנטער ייִד״, אַז אויב די תּלמידים פון דער דאָזיקער ייִדישער שול, קינדער פון זײַן אייגענער אומגליקלעכער אומה, וועט חלילה פעלן איין פינטל צו אַ זשעני, אויב זיי וועלן ניט זײַן קיין געלערנטע ייִדן נאָך מיט דער מילך אויף די ליפּן, וואָס פאַר אַ צוקונפט קענען זיי האָבן? ווי קענען זיי גיין ווײַטער, אויב אַלץ אַרום זיי איז פאַרשטעלט מיט אַ פּראָצענט־נאָרמע, וואָס באַטײַט אַ דריטל פון אַ פערטל פון אַ האַלבן ייִד? וויאַזוי וועלן זיי דערגרייכן אַהין, וווּ ער האָט דערגרייכט, אויב זיי וועלן ניט זײַן אַבסאָלוט, אין פולסטן זין פון וואָרט, אויב זיי וועלן ניט זײַן קיין געניאַלע היסטאָריקערס, קיין גרויסע מאַטעמאַטיקערס, און דערצו נאָך קענען פערצן מאָל פערצן שפּראַכן?

די אָרטיקע לערערס זײַנען געווען באַשיידן אין זייערע אָפּשאַצונגען, ווײַל לגבי אייגענע לאַנדסלײַט קאָן מען קיין חכם ניט זײַן, אָבער פאַר אים, וואָס איז געקומען פון דער פרעמד, פאַר אים האָבן די קינדער אויפגעלויכטן אין זייער גאַנצער פּראַכט, מיט זייער גאַנצער געירשנטער צווייטוויזנט־יאָריקער אײַנגעשפּאַרטקייט גובֿר צו זײַן אַלע שוועריקייטן, אַלע פאַרבאָטן, אַלע היצן און פרעסט, צו פאַרוואַנדלען דעם הינטן אין בלײַ און דעם קאָפּ אין אײַזן, און דערמיט דורכברעכן די דיקע ווענט פון זייער תּחום.

פּופצן, צוואַנציק, דרײַסיק מאָל האָט ער געפרעגט און צוריקבאַקומען גוט־צוגעגרייטע, גוט־אײַנגעשטודירטע ענטפערס מיט דער זיכערקייט און זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט פון צוויי מאָל צוויי איז פיר.

דאָס אַלץ האָט זיך אָבער באַלד גענומען לייגן שווער אויפן געמיט פון דעם גרויסן מאַטעמאַטיקער. ס׳איז אים נמאס געוואָרן צו הערן צום הונדערטסטן מאָל אַ מעשה, וואָס די גאַנצע וועלט ווייסט זי און ער אַליין האָט זי שוין אַזויפיל מאָל געהערט. ער האָט כּסדר געפּרוווט אַרויפזעצן די אומגעדולדיקע, קאַפּריזנע פּענסנע אויף זײַן פאַרשוויצטער נאָז. ער האָט ביסלעכווײַז אויפגעקנעפּלט זײַן ענגן מונדיר און זיך נאָנשאַלאַנט גענומען קראַצן הינטערן קאָלנער.

עס זײַנען נאָך געבליבן אַ דרײַ־פיר תּלמידים צו עקזאַמינירן. אָבער צוליב

וואָס זיך מאַטערן אין אַזאַ פֿאַרעדיקער היץ? האָבן דען שוין ניט די דרײַסיק יונגען מיט די אײַזערנע קעפּ באַוויזן, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ חברה, וואָס איז דורך איר גורל אויסגעקנאָטן, אויסגעבאַקן און פֿאַרהאַרטעוועט אַזוי, אַז די שאַרפֿסטע ציין וועלן זיי ניט צעבײַסן, און קיין שוואַרץ יאָר וועט זיי ניט צעפּליקן? צוליב וואָס באַווײַזן אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט? — האָט ער געטראַכט.

און ביז זײַן מידער, גלײַכגילטיקער פֿינגער האָט ענדלעך מעכאַניש אַ ווײַז געטאָן אויף מיר, איז שוין די מוראדיקע לעגענדע וועגן דעם "געלערנטן ייִד" צעגאַנגען ווי אַ רויך. אויף זײַן גוטמוטיקן און פֿאַרנודיעטן פּנים איז שוין ניט געווען דער קלענסטער שטריך, וואָס זאָל דערמאָנען די סטראַשנע בילדער, וואָס די תּלמידים האָבן געצייכנט אַלע יאָרן. דאָס איינציקע, וואָס מען האָט נאָך געקענט גלייבן אויף דעם "געלערנטן ייִד" איז געווען, אַז ער איז אַ ייִד. דאָס איבעריקע איז געווען נאַרישער בילבול. ער איז גאָרניט בייז און ניט סאַדיסטיש. זײַנע שאלות זײַנען אַזוי פּשוט, אַז ס'איז גאָרניט צו מערקן, אַז ער איז אַזאַ גרויסער געלערנטער, און אויב ס'איז טאַקע אמת אַז ער רעדט פֿערצן שפּראַכן, רעדט ער אָבער רוסיש מיט אַ קענטיקן ייִדישן אַקצענט. און אויב פֿון דעם אַלעם וואָס מ'האָט וועגן אים דערציילט, איז אמת בלויז דאָס, אַז ער איז אַ ייִד. — וואָס־זשע איז דאָ מורא צו האָבן? אויב אַפֿילו אָ דראַקאָן, איז ער דאָך ניט מער ווי אַ ייִדישער דראַקאָן, וואָס האָט אַפֿילו קיין ציינער ניט רעבט אײַנצובײַסן.

מיט די דאָזיקע געדאַנקען בין איך צוגעקומען צום טיש, זיך מיליטעריש אויסגעצויגן און מיט דער גאַנצער קראַפֿט אַ קנאַק געטאָן מיט די קנאַפּל. דער אינספּעקטאָר האָט אַ ציטער געטאָן פֿון דעם אומדערוואַרטן טראַסק, און בעת ער האָט געוואָלט אָנכאַפּן די פּענסנע, וואָס האָבן זיך ווידער אַראָפּגעגליטשט פֿון דער נאָז, האָט ער מיטן קנעפּל פֿונעם אַרבל פֿאַרטשעפּעט די זײַדענע טאַשמע, וועלכע האָט זיך געצויגן פֿון די פּענסנע צום לאַץ. די פּענסנע האָט זיך אַ ריס געטאָן אין דער לופֿט און ווי אַ צעשראָקענער פֿויגל זיך געדרייט אונטער זײַנע הענט. אין קלאַס האָט פּלוצלינג אַ בלאָז געטאָן אַ קיל ווינטל. אַלע האָבן מחיהדיק אָפּגעאָטעמט. און ווען דער אינספּעקטאָר האָט ווידער געהאַט די פּענסנע אויף דער נאָז, האָט ער זיי אָנגעשטעלט אויף מיר און אויסגעשריִען:

— צו אַלדע גוטע יאָר, ווי אַלט ביסטו?

שוין פֿריִער האָט דער אינספּעקטאָר זיך עטלעכע מאָל אַריבערגעבויגן צו די לערערס און זיך נאָכגעפֿרעגט אויפֿן עלטער פֿון די תּלמידים; ער איז געווען זייער פֿאַרוווּנדערט, וואָס דער עלטסטער פֿון זיי האָט קוים געציילט פֿופֿצן יאָר, אָבער איצט, ווען ער האָט געקוקט אויף מײַן אויסגעדאַרט פּיגורקעלע, די טאַליע וואָס ער וואָלט געקענט אַרומנעמען מיט צוויי פֿינגער

פון זייַן האַנט, האָט ער אַוועקגעלייגט די פען, זיך אויסגעצויגן אין פאָטעל, און פאָכענדיק זיך מיטן לאַץ פון זייַן פונאַנדערגעקנעפּלטן מונדיר, געזאָגט:

— עס איז אַן אַבסאָלוט מערקווערדיקער פענאָמען. איך געדענק, ווען איך פלעג מיט יאָרן צוריק אַראָפּקומען צו די עקזאַמענס, זייַנען אין לעצטן קלאַס געזעסן סטאַלנע בחורים, דערוואַקסענע מענער מיט וואָנצעס און בערד, און איצט — קוקט אים נאָר אָן! אויב עס וועט אַזוי ווייַטער אָנגיין, וועט אונדז אין דער נאָענטער צוקונפט אויסקומען צו עקזאַמינירן קינדער בייַ דער ברוסט פון זייער מוטער.

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָט דער קלאַס אויסגעבראָכן אין שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

בראַוואָ, בראַוואָ! דאָס איז דער סוף. דער עקזאַמען איז פאַרענדיקט. ניטאָ מער קיין דראַקאָן, נאָר אַ ווילער, האַרציקער מענטש, וואָס רעדט און וויצלט זיך ווי אַ גאָר פשוטער בן־אדם. איז טאַקע בראַוואָ פאַר דעם מענטש אין דעם דראַקאָן, אָבער נאָך מער בראַוואָ, בראַוויסימאָ, פאַר זייַן קלוגן קאָפּ און פאַר זייַנע שאַרפע ציין, וואָס האָבן מיט איין ביס צעקנאַקט דאָס ניסעלע, אַנטפּלעקט און אויפגעקלערט די גרויסע מיסטעריע פון דעם "לאַמפּעדוסער". מיט דער ערשטער הומאָרפולער, פילמיינענדיקער באַמערקונג זייַנער האָט ער שוין אַוועקגעשטעלט דעם לאַמפּעדוסער דאָרט ווו ער באַלאַנגט: בייַ דער ברוסט פון זייַן מוטער. איז טאַקע בראַוואָ, בראַוואָ, בראַוויסימאָ!

דער ספּאָנטאַנער אויסברוך פון די תּלמידים האָט ווי אַ פרישע ווינטל אַ בלאָז געטאָן איבערן צעפאַרעטן אינספּעקטאָר, אים אָפּגעפרישט און אויפגעלעבט. אויב ער איז פריִער געווען צופרידן פון די תּלמידים, איז ער איצט געוועזן צופרידן פון זיך. ער האָט זיך אויסגעצויגן אין ווייכן פאָטעל:

— זאָגט וואָס איר ווילט, נאָר דער מערקווערדיקער חשק צום לערנען פון איצטיקן דור איז באמת צו באַוווּנדערן. אין מייַן צייַט, געדענק איך, זייַנען אין די אוניווערסיטעטן געווען סטודענטן קרוב צו די פערציקער, און אפילו אַריבער די פערציקער. מ׳האָט זיי גערופן: די אייביקע סטודענטן. און איך מוז זאָגן דעם אמת, אַז אַ סך פון זיי, און דאָס מיינט אַז איך נעם אויך אַרייַן מייַן ווייניקייט צווישן זיי, האָבן אַ סך ווינציקער געקענט, ווי אָט די... — דאָס לעצטע וואָרט האָט מען אים שוין ניט געלאָזט אַרויסריידן. איצט האָבן שוין אַפּלאָדירט אויך די לערערס און דער דירעקטאָר. זיי האָבן אַפּלאָדירט אינאיינעם מיט די תּלמידים. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ.

אונטער דער באַגייַסטערטער קלאַפּערייַ האָט זיך דער אינספּעקטאָר פּלוצעם אַ הייב געטאָן פון שטול, גענומען די פען, און פירנדיק מיט איר איבער דעם בלאַט פון זשורנאַל, האָט ער אָפּגעזוכט די נעמען פון די פיר פאַרבליבענע, ניט־אַרויסגערופענע תּלמידים, און איטלעכן אַוועקגעשטעלט

אַ פּינף. דערנאָך האָט ער זיך געוואָנדן צו די לערערס:

— איך דאַנק אײַך, מײַנע קאָלעגעס. איך האָב דאָ מער ניט וואָס צו טאָן. אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט פאָדערט ניט קיין באַווײַז. איבערהויפּט אין אַזאַ מוראדיקער היץ.

— הוראַ! הוראַ! — זײַנען די תּלמידים אויפגעשפּרונגען פון די בענק. הוראַ פאַר דעם אינספּעקטאָר, הוראַ פאַר די לערערס, און זאָל שוין זײַן הוראַ אויך פאַר דעם לאַמפּעדוסער. זאָל ער וויסן און געדענקען, אַז דאָס האָבן זיי, מיט זייער שוויס און ביטערער האָרעוואַניע געצוווּנגען דעם אינספּעקטאָר אים צו שענקען אַ פינף. און וואָס עס זאָלן ניט זײַן די געהיימע כּוחות פון דעם לאַמפּעדוסער, וואָס דורך זיי האָט ער געקראָגן אַלע זײַנע פריִערדיקע פינפן, זאָל ער וויסן און געדענקען, אַז דעם לעצטן און בעסטן פינף האָט ער געקראָגן אין זייער זכות. איז הוראַ פאַר אַלץ און פאַר אַלעמען!

איך בין געשטאַנען בײַם גרינעם טיש און זיך ניט גערירט פונעם אָרט. פאַר מיר האָט דער פינף גאָרנישט ניט געמיינט. איך האָב געוווּסט, אַז איך וועל אים קריגן. וואָלט דער אינספּעקטאָר זיך געפירט לויטן געוויינטלעכן שטייגער, אַרויסצורופן די תּלמידים לויטן אַלף־בית, וואָלט איך געווען דער צווייטער. אָבער אַזוי ווי דער אינספּעקטאָר האָט געקליבן די תּלמידים פון די בענק בלויז אָנווײַזנדיק אויף זיי מיטן פינגער, האָב איך באַלד אין אָנהייב געפילט, אַז מײַן מזל וועט מיך דרײַסיק מאָל אויסהיטן פון דעם אָנווײַזנדיקן פינגער און מיך אויסבאַהאַלטן, ביז דער דראַקאָן וועט בלײַבן אָן אַ צאָן אין מויל און וועט שוין זײַן אַזוי צעקלאַפּט, אַז ער וועט זיך כּמעט בעטן מע זאָל בײַ אים נעמען די פינפן און אים לאָזן צו רו.

ניין, די שאָטנס וואָס האָבן מיך געשראָקן זײַנען געווען ניט פון דראַקאָן, נאָר פון די פּראָפעסאָרן אין דײַטשלאַנד, וואָרעם אויב אין דער צײַט וואָס איך שטיי דאָ בײַם גרינעם טיש וועלן זיי ניט אָפּראַטעווען דאָרט אין דײַטשלאַנד מײַן פאָטער — צו וואָס טויג מיר דער פינף? וואָס וועל איך טאָן מיט אים? אַפילו אין בעסטן פאַל, אין די בעסטע אומשטענדן, וואָס קאָן מען שוין טאָן מיט אַ פינף פון דער ייִדישער נאַטשאַלנאַיע אוטשילישטשע? אויב איך האָב נאָך ביז איצט געמונטערט מײַן גוססדיקע האָפענונג, אַז ס'וועט קומען אַ טאָג ווען מײַן פאָטער וועט ווידער פּרובירן מיט אַ גרויסער סומע געלט אײַנברעכן די צאַם פון דער פּראָצענט־נאָרמע און איך וועל אַרײַן אין דער רעגירונגס־גימנאַזיע, און אָנטאָן דעם מונדיר, און אין דעם דאָזיקן אַדעליקן בגד קומען און זיך ווידער פאַרמעסטן מיט מײַנע בלוטיקע שונאים ווי אַ גלײַכער מיט אַ גלײַכן, איז איצט, ווען מײַן פאָטער האָט אַ האַלב דערשטיקטער מיטגענומען אַלע באַנק־ביכלעך פאַר די דײַטשישע פּראָפעסאָרן, די לעצטע האָפענונג צערונען געוואָרן.

ניין, ניין, איך וויל ניט קיין אומזיסטן פינף. צו וואָס טויג מיר דער פינף?

בייַס מיך און צערײַס מיך, אָבער נעם מיך מיט קיין פּעטערבורג, ווי דו האָסט עס שוין איין מאָל געטאָן מיט אַן אַנדערן תּלמיד, אָדער העלף מיר אַרייַנגיין אין דער היגער רעגירונגס־גימנאַזיע, ווי דו האָסט עס מיט עטלעכע יאָר פריִער פאַר עמעצן אַנדערש געפּועלט.

נאָך איידער די דאָזיקע געדאַנקען זייַנען אַדורכגעלאָפן דורך מייַן קאָפּ, האָט זיך דער טומל אין קלאַס אָפּגעשטעלט. פּונקט ווי די תּלמידים וואָלטן געטראָפן אַז דאָס איז נאָך ניט דער סוף, אַז זיי זייַנען נאָך מיט מיר ניט פאַרטיק און אַז איך דאַרף נאָך דאָ אַרויסוואַרפן אַ שפּיצל.

— איך דאַנק אייַך, הער אינספּעקטאָר, פאַר אייַער גרויסמוטיקייט — האָב איך אָנגעהויבן — אויך אין נאָמען פון מייַנע שול־קאָלעגעס, אַ האַרציקן דאַנק. מיר פאַרזיכערן אייַך, אַז מיר וועלן זיך באַמיִען אייַער צוטרוי צו אונדז ניט צו אַנטוישן. איך וויל אָבער בייַ דער געלעגנהייט זיך דערלויבן צו באַמערקן, אַז אייַער זאָרג וועגן מייַן עלטער איז אַן אומזיסטיקע, וואָרעם, ווי מאָדנע עס זאָל אייַך ניט קלינגען, בין איך שוין אַמאָל אַלט געווען פינף־און־פערציק יאָר.

דער אינספּעקטאָר האָט אַ קוק געטאָן אויף די לערערס, די לערערס אויף די תּלמידים, און די תּלמידים איינער אויפן אַנדערן. דערנאָך אַלע צוזאַמען — אויף מיר.

— איך פאַרשטיי ניט וואָס איר רעדט — האָט זיך דער גרויסער מאַטעמאַטיקער אַריבערגעבויגן איבערן טיש ווי אַ גרויסער פרעגצייכן.

— ווען זענט איר אַלט געווען פינף־און־פערציק יאָר?

— ווען איך בין געווען אַ ליליפּוט, דער גרעסטער ליליפּוט אויף דער וועלט.

— איר מיינט דער קלענסטער ליליפּוט אויף דער וועלט.

— ניין, איך מיין דער גרעסטער ליליפּוט אויף דער וועלט.

— אָבער דאָס איז דאָך אַן אַבסורד...

— פון אַ מאַטעמאַטישן קוקפּונקט.

די דאָזיקע רעפּליק האָט ווי אַן ערד־ציטערניש אַ טרייסל געטאָן דעם גאַנצן צימער. תּלמידים און לערערס האָבן זיך צעקאַטשעט פון געלעכטער.

— יאָ, יאָ, דער גרעסער לאַמפּעדוסער אויף דער וועלט — האָט איין תּלמיד אַרויסגעקוויטשעט.

די אָנגעבלאָזענע אָפּיציאַליטעט, מיט וועלכער דער עקזאַמען האָט זיך אָנגעהויבן, איז שוין לאַנג געוואָרן אויסגעוועבט, אָבער פון אָט דעם לעצטן אויסברוך האָט זיך דער ווייַסער צימער פאַרוואַנדלט אין עפּעס אַ טומלדיקער, אָנגערייכערטער טרושטשאָבע. די פאַרשוויצטע לערערס מיט די פונאַנדערגעשפּיליעטע מונדירן האָבן איצט אויסגעזען ווי אַ גרופּע פריילעכע, באַשנאָשקעטע פערד־גנבים, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט אונטערצוהאַלטן

און נעמען אויף זיכער אַ פערד־סוחר פון פעטערבורג. דער סוחר, איבערראַשט פון דער פריילעכער הוליאַנקע, וואָס מ׳האָט דאָ פאַר אים צוגעגרייט, האָט מיט נאַיִווע גליקלעכע אויגן און מיט אַ לויזער, שיכּורער צונג זיך געבעטן:

— ווער איז דער לאַמפּעדוסער? וואָס וויל ער, וואָס רעדט ער?

— יאָ, יאָ, דערקלערט וואָס איר מיינט — האָבן די לערערס לוסטיק געטומלט.

— יאָ, יאָ,— האָט דער קלאַס אַפּלאָדירט און אַליין ניט געוווּסט ווי שטאַרק דאָס קומט מיר צו הילף.

איך האָב זיך אַ לײַכטן נויג געטאָן צו מײַנע חברים, אויפגעהויבן מײַן האַנט, זיי געוויזן אַ ניקלנעם רינג אויף מײַן קליינעם פינגער און געפרעגט:

— צי קען דער קליינער רינג פון מײַן רעכטער האַנט אַרויף אויף דעם גרויסן פינגער פון מײַן לינקער האַנט? האַ? — און איך האָב זיך אַ דריי געטאָן צום גרינעם טיש: — צי קען אַ ווינקל פון 45 גראַד אַרײַנגעפּאַסט ווערן אין אַ ווינקל, לאָמיר זאָגן, פון 38 גראַד? ניין! צי קען אַ קוב פון פינף צענטימעטער אַרײַן אין אַ פּילקע, אַ קויל, מיט אַ רונדקרײַז פון זעקס צענטימעטער? ניין! צי קען אַ גרעסערע זאַך אַרײַן אין אַ קלענערער זאַך? ניין! נו, דאָ האָט איר דעם קליינעם רינג פון דער רעכטער האַנט אויף דעם גרויסן פינגער פון דער לינקער האַנט.

די תּלמידים האָבן זיך שטיל געדרייט איינער צום צווייטן: ווי קען עס זײַן? ווי האָט ער עס געמאַכט? עפּעס האָט ער אויסגעלערנט. אַ ביסל מאַטעמאַטיק, עפּעס...

איך בין אָבער געשטאַנען מיטן פּנים צום גרינעם טיש. דער אינספּעקטאָר איז געזעסן מיט אַ קינדישן שמייכל, געקוקט אויף מיר דורך די פּענסנע, וואָס האָבן זיך געגליטשט אויף זײַן פאַרשוויצטער נאָז, דערנאָך זיי אַראָפּגענומען און זיי אָנגעטאָן אויפן אויער, ווי ער וואָלט פּלוצעם אָנגעהויבן זען מיט די אויערן און הערן מיט די אויגן.

איך האָב געפילט, אַז איך בין אויפן ריכטיקן וועג, און האָב ממשיך געווען:

— דער רינג אויף מײַן פינגער איז זעלבסטפאַרשטענדלעך אַן אַבסורד, און איך בין זיכער, מײַנע הערן, אַז איר האָט זיך געכאַפּט וויאַזוי איך האָב דעם אַבסורד געמאַכט, ניט כּדי אײַך עפּעס אויסצולערנען, נאָר פאַר אײַער פאַרגעניגנסווען. ווײַל וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן וואָלט איר געהאַט, ווען איך זאָל אײַך דערווײַזן דעם גרעסטן מאַטעמאַטישן אמת, אַז דרײַצן מאָל זיבעצן איז צוויי־הונדערט־איין־און־צוואַנציק? און אַז צוויי־הונדערט־און־צוואַנציק צעטיילט אויף דריי איז זיבעציק, און זעקס מיליאָן זעקס הונדערט און זעכציק טויזנט מיט זעקס הונדערט און זעקס און זעכציק, זעקס, זעקס, זעקס...

איך בין זיכער אַז איר וועט מער הנאה האָבן ווען איך וועל נעמען אָט דאָס איי פון מײַן לינקער קעשענע און וועל עס אַרײַנלייגן אין מײַן רעכטער קעשענע און וועל אײַך פרעגן: איז דאָס אמת, אַז ווען וואַסער גרייכט 212 גראַד היץ, ווערט פון וואַסער לופט? יאָ, זיכער! דערלויבט מיר אָבער אײַך צו פרעגן, וואָס וועט ווערן פון דעם איי אין מײַן רעכטער קעשענע ווען איך זאָל עס דערהיצן ביז 212 גראַד?

דאָס מאָל איז די פאַרוווּנדערונג געווען גרעסער בײַם גרינעם טיש, ווײַל די תּלמידים האָט זיך געדאַכט, אַז ס׳איז די זעלביקע קונץ, וואָס איך האָב פאַר זיי אַמאָל געוויזן אין טואַלעט, און זיי האָבן אויסגעשריִען: אַ קליין, לעבעדיק הינדעלע! איך האָב צו זיי ליבלעך געשמייכלט און געזאָגט:

—ניין, איר האָט ניט געטראָפן. עס וועט זײַן אַ זייער, זייער האַרט געקאָכט איי. — און איך האָב מיט דעם הילצערנעם איי אַ שטאַרקן זעץ געטאָן אין טיש. די רעאַקציע דערויף איז געווען פונקט ווי איך האָב דערוואַרט: אַלע זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן.

דער שול־דירעקטאָר, וועלכער איז געזעסן נעבן דעם אינספּעקטאָר, האָט גענומען ווינקען צו מיר מיטן פינגער, אַז ס׳איז גענוג, איך זאָל צוריקגיין אויף מײַן פּלאַץ. ער האָט געמיינט, אַז אין מײַן צעהיצטן פאַרלאַנג אָפּצואַנקען דעם אינספּעקטאָר פאַר דעם פינף בין איך אַריבער די גרענעץ פון דרך־ארץ... דער אינספּעקטאָר קען נאָך חרטה־האָבן. אָבער איך האָב מיט מײַן גאַנצן לײַב־און־לעבן געפילט, אַז דווקא אָט דער ״געלערנטער ייִד״, וואָס קען פּערצן שפּראַכן, האָט געפונען דעם באַדײַט פונעם וואָרט ״לאַמפּעדוסער״, און אַז מע ווייסט די קרענק, קען מען אַמאָל אויך העלפן מיט אַ גוטן רעצעפּט.

אָבער דער ״דראַקאָן פון פּעטערבורג״ איז געווען ווײַטער פון אונדז אַלעמען. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום טיש און געפרעגט מיט אַ מאָדנעם ערנסטן טאָן:

— וואָס איז דײַן פּראָבלעם, מײַן קליינער פרײַנד?

ווי אַ קאָרטן־שפּילער, וואָס כאַפּט אַרײַן פיר טײַז, האָב איך גלײַך אַרויסגעזעצט:

— ניט איין פּראָבלעם, נאָר צען, אײַער עקסעלענץ! אַ פּאַראַרעמטע פאַמיליע, איין מוטער קראַנק, נאָך אַ שווערער געבורט, די צווייטע מוטער האָט פאַרלוירן די היים, ווײַל זי איז פּלוצעם שוואַנגער געוואָרן, אַ פאָטער, וואָס האַלט בײַם שטאַרבן, אַ זיידע און אַ באָבע, וואָס זײַנען געשטאָרבן אין איין טאָג; און אויב דאָס איז נאָך ווינציק, זײַנען צוויי סטודענטן פון דער שטאָט־גימנאַזיע בייז אויף מיר, זוכן מיך און ווילן מיך טייטן נאָר דערפאַר, ווײַל איך בין, ווי איר האָט דאָ געהערט, אַ לאַמפּעדוסער, און דערצו אַ ייִדישער לאַמפּעדוסער.

דער אינספעקטאָר האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון דער נאָז, אַ פּאָר מאָל זיך געקראַצט הינטערן אויער, ווי ער וואָלט זיך געראַנגלט מיט עפּעס אַ טיפן מאַטעמאַטישן פּראָבלעם, דערנאָך האָט ער ווידער אַרויפגעזעצט די פּענסנע, און האַלטנדיק זי פעסט מיט ביידע הענט, האָט ער אָנגעשטעלט די אויגן אויף מיר, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט צום לעצטן מאָל גוט אָנקוקן און גוט פאַרגעדענקען.

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך באַקומען פון דעם אינספּעקטאָר אַ בריוו, איך זאָל זיך תּיכּף מעלדן צו אים אין האָטעל. דאָרט האָב איך שוין געפונען צוגעגרייט פאַר מיר אַ צווייטן בריוו, אַדרעסירט צו זײַן עקסעלענץ, דעם דירעקטאָר פון דער רעגירונגס־גימנאַזיע, וואָס איך האָב פּערזענלעך געדראַרפט צושטעלן. דער בריוו האָט זיך אָנגעהויבן מיט אָט די ווערטער: „געערטער קאָלעגע, דאָס איז דער יונג, וועגן וועלכן איך האָב מיט אײַך גערעדט...״

דער דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע האָט מיך אָנגעקוקט מיט ניט קיין ליבלעכער מינע, מיר דערלאַנגט אַ פּאַפּיר און געזאָגט:

— איך האָף, אַז איר וועט זײַן אַ העלפט אַזוי גוט ווי דאָס וואָס איך האָב געהערט וועגן אײַך...

אויפן פּאַפּיר איז געווען די דאַטע ווען די לימודים אין דער גימנאַזיע הייבן זיך אָן, וואָס פאַר אַ ביכער מען דאַרף מיטברענגען, און די גענויע באַשרײַבונג פון דעם מונדיר, אין וועלכן איך דאַרף קומען אין דער גימנאַזיע.



יוסף בולאָוו אלס טביה — אין דער פּיעסע „טביה און
זײַנע זיבן טעכטער", אויפגעפירט אין ישראל אין 1961.

## ד״ר

ווען די זומער־וואַקאַציעס זײַנען אַריבער און די האַלב־רונדע אײַזערנע טויערן האָבן זיך געעפֿנט, איז דער הויף פֿון דער רעגירונגס־גימנאַזיע באַלד פֿאַרפֿולט געוואָרן מיט אַ פֿריילעכן טומל פֿון די גימנאַזיסטן.

בײַם מויער, בײַם סאַמע אַרײַנגאַנג צו די קלאַסן, איז שוין געשטאַנען צוגעגרייט אַ לאַנגער טיש, צו וועלכן די ייִנגלעך זײַנען איינציקווײַז צוגעגאַנגען, רעגיסטרירט זייערע פּאַפּירן און אײַנצײַטיק אויסגעקליבן אויף דער מאַפּע, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט, דעם פּלאַץ אין נײַעם קלאַס, מיט וועמען פֿון זייערע פֿאַראַיאָריקע קאָלעגעס זיי ווילן זיצן צוזאַמען אויף דער שול־באַנק. ראָמעק און סאַשאַ, ווי צוויי לאַנגיאָריקע פֿרײַנד, האָבן, ווי שטענדיק, אויסגעקליבן צוויי פּלעצער אויף דער באַנק נומער זעקס. זיי זײַנען געווען פֿון די ערשטע בײַם טיש, און ביז אַלע תּלמידים האָבן זיך פֿאַררעגיסטרירט, האָבן זיי נאָך געהאַט צײַט אָנטיילצונעמען אין אַ פֿוטבאָל־שפּיל, אויף אַ זײַט פֿונעם הויף.

ווען די רעגיסטראַציע האָט זיך פֿאַרענדיקט, האָט דער גרויסער גלאָק, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ דרײַפֿוס אין אַ ווינקל פֿון הויף, אָנגעהויבן קלינגען און אין ריטעם פֿון דעם געקלאַנג האָבן די תּלמידים, צו צוויי אין אַ ריי, אַרײַנמאַרשירט אין זייערע נײַע קלאַסן, ווו עס האָט זיך נאָך געשפּירט דער ניט אינגאַנצן אויסגעלופֿטערטער ריח פֿון די פֿריש געקאַלכטע ווענט און די אויפֿסנײַ אָפּלאַקירטע בענק.

ווען ראָמעק און סאַשאַ זײַנען צוגעקומען צו זייער באַנק, האָבן זיי שוין דאָרט געפֿונען אַ יונגערמאַן אין אַ שפּאָגל־נײַעם בלישטשענדיקן מונדיר. אין איין רגע האָבן פֿיר פֿרעגצייכנס, ווי שאַרפֿע סערפּן, אויפֿגעבליצט אין די אויגן פֿון די צוויי גימנאַזיסטן.

— איז דאָס ניט דער אַמעריקאַנער פֿויגל?

— איז דאָס ניט דער זעלביקער וואָס האָט זיך אַרײַנגעריסן צו מײַן שוועסטער?

— ווי קומט ער אַהער?

— אויף אונדזער באַנק?

— געמיינע חוצפּה!

— שמוציקער ייִד!

— זשיד פּאַרך!

איך האָב זיך אויסגעצויגן מיט אַ מיליטערישער שטײַפקייט און אַרויסגעשטעלט די ברוסט מיט די בלישטשענדיקע ניקלנע קנעפּ, ווי איך וואָלט מײַן מונדיר געלאָזט ענטפערן אויף די שאלות, וואָס זײַנען מיר געשטעלט געוואָרן פון די צוויי פּאָר שנײַדנדיקע אויגן. דער מונדיר האָט גערעדט.

מיר האָבן זיך איינע פאַר די אַנדערע פאַרנויגט מיט אַן אָנגעשטעלטער העפלעכקייט, און שווײַגנדיק אַלע דרײַ זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזערע ערטער.

אין עטלעכע מינוטן אַרום איז אין קלאַס אַרײַנגעקומען אַ גרופּע לערערס און זיך אויסגעשטעלט אין אַ שערענגע בײַ דער וואַנט. באַלד נאָך זיי איז אָנגעקומען מיט פּאַמעלעכע, מיושבדיקע טריט אַ גלח מיט אַ געלער באָרד און מיט אַ דיקן צאָפּ אויף דער פּאַטילניצע.

די תּלמידים זײַנען געשטאַנען מיט אַראָפּגעהאָנגענע קעפּ און זיך צוגעהערט צו אַ לאַנגן רעציטאַטיוו פון ברכות און גוטע ווונטשן, און נאָך דעם ווי זיי האָבן אָפּגעזונגען אויף די העכסטע טענער דעם "גאָט באַשיץ דעם צאַר", האָט דער גלח, גייענדיק מיט דער פּלייצע צו דער טיר, און אין דער זעלביקער צײַט פּירנדיק מיט אַ פּלאַסטישער באַוועגונג דרײַ צוזאַמענגעלייגטע פינגער פון וואַנט צו וואַנט און פון דעם סופית צו דער פּאַדלאָגע, זיך אַרויסגעשאַרט פונעם צימער. נאָך אים איז אַרויס די גרופּע לערערס און איבערגעלאָזט בלויז איינעם פאַר דער ערשטער לעקציע.

די דרײַ גימנאַזיסטן אין דער באַנק נומער זעקס האָבן אָנגעשטעלט אויפן לערער זייערע בלאַנקע פּנימער און אַליין זיך באַלד אַרויפגעוואָרפן איינער אויפן צווייטן מיט טויזנט ניט־געזעענע הענט, זיך אָנגעכאַפּט בײַ די גאָרגלען, און מיט שטומע צינגער געשריִען איינער צום צווייטן:

— ביסטו יענער?

— איז יענער דו?

— און אַז יאָ, איז וואָס?

— בײַ גאָט, מיר וואַרפן דיך אַרויס פון דער באַנק!

— אַנו, פּרובירט!

— אפשר איז ער ניט יענער?

— אפשר איז יענער אַן אַנדערער?

— עפּעס איז די נאָז בײַ אים פאַרריסן און די האָר גאָר אַנדערש פאַרקעמט.

— טאָ ווי קאָן מען וויסן? ווי קאָן מען אויסגעפינען?

— מע קאָן טאַקע ניט.

אין דער באַנק זיצן דרײַ גלײַכע מונדירן. איך בין ניטאָ... בלויז אַ מונדיר. די באַנק נומער זעקס האָט געציטערט אין אַ מוראדיקן פיבער. פון

דעסטוועגן, ווען ס׳איז געקומען די צײַט אַהיימצוגיין, האָבן מיר אַלע דרײַ זיך אויפגעשטעלט און זיך פאַרנויגט מיט דער זעלביקער גאַלאַנטער העפלעכקייט ווי אינדערפרי, און זײַנען זיך שטיל צעגאַנגען, ווי ווען מיר וואָלטן גאָרנישט געהאַט איינער דעם צווייטן צו זאָגן, און בכלל ניט געהאַט קיין אינטערעס זיך נענטער צו באַקענען.

די דאָזיקע פאָרמעלע פאַרנייגונגען בײַם גוט־מאָרגן און בײַם זײַ־געזונט האָבן אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צײַט. דערפאַר אָבער איז די שטומע, ניט־געזעענע שלאַכט אין דער באַנק אין דער צײַט פון די לעקציעס געוואָרן אַלץ ברוטאַלער:

— בײַ גאָט, דאָס איז ער! דער אַמעריקאַנער אַפּעריסט.

— איצט וועט ער זיך שוין אַזוי לײַכט ניט אַרויסדרייען פון אונדזערע הענט.

— ער מוז ענטפערן מיט זײַן בלוט.

— ער האָט אָפּגענאַרט, באַליידיקט, פאַרפירט אַ שוואַכע, ניט־באַשיצטע פרוי...

— מע דאַרף אים אַראָפּרײַסן די מאַסקע.

— ער איז אַ פאַרשטעלטער זשיד.

— מע דאַרף אים אויסטאָן דעם מונדיר און אים אָנקוקן אין זײַן פולער נאַקעטקייט.

— מע דאַרף אים ברענגען פאַר די האָר צו ניוראַן, זי זאָל אָנדײַטן מיטן פינגער, און דערנאָך וועלן מיר אים צעבלוטיקן אויף טויט.

— אָבער וויאַזוי פאַקט מען אים? וויאַזוי פאַרשלעפּט מען אים? וויאַזוי פאַרפירט מען אים?

— ער איז ביטרע, ער וועט זיך אַרויסדרייען, ער טאָר ניט וויסן, אַז דאָס זײַנען מיר, ער דאַרף מיינען, אַז מיר זײַנען אַנדערע...

— מיר דאַרפן האָבן אַ גוט צוגעגרייטן פּלאַן.

— אַ פּלאַן! אַ פּלאַן! — האָבן ראָמעק און סאַשאַ געקנאַקט מיט אײַזערנע העק איבער די פאַנצער־פּלאַטן פון מײַן מונדיר, אונטער וועלכן איך האָב זיך אײַנגענורעט און דאָרט אין דער שטיל געאַרבעט איבער מײַן אייגענעם פּלאַן. און איידער מײַנע שונאים האָבן זיך געקענט אייניקן און באַשטימען וועלכער פון זייערע פּלענער איז בעסער, האָב איך שוין געהאַט אויסגעאַרבעט מײַן פּלאַן ביז צו די קלענסטע דעטאַלן.

אין אַ באַשטימטן טאָג, ווען די תּלמידים האָבן זיך אויפגעשטעלט פון די בענק און גענומען צוזאַמענלייגן די ביכער אַהיימצוגיין, האָב איך זיך געוואָנדן צו מײַנע ניט־פרײַנדלעכע באַנק־שכנים און מיט אַן איבערגעטריבענער העפלעכקייט געזאָגט:

— מײַנע הערן, איך האָב צו אײַך אַ שליחות — און אַרויסנעמענדיק

פון בוזעם אַ בינטל גרינע קאַרטלעך, האָב איך צוויי פון זיי דערלאַנגט די גימנאַזיסטן. ראָמעק און סאַשאַ האָבן זיך איַינגעגראָבן מיט די אויגן אין די קאַרטלעך.

— איר זענט געפעליק פאַרבעטן צו אַ קאָנצערט — האָב איך וויַיטער געזאָגט — וואָס וועט פאָרקומען אויפן בולוואַר פון הייליקן געאָרגי, הויז נומער 24. עס וועט דורכגעפירט ווערן אַ פראָגראַם פון הומאָר, צויבערשטיק און מוזיק, מיט דער באַטייליקונג פון דעם גרעסטן ליליפוט אויף דער וועלט, וואַסקאַ סיביריאַק, און פון דעם גרעסטן פידל־ווירטואָז פאַגאַניני דער דריטער. אין דער ציַיט פונעם איבעררײַס וועלן אויך סערווירט ווערן זייער געשמאַקע מאכלים. איר זענט געבעטן מיטצוברענגען פריַינד און באַקאַנטע. איַינטריט — פריַי. פרויען — פריַי.

וועגן וואַסקאַ סיביריאַק האָבן זיי מסתּמא קיינמאָל ניט געהערט, אָבער פאַגאַניני דער דריטער האָט זיי עפּעס יאָ געבאָמבלט אין קאָפּ. דער עיקר אָבער וואָס עס האָט זיי אַ זעץ געטאָן אין די אויגן, איז געווען דער אָנגעגעבענער אַדרעס: דער נומער פון הויז איז געווען דער זעלביקער, ארום וועלכן זיי האָבן אַמאָל אַרומגעבלאָנקעט און געזוכט דעם פאַרשווּנדענעם פאַרשוין, וועלכער האָט ניוראַן באַליידיקט. דעריבער האָבן זיי גליַיך באַשלאָסן אָנצונעמען די פאַרבעטונג. וואָס קען זיַין בעסער ווי צו פּאַקן דעם פויגל אין זיַין נעסט?

דערווײַלע בין איך געשטאַנען בײַם טויער און איַינגעטיילט איטלעכן פון די אַרויסגייענדיקע תּלמידים אַן ענלעך גרין קאַרטל.

*

ווען ניוראַ, צוזאַמען מיט די צוויי בלוט־מאַנערס, זיַינען מיט אַ היפּשער פאַרשפּעטיקונג אָנגעקומען צום הויז נומער 24, האָט ביַי דער טיר זיי באַגעגנט מײַן מאַמע און מיט אַ באַזונדערער העפלעכקייט זיי איבערגעגעבן צו דעם דינסטמיידל, וועלכע איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ טיפּיש רוסיש קליידל, מיט אַ גירלאַנדע פּאַפּירענע בלומען אויפן קאָפּ.

דאָס דינסטמיידל האָט די דרײַ פאַרשפּעטיקטע געסט אַדורכגעפירט דורך דעם טומלענדיקן פּובליקום, וואָס האָט שוין אָנגעפילט ביז צו די ווענט דאָס גרויסע צימער, און זיי אָנגעוויזן די פּלעצער, וואָס איך האָב פאַר זיי רעזערווירט. אין פּובליקום האָבן ראָמעק און סאַשאַ געטראָפן ניט בלויז אַ סך פון זייערע קאָלעגעס פון פינפטן קלאַס, נאָר אויך פון די נידעריקערע, און אַפילו פון די העכערע קלאַסן.

צוויי־דריטל פון דעם גרויסן אויפנעם־צימער זיַינען געווען אויסגעשטעלט מיט לאַנגע בענק, — דעם רעשט האָט פאַרנומען די בינע, וועלכע איז

באַשטאַנען פון עטלעכע טירן, צוזאַמענגעלייגט אויף קאָלעס און פּאַרהאָנגען מיט צוויי שיינע קאָלדרעס, הינטער וועלכע ס'איז געשטאַנען, אין אַ זײַט, אַ גראַמאַפּאָן מיט אַ גרויסער בלעכענער טרובע און געשפּילט אַ מיליטערישן מאַרש.

ווי איך האָב, דורך דעם לעכל פונעם פּאָרהאַנג, דערזען ניוראַן, האָב איך אָנגעשטעלט דעם גראַמאַפּאָן, בין צוגעלאָפן צום שפּיגל הינטער דער בינע, און צום לעצטן מאָל אַ קוק געטאָן אויף וואַסקאַ סיביריאַק. אין די ברייטע הויזן און לאַנגן, שוואַרצן פּרינץ אַלבערט, מיט דעם שטײַפן הויכן קראַגן, וואָס האָט אַרײַנגעשלונגען די אונטערשטע העלפט פון מײַן פּנים, בעת דער צילינדער האָט אָפּגעביסן דעם אויבערשטן טייל פון מײַן קאָפּ ביז צו די אויערן — האָב איך אויסגעזען זייער קאָמיש.

איך האָב געגעבן דעם לעצטן סיגנאַל, אַז די פאָרשטעלונג הייבט זיך אָן. דער ערשטער נומער פון פּראָגראַם: די קונץ מיט דער הון און דעם איי. אָבער צי דערפאַר ווײַל איך האָב אין מײַן אײַלעניש פאַרלוירן די קראַפּט אין מײַנע הענט, צי ווײַל איך האָב פאַרלוירן די קאָנטראָל איבער דער הון — נאָר דער צעיושעטער פויגל האָט זיך אַרויסגעריסן פון מײַנע ציטערדיקע פינגער און איז מיט אַ רעש אַרײַנגעשפּרונגען אין פּובליקום.

די פאָדערשטע רייען האָבן זיך מיט אַ קוויטשערײַ אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק, ווי אויף זיי וואָלט אַרויפגעשפּרונגען ניט קיין הון, נאָר אַ לייב. די הינטערשטע רייען האָבן זיך געוואָרפן כאַפּן די הון, און ס'איז אויסגעבראָכן אַ ווילדע סומאַטאָכע. כּדי צו באַרויִקן דעם עולם, האָב איך תּיכּף אָנגעמאָלדן דעם איבעררײַס, און מיט אַלע כּוחות אַריבערגעשריגן און אויסגערעכנט די געשמאַקע מאכלים, וואָס זײַנען צוגעגרייט אין עס־צימער.

דער עולם האָט איבערגעלאָזט די צעפּליקטע הון אונטער די בענק און זיך אַ לאָז געטאָן אין צווייטן צימער, און ווי אַ באַנדע צערייצטע הינט האָבן זיי אויסגעלאָזט דעם כּעס אויף דעם געדעקטן טיש, פון וועלכן עס איז אין עטלעכע מינוטן אַרום פאַרבליבן בלויז אַ פאַרפלעקטער טישטעך, אָנגעוואָרפן מיט צעבראָכענע טעלער און גלעזער.

אין גרעסטער אײַלעניש האָב איך זיך איבערגעטאָן און מיט קולות ווי מע וואָלט מיר מיט אַ מעסער געשניטן דעם גאָרגל, געבעטן דעם עולם צוריק אַרײַנצוקומען אין זאַל, צו דער צווייטער העלפט פון פּראָגראַם. נאָך איידער דאָס פּובליקום האָט באַוויזן זיך אויסצוזעצן, איז שוין אויף דער בינע געשטאַנען פאַנאַניני אין אַ פראַק פון לאַנגע, שוואַרצע האָר, מיט אַ בלײַך אָפּגעפּודערט פּנים און מיט אונטערגרימירטע טראַגישע אויגן.

איך האָב אַנאָנסירט דעם פּרעלוד, ענערגיש אַ צי געטאָן דעם סמיטשיק איבער דעם פּירל און איינציײַטיק אָנגעהויבן רעציטירן אַ פּאָעמע אין

טעטראַמעטרישע גראַמען, וועגן די טרויעריקע פּאַסירונגען און ביטערן אומגליק, וואָס זײַנען געפֿאַלן אויפֿן קאָפּ פֿון דעם גרויסן מוזיקער, אין דער צײַט ווען ער איז געווען אין אַמעריקע, ווו ער האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט מיט עפּעס אַ מיסיס פֿון אַ מיאוסן אויסזען און ניט ערלעכע פֿאַרלאַנגען. און ווען ער איז אַנטלאָפֿן פֿון אַמעריקע אויף אַ שיף, איז ער באַפֿאַלן געוואָרן פֿון פּיראַטן. בעת דעם שווידערלעכן געראַנגל האָט ער זײַן פֿידל, דאָס ליבסטע און טײַערסטע אין זײַן לעבן, אָבער צום באַדויערן דאָס איינציקע געווער וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט, צעבראָכן איבערן קאָפּ פֿון דעם שרעקלעכן אָנפֿירער פֿון די פּיראַטן, און איז אַליין אַרײַנגעשפּרונגען אין דעם שטורעמדיקן ים... (דאָ איז ווידער געקומען אַ מוזיקאַלישער אינטערלוד, וואָס האָט געשילדערט דעם קאַמף מיט די ברויזנדיקע כוואַליעס און זײַן אומפֿאַרמײַדלעכן אומקום).

וויאַזוי האָט ער זיך פֿאָרט געראַטעוועט, איז ניט געווען קלאָר אַרויסגעבראַכט, אָבער אין דער צווייטער העלפֿט פֿון דער פּאָעמע איז שוין פּאַגאַניני געלעגן אַ האַלב־דערטרונקענער אויף אַן אינדזל, אויסגעצויגן אויף אַ געבלימלטן טעפּיך, און נעבן אים איז געזעסן אַ מיידל פֿון דער גרעסטער שיינקייט, געבענטשט מיט אַלע מעלות פֿון דער וועלט, און האָט זיך באַמיט אים צוריקברענגען צום לעבן (ווידער אַ מוזיקאַלישער אינטערלוד, און ווידער אַן איבעררעשונג). — דאָס מיידעלע, די דאָזיקע טײַערע, איידעלע נשמה, איז געווען ניט קיין אַנדערע ווי די טאָכטער פֿון דעם בלוטדאָרשטיקן אָנפֿירער פֿון די פּיראַטן.

צום ערשטן מאָל האָבן אייניקע פֿונעם פּובליקום אָנגעהויבן צו אַפּלאָדירן. איך בין געווען זיכער, אַז קיינער פֿון פּובליקום האָט ניט די קלענסטע אַנונג וועגן די סימבאָלישע אָנצוהערענישן אין דער פּאָעמע, אַחוץ, פֿאַרשטייט זיך, די דרײַ געסט, קעגן וועמען די פּאָעמע איז געווען געצילט. אָבער ניט די גראַמען און ניט דער אינהאַלט האָבן מיטאַמאָל פֿאַרכאַפּט און אײַנגעשטילט דעם עולם, נאָר דער אופֿן וויאַזוי פּאַגאַניני האָט אויפֿגעכאַפּט די מוזיק, וועלכע האָט זיך געטראָגן פֿון דער גרויסער ניקלנער טרובע פֿון דעם גראַמאָפֿאָן, און זי אַזוי קונציק אַרויפֿגעלייגט אויף זײַן שטומען פֿידל, וואָס האָט אַפֿילו קיין סטרונעס ניט געהאַט. ווי אויף צו־להכעיס האָט זיך אָבער אַ וויסטער טײַוול אַרײַנגעמישט און געבראַכט דעם קאָנצערט צו נאָך אַן ערגערן סוף ווי איך האָב דערוואַרט.

ווען איך האָב שוין געהאַלטן בײַם סוף, בײַם רעכטן קלימאַקס פֿון דער פּאָעמע, האָט עפּעס אַן אַלטע, עקלדיקע שטים אין הינטערגרונט פֿון זאַל אַ געשריי געטאָן: בראַוואָ! בראַוואָ! בײַ גאָט, דער יונג איז אַן אַרטיסט!

דאָס גאַנצע פּובליקום האָט, ווי אַ רעבעלירנדיקע מאַסע, וואָס מ'רופֿט צו אַן אויפֿשטאַנד, זיך אַ וואָרף געטאָן פֿאָרויס מיט ווילדע געשרייען: בראַוואָ!

בראַוואָ! — שפּרינגענדיק איבער די בענק, ווי איבער פּאַלנדיקע באַריקאַדן, געגומען שטורמען די בינע, וועלכע האָט זיך באַלד אַ בייג געטאָן אויף אַ זײַט און מיט אַ טראַסק איבערגעקוליעט מיך מיטן גראַמאַפּאָן צוזאַמען.

צום גליק איז קיינער נישט געשעדיקט געוואָרן. אָבער די דאָזיקע לעצטע קאַטאַסטראָפע איז געווען אַ געגונגדיקע וואָרענונג, אַז אַלע זאָלן וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן, איידער עס וועט פּאַסירן עפּעס נאָך גרעסערס.

דער זאַל האָט זיך מאָמענטאַל אָפּגעליידיקט. איך בין געבליבן זיצן אַליין אַ מידער הינטער דער בינע, צווישן די צעפּאַלענע ברעטער און דער צעקנייטשטער טרובע פונעם גראַמאַפּאָן. אין שפּיגל האָט זיך געדרייט מײַן פּנים ווי אַ קאָלירטער לאַמטערן, בלײַך פון מידקייט און אַנטוישונג, רויט פון בושה און גרין פון כּעס. אויף אַזאַ בראָך האָב איך זיך ניט געריכט. אָבער באַלד איז צוגעקומען די דינסט:

— צוויי גימנאַזיסטן און אַן עלטערער מאַן ווילן אײַך זען.

— דו מיינסט צוויי גימנאַזיסטן מיט אַ מיידל — בין איך אויפגעשפּרונגען.

— יאָ, אַן עלטערער מאַן — האָט אַן עכאָ אָפּגעקלונגען פון איבער דער אײַנגעפּאַלענער בינע. — דערלויבט מיר, יונגערמאַן, אײַך פּערזענלעך אויסצודריקן די אָנערקענונג פון אַ פּראָפעסיאָנאַל. מײַן נאָמען איז נאַזאַראָוו, אַ געוועזענער אַקטיאָר פון ניט קיין קליינער רעפּוטאַציע. לאָזט מיר אײַך זאָגן, אַז איך בין באַגײַסטערט. איך מיט מײַנע צוויי יונגע פרײַנד האָבן ספּעציעל אָפּגעוואַרט, אַז דאָס פּובליקום זאָל זיך צעגיין, כּדי מיר זאָלן קענען אײַך אָפּדאַנקען פאַר דעם גרויסן פאַרגעניגן, וואָס איר האָט אונדז פאַרשאַפט.

דאָס איז געזאָגט געוואָרן פון אַ גרויען מאַן מיט אַ לאַנגער, אײַנגעפּאַלענער, פאַרשפּיצטער מאָרדע, ווי אַן אַלטער, אויסגעטראָטענער שוך. נעבן אים זײַנען געשטאַנען צוויי אומבאַקאַנטע גימנאַזיסטן מיט פאַרשמירטע ליפּן פון דעם אויפגעפרעסענעם שאָקאָלאַד.

איך האָב זיך גיך אַריבערגעקאָראָבקעט איבער די אײַנגעפּאַלענע ברעטער, זיך אַנטשולדיקט און זיך אַ וואָרף געטאָן דורכן זאַל צום עס־צימער, און פון דאָרטן האַסטיק אַראָפּגעלאָפן די טרעפּ אין גאַס אַרויס. קיינער איז דאָרט ניט געווען.

בײַסנדיק די ליפּן פון אויפרעגונג, בין איך צוריק אַרויף אין הויז און צוגעלאָפן צו דעם אַלטן מאַן:

— האָט איר עס אַ געשריי געטאָן „בראַוואָ" און דערמיט צעשטערט דעם גאַנצן קאָנצערט? פאַרוואָס האָט איר עס געטאָן? ווער האָט אײַך אַהערגעבראַכט? צי זענט איר ניט אונטערגעשטעלט געוואָרן פון וואַקטוזין און זאַוואַדסקין? פאַרוואָס האָט איר עס געטאָן, געמיינער מענטש?

— באַרויִקט אײַך, — האָט נאַזאַראָוו געציטערט מיט אַלע מוסקולן פון זײַן פּנים. — איך פאַרשטיי ניט וועגן וואָס איר רעדט. די נעמען, וואָס איר

האָט דערמאָנט, זײַנען מיר אינגאַנצן אומבאַקאַנט. איך פֿאַרזיכער אײַך, אַז מײַן אויסגעשריי איז געווען פֿון אויפֿריכטיקער באַגײַסטערונג. איך האָב ניט קיין ווערטער אויסצודריקן מײַן פֿאַרדרוס איבער דער אומדיסציפּלינירטער, ווולגאַרער אויפֿפֿירונג פֿון אײַערע קאָלעגעס. איך האָב אַפֿילו בדעה צו שרײַבן אַ פּערזענלעכן בריוו דעם דירעקטאָר פֿון דער גימנאַזיע...

— דאָס זאָלט איר זיך ניט דערוועגן צו טאָן, דאָס איז ניט אײַער זאַך!

— האָב איך אים איבערגעריסן.

— להיפּוך, דאָס איז גראָד יאָ מײַן זאַך, איך בין אַ קינסטלער און כ׳פֿאַרשטיי וואָס איר פֿילט. אָבער דאָס דאַרף אײַך אַבסאָלוט ניט אַרן, וואָרעם ס׳איז געווען אויסערגעוויינטלעך, אויסגעצייכנט. — ער האָט געכאַפּט מײַן האַנט און זי שטאַרק אַ קוש געטאָן.

איך האָב זיך פֿאַרשעמט, אָפּגעווישט דעם גאַווער פֿון מײַן האַנט און געפֿרעגט:

— וואָס, בעצם, ווילט איר פֿון מיר?

— איר וועט אונדז פֿאַרשאַפֿן אַ גרויס פֿאַרגעניגן, אויב איר וועט אונדז געבן די מעגלעכקייט אײַך אָפּצודאַנקען פֿאַר דער אויסערגעוויינטלעכער פֿאָרשטעלונג און אײַך פֿאַרבעטן אויף אָוונטברויט אין אַ שיינעם רעסטאָראַן.

— אַ דאַנק, אָבער איך גלייב ניט, אַז מײַן מוטער...

— אָ, אויב ס׳איז נייטיק, וועלן מיר אַליין אַפּעלירן צו אײַער מוטער...

— ס׳איז ניט נייטיק — האָב איך אים פֿאַרהאַלטן, און נאָך אַ קורצן קווענקלעניש געזאָגט: — גוט, וואַרט אויף מיר, איך וועל מיך אָפּוואַשן און אָנטאָן מײַן מונדיר.

ווען מיר זײַנען אַרויס אויפֿן בולוואַר, האָט נאַזאַראָוו מיך גענומען אונטערן אָרעם און געלאָזט די צוויי יִונגלעך, פֿון וועלכע איינער האָט געהייסן פּעטיאַ און דער צווייטער וואָלאָדיאַ, נאָכגיין הינטער אונדז. ער האָט פֿאַרהאַלטן אַ דראָשקע און באַפֿוילן דעם קוטשער:

— צום עלדאָראַדאָ!

אין דער דראָשקע און בײַם טיש אין רעסטאָראַן האָט נאַזאַראָוו ניט אויפֿגעהערט איבערצוחזרן די קאָמפּלימענטן, איבערהויפּט פֿאַר דעם לעצטן נומער פֿון פּראָגראַם, און יעדעס מאָל פֿאַרענדיקט מיט אַ ציטערדיקן טרערנפֿולן אויסגעשריי: אַן אַרטיסט, בײַ גאָט, אַן אמתער אַרטיסט!

וואָס מער ער האָט דערמאָנט די פֿאַרשיידענע ניואַנסן און וואַריאַציעס פֿון מײַן רעציטירן, אַלץ מער איז זײַן באַגײַסטערונג געוואַקסן, ביז ער האָט זיך מער ניט געקענט באַהערשן און איז ווידער צוגעפֿאַלן צו מײַן האַנט און זי אַ לאַנגן סמאָטשקע געטאָן מיט זײַנע פֿאַרגאַווערטע ליפּן.

איך האָב זיך פֿאַרקרימט מיט אַ חלשותדיק געפֿיל. אָבער נאַזאַראָוו האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און, גלעטנדיק מיך איבערן קאָפּ, ממשיך געווען:

איר זענט מיד, מײַן ליבער, אויסגעמאַטערט, ניט אַזוי? ווער ווייס נאָך אַזוי גוט ווי איך, וואָס האָב מײַנע ציינער אויפגעגעסן אויף דער בינע, וויאַזוי אַן אמתער אַרטיסט פילט זיך נאָך אַזאַ מין פאָרשטעלונג?

איך האָב אין פאַרלעגנהייט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. נאַזאַראָוו האָט עס אויסגענוצט, אָנגעכאַפּט מײַן קאָפּ מיט ביידע הענט, און אים אָנגעהויבן קושן.

גענוג! — האָב איך זיך אַרויסגעריסן און נערוועז פאַרריכט מײַנע צעשויבערטע האָר.

— ניין, ניט גענוג! — האָט נאַזאַראָוו פּראָטעסטירט. — ניטאָ אויף דער וועלט אַזאַ זאַך, וואָס איך וועל ניט טאָן פאַר אַ קינסטלער. ניטאָ פאַר מיר קיין וויכטיקערע אויפגאַבע און קיין גרעסער פאַרגעניגן, ווי העלפן אַ יונגן אַרטיסט. אמת? — האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו פּעטיאַן און צו וואָלאָדיען. די צוויי גימנאַזיסטן האָבן מיט תּמעוואָטע שמייכלען צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אין דער צײַט האָט אַ קעלנער מיט אַ רויטן פראַק דערלאַנגט צום טיש אַ גרויסן ברוינעם פיש, מיט צוויי גרויסע, אָפענע, מענטשלעכע אויגן אַרומגעלייגט מיט אַ קראַנץ פון פּאָמידאָרן און בלומען. אַ צווייטער קעלנער, אין אַ שוואַרצן פראַק, האָט צוגעבראַכט אַ פלאַש אײַנגעפּאַסט אין אַ קאָרב.

איך האָב מיט אַ פעסטער שטים געמאָלדן, אַז איך בין צום ערשטן מאָל אין אַ רעסטאָראַן און אַז איך טרינק ניט קיין ווײַן. די אַנדערע צוויי יִינגלעך האָבן תּיכּף צוגעגעבן, אַז זיי טרינקען אויך ניט, אָבער דער אַלטער פּראָפעסיאָנאַל האָט אויסגעשטעלט די עטלעכע שיטערע געלע ציין אין זײַן מויל און זיך פונאַנדערגעלאַכט:

— איך בין אויך קעגן שיכּרות, וואָס איז, צו באַדויערן, אַזוי פאַרשפּרייט בײַם הײַנטיקן דור אַרטיסטן. אמת, איר זענט נאָך זייער יונג, אָבער אַלט גענוג צו פאַרשטיין, אַז אַ סעודה אָן ווײַן איז ווי אַ פידל אָן סטרונעס. עס שפּילט ניט. און עס דאַרף שפּילן, וואָרעם אַנדערש איז דאָס לעבן נודנע און ניט אינטערעסאַנט... אָבער פאַרוואָס האָט איר געבראַכט ווײַן, ווען איך האָב גאָר באַשטעלט שאַמפּאַניער? — האָט ער זיך געוואָנדן צום קעלנער אין שוואַרצן פראַק.

באַלד האָט דער קעלנער אין רויטן פראַק אַרויפגעשטעלט אויפן טיש פיר טיילן פון אַ גרויסער גאַנדז, פאַרגאָסן מיט אַ געדיכטן ברוינעם פעטס און צוגעפּוצט מיט אַ גאַנץ געדטנדל געלע קאַרטאָפל, גרינע אַרבעס און רויטע מערן. צו דעם האָט מען נאָך שפּעטער צוגעגעבן אַ גרויסן פּאָלומיסעק מיט קאָמפּאָט, און צו לעצט טאָרט מיט טערקישער קאַווע.

דורך דער גאַנצער צײַט האָט נאַזאַראָוו ניט אויפגעהערט צו באַשרײַבן דעם טיפן אײַנדרוק, וועלכן איך האָב געמאַכט אויף אים. ער האָט גערעדט

מיט אַן אומדערמידלעכער באַגייַסטערונג, ושעסטיקולירט מיט די הענט און איבערגעשריגן דעם מאַנדאָלין־אָרקעסטער מיט דעם ציגייַנער־כאָר און די טאַנצנדיקע פּאָרלעך אין מיטן פון זאַל.

ווען מיר זייַנען אַרויס פון רעסטאָראַן האָט נאַזאַראָוו ווידער מיך גענומען אונטערן אָרעם און אויסגעקליבן אַ דראָשקע מיט צוויי פערד אויף אַ צוויי־שעהעדיקן שפּאַציר הינטער דער שטאָט.

אויך אין וואָגן האָט נאַזאַראָוו ניט אויפגעהערט צו ריידן מיט דער זעלביקער נערוועזער באַגייַסטערונג, אָבער דאָס ריטמישע טופּען פון די פּאָדקעוועס אויפן זאַמדיקן שאָסיי, דאָס שטילע שאָרסקען פון דעם קילן ווינטל צווישן די ביימער, און איבערהויפּט דאָס וויגן זיך פונעם וואָגן האָבן אים סוף־כּל־סוף אייַנגעלייגט. ער האָט גענומען פּלאָנטערן מיט דער צונג און האָט ביסלעכווייַז אייַנגעדרעמלט. אָבער איידער ער איז אינגאַנצן אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט ער ניט אויפגעהערט צו מורמלען:

— אַן אַרטיסט... בייַ גאָט, אַן אמתער אַרטיסט — און נאָך איין מאָל באַוויזן מיר אַ קוש טאָן אין אויער.

# ט"ו

אויף צו־מאָרגנס, ווען איך בין געקומען אין גימנאַזיע, האָבן מיך בײַם טויער אַרומגערינגלט עטלעכע תּלמידים. איינער האָט מיר שטאַרק געקוועטשט און געטרייסלט די האַנט, אַ צווייטער האָט מיר גוטברודעריש אַ טערעבענץ געטאָן אין פּלייצע, אַז איך בין אַרויפגעפאַלן אויפן דריטן, וואָס האָט מיך געוואָלט אונטערהאַלטן, און דערבײַ אָפּגעריסן אַ קנעפּל פון מײַן מונדיר. איך האָב אויף די אַ ביסל צו עמאָציאָנעלע קאָמפּלימענטן געענטפערט מיט אַ שטומען שמייכל און בין מיט גיכע טריט אַרויף אין קלאַס־צימער.

ווי שטענדיק, האָב איך זיך דער ערשטער פאַרנויגט פאַר מײַנע צוויי באַנק־שכנים:

— גוט־מאָרגן!

זיי זײַנען געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, קאַלופּעט די נעגל פון די פינגער און ניט געענטפערט. אַ ווײַלע האָב איך געקוקט אויף מײַנע צוויי שטומע שכנים און געווענדט צו זיך אַליין אין געדאַנק: אַנו, שטייט אויף, איצט ווייסט איר ווער איך בין. איך האָב אײַך מיט מײַן אייגענער האַנט געגעבן דעם אַדרעס און פאַרבעטן אײַך אין מײַן הויז. איצט ווייסט איר שוין — און איך האָב מײַן בליק געוואָנדן צו סאַשען: דאָס בין איך, וואָס האָט דײַן שוועסטערס ליבע געגנבעט. אַנו, ווײַזט נאָר וואָס איר קענט טאָן, פּחדנים!

— אַזוי האָב איך געשריִען מיט מײַנע אויגן: נעכטן, נאָכן קאָנצערט, זענט איר אַנטלאָפן. איך האָב עס געדאַרפט דערוואַרטן, וואָרעם ווי האָב איך גאָר געקענט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז נאָך דעם ווי איך וועל פאַר אײַך אַנטפּלעקן ווער דער אַמעריקאַנער שווינדלער איז געווען, וועט איר זיך פונאַנדערלאַכן און בײַטן אײַער פײַנטלעכע באַציִונג צו מיר? ווי נאַריש דאָס איז געווען פון מיר. אין מײַן באַשיידנקייט האָב איך אײַך צוגעשריבן מער שכל און געפיל ווי איר פאַרמאָגט...

דאָ האָב איך מיט אַן אָנשטעל פון גלײַכגילטיקייט זיך צוגעבויגן צו זיי און אַרײַנגעשעפּטשעט אין אויער:

— פאַרוואָס זענט איר אַנטלאָפן?

די צוויי גימנאַזיסטן האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און מיך אָנגעקוקט מיט גלעזערנע אויגן.

— אַנטשולדיקט וואָס איך באַאומרויִק אײַך, נאָר מיך אינטערעסירט שטאַרק אײַער מיינונג וועגן דעם נעכטיקן קאָנצערט.

— וואָס פאַר אַ קאָנצערט? — האָט ראָמעק אָנגעשטעלט אַן אײַז־קאַלט פּנים.

— דער קאָנצערט פון פּאַגאַניני.

— וואָסאַראַ פּאַגאַניני?

— פּאַגאַניני דער דריטער.

— קיינמאָל ניט געהערט אַזאַ נאָמען!

— אַנטשולדיקט, צי זענט איר נעכטן ניט געווען אויפן קאָנצערט?

— איר פאַרשטייט ניט קיין רוסיש? — האָט ראָמעק מיך איבערגעשלאָגן מיט בייזקייט און געלאָזט סאַשען פאַרענדיקן:

— אַז מיר זאָגן אײַך: ניט געווען, איז ניט געווען.

— איר מיינט... איך פאַרשטיי ניט... איך האָב אײַך געגעבן פאַרבעטונגען... און מיר האָט זיך געדאַכט...

— מיר האָבן די פאַרבעטונגען אַוועקגעוואָרפן. מיר האָבן דעם קאָנצערט ניט געהערט. און אפשר וועט איר אַזוי גוט זײַן און אויפהערן אונדז צו באַלעסטיקן?

ביידע האָבן זיך ווידער פאַרטיפט אין די נעגל פון זייערע פינגער.

— איר מיינט צו זאָגן, אַז איר זענט נעכטן ניט געווען אין הויז נומער 24 אויפן בולוואַר דער הייליקער געאָרגי?

— מיר ווייסן ניט וועגן וואָס פאַר אַ קאָנצערט איר רעדט — איז שוין ראָמעק אַן אויפגערעגטער אויפגעשפּרונגען פון דער באַנק.

— ווער־זשע איז געזעסן מיט אײַער שוועסטער אויף דער לינקער זײַט פון פּובליקום? — האָב איך פּלוצעם פאַרלוירן די זיכערקייט אין מײַן קול.

— וועלכע שוועסטער? איך האָב ניט קיין שוועסטער. — האָט סאַשאַ מיט אַ צו־להכעיסדיקן שמייכל פאַרבויגן דעם קאָפּ. — אײַך האָט זיך עפּעס געחלומט.

— איר מיינט צו זאָגן, אַז ניוראַ איז ניט אײַער שוועסטער?

— ניין.

— בין איך ניט אַמאָל געווען בײַ אײַך אין הויז?

— ניין.

— האָט איר מיך ניט אַמאָל אַרומגעזוכט?

— ניין. כאַ־כאַ־כאַ, איר ווילט אונדז צוטשעפּען אַ שוועסטער, וואָס איז דאָס פאַר אַ נודנע אידיאָטסטווע? — און ביידע גימנאַזיסטן האָבן זיך צעשטשירעט מיט ווײַסע, טריומפירנדיקע ציינער.

נאָך אויפן וועג אין גימנאַזיע האָב איך געהאַט אַ שווער געפיל וועגן דער באַגעגעניש מיט מײַנע צוויי ביטערע שונאים. איך האָב געפּרוווט טרעפן וויאַזוי מיר וועלן זיך באַגעגענען. אַז זיי וועלן מיך ניט פאַרבעטן צו קיין מיטאָג און מיר ניט קושן די הענט — בין איך געווען זיכער. פאַרקערט,

איך האָב גיכער דערוואַרט, אַז ווי נאָר איך וועל זיך באַווײַזן אין קלאַס, וועלן זיי מיך אַרויסרופן אויפן הויף, פֿאַרפֿירן אין אַ ווינקל, דאָרטן מיר אַראָפּלאָזן עטלעכע פּעטש — און מיט דעם וועט דער ענין זיך ענדיקן.

איך בין געווען פֿולשטענדיק גרייט דאָס אָנצונעמען, וואָרעם אויב דאָס איז דער איינציקער וועג איין מאָל פֿאַר אַלעמאָל צו מאַכן אַ סוף צו דעם פֿײַנדלעכן מצב, צו דער שווײַגנדיקער מלחמה אויף דער שול־באַנק, און דער עיקר, אויב דאָס איז דער איינציקער וועג צוצוקומען צו ניוראַן — וואָס מיינען שוין אַ פּאָר פּעטש? איך האָב זיך אַפֿילו עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט און פּרובירט אָננעמען די פּאָזע פֿון אַ ווערדיקער צוריקגעהאַלטנקייט, מיט וועלכער איך וועל רעאַגירן אויף זייערע קלעפּ. אָבער אַז זיי וועלן אינגאַנצן פֿאַרלייקענען אַז זיי האָבן געזען די פֿאָרשטעלונג, און אַז זיי זײַנען די, פֿאַר וועמען איך האָב דעם קאָנצערט אײַנגעאָרדנט — אַזאַ זאַך וואָלט מיר ניט אײַנגעפֿאַלן, ווען איך זאָל אַפֿילו האָבן טויזנט קעפּ.

איך האָב געפֿילט ווי זיי וואָלטן, אָנשטאָט די פּאָר פּעטש, וואָס איך האָב זיך אויף זיי געריכט, מיר אַ זעץ געטאָן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. די ווענט אַרום מיר האָבן זיך גענומען שאָקלען, ווי זיי וואָלטן געווען פֿון פֿאַרקילטן ביינער־פּעטס. די תּלמידים אין דער באַנק האָבן זיך געטרייסלט ווי שאָטנס אין וואַסער.

איך בין אַרויס פֿון קלאַס־צימער און האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר פֿון דעם הויפּט־פֿאַרוואַלטער.

מיטן אויסרייד, אַז דאָס דירעקטע ליכט פֿון פֿענצטער איז צו שטאַרק פֿאַר מײַנע סענסיטיווע אויגן, האָב איך געבעטן אַ דערלויבעניש זיך אַריבערצוזעצן פֿון דער באַנק נומער זעקס, מיט אַן ערך אַכט בענק ווײַטער, אין אַ ווינקל בײַ דער וואַנט, ווו ס'האָט זיך גראָד געפֿונען אַ ליידיקער פּלאַץ.

ווען די לעקציעס האָבן זיך פֿאַרענדיקט האָב איך האַסטיק אײַנגעפּאַקט די ביכער און בין דער ערשטער אַרויסגעלאָפֿן פֿון קלאַס. כ'האָב זיך געשטעלט אין אַ זײַט בײַם טויער וואַרטן, די תּלמידים פֿון פֿערטן קלאַס זאָלן אַרויסקומען, און ווען כ'האָב דערזען וואָלאָדיען און פּעטיען, בין איך גלײַך צוגעלאָפֿן צו זיי, אַרומגעכאַפּט און צוגעדריקט צו זיך, ווי זיי וואָלטן געווען מײַנע נאָענטסטע און אינטימסטע פֿרײַנד. נעכטן, אין רעסטאָראַן, האָב איך זיי אינגאַנצן איגנאָרירט, און אויך אין דער דראָשקע האָב איך קוים אַ וואָרט צו זיי אויסגערעדט. מײַן פּלוצעמדיקע פֿרײַנדלעכקייט איז זיי מסתּמא ניט געווען פֿאַרשטענדלעך, אָבער אַן אָנגענעמע איבערראַשונג, וואָרעם זיי האָבן מיך גלײַך פֿאַרבעטן איך זאָל מיט זיי גיין עסן פּוטער־קוכן און הייסן שאָקאָלאַד. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם ווי איך וואָלט ממש אויסגעגאַנגען פֿון הונגער. פּעטיאַ האָט תּיכּף פֿאַרהאַלטן אַ דראָשקע און געהייסן טרײַבן צו דער קאַפֿע „באָן־באָן".

די דאָזיקע קאַפּע איז געווען באַרימט מיט אירע אויסגעצייכנטע געבעקסן, טאָרטן, פּיראָזשנעס, און דער עיקר — מיט די פּוטערדיקע מאַראָזשענעס. דערצו איז נאָך אין דעם הינטערשטן טייל פון דער קאַפּע געווען די גרעסטע ביליאַרדנע אין שטאָט און אַ ספּעציעלער קאָרטן־צימער, ווו ס׳איז טאָג און נאַכט אָנגעגאַנגען אַן אַזאַרט־קאָרטנשפּיל. ״באָן־באָן״ איז געווען דער זאַמלפּונקט פון רײַכע פּוסטעפּאַסניקעס, די אַזויגערופענע גאָלדענע יוגנט פון שטאָט.

די הויכע ווענט און דער רונדיקער סופיט פון דער קאַפּע זײַנען געווען באַמאָלן מיט גרויסע קאָלירטע בילדער. אויף איין וואַנט איז געלעגן אין בעט אַ נאַקעטע, פליישיקע פרוי און זיך געקלאַמערט אָן די קורצע טריקאָטלעך פון אַן אַנטלויפנדיקן, צעשראָקענעם יונגערמאַן. אויף דער צווייטער וואַנט איז געלעגן אויף אַ שטיינערנער פּאַדלאָגע אַן אויסגעדאַרטע, געקעפּטע פיגור, און נעבן דער פיגור — אַ רייצנדיקע פרוי מיט אַ שווערד און מיט אַ פּאָר ווילדע, כיטרע אויגן, וואָס האָבן אַראָפּגעקוקט אויף דעם פּאַרבלוטיקטן קאָפּ, וועלכן זי האָט געהאַלטן אויף אַ זילבערנער טאַץ.

פּעטיאַ און וואַלאָדיאַ האָבן מסתּמא באַמערקט דעם טיפן אינטערעס, וואָס די בילדער האָבן בײַ מיר אַרויסגערופן, און האָבן דעריבער מיט גרויס וויכטיקייט און דערפאַרנקייט פון אַלטע שטאַם־געסט מיר דערקלערט וואָס דאָס מיינט.

נאָך דעם ווי מיר זײַנען פאַרטיק געוואָרן מיט דעם הייסן שאָקאָלאַד און פּוטער־קוכנס, האָט פּעטיאַ באַשטעלט פּאָרציעס מאַראָזשענע און דערצו אַ סיפאָן סאָדע־וואַסער מיט אַ ספּעציעלן ציטרין־סיראָפּ, און ווי אַ צוגאָב געבעטן דערלאַנגען דרײַ עקסטראַ שיסלען מיט קאַרשן־אײַנגעמאַכטס.

דורך דער גאַנצער צײַט האָבן די צוויי ייִנגלעך אין אַ געהויבענער שטימונג זיך באַמיט אונטערצוהאַלטן זייער נײַעם פרײַנד מיט צווײדײַטיקע באַמערקונגען וועגן די געסט, וואָס זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען, וועגן די בילדער אויף די ווענט און, דער עיקר, וועגן זייער אייגענער עקסטראַוואַגאַנטער פרעסערײַ. אָבער ווען ס׳איז געקומען צו דעם אײַנגעמאַכטס, האָב איך אַ שלוקערץ געטאָן, אָפּגערוקט די שיסל און געזאָגט: דאָס וועט זײַן גענוג! און דערנאָך, מיט אַן אומגעריכטער ערנסטקייט, האָב איך זיך אַריבערגעבויגן איבערן טיש און געפרעגט:

— איר זענט פון פערטן קלאַס, אמת?

— יאָ, פון פערטן — האָט פּעטיע אויפגעהערט צו לאַכן.

— פאַרוואָס פרעגט איר? — האָט וואַלאָדיאָ איבערגעריסן צו לעקן דאָס לעפעלע.

— ווײַל איך וויל וויסן, צי איר קענט אַ גימנאַזיסט מיטן נאָמען סאַשאַ וואַקטוזין פון פינפטן קלאַס.

— ניין!

— און ראָמעק זאַוואַדסקי?

— אויך ניט!

— האָט איר ניט באַמערקט נעכטן אויף דער פאָרשטעלונג צוויי גימנאַזיסטן מיט אַ מיידל?

— מיר האָבן געזען אַ סך גימנאַזיסטן. מיר ווייסן ניט וועלכע צוויי איר מיינט.

— צוויי וואָס האָבן אויסגעזען אַזוי און אַזוי און אַזוי — און איך האָב גיך אָנגעוואָרפן די הייך, די ברייט, דעם קאָליר פון די האָר און די אויגן פון וואַקטוזין און זאַוואַדסקי.

ביידע ייִנגלעך האָבן זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט.

— איך קען ניט זאָגן אויף זיכער.

— מיר דאַכט זיך, אַז אַזעלכע צוויי זײַנען דאָרט ניט געווען.

— זאָגט ניט: מיר דאַכט זיך! — האָב איך ווי אָנגעכאַפּט בײַ די הענט — טראַכט בעסער, פּרובירט זיך דערמאָנען!

— מיר האָבן געזען צוויי גימנאַזיסטן, און טאַקע מיט אַ מיידל, אין צענטער פון פּובליקום, אָבער אונדז דאַכט זיך, אַז ייִ האָבן אויסגעזען אַ ביסל אַנדערש, ניט אַזוי ווי איר באַשרײַבט ייִ.

— אויב אײַך דאַכט זיך בלויז, טויג ניט. שטרענגט זיך אָן, דערמאָנט זיך! די דאָזיקע צוויי גימנאַזיסטן זײַנען געזעסן מיט אַ מיידל?

— יאָ, אַ מיידל — און איך האָב גענומען באַשרײַבן ניראַן.

צוערשט האָט זיך בײַ מיר די צונג פאַרטשעפּעט, ווי איך וואָלט אַליין ניט געווען זיכער אין דער גרייס און אין קאָליר פון דעם מיידל, פון וועלכער איך האָב בלויז געקענט די העלפט, וואָס פלעגט אַרויסהענגען דורכן פענצטער, און וועלכע איך האָב בלויז איין מאָל, מיט אַ צײַט צוריק, געזען אין דער גאַנצער גרייס. אָבער באַלד האָב איך מיט אַ פאַנטאַן שפּרודלדיקע ווערטער גענומען באַשרײַבן אַ שלאַנקיקע פּרינצעסין, אַן אומעטיקע סינדערעלע, אַן אַראַבישע שיינקייט פון טויזנט און איין נאַכט.

די צוויי ייִנגלעך זײַנען געזעסן מיט אָפענע מײַלער. איצט זײַנען זיי שוין געווען זיכער, אַז אַזאַ מיידל איז אין פּובליקום ניט געווען.

— דאָס איז אַ ליגן! איר זענט פּונקט ווי ייִ, געמיינע ליגנערס! — האָב איך אין אַ ווילדער אויפרעגונג אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש.

— פאַרוואָס רופט איר אונדז ליגנערס? — האָבן די צעטומלטע ייִנגלעך פּראָטעסטירט.

איך האָב אויסגעטרונקען דאָס פאַרבליבענע ביסל סאָדע־וואַסער און שוין אין אַ מער געלאַסענעם טאָן ממשיך געווען:

— אַנטשולדיקט מיר מײַן אויפרעגונג. כ׳האָב זיך צו דעם קאָנצערט

געגרייט כּמעט אַ האַלב יאָר, און איצט, אויב ס'איז אמת אַז ניוראַ איז ניט געקומען, איז אַלץ אַ דורכפאַל און איך בין טאַקע, ווי זיי האָבן געזאָגט, אַ וויסטער, פאַרחלומטער אידיאָט.

— מיר זײַנען ניט קיין ליגנערס. אַזאַ מיידל ווי איר באַשרײַבט, איז דאָרט ניט געווען. און צו וואָס רעדט איר אַזאַ געפּליגלטע שפּראַך מיט אַזעלכע ווערטער, און וואָס מאַכט איר אַזאַ טומל וועגן אַ קאָנצערט, אַז איר קענט אַפילו קיין פידל אין האַנט ניט האַלטן.

— וואַלאָדיאַ און איך — האָט פּעטיאַ איבערגענומען — זײַנען געקומען צו דעם קאָנצערט, ווי איר רופט עס, ווײַל מיר האָבן געפונען אויף די טרעפּ פון דער גימנאַזיע אָנגעוואָרפן עטלעכע גרינע קאַרטלעך. אונדזער אַלטער פרײַנד נאַזאַראָוו, האָבן מיר געוווסט, איז אַן אַקטיאָר, האָבן מיר אים געוויזן די קאַרטלעך, און מער צוליב אים זײַנען מיר געקומען צו דער פאָרשטעלונג. נאַזאַראָוו זאָגט, אַז איר זענט אַן אַרטיסט.

— וואָס מאַכט איר אַזאַ רעש מיט דעם פּאַגאַניני דעם דריטן — האָט וואַלאָדיאַ ווידער אָנגעהויבן פון דאָרטן, ווו פּעטיאַ האָט אים איבערגעשלאָגן — די בילעטן האָט איר אויסגעטיילט אומזיסט. און ווער איז ניוראַ? לויט אײַער באַשרײַבונג, בין איך ניט זיכער צי איר אַליין קענט זי. זאָגט דעם אמת, האָט איר זי אַמאָל געזען, גערעדט מיט איר, אָדער איר האָט זי אויסגעטראַכט, ווי אײַער נאַרישע פּאָעמע מיט די פּיראַטן?

אַ ווײַלע בין איך געזעסן אַן אָפּגעשמיסענער. דערנאָך האָב איך אָנגענומען זייערע ביידנס הענט אויפן טיש און געזאָגט:

— איר געפעלט מיר, חברה! איר זענט גערעכט! איך וויל נאָר איר זאָלט מיר גלייבן, אַז דאָס וואָס איך דערצייל אײַך, אַפילו די פּאָעמע וועגן די פּיראַטן, האָב איך ניט אויסגעטראַכט. אפשר האָב איך עס אײַך ניט גוט דערציילט? פאַראַן געבענטשטע מענטשן, וואָס קענען ריידן וועגן אויסגעטראַכטע ליגנס מיט אַזאַ איבערצײַגנדיקער פשטות, ווי דאָס וואָלט געווען דער גרעסטער אמת, בעת איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקענט באַפרײַען פון דער פאַרשאָלטענער שוואַכקייט צו ריידן וועגן פשוטע זאַכן מיט אַזאַ לשון, ווי דאָס וואָלט געווען דער גרעסטער ליגן. אפשר איז דאָס אַלץ דערפאַר, ווײַל איך בין אַ לאַמפּעדוסער?

— דאָס לעצטע וואָרט פון מײַן ווידוי האָט ניט אַרויסגערופן קיין שום רעאַקציע.

— איך בין אַ לאַמפּעדוסער! — האָב איך איבערגעחזרט.

— נו, איז וואָס? מיר זײַנען אויך לאַמפּעדוסערס. אַלע זײַנען לאַמפּעדוסערס. אָט גייט נאָך אַ לאַמפּעדוסער — האָבן זיי אָנגעוויזן אויף אַ פאַרבײַגייענדיקן פאַרשוין.

— ווי קענט איר זאָגן, אַז אַלע זײַנען לאַמפּעדוסערס? ווייסט איר דען

וואָס דאָס מיינט?

— אוודאי ווייסן מיר, לאַמפּעדוסער איז דאָס זעלביקע ווי ראַקעדוסער, שמאַטעדוסער און קאַקעדוסער.

איך האָב זיך אָנגעכאַפּט בײַ די ברעגן פון טיש. זיי האָבן מיך פאַרהאַלטן און פאַרגעלייגט צו פאַרגעסן דעם גאַנצן נאַרישן שמועס און באַנײַען אונדזער פרײַנדשאַפט מיט אַ פרישער פּאָרציע מאַראָזשענע.

— מאָרגן, מאָרגן — האָב איך געשטאַמלט און דערבײַ זיך אַנטשולדיקט, וואָס איך קען זיי ניט אָפּצאָלן פאַר דער גאַסטפרײַנטלעכקייט אויפן זעלבן ברייטן אופן אין דער זייער טײַערער קאַפע "באָן־באָן", ווארעם מײַן פאָטער איז שווער קראַנק און געפינט זיך איצט אין אַ קליניק אין דײַטשלאַנד, און די סומע וואָס איך קריג פון מײַן מוטער איטלעכע וואָך, איז זייער אַ באַשיידענע. זאָלן זיי דעריבער קיין פּאַראיבל ניט האָבן, וואָס איך וועל זיי פאַרבעטן אויף טיי און בולקעלעך בײַם טערק.

עס האָט אויסגעזען, אַז די דאָזיקע פּשוטע דערקלערונג האָט אויף זיי געמאַכט אַ גרעסערן רושם, ווי מײַן פריִערדיקע עקספּאָזיציע. זיי האָבן מיך אַרומגענומען פון ביידע זײַטן און מיר פאָרגעלייגט צו באָרגן עטלעכע רובל; פון דעם האָב איך זיך גיך און קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. דערפאַר אָבער, אויף צו־מאָרגנס נאָך די לעקציעס, ווען מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן בײַם טויער פון דער גימנאַזיע און איך האָב זיי געוואָלט פירן צום טערק, האָבן זיי מיך איבערגערעדט איך זאָל בעסער ווידער פאָרן מיט זיי אין "באָן־באָן", ווו זיי האָבן ווידער אויף זייער פאַרשווענדערישן אופן איבערגעחזרט די זעלבע נאַשערישע פּאָטראַוועס, אין דעם זעלבן סדר ווי מיט אַ טאָג פריִער.

נאָך דעם אײַנגעמאַכטס האָט מיך פעטיאַ געפרעגט צי איך שפּיל לאָטאָ, צי איך רייכער, און צי איך האָב אַן אינטערעס אין קאָרטן. צי וואָלט איך געוווען אַ בעלן מיט זיי אַרײַנצוגיין אין קאָרטן־צימער און דאָרטן אײַנשטעלן אַ פּאָר רובל אין איין־און־צוואַנציק?

איך האָב זיך אַ ביסל געקווענקלט. איך האָב שוין קיין קאָרט אין דער האַנט ניט געהאַלטן פאַר די לעצטע דרײַ־פיר יאָר, כאָטש אַמאָל, אויפן אַלטן מאַרקפּלאַץ, בין איך געווען באַרימט ווי אַ זעלטענער עקספּערט אין איין־און־צוואַנציק.

— מען וועט אונדז ניט צולאָזן צום טיש, מיר זײַנען ניט אַלט גענוג — האָב איך זיי געוואָרנט.

— אונדז קען מען שוין דאָרטן, מיר האָבן שוין אַ היפּש ביסל געלט פאַרשפּילט — האָט פעטיאַ געזאָגט און אַרויסגענומען פון קעשענע אַ הויפן זילבער. — קום, קום, דו וועסט ציִען די קאָרט! — און זיי האָבן מיך אַרײַנגעשטופּט אין קאָרטן־צימער.

מיר האָבן זיך אַדורכגעקוועטשט דורך דעם געזעמל בײַם קאָרטן־טיש. פעטיאַ האָט אַרויסגעלייגט אַ גאַנצן פינפערל. איך האָב אַ קלאַפּ געטאָן: וואַ־באַנק! — און אין פינף מינוט שפּעטער האָבן זיי שוין געהאַט פאַרשפּילט דרײַ פינפערלעך. פון דעסטוועגן זײַנען זיי עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד אַלץ באַשטאַנען, אַז דווקא איך זאָל ציִען די קאָרטן.

צווישן נאַשערײַען און קאָרטן־שפּיל האָבן די צוויי ייִנגלעך יעדן טאָג מיט מער זיכערקייט און חוצפּה ממשיך געווען מיך צו רעפּאָרמירן און געפּאָדערט איך זאָל זיי אויפהערן צו דרייען דעם קאָפּ מיט די נאַרישע מעשׂיות וועגן עפּעס אַ נוראַ; זי איז ניט מער ווי אַן אינדישער גײַסט, וואָס קומט אַרויס פון אַ פלעשל.

עטלעכע מאָל האָב איך רעוואָלטירט, איך האָב געפּילט, אַז כאָטש כ׳האָב שוין אויפגעגעסן אויף זייער חשבון אַ היפּשע צאָל פּיראָזשנעס מיט טאָרטן און אײַנגעמאַכטס, און דערצו נאָך פאַרתּכלעוועט זייער געלט בײַם קאָרטן־טיש, דאַרף איך, מוז איך ענטפערן. סוף־כּל־סוף בין איך אַ תּלמיד פון פינפטן קלאַס, און זיי — פון פערטן. אָבער זיי האָבן מיך פאַרהאַלטן. איך זאָל ריידן פּשוטער, האָבן זיי געטענהט, און מער צו דער זאַך, כּדי זיי זאָלן מיך בעסער פאַרשטיין. און אַז איך האָב געפּרוווט ריידן ווי זיי האָבן געפּאָדערט, האָב איך געמוזט באַלד אויפהערן, וואָרעם איך האָב ניט געדענקט וועגן וואָס איך האָב געוואָלט מיט זיי ריידן. אָבער איין טאָג, נאָך דעם וואָס איך האָב שוין געהאַט אויף מײַן געוויסן איבער זעכציק פאַרשפּילטע רובל, ווען די צוויי חברים האָבן מיך ווידער געוואָלט שלעפּן אין "באָן־באָן", האָב איך זיך אָפּגעזאָגט, מיט תּירוץ, אַז פון צופיל זיסקייטן איז מיר קאַליע געוואָרן דער מאָגן.

וואַלאָדיאַ האָט פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן אַלע דרײַ אַרויף צו אים אין הויז און שפּילן לאָטאָ. וואַלאָדיאַס פאָטער, אַ פּליצעוואַטער טשינאָווניק, אין אַן אויסגעטראָגענעם מונדיר, האָט מיך באַגריסט אויף אַ מיליטערישן אופן, צוגעלייגט די פינגער צום שטערן און אַ קנאַק געטאָן מיט די אָפּצאַסן פון די היפּשלעך אָפּגעטראָגענע שיך.

מיט אַ פאַרשנדיקן בליק האָב איך אָפּגעמאָסטן די קליינע צימערלעך מיט די אָפּגעבליאַקעוועטע אָביציעס, אויף וועלכע עס האָבן זיך דײַטלעך אָנגעזען עטלעכע פלעקן פון צעריבענע וואַנצן. איך האָב באַטראַכט די סאַמעטענע פאָרטיערן, צעפּרעסענע פון מאָל, אויף די פענצטער און טירן, און די אַלטמאָדישע סקריפּענדיקע און אויסגעזעסענע שטולן. דער פּליצעוואַטער טשינאָווניק האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר מיר, וואָס די מאַדאַם איז ניטאָ אינדערהיים, און דעריבער קען ער מיר קיין אַנדערע זאַך ניט פאָרלייגן, ווי בלויז טיי. אָבער צום באַדויערן, אָן צוקער, ווײַל דער צוקער איז פאַרשלאָסן און די שליסלען טראָגט די מאַדאַם שטענדיק בײַ זיך....

אויך בײַ פּעטיען אין הויז האָב איך געהאַט כּמעט אַן ענלעכע דערפאַרונג: מיט אַ טאָג שפּעטער האָט פּעטיאַ געהאַלטן, אַז איצט איז זײַן ריי מיך צו פאַרבעטן. פּעטיעס פאָטער האָט געעפנט די טיר און אַ חלשותדיקער ריח פון געקאָכטן קרויט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין נאָז.

דער פאָטער, אַ ברייטער מגושמדיקער מאַן מיט שטרענגע, פאַרריסענע וואָנצעס, אין אַ פאַדיאָווקע מיט אַ רויטן שנור אַרום האַלדז, אויף וועלכן ס'האָט זיך געבאָמבלט אַ פײַפל פון אַ באַן־קאָנדוקטאָר, האָט זיך גלײַך אַנטשולדיקט וואָס, צום באַדויערן, איז אין הויז גאָרנישט פאַראַן מיט וואָס מכבד צו זײַן אַ גאַסט, אַחוץ עטלעכע גרינע עפּל, וואָס ער האָט טאַקע גלײַך געבראַכט צום טיש.

איך האָב זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ שטרויענעם וויג־שטול, אויסגעקליבן דאָס קלענסטע עפּל פון דער וואַזע און עס גענומען גריזשען. דער קאָנדוקטאָר האָט זיך צוגעזעצט נעבן מיר און גענומען דערציילן וועגן זײַנע איבערלעבונגען אויף די לאַנגע נסיעות, וואָס אים קומט אויס צו מאַכן צוויי מאָל אַ וואָך, וועגן די פאַרשיידענע טשיקאַווע מענטשן, וואָס ער טרעפט אויף די באַנען, די פּעפּערדיקע אַנעקדאָטן, וואָס ער הערט זיך אָן אין מענערישן בית הכסא, און וועגן ייִדישע קאָמיוואָיאַזשאָרן.

איך בין געזעסן שטײַף אין שטול און געגריזשעט דעם גרינעם, ניט־צײַטיקן עפּל. פּלוצעם האָב איך דערפילט אַ ווייטיק אין די געדערעם. אײַערנעכטן האָב איך אויסגעטראַכט אַ צערודערטן מאָגן, כּדי זיך אַרויסצודרייען פון דער קאַפּע "באָן־באָן", וואָס האָט זיך מיר שטאַרק דערעסן, אָבער איצט איז מיר טאַקע אויף אַן אמת ניט־גוט געוואָרן און טראָפּנס קאַלטער שוויים האָבן זיך אויפגעבלעזלט אונטער מײַן נאָז. דער ווייטיק, וואָס האָט מיר אַ שניט געטאָן איבער דער לענג פון מײַן גוף, איז אָבער ניט געקומען פון מאָגן, נאָר פון פּלוצעמדיקן פאַרדרוס איבער מײַנע צוויי פרײַנד, וואָס האָבן מיך אַזוי ביטער אָפּגענאַרט און באַליידיקט. ווער איז דער קאָנדוקטאָר, וואָס נודיעט מיך אויף דער נשמה? און ווער זײַנען מײַנע צוויי חברים, אין וועמעס אָרעמע היימען איז מער ווי אַ ביטער גלאָז טיי און אַ זויערער עפּל ניט צו געפינען, אין דער צײַט, וווען אין קאַפּע "באָן־באָן" קאָרמען זיי מיך מיט צוויי מאָל טאָפּל־פּאָרציעס מאַראָזשענע, און ווען איך האַלט זיי ניט אָפּ בײַם קאָרטן־טיש, זײַנען זיי נאָך גרייט געווען אײַנצושטעלן מער ווי די זעכציק רובל, וואָס זיי האָבן דאָרט פאַרשפּילט? אַ מאַדאַם, וואָס האַלט דעם צוקער אונטער אַ שלאָס, וועט דאָך זיכער ניט אויסהאַלטן אַ זון מיט די לאַקרעצדיקע אײַנגעמאַכטסן אין קאַפּע "באָן־באָן", ווו אַ פּשוט גלאָז וואַסער קאָסט מער ווי אַ גאַנצער סאַמאָוואַר טיי בײַ איר אין דער היים. ווו, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, נעמען אָט די צוויי קבצנישע יונגען די הויפּנס זילבער־געלט, מיט וועלכע זיי וואַרפן זיך אַזוי, ווי זייערע

עלטערן וואָלטן געווען באַנקירן אָדער גרויסע פאַבריקאַנטן? וואָס פאַר אַ סוד באַהאַלטן זיי פון מיר? איך וואָלט געקענט שווערן, אַז דער קאָנדוקטאָר מיטן בלעכענעם פייַפל און דער טשינאָווניק מיט די אויסגעריבענע עלנבויגנס האָבן אַזאַ סומע ווי גאַנצע זעכציק רובל אויף איין מאָל פאַר זייערע אויגן ניט געזען. וואָס איז דאָס פאַר אַ מאָדנע באַקאַנטשאַפט, און נאָך מער מאָדנע פרייַנדשאַפט?

איך האָב אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן פול מיט חשד און ביטול אויף מייַנע צוויי פרייַנד, וועלכע האָבן זיך גאַנץ רויִק געפּאָרקעט אין אַ ווינקל און געפּרוווט פאַרריכטן דעם צעבראָכענעם אַלטמאָדישן וואַנט־זייגער. ווער זענט איר? וואָס האָב איך בשותּפותדיקס מיט אייַך? און וואָס זוך איך בייַ אייַך?

צענדליקער חשדים, בייַסיקע פראַגע־צייכנדלעך האָבן זיך אין אַ הורזשענדיקן געווירבל געדרייט אַרום מייַן קאָפּ: ווער זענט איר? בין איך דען טאַקע אינדעראמתן געקומען צו אייַך איר זאָלט מיך אַרויסשלעפּן פון אַ חלום? האָב איך עס פאַר די דאָזיקע צוויי ניבזיקעס אויפגעריסן מייַן מונדיר און אויסגעטרייסלט פון זיך מייַנע טיפסטע סודות, און דערפאַר האָבן זיי מיך פאַרסמט מיט טאָפּל־פּאָרציעס מאַראָזשענע און פאַרשטאָפּט דאָס מויל מיט איינגעמאַכטס, און נאָך אַוועקגערויבט בייַ מיר מייַן נאָמען "לאַמפּעדוסער", מייַן אויטענטישקייט, מייַן גאַנצן איך, און מיך פאַרוואַנדלט אין עפּעס אַ שטרויענער פיגור אין אַ מונדיר?

די דאָזיקע געדאַנקען האָב נאָך מער אויפגעבלאָזן דעם צעפלאַקערטן כּעס אין מיר: ווי האָבן זיי זיך דערוועגט מיך צו לערנען וויאַזוי צו נוצן פּשוטע, פאַרשטענדלעכע רייד, ווען הינטער זייערע פּשוטע רייד איז פאַרבאָרגן עפּעס אַ ליגן, וואָס איז טויזנט מאָל גרעסער ווי מייַן חלומדיקע וויזיע פון פּיראַטן. ווי האָבן זיי זיך דערוועגט מיט זייערע שמוציקע פינגער צו רייַסן דעם צאַרטן געוועב פון מייַן חלום, ווען זיי אַליין פּלאָנטערן זיך עפּעס אין אַ פינצטערער נעץ פון מוראדיקע געהיימנישן? איר געפעלט מיר ניט! איך האָב מער מורא פאַר אייַך, ווי פאַר מייַנע אויסגעטראַכטע גייַסטער. איך וויל אייַך מער ניט קענען. קאָרמעט מיך מער ניט מיט קיין מאַראָזשענע און רעדט ניט צו מיר דער צינישער קלוגשאַפט, וואָרעם איר וועט מיר ניט אייַנרעדן, אַז ניוראַ איז צו דער פאָרשטעלונג ניט געקומען. און אויב אַפילו איך האָב עס זיך בלויז אייַנגערעדט, און אויב דאָס איז טאַקע ניט מער ווי אַ חלום, וויל איך בלייַבן אין דעם חלום, וואָרעם ווער ווייס, אפשר איז מייַן אָפענער חלום די אמתע און עכטע וואָר, און אייַער סודותדיקע וואָר איז אַ שוואַרצער חלום?

איך האָב זיך אויפגעשטעלט, אַ וויש געטאָן דעם שווייס פון שטערן, און זיך גענומען רוקן צו דער טיר, אָבער וואַלאָדיאַ און פעטיאַ האָבן מיך אַרייַנגעשלעפּט צוריק אין צימער.

איין מאָמענט האָב איך זיי אָנגעקוקט און באַלד געעפנט דאָס מויל, אַרויסצושיסן אין זייערע פּנימער דעם מאָנאָלאָג, וועלכן איך האָב פריִער אַזוי קלאָר איינגעשטודירט אין מיין געדאַנק. אָבער די שעמעוודיקע מורא, אַז זיי וועלן מיך ניט פאַרשטיין, אַז זיי וועלן מיר ווידעראַמאָל הייסן איך זאָל רעדן פּשוטע רייד, פאַרשטענדלעכע רייד, האָט מיר פאַרגליווערט די צונג און איך האָב קוים אַרויסגעבאָמבלט אַזוי פּשוט ווי מעגלעך: איך... קאָן ניט בלייבן... דער מאָגן... דרייט... מיך דרייט דער מאָגן!

דער קאָנדוקטאָר האָט גלייך צוגעגרייט אַ ביסל געזאַלצן וואַסער, געהייסן מיר זיך גוט אָפּגרעפּצן, און דערנאָך מיך צוריק אַריינגעזעצט אין דער צעבראָכענער וויגשטול און גענומען דערציילן אַ פרישן אַנעקדאָט וועגן עפּעס אַ פאַרכעוואַטן ייִדן.

עס זענען אָבער קוים אַריבער עטלעכע וואָכן און איך האָב אָפּגעוואַרט מיינע צוויי חברים בייַם טויער פון דער גימנאַזיע, זיי אָפּגעפירט אָן אַ זייַט און זיי געזאָגט:

— כּדי אַלץ זאָל קלאָר ווערן צווישן אונדז, וויל איך אייַך פרעגן צום לעצטן מאָל: גלייבט איר, אַז אַ חלום קען אַמאָל פאַרגליווערט ווערן אין האַרטע, קאָנקרעטע פאָרמען, ווערן אַזוי אמתדיק ווי אַ קאָרטן־טיש, ווי אַ שטיק פוטער־קוכן אָדער אַ טאָפּל־פּאָרציע מאַראָזשענע?

— וואָס? וועלכער חלום, וואָס פאַר אַ פוטער־קוכן? וועגן וואָס רעדט איר?

אַנשטאָט זיי צו ענטפערן, האָב איך מיט אַן אויפגערעגטער האַנט אַרויסגענומען פון בוזעם אַ בריוו און גענומען לייענען:

זייער געערטער פּאַגאַניני דער דריטער!

איך האָב אייַך געהערט אויף דעם קאָנצערט, זונטיק, דעם....טן. איך האָב אייַך גלייַך דערקענט. איך בין געווען אַנטציקט פון אייַער שפּילן און רעציטירן. מיינע באַגלייטערס האָבן זיך געאײַלט צו דער באַן. איך ווייס ניט, צי אייַך איז באַקאַנט, אַז מיר האָבן זיך נאָך מיט אַ לאַנגער צייַט צוריק אַרויסגעקליבן פון דער פּילנער־גאַס און וווינען איצט הינטער דער שטאָט, ווו עס נעמט כּמעט אַ גאַנצע שעה צוצופאָרן און איך האָב דעריבער ניט געקענט קומען צו אייַך און אייַך גראַטולירן.

דעם....טן .....עמבער איז מייַן געבוירנטאָג. איר זענט דער ערשטער גאַסט, וואָס איך פאַרבעט. איך וועל זייַן גליקלעך אייַך צו זען און איבערהויפּט נאָכאַמאָל צו הערן אייַער פּרעכטיקע רעציטאַציע.

איך בעט אייַך מיך ניט צו אַנטוישן, ווי איר האָט עס שוין איין מאָל געטאָן.

ניוראַ וואַקטוזין

## ט״ז

בנימין איז צוריקגעקומען מיט דעם זעלביקן טשעמאָדאַן און מיט די זעלביקע פּאָר אונטערוועש, וואָס ער האָט מיטגענומען ווען ער איז אין גרויס איַילעניש געלאָפן קיין דיַיטשלאַנד. יאָ, ער האָט אַלץ צוריקגעבראַכט, אַפילו די קרענק. דאָס איינציקע, וואָס ער האָט דאָרט איבערגעלאָזט, זיַינען געווען זיַינע עטלעכע באַנק־ביכלעך.

ער האָט צעטרענצלט אַ פאַרמעגן אויף אַ גאַנצער רשימה באַרימטע דיַיטשע פּראָפעסאָרן, קליניקעס, שפּיטעלער און בעדער, און דער רעזולטאַט פון דעם אַלעמען איז געווען, אַז אויפן צווייטן טאָג פון זיַין צוריקקער האָט ער באַקומען אַ פרישן אַטאַק, שטאַרקער און מסוכּנדיקער ווי פריִער.

די אָרטיקע דאָקטוירים זיַינען ווידער געקומען און האָבן ווידער פּרובירט אים אָפּראַטעווען מיט די אַלטע מיטלען, אָבער איצט איז שוין קלאָר געווען פאַר אַלעמען, און מער פון אַלעמען פאַרן חולה אַליין, אַז אים וועט שוין גאָרנישט ניט העלפן, אַז מאָרגן־איבערמאָרגן וועט ער דערשטיקט ווערן. דער קראַנקער ריז, וועמען ס׳האָט ביז צו דער ציַיט פון מסוכּנדיקן חלאת קיינמאָל קיין צאָן ניט וויי געטאָן, האָט איצט געליטן ניט בלויז פון ווייטיק, נאָר מער פון שרעק און פאַרדרוס. געבראָכן און דערשטיקט צו ווערן פון עפּעס אַ פּאָר נישטיקע לונגען, וואָס צוריק מיט אַ ציַיט האָט ער אַפילו ניט געוווּסט ווו זיי געפינען זיך אין זיַין גוף — דאָס האָט אים מוראדיק גערייצט און ווילד געמאַכט. ער האָט געקלאַפּט אַ פאַרביטערטער אין טיש און געזידלט מיט שענדלעכע זידל־ווערטער די דאָקטוירים און די פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן ביַי אים אויסגעזויגן די מיליאָנען, צוגענומען זיַין גאַנץ פאַרמעגן און אים איבערגעלאָזט אויף הפקר פאַרן טויט. מיט איטלעכן הוסט האָט ער אַ כראַקע געטאָן אויף דער גאַנצער מעדיצינישער וועלט, מיט די ספּעציאַליסטן און באַרימטע פּראָפעסאָרן. די עטלעכע אָרטיקע דאָקטוירים האָט ער פּשוט פאַרטריבן פון שטוב און זיי פאַראורטיילט צו קומען ״זיך לערנען שערן אויף זיַין באָרד״.

קרובֿים, באַקאַנטע און פריַינד פון אַלטן מאַרקפּלאַץ, בפּרט די וועלכע האָבן שטענדיק געגנאָסן פון בנימינס ברייטער האַנט, זיַינען געקומען אים באַזוכן און אויסוויַיזן, אַז ער דאַרף ניט טריַיבן די דאָקטוירים; כאָטש אַ דאָקטער, ווי ער זאָגט, ווייסט טאַקע אַ קרענק, איז דאָס דאָך בעצם וואָס אַ דאָקטער דאַרף וויסן. און אויב זיי ווייסן ניט, וועלן זיי אַזוי לאַנג

פּרובירן, ביז זיי וועלן סוף־כּל־סוף טרעפן. אָבער דער חולה האָט אויף דער פּוסטער טרייסט געענטפערט מיט גאַליקן חוזק איבער די טרייסטערס, וועלכע האָבן שטענדיק געלעבט אויף זייַן געלט, איבער די דאָקטוירים, וועלכע האָבן בייַ אים צוגענומען דאָס געלט, און אַפילו איבער זיך אַליין, וועלכער האָט אויסגעשפּיגן זייַן געלט.

די אַריסטאָקראַטישע קבצנים פון אַלטן מאַרקפּלאַץ האָבן זיך געפילט באַליידיקט און האָבן אים פּרובירט דערוויַיזן, אַז וואָס שייַך זייַן קרענק, קען אים טאַקע קיינער ניט העלפן. וואָס שייַך אָבער זייַן געלט, האָט קיינער בייַ אים ניט גענומען, אַחוץ גאָט. וואָרעם עס שטייט געשריבן: גאָט גיט און גאָט נעמט צו. דערויף האָט דער צערייצטער חולה געענטפערט, אַז צו גאָט האָט ער קיין טענות ניט, ווייַל אויפן צעטל פון די, וואָס האָבן בייַ אים גענומען געלט, איז ניט פאַראַן אַזאַ נאָמען. און ס׳איז פּשוט אַ חזיריַי אויסצוטראַכטן פּסוקים, כּדי צו וואַרפן די שולד אויף גאָט, און אין זייַן נאָמען צוזאָגן אַזאַ געמיינעם ליגן, ווי צדקה תּציל ממוות — און ער האָט טאַקע באַלד געגעבן אַ רעכן אויס די ״מיליאָנען״, וואָס זיי האָבן בייַ אים אַרויסגעשלעפּט מיט דעם־אָ פאַלשן פּסוק.

איינציקוויַיז און אַלע אינאיינעם האָבן זיי זיך באַמיט אים איבערצורײדן און זיך געשווירן, אַז זיי זייַנען גרייט אים צו געבן זייערע אייגענע לונגען, אָבער בּנימין איז געבליבן בייַ זייַנס. די פאַקטן זייַנען געווען אויף זייַן זייַט.

אויב די פאַרביטערטקייט האָט ניט געקענט בייַטן זייַן פיזישן בראָך, האָט זי אָבער אויף אַ מאָדנעם אופן געביטן זייַן גייַסטיקן מצב. ער איז פּלוצעם געוואָרן שטאַרק באַרעדעוודיק און גענומען ניצן ווערטער און געדאַנקען, וואָס, אויף וויפל די מאַרק־מענטשן האָבן זיך געקענט דערמאָנען, זייַנען זיי פריִער קיינמאָל פון זייַן מויל ניט אַרויס. קיינער האָט ניט געקענט פאַרשטיין דעם מאָדנעם שינוי אין אים.

עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט עפּעס דורך דער קרענק דערהויבן געוואָרן, ווי אויפן אָרט פון זייַנע פאַרשטאָפּטע לונגען האָבן זיך בייַ אים פּלוצעם געעפנט קוואַלן פון מערקווערדיקער חכמה. ער האָט אָנגעהויבן ריידן מיט אַ פרעמדער, געבאָרגטער צונג, ווי בלעמס אייזל, ווען ער האָט דערזען דעם חלף אויפן האַלדז.

צוערשט זייַנען די פרייַנד געקומען אים מבקר־חולה זייַן. אָבער באַלד האָבן זיי אָנגעהויבן קומען, כּדי אים צו פּראָוואָצירן אויף אַ שמועס, וואָרעם עס האָט זיי שוין ניט אַזוי אינטערעסירט זייַן קרענק, ווי דאָס, וואָס דער צערייצטער חולה האָט געהאַט צו זאָגן וועגן זייַן קרענק, וועגן זיך, וועגן דער וועלט און אַפילו וועגן גאָט.

זיי האָבן דעם חולה געקענט ווען ער איז נאָך געווען אַ יונג בּחורל, אַן אָרעמער היטלמאַכער. גערופן האָבן זיי אים דעמאָלט: בּנימטשיק דער

קראָסאָווער. כּמעט איטלעכער מאַרק־מענטש האָט געהאַט אַ צונעמעניש, אָבער צו די מערסטע האָט דער צונאָמען זיך געקלעפּט ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. למשל: פּיניען, אַ לעבעדיקן, אַ פלינקן און זשוואַווען יידל, האָט מען גערופן: פּעלצענע קילע. אָדער חיימען, אַ קליין, דאַר מענטשל מיט אַ פּיצעלע נעזל, גרויס ווי אַ בעבעלע, האָט מען גערופן: העלפאַנט. אָבער בנימין איז טאַקע געווען אַ קראָסאַווער. הויך, שלאַנק, אַ פּאָרצעלייַ־וויַיסער פּנים אונטער אַ שעוועליורע געקרייַזלטע, פּעך־שוואַרצע האָר. אמת, ניט קיין גרויסער חכם, ניט פֿרום, ניט געלערנט, געטראָגן אום שבת אַ שטעקל, און אינדערשטיל אַפילו גערייכערט אַ פּאַפּיראָס, געשפּילט אין קאָרטן און ביליאַרד, און יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט מען אים געכאַפּט אין אַ פינצטער געסל קוועטשן אַן אַנדערע מויד — אַזוי, אַז פאַר קיין רב האָט ער אפשר ניט געטויגט, אָבער פאַר אַ פּשוטן היטלמאַכער האָט זיך זייַן וועלטענע שיינקייט זיכער ניט געפּאַסט.

אין זייער באַשיידנקייט, פלעגן די מאַרק־מענטשן זאָגן, אַז אַזאַ קראָסאַווער פּאַסט זיך גאָר ניט אַרייַן צווישן יידן. אין די ווינטערדיקע פאַרנאַכטן, אַרום זייערע פּיַיער־טעפּלעך, פלעגן זיי אַפילו אָפּט ספּעקולירן, אויף וואָס וואָלט זיך אַזאַ פאַרשוין בעסער געפּאַסט: פאַר אַ באַנקיר, צי סתּם פאַר אַ מיליאָנער. דער ענטפער איז געווען: פאַר אַ מיליאָנער. און דאָס איז ער טאַקע שפּעטער געוואָרן. אָבער אַז דער מיליאָנער זאָל פּלוצעם ווערן אויס מיליאָנער און זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ חכם, פּונקט ווי דער אַלטער איוב, וואָס איז ביז צו זייַן אומגליק געווען אַ פּשוטער בעל־הביתל, און איז בלויז שפּעטער, מחמת זייַנע שוידערלעכע וווּנדן אויפן לייַב, געוואָרן אַ וועלט־באַרימטער חכם — דאָס איז טשיקאַווע, דאָס האָט זיך געלוינט אָנצוקוקן, מיט אַזאַ איינעם האָט זיך געלוינט אַ שמועס טאָן און זיך אַפילו אַרייַנלאָזן אין אַ וויכוח וועגן הויכע ענינים.

שרה פלעגט אַוועקשטעלן אויפן טיש אַ גרויסע שיסל מיט אָפּגעקאָכטע אַרבעס (אַ כּיבוד, וואָס האָט טאַקע נאָר געפּאַסט פאַר אַ געפאַלענעם מיליאָנער), און בעת זיי האָבן געקייַט די אַרבעס, האָבן זיך די מאַרק־מענטשן באַמיט איבערצוצייַגן דעם חכם, אַז ער איז ניט אינגאַנצן גערעכט. אָבער דער חכם האָט מיט אַ בייַסיקן חוזק, ווי מיט אַ שאַרפער האַק, זיי אונטערהאַקט הענט און פיס, און זיי האָבן, וווילנדיק־ניט־ווילנדיק, געמוזט קוועטשן מיט די פּלייצעס פון איבערראַשונג און צוגעבן, אַז ניט געקוקט דערויף וואָס ער לאָזט זיי ניט ענדיקן, און זיי האָבן נאָך ניט אַלץ אַרויסגעזאָגט וואָס זיי ווילן זאָגן — פון דעסטוועגן איז ער פאָרט גערעכט.

דאָס איינציקע וואָס איז אים געשטאַנען אין וועג, איז געווען דער הוסט. אייניקע פון די אָפּאָנענטן פלעגן עס אָפּט וועלן אויסנוצן. ווי נאָר דער קראַנקער פלעגט, אין מיטן פון אַן אַרגומענט זיך פאַרגיין אין אַ קייַכערייַ,

האָט דער דיספּוטאַנט גיך גענומען אַרויסברענגען זײַן מיינונג. דער חולה האָט הוסטנדיק געמאַכט מיט די הענט מע זאָל וואַרטן אויף אים ביז ער וועט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, אָבער דער אָפּאָנענט האָט עס גאָר געהאַלטן פאַר אַ גינציקער געלעגנהייט אַרויסצוברענגען אַלץ וואָס ער האָט געהאַט בדעה צו זאָגן, און ניט געשטערט ווערן פון דעם חכם מיט זײַנע בײַסיקע באַמערקונגען. ער פלעגט אַפילו אַריבערשרײַען דעם חולה. אַמאָל איז טאַקע אַזאַ דיספּוטאַנט געראָטן זיך אַראָפּצורײדן ביזן סוף. אָבער ווי נאָר דער חולה איז געקומען צו זיך, האָט ער אָנגעשטעלט אויף דעם קעגנער צוויי בייזע, מיט בלוט פאַרלאָפענע אויגן, און אים אַ זאָג געטאָן:

— מיר וועלן שוין הײַנט צו קיין טאָלק ניט קומען. מיר זײַנען ניט קיין גלײַכע קעמפער. גייט און קריגט צוערשט אַן אַסטמע, און דערנאָך וועלן מיר, ווי אַ גלײַכער מיט אַ גלײַכן, פאַרענדיקן אונדזער וויכוח.

פאַרשטייט זיך, אַז די גוטמוטיקע געסט האָבן דעם זאָג ניט גענומען ערנסט, אָבער די דיסקוסיעס האָבן אינגיכן געמוזט אויפהערן. פון דעם הוסטן האָט בײַם קראַנקן, ניט מער און ניט ווינציקער, ווי געפּלאַצט אַ פּויק־הײַטל, און דערמיט האָט זיך געעפנט אַ נײַער קוואַל פון ווייטיקן. אַזוי ווי דאָס ריידן איז אים אָנגעקומען שווער, און אַצינד איז אויך דאָס הערן געוואָרן אַ פּײַנלעכער ענין, האָבן די וויכּוחים, די לעצטע טרייסט אין זײַן אומגליק, געמוזט נעמען אַ סוף. בלויז פאַר איין מענטש זײַנען די טירן פון דעם קראַנקנס הויז געבליבן אָפן, אַ מענטש, צו וועמען דער אומגליקלעכער האָט נאָך אַרויסגעוויזן אַ ביסל געדולד — דאָס איז געווען באַרוועס זון.

צי דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס דער איידעלער מענטשל איז שוין אַליין אויך געווען גוט אויסגעצערט פון דער שווינדזוכט און האָט אָפּט אונטערגעהוסט מיט אַ ביסל בלוט, און דערפאַר האָט אים דער חולה געהאַלטן פאַר אַ גלײַכן צו זיך, צי אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט אים נאָך אַלץ געהאַלטן פאַר דעם געבענטשטן זון פון אַלטן מאַרק, מיט וועמען מאַמעס פלעגן זיך אָנווינטשן: ער זאָל בײַ אײַך אויסוואַקסן ווי באַרוועס זון! ער איז געווען דער איינציקער, וואָס פלעגט נאָך צוגעלאָזט ווערן צו דעם עלנטן און פאַרמישפּטן מיליאָנער. אים האָט דער פאַרביטערטער קראַנקער געלאָזט ריידן אומגעשטערט.

פאַר די לעצטע יאָרן האָט זיך דער געבענטשטער זון מוראדיק געביטן, כּמעט ניט צו דערקענען: מאָגער ווי אַ שפּאָן, מיט אײַנגעפאַלענע באַקן, באַוואַקסן מיט צעדרינזלטע האָר פון אַן אויסגעריבן בערשטל, אָבער נאָך אַלץ מיט דער זעלביקער ווייכער, סאַמעטענער שטים און מיט די זעלביקע אויגן, וואָס האָבן נאָך אַלץ געבלישטשעט מיט יענעם אָפּשײַן פון די ברענענדיקע פּײַערטעפּ, אַרום וועלכע ער פלעגט פאַר די מאַרק־מענטשן אַזוי אָפט און אַזוי גרונטיק דערקלערן דעם גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע.

אים האָט דער חולה דערלויבט צו קומען און ריידן.

אמת, באַרוועס זון האָט אויך אין זײַן צײַט ניט ווינציק געגאָסן פון דעם מיליאָנערס ברייטהאַרציקייט, אָבער צו אים האָט מען קיין טענות ניט געקענט האָבן. ער האָט דעם נדבן קיינמאָל ניט גענאַרט מיט קיין גוטע צוזאָגן פון הייליקע ספרים. ער האָט זײַן חלק כּשר פאַרדינט. נאָך אין די צײַטן ווען בנימין האָט געוווינט אויף דער מאַרקגאַס, פלעגט אָפטמאָל טרעפן, אין אַ כמורנעם שבת אָדער יום־טוב, אַז ער פלעגט זיך אַרויסבייגן פון פענצטער און אַ ש־ש־שושקע טאָן אין דער הייך צום בוידעם־שטיבל פון קעגנאיבערדיקן מויער, ווו ס'האָט זיך גלײַך באַוויזן דער גערדיכטער קאָפּ האָר פון דעם געלערנטן יונגערמאַן.

— זאָג מיר, איך בעט דיך, פאַרוואָס איז זומער הייס און ווינטער קאַלט? איז דאָס דערפאַר ווײַל זומער איז די זון נאָענט צו דער ערד, און ווינטער ווײַט פון דער ערד? — פלעגט בנימין פרעגן.

— פאַרקערט — פלעגט דער געלערנטער אַראָפּשרײַען — זומער איז די זון ווײַטער און ווינטער איז זי נענטער צו דער ערד.

— ווי קאָן עס זײַן?

— אַזוי איז עס!

— קענט איר עס דערקלערן?

— אוודאי, אָבער פאַר אײַך איז עס צו קאָמפּליצירט.

— עס לייגט זיך ניט אויפן שכל.

— אויף אײַער שכל. אָבער די וועלט איז ניט געמאַכט לויט אײַער שכל. אויב איר ווילט, וועל איך אַראָפּקומען און פּרובירן אײַך דערקלערן.

— צו וואָס? אויב איר זאָגט אַז ס'איז אַזוי, איז עס דאָך מסתּמא אַזוי.

— ניט מסתּמא, נאָר אַזוי איז עס: זומער ווײַטער און ווינטער נענטער. און פרעגט ניט קיין קשיות.

און דער קאָפּ אונטערן דאַך איז נעלם געוואָרן.

בנימין פלעגט נאָך אַ היפּשע ווײַלע אַרויפקוקן צום בוידעם־שטיבל מיט דער גרעסטער התפּעלות און באַלד אַרויסנעמען פון קעשענע אַ פּאַפּירענעם רובל און מיר הייסן דאָס אַרויפטראָגן צו באַרוועס זון, וואָרעם ס'איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט געווען, אַז דער דאָזיקער געלערנטער יונג פּרירט און הונגערט אונטער דעם אויסגעקרימטן דעכל פון זײַן בוידעם־שטיבל.

צו באַרוועס זון האָט דער קראַנקער קיין טענות ניט געקענט האָבן און מיט אים, האָט ער געוווּסט, איז ניטאָ וואָס צו דיסקוטירן. ערשטנס, איז באַרוועס זון שטענדיק געווען אַ קעגנער פון מיליאָנערן און האָט שטענדיק געהאַלטן, אַז געלט איז אַן אומגליק פאַר דער וועלט. ווערדליק זײַן מיינונג, איז דאָס וואָס בנימין איז איצט געבליבן אַ ביטערער קבצן, אינדעראמתן, אַ גערעכטע זאַך. צווייטנס, וועגן גאָט און זײַנע הייליקע ספרים האָט ער

זיך גלאַט אויסגעלאַכט. ער האָט געהאַלטן, אַז צדקה תציל ממוות איז אַ באָבע־מעשה צוגעטראַכט ניט פון די קבצנים, נאָר דווקא פון די מיליאָנערן, וואָס ווילן ניט שטאַרבן, און דאָס קען זיי אַזוי העלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס, וואָרעם אָט איז נאַפּאָלעאָן געווען אַ גרעסערער קנאַקער ווי בנימין, מיט מער געלט און כּבוד, און איז אויך געשטאָרבן אויף אַן איינזאַמען אינדזל. און וואָס עס איז גוט פאַר נאַפּאָלעאָנען, דאַרף זײַן גוט אויך פאַר בנימינען. יעדע זאַך מוז שטאַרבן. פלייש פוילט, אַ בוים ווערט פאַרטשאַכנעט, וואַסער ווערט פאַרטריקנט און פײַער פאַרצערט. אַ מענטש איז אויך אַ זאַך, אמת, אַ לעבעדיקע זאַך, אָבער פריִער אָדער שפּעטער מוז ער צעפאַלן אויף פּיץ־פּיצלעך, און פון די פּיצלעך נעמען דערנאָך וואַקסן נײַע זאַכן. און אַזוי איז דער סדר פון דער וועלט. אַפילו נאַפּאָלעאָן, וואָס איז אפשר געווען די גרעסטע זאַך, די מסוכּנדיקסטע זאַך, וואָס האָט אומגעבראַכט מיליאָנען אַנדערע לעבעדיקע זאַכן, האָט אויך געמוזט שטאַרבן.

מיט פאַרמאַכטע אויגן, דעם שווערן קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען איבער דער ברייטער ברוסט, האָט דער חולה זיך צוגעהערט צו דער שטילער סאַמעטענער שטים, וואָס האָט געצויגן אַ פּאַראַלעל צווישן דעם סוף פון דעם גרויסן אימפּעראַטאָר און דעם אומפּאַרמײַדלעכן סוף פון דעם קראַנקן קירזשנער. אויף דעם געשוואָלענעם פּנים פון דעם חולה האָט זיך אויסגעקנייטשט אַ צופרידענער שמייכל, ווי ער וואָלט מיט רעזיגנאַציע אָנגענומען די דאָזיקע איינציקע טרייסט: צו שטאַרבן ווי אַ צווייטער נאַפּאָלעאָן.

אַ נאַקעטער האָט ער זיך אויסגעצויגן אין בעט און, פלעכטנדיק די ציטערדיקע האָר אויף זײַן ברוסט, האָט ער אַראָפּגעקוקט אויף זײַן גרויסן קערפּער, ווי ער וואָלט אים צום ערשטן מאָל געזען, און זיך געוווּנדערט אויף די שווערע שטיקער פלייש, וואָס זײַנען איצט געהאָנגען אויף אים און אים אומברחמנותדיק געדריקט. וואָלט ער געווען קלענער, דאַרער, וואָלט אים איצט זיכער גרינגער געווען; גרינגער צו שטאַרבן, וואָרעם וואָס מער גוף, אַלץ מער ווייטיק, וואָס מער גוף, אַלץ מער זאַך, און וואָס מער זאַך — אַלץ מער טויט. וואָלט ער געווען אַ וואָרעם, וואָלט ער דאָך זיכער אַזוי ניט געהוסט און וואָלט ניט באַדאַרפט אַזויפיל לופט אָנצופילן אַזאַ גרויסן רעזערוואַר ווי זײַן ברוסטקאַסטן. יאָ, ער פלעגט צומאָל זיך אַפילו מתקנא זײַן אויף אַ וואָרעם, ווײַל צי קען דען אַ וואָרעם געשטראָפט ווערן מיט אַזאַ שוידערל׳עכער קרענק ווי אַסטמע? און ועל־כּולם, וואָס איז דער יחוס מיטן מענטש? וואָס, למשל, ווייסט אַ מענטש מער וועגן דעם סוד פון טויט, ווי אַ וואָרעם?

אין דער זעלביקער צײַט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז גראָד ער האָט מיט יאָרן צוריק געהאַט אַ וווּנדערלעכע געלעגנהייט, וואָס טרעפט זיך אפשר איין מאָל אין טויזנט יאָר, זיך צו דערוויסן וועגן אָט דעם גרעסטן סוד פון

אַלע סודות — דעם סוד פון טויט.

דאָס האָט פּאַסירט ווען ער איז נאָך געווען אַ סאָלדאַט אין טיף ראַסיי. אין זײַן פּאָלק האָט ער זיך באַפרײַנדט מיט אַ יונגן מאַן, אַ ישיבה־בחור, וואָס פון צער און ווייטיק וואָס מען האָט אים אָפּגעשניטן די פּאות און געצוווּנגען צו עסן טרייף, האָט ער געקראָגן די סוכאָטע און נאָך אַ קורצער צײַט אויסגעשפּיגן די נשמה. בנימין האָט זיך געפילט שולדיק, ווײַל דאָס האָט ער אים מיט אַ גרויסער שער אָפּגעשניטן די פּאות, וואָס דער פאַנאַטישער בחור פלעגט זיך באַמיִען צו פאַרשטופּן הינטער די אויערן.

איינמאָל, ווען ער האָט געזען ווי דער בחור דרייט זיך אין קראַמפּן פון הונגער און וויל זיך ניט צורירן צו דער שיסל געקעכטס, האָט בנימין, ניט אַזוי פון בייזוויליקייט ווי פון שפּאַס, זיך אונטערגעגנבעט פון הינטן אַרום און דעם בחור אַ שמיר געטאָן מיט אַ שטיק פעטן חזיר איבער די ליפּן. דער בחור האָט טאַקע מיט גרויס זשעדנעקייט אָפּגעלעקט די ליפּן, אָבער אַ ביסל שפּעטער האָט ער אויסגעבראָכן גרינע גאַל. די גאַנצע קאַזאַרמע סאָלדאַטן האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער, און בנימין צוזאַמען מיט זיי. אָבער אַז דער בחור איז נאָך אַ קורצער צײַט געשטאָרבן, האָט עס אים מוֹראדיק פאַרדראָסן.

עטלעכע וואָכן שפּעטער איז בנימין אין אַ קאַלטער רעגנדיקער נאַכט געשטאַנען מיט דער ביקס אויפן אַקסל און געהאַלטן וואַך נעבן דער קאַזאַרמע. פלוצעם האָט ער דערפילט ווי עמעצער גיט אים פון הינטן אַרום אַ צי בײַ דער וואָנצע, און ווען ער האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער דערזען דעם ישיבה־בחור אין תּכריכים.

— וואָס מאַכסטו, בנימטשיק? — האָט דער טויטער געשמייכלט, אָבער אַנשטאָט אים צו ענטפערן, האָט דער נאַרישער צעשראָקענער סאָלדאַט גענומען שרײַען, דער טויטער זאָל זיך אָפּטראָגן, וואָרעם אַז ניט, וועט ער אים שיסן!

דער ישיבה־בחור איז ניט אָפּגעטראָטן און בנימין האָט אויסגעשאָסן.

וואָס מיטן טויטן איז געוואָרן, האָט ער ניט געוווּסט, ווײַל גלײַך מיטן שאָס האָט ער אַליין געחלשט, און ווען ער איז געקומען צו זיך, איז ער שוין געווען אַרומגערינגלט מיט אַ כאָפּטע זעלנער, וואָס האָבן אים געמינטערט און געקײַכט פון געלעכטער און חוזק געמאַכט, וואָס אַזאַ גרויסער געזונטער בײַבאַק שרעקט זיך פאַר אַ טויטן. דער פעלדפעבל האָט אים געמאַכט אַ שטרענגען אויסרייד פאַרן אויסברעכגען אַ קויל צו פאַרטרײַבן גײַסטער, און אים דערפאַר אַרײַנגעזעצט אין קאַרצער אויף ברויט מיט וואַסער, אויף גאַנצע פיר־און־צוואַנציק שעה.

דאָרטן, אויף דער שטיינערנער פּאַדלאָגע פון דעם קאַרצער, האָט ער זיך פון דער גאַנצער מעשה אָפּגעטרייסלט און תּיכּף פאַרגעסן. אָבער איצט, אין

דעם פּוכענעם בעט, האָט ער זיך מיט אַ מאָדנער קלאָרקייט איינגעשטשעמעט אין זיין געדאַנק און אויפגערודערט אין אים אַ שרעקלעכן פּאַרדרוס, למאי ער האָט דעם איידעלן ישיבה־בּחור אַזוי נאַריש און לייכטזיניק פּאַטריבן און דערמיט אַדורכגעלאָזט אַ געלעגנהייט צו הערן עפּעס וועגן טויט און וועגן יענער־וועלט, וואָס איז אַוודאי פּאַראַנען, ווייל פון וואַנען אַנדערש האָט דער געשטאָרבענער געקענט קומען? ער האָט איצט נישט געקאָנט געפינען קיין שום פאַרענטפערונג פאַר זיין נאַרישן אויפפירן זיך מיט זיין פרומען חבר.

אמת, ער האָט געשאָסן אין אַ טויטן, אָבער ס׳שטעלט זיך די שאלה, פאַרוואָס איז דער טויטער מער ניט געקומען און זיך מער ניט באַוויזן? דער ענטפער קען נאָר זיין, אַז ער האָט אים טאַקע דערהרגעט, דאָס מיינט, אַז ווען דער בּחור איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, איז ער נאָך געווען, צי ווי אַ גייסט, צי ווי אַ מענטש, עפּעס אַזוינס, וואָס קען אָנגערופן ווערן לעבעדיק. ערשט נאָך דעם ווי ער האָט אים געשאָסן, איז ער נעלם געוואָרן, אויסגעקאָרענייעט געוואָרן פון דער־וועלט און פון יענער־וועלט.

די דאָזיקע משונהדיקע ספּעקולאַציע האָט זיך צעגאָסן איבער זיין קראַנקן גוף מיט אַ זודיקן געפיל פון שולד און טיפער זינד. אין דער זעלביקער צייט האָט אַ מין ציטערדיקע פרייד אַ ווירבל געטאָן אונטער זיין האַרץ. ער איז אויפגעשפּרונגען פון בעט, אַריינגעלאָפן אין מיין שלאָפצימער, מיך אויפגעוועקט און מיר געהייסן גיך פלייען און ברענגען באַרוועס זון.

ווען דער פאַרשלאָפענער יונגערמאַן האָט זיך באַוויזן אין טיר, האָט אים בנימין אַרומגענומען, און אַנשטאָט אים אַריינצופירן אין צימער, האָט ער אים געפרעגט אויפן שוועל:

— איר האָט מיר מיט אַ פּאָר טעג צוריק איבערגעגעבן די געשיכטע פון נאַפּאָלעאָן, אָבער איר האָט מיר גאָרנישט ניט געזאָגט וואָס אַזוינס דערציילט די געשיכטע וועגן אים נאָכדעם ווי ער איז געשטאָרבן.

באַרוועס זון האָט אַ צעטומלטער און צעשראָקענער גענומען רייבן די אויגן און מיט אַ סקריפּעדיקן טאָן, ווי דער גאַנצער סאַמעט און זיסקייט פון זיין שטים וואָלט פאַרשווונדן געוואָרן, געזאָגט:

— גאָרניט... די היסטאָריע פון נאַפּאָלעאָן הערט אויף מיט דער רגע ווען ער איז געשטאָרבן. וואָס האָט די געשיכטע צו טאָן מיט אַ טויטן? די געשיכטע ווייס נאָר צו דערציילן וועגן לעבעדיקע זאַכן, וועגן טויטע האָט די געשיכטע קיין שום אינטערעס ניט.

— אָבער ווייסט איר דען ניט, אַז איך בין שוין מער ווי אַ האַלב טויטער, און פאַר מיר איז די געשיכטע פון טויטן נאַפּאָלעאָן מער וויכטיק ווי פון אַ לעבעדיקן?

— וועגן דעם טויטן נאַפּאָלעאָן ווייס איך גאָרניט! — האָט דער אָרעמער

בחור אין פאַרלוירנקייט אַרויסגעבאָמבלט.

— נו, אויב אַזוי, אָט האָט איר פּאַר אײַער טרחה דעם לעצטן רובל און איר זאָלט מער אַהער ניט קומען! — ער האָט אַרײַנגעלייגט דאָס פּאַפּירל אין די הענט פון דעם איבערגעראַשטן און צעזשופּעטן היסטאָריקער, אים אַרויסגעשטופּט, און מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ פאַרמאַכט די טיר הינטער אים.

דערמיט האָט דער חולה פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך געזעגנט מיט דער לעבעדיקער וועלט. איצט האָט ער שוין געוווּסט, אַז עס איז ניט געבליבן קיינער וואָס קען אים העלפן בײַם לעבן, אָדער עפּעס דערציילן וועגן טויט. איצט איז ער געבליבן אינגאַנצן אָפּגעזונדערט, אָפּגעריסן, הענגען ערגעץ אין אַ פולשטענדיקער פוסטקייט צווישן לעבן און טויט.

פאַרטריבן די לעבעדיקע, דערמאָנט די געשטאָרבענע — האָט ער אַצינד אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גרויסע פוסטע צימערן אין אַ פינצטערניש, טיפער ווי די נאַכט. און אַזוי בלאָנדזשענדיק פון צימער צו צימער, האָט ער זיך אַרײַנגעדרייט אין אַ זײַטיקער קאַמער, וווּ קיינער פלעגט ניט אַרײַנגיין. דאָרטן זײַנען געשטאָרבן דער ווידע משהלע און די באָבע ליבע נומער איינס.

זייערע בעטן זײַנען נאָך געשטאַנען אויפן זעלביקן אָרט, אויך די סידורים, מחזורים, תּהילימלעך, גמראות, אויסגעריבענע און דורכגעפּרעסענע פון שמעקטאַבעק, דער טלית־און־תּפילין, ליבעס שבת־לײַכטער, דער טײַטש־חומש און די תּחינות, פאַרפלעקטע פון טרערן — ניט גערירט געוואָרן פון זייער אָרט. אַפילו די פענצטער זײַנען נאָך געווען פאַרהאָנגען, ווי אין דעם טאָג פון זייער טויט. עס האָט אויסגעזען ווי די צוויי אַלטיטשקע זענען אַרויסגעפאָרן אויף אַ וואַקאַציע און איבערגעלאָזט דעם טויט ליגן אויף זייערע בעטן און וואַרטן אויף זיי.

אויף איין רגע האָט בנימין געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט אַ לעבעדיקער אַרײַנגעטראָטן מיט איין פוס אין דער שטילער טונקלקייט און סאַמעטענער ווייכקייט פון טויט. אַ ווײַלע איז ער אַזוי געשטאַנען מיטן אויסגעשטרעקטן פוס און מורא געהאַט צו מאַכן אַ טראָט צוריק אָדער פאָרויס, ער זאָל ניט צערודערן די שלווהדיקע און סודותדיקע רו, ניט אײַנרײַסן דאָס צאַרטע שאָטנדיקע געוועב, וואָס האָט אײַנגעהילט דעם צימער.

מיט אַלע כּוחות האָט ער זיך באַמיט ניט צו הוסטן, צו דערדריקן די סקריפּענדיקע כאָרכלערײַ אין זײַן מידן צעריסענעם האַלדז, כּדי ער זאָל דערמיט ניט צעבלאָזן דעם לאַשטשענדיקן און פאַרשלעפערנדיקן ריח פון די ספרים.

אַ היפּשע ווײַלע איז ער אומבאַוועגלעך געשטאַנען אויפן שוועל און דערנאָך, מיט דער גרעסטער באַוואָרעניש זיך צוגעשאַרט צום ראַנד פון משהלעס בעט און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ וואַרטנדיקער פּאָזע, ווי ער וואָלט כּמעט זיכער געווען, אַז אָט באַלד קומען די צוויי אַלטע אַרויס פון

דער פאַרנעפּלטער טונקלקייט און פרעגן אים: וואָס מאַכסטו, בנימטשיק? אָבער איצט איז ער שוין געווען אַן אָנגעלערנטער. ער וועט שוין ניט זײַן אַזאַ נאַר ווי אַמאָל. ער וועט ניט שיסן און זיי פאַרטרײַבן. איצט וועט ער בלײַבן רויִק זיצן, הערן און ענטפערן, און אויב נייטיק — אַפילו זיי נאָכגיין, וואָרעם אויב עס איז שוין באַשערט צו גיין אין טויט אַרײַן, וואָס קען זײַן אַ בעסערע קאָמפּאַניע, ווי די דאָזיקע צוויי שטילע און איידעלע מענטשן?

ווי איז דאָס מעגלעך געווען, פאַרוואָס איז עס אים גאָרניט אײַנגעפאַלן דורך דער גאַנצער צײַט פון זײַן לאַנגער, ווייטיקדיקער גסיסה, אַז גלײַך דאָ, נעבן זײַן צימער, געפינט זיך אַ טיר צו אַ וועלט, וועגן וועלכער די געשיכטע האָט גאָרנישט ניט צו דערציילן, און וועגן וועלכער מ׳קען זיך דערוויסן נאָר דורך אַ באַגעגעניש מיט די וואָס ווײַנען דאָרטן?

ווי איז דאָס מעגלעך געווען, ער זאָל אַזויפיל טראַכטן וועגן דעם ווײַטן, אַמאָליקן ישיבה־בחור, און זיך קיינמאָל ניט דערמאָנען אין די צוויי נאָענטע אייגענע ליבע מענטשן פון איבער דער וואַנט? אפשר דערפאַר, וואָס בײַם לעבן זײַנען זיי בלויז געווען אָרעמע, קראַנקע שוער־און־שוויגער, און ווער האָט עס ליב אַ שוויגער, אַפילו אַ געזונטע, און וואָס פאַר אַן אינטערעס האָט פאַר אים געקענט האָבן אַ שוער, וואָס איז שטענדיק געווען מיט זײַנע געדאַנקען אויף יענער־וועלט? אפשר דערפאַר האָט ער זיי אַזוי ווינציק געקענט, און דעריבער האָט ער זיי אַזוי גיך פאַרגעסן?

פונקט ווי ער האָט זיך פריִער, אין זײַן פאַרדרוס, געשאָלטן למאי ער האָט דערהרגעט דעם טויטן ישיבה־בחור, אַזוי האָט ער זיך איצט גענומען זידלען פאַרוואָס ער האָט אַזוי גלײַכגילטיק אומגעבראַכט דעם אָנדענק פון די צוויי גוטע, נאָענטע נשמות.

אַ מענטש שטאַרבט צוויי מאָל. איין מאָל ווען ער גייט אַוועק פון די לעבעדיקע, און אַ צווייט מאָל ווען די לעבעדיקע פאַרגעסן אָן אים. אויב אַלץ וואָס איז פאַרבליבן פון נאַפּאָלעאָנען, איז די געשיכטע וועגן אים, הייסט עס, אַז כּדי ער זאָל אינגאַנצן נעלם ווערן, דאַרף מען בלויז פאַרגעסן זײַן געשיכטע. פאַרגעסן די געשיכטע פון די צוויי נאָענטע מענטשן — מיינט זיי אינגאַנצן אויסקאָרענייען, אַפילו די פּיץ־פּיצלעך אויף וועלכע זיי זײַנען זיך צעפאַלן.

מיט דעם פרישן פאַרברעכן אויף זײַן געוויסן, האָט ער זיך אויסגעצויגן אין משהלעס בעט און מיט אַלע זײַנע פאַרבליבענע כּוחות האָט ער באַשלאָסן, אַז אויב ער קען שוין גאָרנישט ניט טאָן פאַרן ישיבה־בחור, קען ער אָבער נאָך אָפּראַטעווען זײַנע צוויי לעצטע קרבנות און דערמיט זיך ריינוואַשן פון אַ שולד, וואָס האָט זיך אים איצט אַוועקגעלייגט ווי אַ פרישער שטיין אויף זײַנע קראַנקע לונגען.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיך אײַנגעוויקלט מיט דער וואַרעמער,

גלעטנדיקער פינצטערניש און באַלד זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער טיף פון זייַן זכרון און דאָרט געגומען צוזאַמענקלייבן שטיקלעך און ברעקלעך דערמאָנונגען, כּדי צוריק צוזאַמענשטעלן די באָבע ליבע נומער איינס און איר מאַן משהלע, וועלכע האָבן אַזוי אָרעם געלעבט און זייַנען אַזוי שיין געשטאָרבן.

ער איז געלעגן אין בעט מיט אַ ברייטן שמייכל, ווי אַ קינד וואָס כאַפּט זיך אויף פון אַ ציטערדיקן שלאָף און דערזעט איבער זיך די ברוסט פון דער מאַמען, וועלכע שטייט אַריבערגעבויגן איבער זייַן וויג מיט צעשפּרייטע הענט ווי אָדלער־פליגלען. פּלוצעם האָט ער צום ערשטן מאָל נאָך אַ לאַנגער צייַט טיף און לייַכט אַ צי געטאָן דעם אָטעם און שטראָמען פרישע לופט האָבן גענומען זיך שטופּן אַרייַן און אַרויס פון זייַן ציטערדיקן גוף. ער האָט זיך דערשראָקן און האָט אָנגעהויבן וויינען.

וויאַזוי האָט עס פּאַסירט? וואָס האָט ער אַזוינס געטאָן? איז ער אַליין אַרייַנגעקראָכן אין זיך און מיט זייַנע אייגענע הענט פונאַנדערגעריסן די פאַרקלעמטע טירלעך פון זייַנע לונגען און אַרייַנגעלאָזט גאַנצע שטראָמען פרישע, זיסע לופט? ווי איז דאָס מעגלעך? דאָס איז געווען און געבליבן אַ סוד פאַר אַלעמען, און מער פאַר אים אַליין. דאָס איז געווען איינער פון יענע וווּנדער, איבער וועלכע אַ סך שרייַבער האָבן שוין זייער פּען און קאָפּ געבראָכן עס צו באַנעמען.

פון יענעם נאָכמיטאָג, ווען ער האָט זיך אַרייַנגעלייגט אין משהלעס בעט, האָט בנימין פּלוצעם אויפגעהערט צו הוסטן. ער האָט אָנגעהויבן צו אָטעמען, צו לעבן. עטלעכע טעג שפּעטער האָט מייַן מאַמע מיט אַ שטילן ווונק מיך צוגערופן און מיט אַ ציטערדיק קול מיך געפרעגט:

— הערסט עפּעס?

— ניין — האָב איך אַ פאַרוווּנדערטער געענטפערט.

— וואָס קען דאָס זייַן? וואָס באַדייַט אָט די מאָדנע שטילקייט?

האַלטנדיק זיך בייַ די הענט, האָבן מיר זיך אַרייַנגעשלייַכט אויף די שפּיץ־פינגער אין טאַטנס צימער, אָבער ער איז דאָרט ניט געווען. אויך אין צווייטן און אין דריטן צימער איז קיינער ניט געווען.

ווו איז ער? צי איז ער ניט אַ פאַרייִאושטער אַרויסגעשפּרונגען פון דעם פונאַנדערגעעפנטן פענצטער? שרה איז שוין גרייט געווען זיך צו צעשרייַען, ווען איך האָב זי פאַרהאַלטן. איך האָב דערהערט עפּעס אַ שאָרך פון אַ זייַטיקער טיר, ווו מיר האָבן אַפילו ניט געטראַכט אַרייַנצוגיין.

גאָר פאַמעלעך האָב איך געעפנט אַ שפּעלטעלע אין דער טיר און אַרייַנגעקוקט. אין דער טונקלקייט, אין אַ ווינקל, איז געשטאַנען אַ גרויסע פיגור, אייַנגעוויקלט אין משהלעס אַלטן טלית־און־תּפילין און זיך שטיל געשאָקלט...

## ר״ז

דורכן פענצטער פון דריטן שטאָק האָט דער מאַרקפּלאַץ אויסגעזען רוּיִקער, און די מענטשן — עלטער און פאַרשלאָפענער.

ביַים גרינעם מיסטקאַסטן זיַינען געווען פאַרזאַמלט סטיַיעס שוואַרצע ראָבן, און אַזוי ווי איך האָב זיך באַוויזן אין פענצטער, האָבן זיי זיך מיט אַ צעשראָקענעם אימפּעט אַ הייב געטאָן און מיט אַ ווילדער קראַקעריַי זיך צעשאָטן איבער די דעכער.

די דאָזיקע שוואַרצע פייגל האָבן קיינמאָל קיין מזל ניט געבראַכט אויפן מאַרק, און מיט זייער קראַקעריַי האָבן זיי נאָר אָנגעזאָגט שלעכטע בשורות. איך פלעג זיי מיט אַ שטעקן טריַיבן און פאַריאָגן, אָבער איצט האָב איך געקוקט אויף זיי ווי אַ געפאַנגענער הינטער קראַטעס, און כ׳וואָלט געווען צופרידן צו זיַין איינער פון אָט די מיאוסע און פריַיע פייגל.

די לערנביכער און העפטן, אויך די היפּשע ביבליאָטעק, וואָס איך האָב געהאַט אָנגעזאַמלט ווען איך האָב מיַין אייגענעם צימער געהאַט אין דער גרויסער דירה אויפן בולוואַר דער הייליקער געאָרגי, האָב איך איצט פאַרשטעקט, טייל אונטער דער סאָפע, טייל הינטער די קיך־פּאָליצעס. איך האָב עס מער ניט באַדאַרפט. דיומאַ, פענימאָר קופּער, עדגאַר עלען פּאָ, זשול ווערן — דאָס אַלץ איז גוט פאַר אַ גימנאַזיסט, אָבער פאַר אַ קירזשנער — אין דר׳ערד אַריַין! ווער דאַרף עס?

פון בלויזער געוווינהייט צו לייענען פלעג איך נאָך אַמאָל אַריַינקוקן אין די פינף־גראָשנדיקע בראָשורקעס פון דער סעריע ״דער באַזיגער פון טויט״, וואָס מ׳האָט פאַרקויפט אין די קיאָסקן, און ווּ, אין וואָכנדיקע המשכים, זיַינען געווען געדרוקט די אויסערגעוויינטלעכע אַוואַנטורעס פון דעם פראַנצויזישן דאָקטער שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ. אָט דער מיסטעריעזער פּאַרשוין, וועלכער פלעגט זיך אָננעמען פאַר באַליידיקטע, העלפן אָרעמע, ראַטעווען קראַנקע, און איז דעריבער באַצייכנט געוואָרן ווי ״דער באַזיגער פון טויט״, איז פיר מאָל פאַרמישפּט געוואָרן צו אייביקער תּפיסה און זעקס מאָל צום טויט, ווי אַ שווינדלער און כּישופמאַכער.

כאָטש די איַינפאַלן, דורך וועלכע דער דאָזיקער דאָקטער פלעגט זיך ראַטעווען, איין וואָך פון דער תּליה אין גריכנלאַנד, אַ צווייטע וואָך פון דער גיליאָטינע אין פראַנקריַיך, און אַ דריטע — פון די וויַיסע בערן אויפן נאָרד־פּאָל, זיַינען געווען צו פאַנטאַסטיש אַפילו פאַר אַ ייִנגל, וואָס

האָט זיך טײַלמאָל געזען ווי אַ שוואַרצן ראָב פֿליִען איבער די דעכער. דאָך האָט עס ערגעצווו אָנגעשלאָגן אַ נאָענטע און באַקאַנטע נאָטע אין מײַן שטימונג און אַרויסגערופֿן אין מיר אַ טיפֿע סימפּאַטיע צו דעם גערודפֿטן דאָקטער.

אַחוץ דעם האָב איך געוווסט, אַז "דער באַזיגער פֿון טויט" איז בכלל מײַן לעצט בוך, וואָרעם באַלד נאָך די יום־טובֿים, אויף צומאָרגנס נאָך יום־כּיפּור, ווען דער פּוטער־סעזאָן הייבט זיך אָן, וועל איך אַרײַן צו ראובֿן בוכאַלסקי און ווערן אַ קירזשנער מיט אַלע קירזשנערס גלײַך. דער יום־כּיפּור וועט זײַן דער לעצטער טאָג, דער סוף פֿון מײַן אייגענער סעריע אַוואַנטורעס.

איך האָב געוווסט, אַז אין דעם דאָזיקן פֿאָרכטיקן טאָג שפּאַלט זיך דער הימל און די מענטשן פֿון דער מאַרקאַס שטעלן זיך צום מישפּט פֿאַר זייערע מעשים פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָר און באַקומען דעם פּסק־דין אויפֿן קומענדיקן יאָר. אין אָט דעם טאָג, האָב איך געוווסט, וועט דער טאַטע מיך מיטנעמען איך זאָל, ווי אַ גוטער מאַרק־מענטש, זיך שטעלן פֿאַרן בורא־עולם און בעטן מחילה פֿאַר די אָפּגעטאָנענע עוולות פֿון דעם גימנאַזיסט און אויך אויסבעטן אַ ביסל גוטס פֿאַר דעם קירזשנער. איך האָב עס פֿריִער קיינמאָל ניט געטאָן, אָבער איצט איז עפּעס אַנדערש. איצט האָב איך שוין געוווסט, אַז אַ גימנאַזיסט, אַ ליליפּוט, אַ לאַמפּעדוסער, זיי קענען לעבן אָן גאָט, אָבער אַ קירזשנער מוז האָבן אַ גאָט.

און אַזוי טאַקע איז עס געווען.

ערבֿ יום־כּיפּור איז דער טאַטע צו צום פֿענצטער, האָט אַרויפֿגעלייגט אַ לײַכטע האַנט אויף מײַן פּלייצע און געזאָגט:

— גיי און עס זיך גוט אָן, ווײַל מאָרגן וועסטו דאַרפֿן פֿאַסטן...

נאָכן עסן זײַנען מיר ביידע אַרויס פֿון הויז, זיך באַלד אַרײַנגעדרייט און אַרויסגעדרייט פֿון דעם טאָטער־געסל אין דער גלעזער־גאַס און פֿון דאָרטן זיך פֿאַרקערעוועט צו ייִדישע־גאַס. בעת דעם גאַנצן שפּאַציר האָט זיך דער טאַטע בלויז איין מאָל אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער האַנט אין מויער, פֿאַרהויבן דעם קאָפּ, און אָן אַ באַזונדערן אָנשטרענג, אָן דעם מינדסטן גערויש עטלעכע מאָל אַרײַנגעאָטעמט אין זיך אַ היפּשע דאָזע קילע פֿאַרנאַכטיקע לופֿט און זי דערנאָך פּאַמעלעך, מיט גרויס פֿאַרגעניגן און אָפּענעם שטאָלץ אַרויסגעבלאָזן אויף צוריק.

איך בין אים נאָכגעגאַנגען און באַוווּנדערט זײַן פֿײַן־געפֿאָרעמטע פּלייצע, וואָס איז ערשט ניט לאַנג צוריק געווען אויסגעבויגן און האָט זיך איצט צוריק אויסגעגלײַכט ווי אַ פֿאַרשטאָכענער בלומשטאָק, וועלכן מען באַגיסט מיט פֿריש וואַסער.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אויף ייִדישע־גאַס, האָט זיך שוין איבער די גרויע אָפּגעשיילטע מויערן פֿאַרצויגן די בלויקייט פֿון פֿאַרנאַכט. אויף די לאַוועס בײַ

די ווענט זײַנען געזעסן אײַנגעקאָרטשעטע בעטלערס מיט פאַרשטויבטע בערד און אַש־גרויע פּנימער. זיי האָבן אויסגעזען ווי גרודעס ציגל, אָפּגעפּאַלענע פון די ווענט. מיט אויסגעשטרעקטע הענט און רחמנותדיקע אויגן האָבן זיי, פאַר בלויז איין געשענקטן גראָשן, צוגעזאָגט די פאַרבײַגייערס צום נײַעם יאָר הצלחה, ברכה, געזונט און פּרנסה, מזל און נאָך עטלעכע גליקן.

די שמוציק־גרויע, מיט מאָך באַוואַקסענע האַלב־רונדע באַלקנס, אַריבערגעוואָרפענע פון איין זײַט גאַס צו דער צווייטער (אַן איבערבלײַב פון דעם מיטלאַלטערלעכן געטאָ), האָבן אַפילו אין אַ העלן זומער־טאָג ניט צוגעלאָזט קיין סך ליכט. אַחוץ דעם האָט מיר דער טאַטע דערקלערט, אַז דאָ דאַרף מען זײַן געוואָרנט בײַם גיין, ווײַל די גליטשיקע צעפּוילטע ברעטלעך פון די טראָטואַרן זײַנען געשפּרונגען און זיי פאַרשפּײַען מיט בלאָטע יעדן איינעם, וואָס דערוועגט זיך אויף זיי צו טרעטן. מיר זײַנען אַריבער די גאַס און זיך אָפּגעשטעלט בײַ די אײַזערנע טויערן פון שולהויף.

אָט דער לעבעדיקער מאָנומענט איז באַשטאַנען פון אַלטע אײַנגעבויגענע שטיבלעך מיט קרומע דעכלעך און פענצטערע, געדרייטע טרעפּלעך, וווּ עס האָבן זיך אײַנגענורעט צענדליקער תּלמוד־תּורות, חברה־תּורה, לומדי־תּורה, שולן, בתּי־מדרשים, קלויזן, קלײַזלעך, כּתּות און ישיבות. דאָ זײַנען געווען אָנגעוואָרפן איינע איבער דער אַנדערער מער ווי הונדערט קלויזן. יעדעס פאַך, יעדע בראַנזשע, האָט איר קלויז געהאַט. די קלויז פון די בלעכערס און פון די גלעזערס, פון די אײַנבינדערס און פון די דרוקערס, פון די בעלי־עגלות, האָלץ־זעגערס, היטל־קירזשנערס, פוטער־קירזשנערס, שוואַרצע בעקערס, ווײַסע בעקערס, וואַסער־טרעגערס, מאַליאַרעס, קוימען־קערערס, שוסטערס, שמוקלערס, שטעפּערס, באָנדאַרעס, גאַרבערס, קבֿרנים, כּלי־זמרס.

יעדע קלויז מיט איר אויסגעקריצטן טאָוול אויף דער וואַנט און מיט איר אַלטן פּינקס פון די געוועזענע מנדבֿים, גבאים, רבנים, רבּיס, לערנערס, צדיקים און גלאַט גוטע־ייִדן, מיט דאַטעס אַזוי ווײַט ווי דער פופצנטער יאָרהונדערט. יעדע קלויז — אויפן נאָמען פון אַן אַנדערער באַרימטקייט, ווי למשל די קלויז פון ר׳ ישעיהלע סגי־נהור, דער בלינד־געבוירענער, וועלכער האָט געקענט גאַנץ ש״ס אויף אויסנווייניק. אויפן אַלטן פאַרזשאַווערטן טאָוול אויף דער וואַנט אין קלויז האָט מען נאָך געקענט איבערלייענען די ברכה, וואָס דער הייליקער בלינדער האָט געגעבן דעם ענגלישן לאָרד משה מאָנטעפיאָרע ווען ער איז געקומען צו גאַסט.

די קלויז פון ר׳ ישעיהלע איז געווען אונטערגעשפּאַרט מיט אַ נאָך טשיקאַווערער קלויז, אויפן נאָמען פון דער הייליקער ייִדענע דבורה־אסתּר. בײַם אַרײַנגאַנג איז אויף אַ טאָוול געווען אײַנגעקריצט די געשיכטע פון אָט דער מערקווערדיקער פרוי, וואָס פלעגט אַרומגיין מיט קאָשיקלעך געבעקס

פון הויז צו הויז, און נאָך דעם ווי זי פלעגט פאַרקויפן אַ בייגל, פלעגט זי בעטן אַן עקסטראַ האַלבן גראָשן אַ נדבה. און פון די האַלבע גראָשנס האָט זי געמאַכט אַ קאַפּיטאַל פון כּמעט דרייַ טויזנט רובל. דעם קאַפּיטאַל האָט זי אין איינעם פון די קאָשיקעס געטראָגן, און פאַרנאַכט, ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט איר מיסחר, האָט זי זיך געזעצט בייַם ראָג פון ייִדישע־גאַס, ווו די אָרעמע ווייַבער פלעגן אַרומבלאָנקען מיט די קאָשיקלעך הייסע באָב און אַרבעס. זיי פלעגן זיך פאַרזאַמלען אַרום איר, דערציילן זייערע צרות, פרעגן עצות און דערבייַ קריגן אַ גמילות חסד פון אַ רובל ביז דרייַ, אָן פּראָצענט, אָן אַ וועקסל, בלויז מיט אַ צוזאָג: אַז גאָט וועט העלפן, וועל איך עס צוריקגעבן.

קעגנאיבער דער קלויז פון דער ייִדענע איז געווען אַ שולכל, ווו איין ווינקל האָט מען גערופן: דער ווינקל פון שוויַיגער. אָט דער שווייַגער, האָט מיר דער טאַטע דערציילט, איז אַמאָל געווען אַ רייַכער מאַן מיט אַ מאָדנעם מויל: וואָס עס איז אַראָפּ פון זייַנע ליפּן, איז מקויים געוואָרן. מיט אַזאַ מויל איז ער, פאַרשטייט זיך, גרינג רייַך געוואָרן. אָבער דאָס זעלביקע מויל האָט אים אויך אומגעבראַכט. ווען ער איז אויפגעריכט געוואָרן, האָט ער פון ווילטאָג זיך גענומען קריגן מיטן ווייַב און דערבייַ אויסגעשריִען: אַז אַ פייַער זאָל איר אָנצינדן! ס'האָט לאַנג ניט געדויערט, איז אויסגעבראָכן אַ פייַער און זייַן ווייַב איז טאַקע פאַרברענט געוואָרן אינאיינעם מיט זייַן גאַנץ האָב־און־גוטס.

רבנים האָבן געפּסקנט, אַז אַ מענטש מיט אַזאַ מויל איז ניט בלויז אַן אומגליק פאַר זיך אַליין, נאָר אויך אַ סכּנה פאַר דער וועלט. דעריבער מוז ער אַנטשוויגן ווערן אויף אייביק. דער מאַן האָט דעם פּסק אָנגענומען און זיך אַוועקגעזעצט אין ווינקל פון דעם שולכל, געלעבט פון ביסל געקעכטס און סקאָרינקעס ברויט, וואָס גוטע מענטשן האָבן אים צוגעבראַכט, און גאַנצע פערציק יאָר ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט.

בלאָנקענדיק צווישן די צען־מאָל־צענדליקער קלויזן און שולן, זייַנען מיר פאַרבייַ די גרויסע שול, וועלכע איז געווען געבויט אין אַ קעלער, אויסצומייַדן דעם באַפעל, אַז אַ שול זאָל ניט אַריבערשטייַגן אין דער הייך קיין איין קלויסטער אין שטאָט. לויט ווי באַרוועס זון האָט אַמאָל דערציילט מייַן טאַטן, האָט נאַפּאָלעאָן אויף זייַן וועג קיין מאָסקווע זיך אָפּגעשטעלט אין דער דאָזיקער שול. אָט דער משונהדיקער אימפּעראַטאָר — האָט באַרוועס זון געזאָגט — וועלכער האָט ניט איבעריק ליב געהאַט די מענטשהייט, האָט דווקא אַרויסגעוויזן טאָלעראַנץ פאַר די ייִדן אין ווילנע. ניט בלויז וואָס ער אַליין האָט זיי ניט געפּייַניקט, נאָר ער האָט אויך פאַרווערט אַנדערע זיי צו טשעפּען. און כאָטש ער האָט געוווסט אַז די רבנים האָבן פאַרזיכערט די רוסישע קאָמאַנדירן, געשווירן בייַ טלית־און־תּפֿילין, אַז די רוסן וועלן

נאַפּאָלעאָנען אָנרײַבן אַ מאָרדע, האָט ער, נאָך דעם ווי די שבועה איז מקויים געוואָרן און ער איז צוריקגעלאָפן פון מאָסקווע, זיך ווידער אָפּגעשטעלט אין דער גרויסער שול, און אַ הונגעריקער און אַ פאַרפרוירענער, מיט דער האַנט צוגעלייגט צו זײַן צעבראָכענעם "המן־טאַש" אויפן קאָפּ, אויסגעהערט די גאַנצע שבתדיקע שמונה־עשרה.

— און דאָרטן, דאָרטן אויפן בוידעם — האָט דער טאַטע אָנגעוויזן מיט דער האַנט — דאָרט ליגט דער גולם, וועלכן דער גאָון האָט אים געמאַכט פון ליים און מיטן שם המפורש, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אויף אַ פּאַפּיר און אים אַרײַנגעלייגט אין זײַן שאַרבן, פאַרוואַנדלט אין אַ מענטש פון פלייש און בלוט. דערנאָך האָט ער דאָס פּאַפּירל אַרויסגענומען און דער גולם איז ווידער געוואָרן אַ שטיק ליים, וואָס ליגט דאָרט אויפן בוידעם און רירט זיך ניט פון אָרט.

איך בין געבליבן שטיין מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און געווישט די טרערן פון די אויגן: אָ, מײַן גוטער, אַלטער גולם, וואָס האָט מען געטאָן מיט דיר און מיט מיר!

מײַן טאַטע איז אַרויף אין אַ קליין פינצטער שטיבל מיט שמאָלע, לענגלעכע פענצטערלעך, מיט צעפרעסענע פון אַלטקייט, אָפּגעשיילטע ווײַלן, אונטער שווערע, האַלב־רונדע באַלקנס. דאָס איז געווען די קלויז פון דעם גאָון. די אימהדיקע טונקלקייט און שטילקייט איז פלוצעם איבערגעריסן געוואָרן פון אַ האַרצרײַסנדיק געוויין פון צוויי צעיִאושטע ווײַבער, וואָס זײַנען צוגעפאַלן צום ארון־קודש בעטן, פאָדערן אַז דער גאָון זאָל זיך דאָרט אין הימל מִיען בײַם רבונו־של־עולם ערב יום־כּיפּור, און אויספּועלן אַ רפואה־שלמה פאַר אַ מסוכּן־קראַנקן מאַן און אַ גוססדיק קינד.

דאָס טרויעריקע געוויין האָט זיך אַדורכגעריסן דורך די פענצטערלעך פון קלויז אין שולהויף אַרויס און דאָרטן זיך אויסגעמישט מיט די געזאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון פאַרשיידענע ווינקלען, פון טירן און פענצטער. אַ בענקענדיקער, אומעטיקער ניגון האָט זיך געצויגן פון אַן איינזאַמען ישיבה־בחור, בײַ אַ צאַנקענדיק ליכטל, אַ האַרציקער ניגון — פון אַ פּאָר גרײַז־גרויע לערנערס. און טאָמער האָט אין איין ווינקל איין ניגון אויפגעהערט, איז ער באַלד געוואָרן אויפגעכאַפּט פון אַ צווייטן ווינקל, אַן אַנדער מנין, פון אַן אַנדער כּיתּה, פון אַן אַנדער פּרוש, אין אַן אָנסופיקן מישמאַש.

דער צווייטער טייל פון שולהויף איז געווען אָפּגעטיילט פון ערשטן מיט אַ דיקער, שטיינערנער וואַנט, מיט אַ האַלב־רונדיקן דורכגאַנג, וואָס האָט געהייסן: דער דורכהויף. איבער דעם דורכגאַנג זײַנען געהאָנגען צוויי זייגערס.

די דאָזיקע זייגערס — דערציילט דער טאַטע — זײַנען מודיע ווען מע דאַרף אויפהערן אַרבעטן, קאָכן, זאָרגן, לויפן, קרעכצן, ווען אַלע נויטן פון

דעם גרויען וואָכעדיקן לעבן הערן אויף, און עס קומט אָן דער הייליקער שבת. איין זייגער ווײַזט ווען מע דאַרף ליכט בענטשן, דעם הייליקן טאָג צו באַגעגענען, און דער צווייטער — ווען מע דאַרף מאַכן הבדלה, דעם טאָג אַרויסצובאַגלייטן. אָבער באַלד וועלן אַלע זייגערס אויף דער וועלט זיך אָפּשטעלן. עס וועט זײַן ניט וואָך און ניט שבת. די צײַט וועט זיך פונעם אָרט ניט רירן ביז מאָרגן פאַרנאַכט, ווען דער מישפּט פאַרן קומענדיקן יאָר וועט אַרויסגעגעבן ווערן.

מיט די ווערטער איז דער טאַטע אַרײַן אין טונקעלן דורכהויף. דאָרט זײַנען געשטאַנען עטלעכע גרויסע פעסער, ווו מ׳האָט געבראַכט פון אַלע קלויזן די אָפּגענוצטע, מיט שוויס־און־טאַבאַק דורכגעגעסענע הייליקע שמות פון סידורים, פיוטים, קינות, סליחות, תּנכן, גמראות, מדרשים, פּוסקים, שולחן־ערוכס, פּירושים אויף תּלמוד און פּירושים אויף די פּירושים, מוסר־ספרים, קבלה־ספרים, שאלות־ותּשובות פון גאונים און רבנים. די גרויסע פעסער מיט די שמות האָבן געדינט ווי אַ ווייכער נאַכטלעגער פאַר די צוויי באַרימטע משוגעים: סוטשע גובערנאַטאָר און ציבל־רעס.

דער ערשטער — אַ קורץ נפשל מיט קרומע פיס, מיט אַ קאָפּ דרײַ מאָל אַזוי גרויס ווי עס וואָלט זיך געפּאַסט פאַר זײַן קליינעם גוף, אויסגעפּוצט אין אַ צעבראָכענעם צילינדער און אין עטלעכע קאָלירטע שמאַטעס פאַרשפּיליעטע מיט גרויסע טשוועקעס, און דער צווייטער — זײַן אַרויסהעלפער ציבל־רעס, אַ לאַנגער סקעלעט, באַצויגן מיט אַ געלער פאַרמעט־הויט אויף צוויי ברודיקע, באָרוועסע פיס, זײַנען אינאיינעם אַרומגעלאָפן פון איין טייל הויף צום צווייטן, און מיט ווילדע העוויות אַלעמען פאַרזיכערט, אַז דער יום־כּיפּור איז דער גרעסטער און דער הייליקסטער פון אַלע יום־כּיפּורס. מיט שוים אויף די ליפּן, מיט ברענענדיקע אויגן האָבן זיי זיך געקלאַפּט אין האַרצן און געשוווירן אויפן לעבן פון זייערע ניט־געבוירענע קינדער, אַז זיי האָבן באַקומען ידיעות, אַז משיח איז שוין אונטערוועגס און וועט דעם יאָר זיכער קומען. די וועלט וועט אויסגעלייזט ווערן, און דאָס וועט שוין זײַן דער לעצטער יום־כּיפּור. דעריבער האָבן זיי באַפעלעריש געטריבן דעם עולם, מ׳זאָל זיך אײַלן צום יום־הדין.

מענטשן האָבן זיך געשטופּט אויף די אײַנגעבויגענע טרעפּלעך, דורך די קרומע טירלעך, אין די אָנגעפּראָפּטע קאָפּ־אויף־קאָפּ קלויזן און שולכלעך. מיר האָבן זיך געהאַלטן בײַ די הענט און געשפּאַרט פון איין שולכל צום צווייטן, געפּרווווט אַרײַן אין ר׳ ישעיהלע סגני־נהורס קלויז, אין קלויז פון דער הייליקער ייִדענע, אין שנײַדער־שולכל, צו די גאַרבערס, צו די שמוקלערס און צו די קירזשנערס. אין איטלעכן שולכל האָט אַן אַנדער רבי, אַן אַנדער מגיד, אַן אַנדערער בעל־דרשן גערעדט, געשריִען, געבעטן צו דעם אל־שדי, דעם אַלמעכטיקן טאַטע אין הימל, צום כּביכול, אל

צבאות, צו דעם דערבאַרעמדיקן, דעם וואָס־כ׳האָב־די־הענט־ניט־געוואַשן, דעם וואָס מע טאָר זײַן נאָמען פון מויל ניט אַרויסריידן, וואָס מ׳טאָר זײַן נאָמען ניט דערמאָנען, צו דעם רואה־ואינו־נראה, צו גאָט.

אין שנײַדער־קלייזל איז אויף דער בימה געשטאַנען דער באַרימטער זאָגער — אַ הויקערדיק קליין מענטשל, מיט אַ פּנימל פון אַ פלוים און מיט אַ מערקווערדיקער שטים, וואָס קיין פידל וואָלט ניט געקענט נאָכמאַכן, ניט אין די הויכע און ניט אין די נידעריקע טענער. ער האָט זיך אויף די העכסטע טענער געריסן ערגעץ אין דער הייך און איז באַלד צוריקגעפאַלן אויף די נידעריקע טענער. און אַזוי שפּילנדיק אויף דעם אויסטערלישן אינסטרומענט אין זײַן האַלדז, האָט ער זיך געבעטן בײַם עולם מע זאָל צוקומען נענטער, מע זאָל פרײַ מאַכן די טיר און אַרײַנלאָזן יענע וואָס שטיי־ען אין דרויסן, די שעמעוודיקע, די ניט־גלייביקע, די טאַטעס און די זין, אַלע זאָלן זיך שטעלן אַרום אים און העלפן קלאַפּן אין די טויערן פון הימל, אַז זייער געבעט זאָל, חלילה, ניט בלײַבן אין דרויסן, ניט צוגעלאָזט ווערן צום כּסא־הכּבוד.

אין קלויז פון די היטלמאַכערס האָט געדרשנט דער ליטוואַק. דער טאַטע האָט אים געקענט, שוין עטלעכע מאָל אים געהערט. אָבער איצט האָט דער ליטוואַק אַלץ פון דאָס נײַ איבערגעחזרט, ווי ער וואָלט געוווּסט, אַז דער טאַטע האָט געבראַכט אַ גאַסט, וואָס מע דאַרף אים אַלץ אויפסנײַ דערקלערן. ער האָט פונאַנדערגענומען אַ פּעקל מיט זעקס־הונדערט־און־דרײַצן מיצוות, זיי צעברעקלט אויף הונדערטער דינים, געבאָטן, פאַרבאָטן און אָנגעזאָגט דעם גאַסט ווי צו עסן, ווי צו טרינקען, ווי די הענט צו וואַשן, וויאַזוי אַ ברכה צו מאַכן, מודה־אני צו זאָגן, קידוש מאַכן, הבדלה צינדן און ווידוי זאָגן.

אין גאַרבער־קלויז האָט דער אַלטער חכם מיט כּיטרע אויגן און אַ כּיטרען שמייכעלע איבערן ציגנבערדל געוווּנקען איבער די קעפּ פון דעם המון צו דער טיר און געבעטן:

— קום נענטער, הער און פאַרשטיי, אַז גאָט איז גערעכט און זײַן מישפּט איז גערעכט. וואָרעם וואָס קען מען זיך אַליין העלפן? אַלץ וואָס מע פאַרלאַנגט און מע דערוואַרט פון גאָט, איז אַ טובה. אַנדערע אומות טענהן, אַז ס׳וואָלט געווען בעסער ווען עס זאָלן זײַן עטלעכע געטער — טאָמער ווערט איינער אין כּעס, ווענדט מען זיך צו אַ צווייטן. אָבער מיר ייִדן גלייבן, אַז איין גאָט איז בעסער, וואָרעם ווער ווייס וואָס פאַראַ צרות מע וואָלט באַדאַרפט אויסשטיין פון עטלעכע געטער...

בײַ די שמוקלערס האָט העשל די שאַרפע צונג געשריִען איבער די קעפּ פונעם עולם און אָנגעוויזן צו דער טיר ווו איך בין געשטאַנען:

— הערט וואָס ער טענהט: צו וואָס דאַרף מען פאַסטן? צו וואָס דאַרף מען דאַוונען? צו וואָס דאַרף מען בעטן, אַז גאָט איז סײַ־ווי גערעכט

און זײַן מישפּט איז גערעכט? צו וואָס פֿאַסטן און בעטן גאָט ער זאָל בײַטן דאָס וואָס איז גערעכט? כאַ־כאַ, כאַ־כאַ — האָט "די צונג" געלאַכט אין מײַן ריכטונג — פֿאַסטן און דאַוונען מיינט ניט דווקא בעטן גאָט, נאָר ברענגען אַ שבח און אַ לויב צו גאָט, וואָס איז גערעכט און זײַן מישפּט איז גערעכט. וואָרעם ווער איז בעסער? דעם וואָס גלייבט אַז ער איז אומגערעכט פֿאַרמישפּט געוואָרן, צי דעם וואָס ווייס, אַז די שטראָף וואָס ער האָט באַקומען איז בלויז אַ קלייניקייט אין פֿאַרגלײַך מיט דער עוולה, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן?

אין דער קצבים־שול איז געשטאַנען דער בייזער ייִד, אַ פּירקאַנטיקער קאָסטן מיט אַ ברייט פּנים, אויף וועלכן, דורך אַ זשמוט שוואַרצע האָר, האָבן אַרויסגעבליצט צוויי פֿײַערדיקע אויגן, און מיט אַ דונערדיק קול האָט ער געזידלט און געשאָלטן דעם איינציקן רשע וואָס באַהאַלט זיך אויס און מחמת דעם קען משיח ניט קומען, וואָרעם משיח קען נאָר אויסלייזן אָדער אַלעמען, אָדער קיינעם ניט. אַזוי, אַז ביז וואַנען דער רשע וועט ניט אײַננעמען אַ מיתה־משונה, קאָן די וועלט ניט אויסגעלייזט ווערן.

איך האָב אַ צי געטאָן דעם טאַטן בײַם אַרבל, מיר זאָלן ווײַטער גיין. בײַ די ברויט־בעקערס האָט געשטורעמט איסערסאָן, דער הייליקער צעדרייטער, אַן אויסגעמאָגערטער, מיט אַ לאַנגער, געלער באָרד, וואָס האָט זיך געשלײַדערט און געריסן ווי אַ בוים אונטער אַ צעוויכערטן הימל. מיט איין האַנט האָט ער מיך גערופֿן, איך זאָל ניט מורא האָבן, אַרײַנקומען נענטער, וועט ער זיך אָננעמען פֿאַר מיר; מיט דער צווייטער האַנט — געבראַזגעט אין טיש און מיט אַ ווילדן צאָרן געפּאָדערט בײַ גאָט יושר, גערעכטיקייט. וואָרעם — האָט ער געשריִען — עס קען דאָך ניט זײַן, אַז גאָט זאָל באַשאַפֿן אַ קליינעם, שוואַכן, אָפּהענטיקן מענטש, און ער, דער גרויסער, דער שטאַרקער, דער מעכטיקער גאָט זאָל זיך באַלד זעצן מישפּטן אַ מענטש, וואָס ער אַליין האָט באַשאַפֿן, און פֿאַר זינד, וואָס ער אַליין האָט אים, דעם מענטשן אַרײַנגעגעבן.

אין דעם חסידים־שטיבל האָט דער וואָלינער מגיד, ווי נאָר ער האָט מיך מיטן טאַטן געזען אַרײַנקומען, גענומען האַקן די פּסוקים פֿון דער תּורה און אַרויסשיילן רמזים, קל־וחומרס, על־אחת־כּמה־וכּמהס, כּדי צו דערווײַזן, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט. און אַז מיר זײַנען געבליבן שטום בײַ דער טיר, האָט ער אויסגעשריִען:

— אַהאַ, ווילסט וויסן ווער ס'איז גאָט? וואָס איז די נפקא־מינה, אַבי ער איז דאָ. אין אַלע צײַטן האָבן די ייִדן געשיקט משהן פֿרעגן בײַ גאָט ווער ער איז. האָט אים גאָט געענטפֿערט: איך בין דער וואָס איך בין... וואָס־זשע טויג דיר, נאַריש קינד, זיך ברעכן דעם קאָפּ וואָס דאָס מיינט. איז ניט בעסער צו גלייבן, אַז וואָס דאָס זאָל ניט מיינען, איז ער פֿאַראַן,

והא־ראיה: איך בין דער וואָס איך בין!

ביַי די לעצטע ווערטער איז ער אונטערגעשפּרונגען און געפּאַטשט מיט די הענט פון התפעלות.

די רייד, די דרשות, די געזאַנגען האָבן געשטראָמט ווי אומרויִקע טײַכלעך דורך אַלע טירן און פענצטער און זיך צוזאַמענגעגאָסן אויפן הויף אין איין ברויזנדיקן שטראָם, וואָס האָט אונדז אַראָפּגעטראָגן צו דער גרויסער שול אַראָפּ, וואָס איז שוין געווען פאַרפלייצט מיט כוואַליעס וויַיסע טליתים און פאַרצויגן מיט אַ נעפּל פון די צעהיצטע מיַילער און לײַבער.

ווײַט אין דער טיף פון נעפּל האָט דער ארון־קודש געבלינצלט מיט הונדערטער ליכטלעך, ווי אַ פאַנטאַסטישער ליכט־טורעם ביַי ערגעץ אַ ווײַטן ברעג, וואָס מ׳קען צו אים ניט דערגרייכן.

— קום אונטער מיַין טלית, דו האָסט אַ מחזור, קוק אַריַין און זאָג! — האָט דער טאַטע מיך צוגעדריקט צו זיך.

— ווי קען איך רעדן צו אַ גאָט וועלכן איך זע ניט, אין אַ שפּראַך וואָס איך פאַרשטיי ניט?

— טאָ פאַרמאַך די אויגן און זינג אַזוי, אָן ווערטער — האָט דער טאַטע געפּאָדערט.

— וואָס זאָל איך זינגען?

— זינג און בעט, מיר זאָלן האָבן מיט וואָס דירה־געלט צו באַצאָלן, דאָס האַרץ זאָל ניט אויפהערן קלאַפּן, דער מאָגן זאָל אַרבעטן און די לונגען זאָלן ניט פאַרשטאָפּט ווערן. און דער עיקר: מיר זאָלן ניט דערטרונקען ווערן, ניט פאַרברענט ווערן און ניט צעריסן ווערן פון ווילדע חיות.

ער האָט מיך אַרומגענומען און מיך געוויגט אין ריטעם פון זיַין געזאַנג.

זיַי געלויבט, אַלמעכטיקער גאָט, וואָס דו האָסט די וועלט געמאַכט לויט דיַין ווילן און אונדז באַשאַפן אין דיַין געשטאַלט...

איך האָב פאַרצויגן איבערן קאָפּ אַ ברעג פונעם טלית, און מיטן צווייטן ברעג געווישט די טרערן:

— פאַרוואָס, פאַרוואָס מישפּטן דעם מענטש, וואָס דו האָסט באַשאַפן אין דיַין געשטאַלט — האָב איך שטיל געזאָגט מיט אַ געוויין, — פאַרוואָס מישפּטן דעם מענטש, וועלכן דו האָסט באַשאַפן אין דיַין געשטאַלט און אויף איטלעכן פון זיַינע אברים טויזנטער קרענק און ווייטיקן? פאַרוואָס מישפּטן און פאַרמישפּטן דיַין אייגענע געשטאַלט? וואָס איז דער זין און וואָס איז דער מיין דערפון?

דער גאַנצער עולם האָט זיך צעוויגט און איך האָב געהערט דאָס געשריי:

— זינגט צו דעם אַלמעכטיקן, דעם פאָרכטיקן, דעם באַרעמהאַרציקן, וואָרעם ווער ער זאָל ניט זיַין — איז ער דאָ! זינג, ער זאָל גדענקען, אַז ער האָט מיט אונדזערע אבות געשלאָסן אַ בונד: וואָס איז גוט פאַר

אים, זאָל זײַן גוט אויך פֿאַר אונדז. און וואָס איז גוט פֿאַר אונדז, זאָל זײַן גוט אויך פֿאַר אים. ער איז צוזאַמען מיט אונדז אין דער וועלט און ער קען פֿון איר ניט אַרויס! ער איז צוזאַמען מיט אונדז אויפֿן זעלביקן מאַרקפּלאַץ און אויפֿן זעלביקן שולהויף, ער קען ניט אַנטלויפֿן, ער איז געבונדן צוזאַמען מיט זײַן אייגענער באַשאַפֿונג. לאָמיר זינגען צוזאַמען, ווי איין מויל, ווי איין האַרץ, ווי איין וועלט, פֿאַר איין גאָט!

צומאָרגנס, נאָך נעילה, ווען מיר זײַנען מידע און הונגעריקע אַהיימגעגאַנגען, זײַנען אין דורכהויף, אין די פּעסער מיט שמות, רויִק געשלאָפֿן סוטשע גובערנאַטאָר און זיין געהילף ציבל־רעס. זיי האָבן אַוודאי ניט געוווּסט, אַז פֿון יענעם טאָג אָן זײַנען זיי ניט מער די איינציקע משוגעים אין שטאָט, אַז אין אָט דעם יום־כּיפּור איז געחתמעט געוואָרן, אַז די גאַנצע וועלט זאָל משוגע ווערן, עס זאָל אַזוינס פּאַסירן, וואָס קיין נאָרמאַלער מענטשלעכער שכל קאָן עס ניט באַנעמען. ס'איז טאַקע געווען אַזוי ווי זיי האָבן פֿאָרויסגעזאָגט, דער גרעסטער יום־כּיפּור פֿון אַלע יום־כּיפּורס, לויטן ייִדישן לוח תרע״ה, און לויטן ניט־ייִדישן קאַלענדאַר — 1914. אין דעם יום־כּיפּור איז באַשטימט געוואָרן דער גזר־דין איבער די מענטשן פֿון אַלטן מאַרקפּלאַץ און פֿון שולהויף און פֿון דער גאַנצער וועלט, און ניט בלויז אויף איין יאָר, נאָר אויף הונדערט, און אפֿשר אויף גאַנצע טויזנט יאָר.

## י״ח

עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט מיך דער טאַטע אַריַינגעפירט צו ראובן בוכאַלסקי און אים באַצאָלט לערנגעלט פאַר אַ גאַנץ יאָר — פינף־און־צוואַנציק רובל. כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט אין אַ גרודע אויסגעקראָכענע פּוטערוואַרג, מיט אַ מינע פון רעזיגנירטן אומעט און פון אַ פּאַרמישפּטן אויף אייביקער תּפיסה.

— נעם זיך צו דער אַרבעט! — האָט בוכאַלסקי אַ מרוקע געטאָן.

— וואָס זאָל איך טאָן?

— קער אויס די מאַסטערסקאַיע!

— ווו זאָל איך נעמען אַ בעזעם?

— זוך, וועסטו געפינען!

איך בין אַוועק זוכן אַ בעזעם. אויפן וועג האָב איך אַרויסגענומען פון דער הינטערקעשענע אַ המשך פון דעם ״באַזיגער פון טויט״ און איבערגעלייענט די לעצטע עטלעכע בלעטלעך. איך האָב זיך פלוצעם דערפילט בעסער, וויַיל דער פראַנצויזישער דאָקטער שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ האָט זיך ווידער אַרויסגעדרייט פון אַ שוידערלעכער סכּנה.

— טראָג אַרויס די פּאַמויניצע! — האָט בוכאַלסקי מיר שפּעטער באַפוילן. מיטן אויסגעלייזדיקטן עמער בין איך אַוועק און געקויפט אַ וויַיטערדיקן המשך פון דעם ״באַזיגער פון טויט״.

איינמאָל בין איך געזעסן פאַרטיפט אין אַ פרישן המשך, ווען בוכאַלסקי האָט מיר אַרויסגעריסן דאָס ביכל פון די הענט:

— וואָס איז דאָ, אַ ביבליאָטעק?

— וואָס זאָל איך טאָן?

— גאָרנישט. קוק אויף מיר, וועסטו זיך אויסלערנען האַלטן אַ נאָדל אין האַנט.

עטלעכע וואָכן בין איך געזעסן מיט די אויגן אָנגעשטעלט אויף בוכאַלסקין און זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס ער טוט קיינמאָל ניט אויס דעם קאַפּעליוש. אינדערפרי, ווען איך פלעג אָנקומען, איז ער נאָך געגאַנגען אין די אונטערהויזן, אָבער מיטן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ.

איינמאָל איז ער אַריַינגעלאָפן אין צימער אָן אַ קאַפּעליוש:

— אַ פיַיער, אַ בראַנד זאָל זיי אָנצינדן! געהרגעט זאָל ווערן דער צאַר! ווי געפעלט דיר אַ מעשה? מ׳האָט ערגעץ דערשאָסן אַ פּרינץ, דאַרף איך

גיין זיך אָננעמען זייַן קריוודע און זיך מאָרגן שטעלן צו דער מאָביליזאַציע. אויס מאַסטערסקאַיע! גיי אַהיים און זאָג דייַן טאַטן, אַז דאָס געלט וואָס ער האָט אייַנגעצאָלט פאַר דיר, זאָל ער מאָנען בייַם צאַר!

כ׳בין אַרויסגעלאָפן פון דער מאַסטערסקאַיע אָן אַ זיי־געזונט און כמעט טאַנצנדיק זיך אַ לאָז געטאָן צו אַ צייַטונגס־שטעלכל, ווו כ׳האָב אייַנגעקויפט אַלע המשכים פון "דער באַזיגער פון טויט", וועלכע כ׳האָב געהאַט אַדורכגעלאָזט אין די וואָכן ווען כ׳האָב געקוקט אויף בוכאַלסקיס קאַפּעליוש.

אין זעלביקן אויפדערנאַכט ווען כ׳בין געזעסן פאַרטיפט אין דער נייַער פאַנטאַסטישער אַוואַנטורע פון שאַנטעלעי זשאַנטאַן דעלאַקרואַ, האָב איך דערהערט אַ געוואַלדיקן טומל פון דרויסן. כ׳בין צוגעלאָפן צום פענצטער.

דער מאַרקפּלאַץ איז געווען פול מיט פרעמדע, אומבאַקאַנטע מענטשן, וואָס זייַנען מסתּמא זיך צונויפגעלאָפן פון די ווייַטסטע ווינקלען, געשפּרונגען, געפּאָכעט אויף אַ משוגענעם אופן מיט די הענט, און מיט באַנומענע קולות געשריִען: הוראַ! הוראַ!

אויפן גרויסן מיסטקאַסטן איז איין משוגענער געשטאַנען מיט אַ גרויסן פּאָרטרעט פון דעם צאַר און האָט היסטעריש געקוויטשעט:

— לאָזט מיך ריידן!

— הוראַ! הוראַ! — האָבן די אַנדערע משוגעים געשריִען.

— מ׳האָט דערהרגעט אַ קרוינפּרינץ, פראַנסיס פערדינאַנד...

— הוראַ! הוראַ!

— עסטרייַך־אונגאַרן... אולטימאַטום סערביע... מולטימאַטום בעסאַראַביע...

— הוראַ!

— בעלגראַד... בעלגיע... באָמבאַרדירט!

— בעל־בעל־בעל־באָם־באָם!

— הוראַ! הוראַ!

— אידיאָטן, לאָזט ריידן!

— אַ פינצטער יאָר אויף אייַך!

— קושט מיר אין תּחת!

— הוראַ! הוראַ!

אין עפּילעפּטישע קאָנוווּלסיעס איז דער משוגענער אַראָפּגעפאַלן פון מיסטקאַסטן צוזאַמען מיטן פּאָרטרעט פון צאַר.

שפּעט אינאָוונט זייַנען אויפן מאַרק געקומען צוויי אָרקעסטערס. עמעצער האָט די ווילד־געוואָרענע מאַסע באַזאָרגט מיט ברענענדיקע שטורקאַצן. די לאַנגע שאָטנס פון די משוגעים האָבן געטופּעט מיט די פיס אויפן מאַרק און זיך געשלאָגן מיט די קעפּ אין די מויערן פון די אַרומיקע גאַסן.

דערנאָך האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ לאַנגער פּראָצעסיע איבער דער שטאָט. בראָש פון דער פּראָצעסיע זײַנען געשפּרונגען אין ווילדער התפעלות סוטשע גובערנאַטאָר און זײַן אַדיוטאַנט ציבל־רעס. זיי האָבן סאַלוטירט די פאַרחידושטע מענטשן אין די פענצטער און אויף די טראָטואַרן, און אין דער זעלביקער צײַט האָבן זיי קאָמאַנדירט מיט די משוגעים, וואָס האָבן מאַרשירט הינטער זיי: מולטימאַטום, בעל־בעל־בעל, באָם־באָם־באָם!

בײַם טויער אויפן ראָג פון פּלאַץ איז געשטאַנען אַ רומל מאַרק־מענטשן.

— וואָס מיינט דאָס, וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט אין בעסאַראַביע, אָדער סערביע, אָדער דער שוואַרצער יאָר ווייס ווי מע רופט עס? — האָבן זיי געפּרעגט איינער בײַם אַנדערן.

דער איינציקער וואָס וואָלט עס געקענט דערקלערן, איז געווען באַרוועס זון. אָבער דער געלערנטער היסטאָריקער — האָבן זיי געוווּסט — ליגט שוין עטלעכע וואָכן אין בעט און שפּײַט מיט בלוט.

— אפשר — האָט העשל אַ זאָג געטאָן — זאָל מען אַרויף צו אים אין הויז?

אָבער נאָטע האָט גלײַך געגעבן צו פאַרשטיין, אַז נאָך מיט צוויי וואָכן צוריק איז ער געווען בײַ אים אין בוידעם־שטיבל, און שוין דעמאָלט איז ער געווען מער טויט ווי לעבעדיק. ס׳וואָלט געווען אַן עוולה אים צו שטערן.

— וואָס־זשע וועט דאָ זײַן? — האָט זיך העשל ניט געקענט באַרויִקן.

— דער סוף פון דער וועלט — האָט זיך פּלוצעם דערהערט פון הינטער זיי די טיפע, סאַמעטענע שטים פון באַרוועס זון. ער האָט אויסגעזען שוידערלעך. פון הינטער די אײַנגעפאַלענע באַקן האָבן אַרויסגעשטאַרצט די שאַרפע קאָנטורן פון זײַן שאַרבן, די אײַנגעשרומפּענע ליפּן האָבן זיך פאַרקאַשערט און אַרויסגעשטעלט צוויי רייען גרויסע ציינער.

— צו וואָס האָט איר געדאַרפט אַרויס פון בעט, און נאָך אין אַזאַ געלעכערטן מאַנטל? — האָט נאָטע אים אויסגעמוסרט. אָבער דער קראַנקער האָט זיך אַרײַנגעשטופּט אין מיטן פון דעם געזעמל און אויף זײַן אַלטן שטייגער גלײַך אָנגעהויבן מאָלן מיט אַ ציטערנדיקן פינגער אויף דער פלאַך פון דער צווייטער האַנט:

— דאָס זײַנען די באַלקאַנען. דאָ ליגט סערביע, יוגאָסלאַוויע, קראָאַטיע, מאַקעדאָניע, הערצעגאָווינע, בוקאָווינע. דאָ איז רוסלאַנד, דאָ סערביע און דאָ דײַטשלאַנד — ער האָט זיך אָנגעכאַפּט בײַם האַרץ און זיך פאַרקרימט.

— גייט, גייט, לייגט זיך אין בעט אַרײַן — האָבן עטלעכע געזאָגט, אָבער דער מסוכן־קראַנקער האָט עקשנותדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ: ניין, ניין, ער מוז איצט זײַן מיט זיי צוזאַמען, ווײַל דאָס איז דער סוף פון דער וועלט.

— פאַרוואָס מיינט איר, אַז די וועלט וועט אונטערגיין? — האָט נאָטע געפרעגט — איז מעגלעך, אַז צוליב איין געהרגעטן פרינץ זאָל אונטערגיין אַ גאַנצע וועלט?

— ווענמען אַרט דער פרינץ? מײַן האַרץ בלוטיקט פאַר אײַך — האָט באַרוועס זון אויסגעשריִען מיט אַ בייזקייט. זײַנע פיס האָבן זיך אַזש אַ קנייטש געטאָן און ער האָט געזוכט אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן. נאָטע האָט אים געהאָלפן זיך אָנשפּאַרן אָן דער וואַנט.

— אַלץ וואָס איך קען אײַך זאָגן, איז — האָט באַרוועס זון ווײַטער גערעדט — אַז דאָס וואָס עס איז געווען ביז דעם פרינץ, וועט שוין נאָך דעם פרינץ מער ניט זײַן. די צײַטן ווען איר זענט געשטאַנען בײַ די גליִענדיקע פײַער־טעפּלעך אויפן מאַרק, געוואַרעמט אײַערע הערצער און לעבנס מיט זיסע מעשהלעך, וועט איר שוין דערמאָנען ווי אַ פאַרגאַנגענעם חלום. גרויסע צרות און אומגליקן וועלן קומען. די וועלט וועט צעבראָכן ווערן, און צוזאַמען מיט איר — די שטאָט און דער מאַרק, און קיינער פון אײַך וועט ניט דערלעבן זײַן עלטער...

— דאָס איז נאַריש — האָט נאָטע אַ וויש געטאָן מיט דער האַנט די אומעטיקע נבואה — אַ גאַנצע וועלט וועט ניט אונטערגיין צוליב עפּעס אַ מלחמה וועגן אַ נאַרישן פרינץ. מע דאַרף בלויז אַז גאָט זאָל רחמנות האָבן. פונקט ווי ער האָט די דאָזיקע מלחמה אָנגעהויבן, אַזוי זאָל ער מאַכן אַ סוף צו איר.

— ניט גאָט האָט די מלחמה אָנגעהויבן, און ניט ער וועט זי פאַרענדיקן!

— ווער־זשע דען?

— די מלחמה וועט אומברענגען די וועלט.

— דער פרינץ איז דאָך שוין אַוועק אין דר׳ערד אַרײַן...

— אָבער די צרה איז, וואָס ער וועט מיטשלעפּן מיט זיך אין קבר אַרײַן די דײַטשן, די רוסן, די פראַנצויזן, און אײַך וועט ער אויך ניט פאַרגעסן.

— דו מיינסט, אַז די גאַנצע וועלט וועט אונטערגיין?

— גאָט וועט דערלאָזן, אַז מענטשן זאָלן צעשטערן אַ וועלט וואָס ער האָט באַשאַפן?

— די צרה איז, וואָס ער האָט זי ניט באַשאַפן.

— ווער־זשע דען האָט זי באַשאַפן? — האָט העשל געקוויטשעט — מיט איין וואָרט האָט ער זי באַשאַפן, ווי עס שטייט אין דער תּורה. ער האָט געזאָגט: יהי! עס זאָל ווערן, און עס איז געוואָרן אַ וועלט און עס זײַנען געוואָרן מענטשן...

— נאַרישקייטן — האָט דער קראַנקער אַרײַנגעשפּיגן אין זײַן נאָזטיכל — צו ווענמען האָט ער גערעדט, אַז קיין מענטשן זײַנען נאָך ניט געווען? ערשט ווען די ערשטע צוויי מענטשן האָבן זיך געטראָפן, האָבן זיי גענומען

ריידן און באַשאַפן די וועלט.

— דו מיינסט, אַז צוויי מענטשן...

— צוויי און דרײַ און טויזנט... גלאָז, פּאַפּיר, טינט, פּיַיער, ברויט, אַ קיַילעכיק ראָד, אַ קעראָסין־לעמפּל, דאָס אַלץ איז פון הימל ניט אַראָפּגעפאַלן, דאָס האָבן באַשאַפן מענטשלעכע הענט!

— וואָס באָלבעט ער? — האָבן די פּאַרזאַמלטע זיך איבערגעקוקט.

— וואָס מאַכט ער חוזק, צי וואָס? וואָס מישט ער צוזאַמען ברויט מיט פּרינץ, גאָט מיט אַ קעראָסין־לעמפּל?

— מילא, פּרינץ אַהער, פּרינץ אַהין. לאָמיר הערן קלאָרע דיבורים: דו מיינסט צו זאָגן, אַז ס׳איז ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט? — האָט נאָטע מיט כּעס אַ געשריי געטאָן.

— ניטאָ, ניטאָ. און גוט וואָס ניטאָ! וואָרעם ווײַ־און־ווינד וואָלט געווען צו אײַך, ווען עס זאָל זײַן אַ גאָט, און די דאָזיקע וועלט — זײַן שטיקל אַרבעט. דעם מענטש קאָן מען נאָך איבערמאַכן, און בעסערע מענטשן וועלן אויך מאַכן אַ בעסערע וועלט. אָבער אַ גאָט וואָס מע זעט אים ניט און מע הערט אים ניט, אַ גאָט וואָס איז אַלמעכטיק און דערצו אַזאַ פּאַרטאַטש, קאָן מען ניט איבערמאַכן. טאָ דאַנקט גאָט וואָס עס איז קיין גאָט ניטאָ!

— האָט באַרוועס זון אָפּגעווישט די מיט בלוט באַפּלעקטע ליפּן.

די מאַרק־מענטשן האָבן געטאָפּטשעט און זיך געריבן איינער אין צווייטן ווי צעספּוזשעטע לעמער קעגנאיבער אַ וואָלף. שלמה דער ציצית־מאַכער האָט פּאַרריסן דעם קאָפּ אינדערהייך, ווי ער וואָלט געוואַרט, אַז אָט־אָט וועט אַ דונער אַ זעץ טאָן דעם זינדיקן לעסטערער. אַזוי פיל יאָרן האָבן זיי אויסגעהערט דעם דאָזיקן בחור. איצט זײַנען זײַנע געהירן באַשעדיקט געוואָרן, זײַנע ווערטער קלעפּן זיך ניט איינס צום צווייטן. איינס איז אָבער זיכער: דער מענטש וואָס האָט דערהרגעט דעם פּרינץ, איז קיין ייִד ניט געווען. און דער פּרינץ אַליין איז דאָך אוודאי קיין ייִד ניט געווען. און ווען ביידע וואָלטן אַפילו געווען ייִדן, וואָלט מען צוליב צוויי געהרגעטע ייִדן קיין מלחמה ניט געמאַכט.

אָבער ווען אָט דער באַליבטער זון, וואָס מיט אים פּלעגן זיי זיך בענטשן, נעמט בײַ זיי איצט צו דעם איינציקן אָנהאַלט זייערן, די איינציקע האָפענונג זייערע, איז ער דאָך ערגער פון דעם פּרינץ, צוליב וועלכן מ׳האָט געמאַכט די מלחמה. איין מאָל שיסן איז פּאַר אים ווינציק. אים, באַרוועס זון, דאַרף מען לאַנג־לאַנג פּאַטשן. אָבער וואָס קאָן מען שוין דערוואַרטן פון אַזאַ חלוש? ווי קען אַ מענטש, און בפרט אַ ייִד, פּאַטשן אַ גוסס, וואָס האַלט זיך קוים אויף די פיס, וואָס האַלט בײַם אויסשפּיַיען די לעצטע טראָפּנס בלוט פון זײַן אײַנגעטשאָכנעטן לײַב? דאַרף מען אים קודם געזונט־מאַכן, דערנאָך פּאַטשן. קודם דאַרף ער אָפּעסן אַ פּאָר גוטע מיטאָגן און אַרויפּציִען

אויף זײַן סקעלעט אַ ביסל פלייש, ער זאָל קענען שטיין אויף די פיס. דערנאָך וועט מען אים קענען כמאַליען.

מיט דער זעלבער האָריקער האַנט, וואָס נאָטע האָט זיך געקליבן פּאַטשן דעם קראַנקן, האָט ער זיך אַ דריי געטאָן צום עולם און איטלעכן באַפּעלעריש אַרײַנגעשעפּטשעט אין אויער:

— גיט אַ ביסל קליינגעלט. ווען גאָט ווייס ער טאַקע ניט, אָבער ווו מערב איז, האָט ער אײַך געזאָגט. טאָ זײַט מוחל און גיט אַ פּאָר גראָשן!

מיט דעם הויפן צונויפגעקליבענע מטבעות האָט זיך נאָטע צוגעבויגן צום חולה און, כדי אים צו פאַררײדן ער זאָל ניט זען ווען ער שטופּט אים אַרײַן דאָס געלט אין קעשענע, האָט ער מיט אַן אָנשטעל פון ברייטער גוטמוטיקייט געזאָגט:

— פאָלגט מיך, גייט אַהיים און לייגט זיך אַרײַן אין בעט. גלייבט מיר, אַז איר קענט נאָך געהאָלפן ווערן און אונדז אַלעמען איבערלעבן.

— אַוודאי קען איך געהאָלפן ווערן — האָט דער קראַנקער אויפגעהויבן די אויגן — אָבער ניט פון גאָט, נאָר פון אַ גוטן דאָקטער, און צו אַ גוטן דאָקטער דאַרף מען האָבן גוטע געלט. טאָ גייט איר בעסער אַהיים און לייגט זיך אין די בעטן, פאַרגראָבט זיך אין די קישנס און וויינט אויף אײַער בראָך. וואָרעם מיר איז בעסער פון אײַך. איך גלייב, אַז איך קען נאָך געהאָלפן ווערן פון אַ גוטן דאָקטער, און אַזאַ דאָקטער איז זיכער ערגעץ פאַראַן. אָבער איר זענט אָפּהענגיק פון אַ גאָט, וואָס איז ניטאָ און איז קיינמאָל ניט געווען.

— לאָזט אים צו רו — האָט העשל אַ שפּײַ געטאָן אויפן קראַנקן. — די קרענק איז אים אַרײַן אין קאָפּ. צוזאַמען מיטן בלוט זײַנען אויך די געהירן בײַ אים אויסגערונען.

מיט מורא האָבן זיי זיך איינער דעם צווייטן געשלעפּט בײַ די אַרבל און זיך באַלד צעשאָטן אין די אַרומיקע געסלעך.

## י״ט

כ׳האָב ניט געקענט אַוועקגיין. דאָס טרויעריקע בילד פון דעם פאַרלאָזענעם, באַשפּיגענעם און שטאַרבנדיקן אָפּגאָט מײַנעם פון דער קינדהייט האָט מיך אויפגעטרייסלט. דאָס איז באַרוועס זון, וועלכער האָט מיט זײַנע רעדעס אויפן מאַרק דערוועקט אין מיר נײַגער און לײַדנשאַפט צו וויסן און צו דערציילן, צו מאָלן מיטן שטעקל אויפן זאַמד די ווונדערס פון דער וועלט? ווי קען איך אים איבערלאָזן? וויפל מאָל בין איך אים מקנא געווען פאַר זײַנע פלאַטערנדיקע אויגן, פאַר זײַן לשון, זײַן באַגײַסטערונג, און אַפילו פאַר זײַן לאַנגן, גרינעם, אָפּגעבלאַקעוועטן מאַנטל. איצט, ווען איך אַליין טראָג שוין אַ לאַנגן, פאַרלאַטעטן מאַנטל און קען שוין ריידן בעסער פון אים, און ווען איך האָב אַ שטעקל אין האַנט, וואָלט איך געקענט אָנצייכענען אויפן טראָטואַר גרעסערע ווונדערס ווי ער פלעגט צייכענען אויפן זאַמד, איצט, ווי קען איך אים איבערלאָזן? איך וואָלט געקענט פאַר אים אויסמאָלן דעם ווונדער פון מײַן פאָטער און אים דערווײַזן ווי אומגערעכט ער איז, אים דערווײַזן, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט, וואָס מאַכט די קרענק און גיט די רפואה; די וועלט וועט ניט אונטערגיין; די קויל, למשל, וואָס האָט דערהרגעט דעם פּרינץ אין סערביע, האָט אויך דורכגעשאָסן דעם קאַפּעליוש פון מײַן בעל־הבית בוכאַלסקי; איך בין שוין מער ניט קיין קירזשנער, איך בין פרײַ, צוריק אויף מײַן באַליבטער מאַרקגאַס, אויפן זעלביקן פּלאַץ, ווו איך האָב אַמאָל פאַרהאַלטן פאַגאַניני דעם צווייטן און צוזאַמען מיט אים געשפּילט ״פּערפּעטוום מאָבילע״ פאַרן גולם...

איך ווייס, דער געלערנטער וועט מיך אויסלאַכן, ווי ער האָט פריִער אויסגעלאַכט די פּראָסטע מאַרק־מענטשן, וואָס האָבן ניט געוווּסט ווער דער פּרינץ אין בעסאַראַביע אָדער סערביע איז געווען, ער וועט מיך אויסלאַכן, און מיט רעכט, וואָרעם וואָס מיינען מײַנע צוואַנציק־דרײַסיק פינף־גראָשעדיקע ביכלעך פון דעם ״באַזיגער פון טויט״, אין פאַרגלײַך מיט אַלע ביכער וועגן אַלכּסנדר מוקדון און דעם אימפּעראַטאָר נאַפּאָלעאָן! אָבער ווער ווייס, אפשר ליגט גאָר אין די קינדערשע מעשהלעך וועגן דעם פראַנצויזישן דאָקטער שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ אַ גרעסערע טרייסט פאַר אים, ווי אין אַלע זײַנע ביכער? אפשר איז עס טאַקע אמת, אַז פּונקט דעמאָלט ווען דער קאַט פאַרהייבט די האַק איבערן קאָפּ, פּלאַצט אַ רעגן און די האַק גליטשט זיך אים אַרויס פון דער האַנט, און ער האַקט אַראָפּ זײַן אייגענעם פוס; צי ווען

די שטריק איז שוין אויפן האַלדז פון דעם פּאַרמישפּטן רײַסט זי זיך איבער, ס׳ברעכט אויס אַ פֿײַער, ס׳וועדט אַן ערד־ציטערניש? ס׳איז גאָר קיין סוף ניטאָ, וואָרעם איינער פון גאָטס נעמען איז דאָך — אין־סוף.

ווען באַרוועס זון לאָזט מיך נאָר ריידן, ווען ער וויל מיך נאָר אויסהערן, וואָלט איך אים, צי מיט דער הילף פון גאָט, צי דורך דעם משונהדיקן פּראַנצוויזישן דאָקטער געקענט העלפן. איך בין דרייסט צוגעגאַנגען נאָענט צום קראַנקן און אים געזאָגט:

— וואָס האָט איר באַדאַרפט אַזוי אָנשרעקן די אָרעמע מענטשן?

— איך האָב זיי געזאָגט דעם אמת.

— צו וואָס?

דער קראַנקער האָט אויסגעשטעלט אויף מיר זײַנע גרויסע, בייזע ציינער:

— אויך מיט דײַן טאַטן דעם איגנאָראַמוס האָב איך זיך מײַן האַרץ אויסגעגעסן. אויך ער האָט אויף דער עלטער זיך גענומען צאַצקען מיט גאָט. אָבער דו, האָב איך געמיינט, ביסט אַן אינטעליגענט ייִנגל, אַ גימנאַזיסט. איך האָב דיך געזען מיט ביכלעך אונטערן אָרעם. וואָס האָסטו פון די ביכלעך געלערנט? וואָס ווייסטו פון דער וועלט? צי ווייסטו, אַז ס׳איז אַ מלחמה און אַלע וועלן אויסגעהרגעט ווערן, און דו אויך?

— איך ניט.

— וואָס מיינסטו?

— ווען עס וועט קומען מיך צו שיסן, וועט די ביקס קאַליע ווערן, דער פּולווער וועט נאַס ווערן, די מלחמה וועט זיך ענדיקן.

— ווו האָסטו געהערט די דאָזיקע שטיק חכמה?

— אַ געוויסער דאָקטער האָט עס מיר געזאָגט.

— דער דאָקטער וואָס האָט געהאָלפן דײַן טאַטן? — האָט ער געפרעגט.

— מײַן טאַטן האָט גאָט געהאָלפן.

- וועלכער גאָט? וואָס דרייסטו מיר אַ קאָפּ מיט גאָט, לאָז מיך צו רו, וויסטער נודניק!

— מײַן טאַטע איז פולקאָם געזונט, אינגאַנצן אויסגעהיילט, געזינטער און שטאַרקער ווי ער איז געווען פריִער, — האָב איך מיט אַ כיטרען צו־להכעיס פּרובירט דורכברעכן די פאַרביטערטע אײַנגעשפּאַרטקייט פון דעם קראַנקן.

— דאָס איז אַ מזל פון אַ גביר — האָט באַרוועס זון אַרויסגעשיפּעט דורך זײַנע ציינער. — ער האָט געבראַכט פון אַמעריקע היפּשע טויזנטער, וואָס ער האָט אויסגענאַרט בײַ עפּעס אַ קורווע. אויך דאָ אין שטאָט האָט ער אויסגעצאַפּט אַ פּוֹתיקי פון דער נקבה, גענעראַל רענענקאַמפּס ווײַב. און אַז מ׳האָט געלט, קאָן מען זיך פון דער גרעסטער קרענק אויסהיילן.

ער האָט אַרײַנגעשטעקט די האַנט אין קעשענע און זײַן פּנים איז מיטאַמאָל פאַרקרימט געוואָרן אין אַ מאָדנעם שמייכל:

— זע, ווי קומט עס צו מיר? — ער האָט אַרויסגעצויגן אַ הויפן זילבער, אויסגעמישט מיט עטלעכע פּאַפּירענע קערבלעך — דאָס געלט איז ניט מײַנס. ווען האָב איך געהאַט אַזוי פיל געלט? סײַדן איך האָב אָנגעטאָן אַ פרעמד רעקל. ניין, דאָס רעקל איז מײַנס. ווי־זשע קומט אין מײַן רעקל אַ פרעמדע קעשענע? — האָט ער זיך מיט אַ שוואַכער שטים געחכמעט.

— וואָס איז די נפקא־מינה? — האָב איך מיט אַן אָנשטעל, ווי איך וואָלט פון גאָרנישט ניט געוווּסט, געזאָגט, — אויב דאָס רעקל איז אײַערס, איז די קעשענע אײַערע, און אויב דאָס געלט איז אין אײַער קעשענע, איז עס אײַער געלט.

— איך קען זיך אָבער ניט דערמאָנען...

— אפשר האָט איר פאַרגעסן, אפשר זענט איר די לעצטע פּאָר וואָכן ניט אַרויס פון שטוב, דאָס רעקל ניט אָנגעטאָן, אין קעשענע ניט אַרײַנגעקוקט. אפשר האָט עס אײַך עמעצער צוגעשיקט, אפשר אויסגעבאָרגט?

באַרוועס זון האָט מיט פאַרשטאַרטע אויגן געקוקט אויפן געלט אין זײַן ציטערדיקער האַנט:

— אפשר ביסטו גערעכט, אפשר האָב איך פאַרגעסן. מײַן זכרון ווערט אָפּגעשוואַכט. איך געדענק ניט. אפשר האָט עס מיר טאַקע עמעצער געגעבן. דײַן טאַטע פלעגט מיך אָפטמאָל שטיצן. ער איז אַ גוטהאַרציקער מענטש. זאָגסטו, אַז ער אינגאַנצן אויסגעהיילט? זעסטו ווי כ׳בין גערעכט. אַלץ וואָס מע דאַרף, איז אַ גוטן דאָקטער. איך געדענק ווי ער איז געלאָפן קיין דײַטשלאַנד, פון איין דאָקטער צום צווייטן. צי ווייסטו אפשר וועלכער דאָקטער ס׳האָט אים געהאָלפן? אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן... אפשר זאָל איך אויך, איך מיין קיין דײַטשלאַנד? איך ווייס שוין אַליין ניט וואָס איך רעד. ניטאָ מער קיין דײַטשלאַנד.

— דער דאָקטער איז ניט קיין דײַטש, נאָר אַ פראַנצויז...

— אַ פראַנצויז? ווי קומט אַ פראַנצויז אויפן מאַרקפּלאַץ, כ׳מיין אין דײַטשלאַנד? אוי, כ׳ווייס ניט וואָס דו רעדסט. — ער האָט זיך אַ קנייטש געטאָן ווי צום חלשן. איך האָב אים אונטערגעכאַפּט:

— איך מוז אײַך צוערשט אַרויפפירן אַהיים, און דערנאָך וועל איך ברענגען דעם דאָקטער.

— באַרוועס זון האָט אויסגעשטרעקט זײַן ציטערדיקע האַנט מיטן געלט, ווי ער וואָלט עס מיר פאָרגעלייגט אויף הוצאות, איך זאָל פאָרן קיין פראַנקרײַך און ברענגען דעם דאָקטער.

— לייגט אַרײַן דאָס געלט אין קעשענע — האָב איך אָנגענומען אַ באַפעלערישן טאָן. — דער גוטער דאָקטער האָט אויסגעהיילט מײַן טאַטן און ניט געפאָדערט דערפאַר קיין צעבראָכענע קאָפּיקע.

— וועגן וועלכן דאָקטער רעדסטו?

— מײַן טאַטע איז געזונט!
— ווער־זשע איז דער דאָקטער?
— מײַן טאַטע איז איצט געזינטער ווי ער איז געווען פֿאַר דער קרענק.
— פֿאַרוואָס ניט? אַ גוטער דאָקטער קען העלפֿן.
— ער קען אויך אײַך העלפֿן.
— קענען מיר איצט אַרויפֿגיין צו אים?
— איך קען אים ברענגען צו אײַך.
— ווינט ער ווײַט פֿון דאַנען?
— ער איז דאָ אין שטאָט צופֿעליק.
— וואָס הייסט?
— ווײַל מע רודפֿט אים.
— ווער רודפֿט אים? — האָט דער קראַנקער שווער אָטעמענדיק זיך אונטערגעשפּאַרט מיט די הענט אויף ביידע זײַטן.
איך האָב גענומען ציטערן, ווי איך וואָלט זיך אָנגעשטעקט מיטן פֿיבער פֿון דעם קראַנקן, און גערעדט מיטן אימפּעט פֿון אַ לויפֿנדיקן צוג:
— ער איז אַנטלאָפֿן פֿון פֿראַנקרײַך, פּאָליציי שפּירט אים נאָך. ער באַהאַלט זיך. דורך אַ צופֿאַל איז ער אַרײַן צו אונדז אין הויז. און ווען ער איז אַוועק, האָט ער מיטגענומען מײַן טאַטנס קרענק. מײַן טאַטע איז געוואָרן אויסגעהיילט, ווי ער וואָלט קיינמאָל ניט געווען קראַנק.
— ווי איז דאָס מעגלעך? וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? וואָס ווילסטו פֿון מיר? — ער האָט גענומען ברעכן מיט גרינער גאַל, אָבער איך האָב זיך ניט אָפּגעשטעלט:
— איך וועל דעם דאָקטער ברענגען צו אײַך און ער וועט אײַך אויסהיילן, אָן געלט, בלויז פֿאַר אַ צוזאָג, אַז איר וועט קיינעם ניט דערציילן. וואָרעם ווען די פּאָליציי זאָל פֿאַלן אויף זײַנע שפּורן, אים כאַפּן און אים איבערשיקן קיין פֿראַנקרײַך, וועט מען אים דאָרטן דעם קאָפּ אָפּהאַקן אויף דער גיליאָטינע.
— איך בין קראַנק, העלף מיר!
— ער האָט מײַן טאַטן געזונט־געמאַכט...
— ווער איז דער דאָקטער? ווי איז זײַן נאָמען?
— מעסיע שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ — האָב איך אָפּגעפּײַערט מיט דער גרעסטער ערנסטקייט.
באַרוועס זון האָט מיט ביידע הענט אויסגעגלײַכט זײַן קאָפּ, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף זײַנע פּלייצעס ווי אויף אַ שטריקל בײַ אַ צעריסענער ליאַלקע, און ער האָט אַרויסגעזיפֿצט:
— איך קען אים דאָך... איך קען אים דאָך זייער גוט...
עס האָט אויסגעזען ווי ביידע ליגנערס האָבן זיך סוף־כּל־סוף פֿאַרשטאַנען. אַלץ וואָס דער ערשטער דאַרף איצט טאָן, איז נעמען דעם צווייטן אונטערן

אָרעם, און דער צווייטער וועט זיך לאָזן פירן אין בעט אַריַין, כּדי דער ערשטער זאָל אים ברענגען דעם אויסגעטראַכטן דאָקטער. באַרוועס זון האָט פּלוצעם צונויפגענומען זיַין לעצט ביסל ענערגיע, און אויסשטעלנדיק די בייזע ציינער, הייזעריק געשריִען:

— גיי אַוועק פון מיר, דו געמיינער איגנאָראַמוס! וואָס מאַטערסטו מיך? איך דאַרף ניט דיַין דאָקטער. איך קען אים, אָט דעם פּראַנצויזישן שאַרלאַטאַן, דעם שווינדלער. ער איז אַן אַפּעריסט. איך האָב עפּעס וועגן אים געלייענט, ער רופט זיך "דער באַזיגער פון טויט", כּישוף, היפּנאָז און אַנדערע שמאָנצעס. גיי אַוועק, דו קליינער אידיאָט, איך גלייב ניט אין די דאָזיקע באָבקעס, גיי אַוועק!

ער האָט זיך אָנגעכאַפּט בייַם האַרץ און האָט פאַרדריקט דעם ווייטיק, וועלכער האָט אים איַינגעקאָרטשעט אין דריַיען:

— דאָס איז דער סוף, איך שטאַרב... — האָט ער אין שרעק אַרויסגעשעפּטשעט און זיך אויסגעצויגן אויף דער לאַווע.

איך בין געשווינד אַרונטערגעקראָכן אונטער דעם קראַנקן און אַריבערגעוואָרפן זיַין שלאַבערדיקע האַנט אַרום מיַין האַלדז און אַזוי אים געשלעפּט ביז אין זיַין בוידעם־שטיבל, און אים אַריַינגעלייגט אין בעט.

אַ וויַילע איז ער געלעגן אַ געשפּאַנטער מיט פאַרדריקטע אויגן און צעקרימטע ליפּן, און מיט בלייכע פּרויען־הענט זיך געקלאַמערט אין די ברעגן פון ליַילעך. ביסלעכוויַיז זיַינען זיַינע אָנגעשטרענגטע מוסקלען לויז געוואָרן. אויף זיַין פּנים האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ מידע מילדקייט. ער האָט געעפנט די אויגן־דעקלעך, געקוקט אויף מיר מיט אַ שמייכל, און מיט אַ בלינדקייט פון אַ נײַ־געבוירן קינד האָט ער געשעפּטשעט:

— פּאַ־פּאַ־פּאַרדאָן מעסיע... איך קען איַיך... איך האָב וועגן איַיך געלייענט. איַיער נאָמען איז...

— שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ — האָב איך אונטערגעזאָגט — אין פערציק מינוט וועט איר געזונט ווערן. האָט איר אַ זייגער? איר האָט ניט. איך האָב אויך ניט. כ'בין אַרויסגעלאָפן פון דער היים אָן אַ זייגער... דאָ האָט איר אַ ביסל וואַסער. איך וועל דערוויַילע צולויפן אַהיים און ברענגען אַ זייגער...

## ב

אַ גרויסע קודלע ברוינע האָר איבער אַן אָפענעם שטערן האָט שרהלען געמאַכט אויסזען העכער ווי זי איז געווען. פון איר מאַמען האָט זי איבערגענומען די בלויע אָפענע אויגן און די חן־גריבלעך אויף די פּוכלע באַקן. פון טאַטן — דעם אונטערטעניקן, גם־זו־לטובהדיקן שמייכל אויף די ליפּן, און פּונקט ווי ער האָט זי געקענט איבערציילן אויף די פינגער פון אירע הענט וויפל ווערטער זי האָט אַרויסגערעדט אין משך פון אַ גאַנצן טאָג.

ווען זי איז נאָך געווען אַ מיידל, האָט זיך אין איר געהאַט פאַרליבט איציקל דער בוכהאַלטער. אַ גוטער פאַרדינער, אַ פרומער — געווען אַמאָל אַ ישיבה־בחור — קיין קאָרט אין האַנט ניט גענומען, קיין פּאַפּיראָסן ניט געררייכערט. בקיצור, אַ בחור מיט אַלע מעלות, אָבער — ניט קיין שיינער. אַ רויטער, מיט לאַנגע אויערן און, ווי ס׳רוב רויטהאָריקע — זומער־שפּרענקעלעך אויף דער נאָז און אויף די הענט. מיט איין וואָרט: אַ מיאוסקייט. און אָט דער חסרון האָט ביַי שרהלען איבערגעוויגן אַלע זיַינע מעלות.

איינמאָל האָט ער געבראַכט אַ קעסטל קאָנפעקטן און איר צוגעזאָגט אַ לעבן פון אַ פּרינצעסין. ער האָט איר געוויזן אַ בריוו פון זיַינעם אַ פעטער, אַן אַלטער בחור, אַ גרויסער גביר אין אַמעריקע, וואָס האָט אים צוגעזאָגט אַ היפּשע ירושה נאָך זיַין טויט. און אַזוי ווי דער פעטער איז שוין געווען אין די זעכציקער און האָט אין זיַינע בריוו זיך געקלאָגט אויף זיַין שוואַך האַרץ, האָט דער בוכהאַלטער אויסגערעכנט, אַז לאַנג קען דער פעטער ניט לעבן. די געלטער וואָס ער האָט צוגעזאָגט, האָבן געזאָלט דערגרייכן אַן ערך הונדערט־טויזנט דאָלאַר; אָבער שרהלען האָבן הונדערט־טויזנט דאָלאַר ניט געקענט פאַרגיטיקן פאַר די זומער־שפּרענקלעך אויף דעם בוכהאַלטערס נאָז. וואָלט זי אים דאָס תיכּף געזאָגט, וואָלט זיך עס אפשר דערמיט געענדיקט. אָבער זי האָט אויף איר שטייגער געשוויגן, און ער האָט ניט געוווּסט צי זי שוויַיגט ווייַל זי באַנעמט ניט די גרייס פון דער סומע, אָדער ווייַל זי ספקט צי דער פעטער וועט טאַקע אינגיכן שטאַרבן.

כּדי איר צו עפענען ס׳מויל, האָט ער זיך איינמאָל צעוויינט און געסטראַשעט אַז ער וועט זיך פאַרסמען. האָבן זיך זיַינע עלטערן און אירע עלטערן אַריַינגעמישט, און ס׳האָט שוין געהאַלטן דערביַי עס זאָל ווערן אַ שידוך. אָבער ווי שרהלע האָט, דורך אַ צופאַל, באַגעגנט בנימטשיקן און דערזען זיַינע

שוואַרצע פּאַרשפּיצטע וואָנצעלעך איבער די געשמאַקע בלוט־רויטע ליפּן, האָט זי געעפּנט דאָס מויל און דורכאויס קלאָר אַ זאָג געטאָן: ניין! איצט — ווען דער אַמעריקאַנער פעטער זאָל אַפילו אין דער מינוט אויסגיין און איבערלאָזן ניט קיין הונדערט טויזנט, נאָר הונדערט מיליאָן דאָלאַר, וואָלט זי איציקלען ניט אָפּגעשטעלט פון סמען זיך.

צו זײַן מזל איז באַלד אונטערגעקומען דער פּריזיוו. איציקל האָט זיך אַרויסגעדרייט, מחמת דער קילע, וואָס ער האָט זיך געמאַכט, און בנימטשיקן האָט מען אַוועקגעשיקט פאַר אַ זעלנער אין טיף ראַסיי אויף גאַנצע פינף יאָר. דאָס איז געווען אַ געלעגנהייט פאַר איציקלען נאָכאַמאָל צו פּרוּוון זײַן מזל בײַ שרהלען. ערשטנס, איז דער פעטער געשטאָרבן און טאַקע איבערגעלאָזט, ניט קיין גאַנצע הונדערט טויזנט דאָלאַר, נאָר בלויז צוויי טויזנט. אָבער לויטן פּשוטן השבון פון אַזאַ ספּעציאַליסט אין אַריטמעטיק, ווי איציקל, האָט אַ פאַרפאָלק מיט דעם געלט געקענט אָפּלעבן הונדערט און פערציק יאָר אין עושר און כבוד. און ווער לעבט דען אַזוי לאַנג ?! האָט עס געקענט סטאַיען אויף איבערצולאָזן אַ ירושה פאַר עטלעכע קינדער. צווייטנס, ווער אַזאַ מאַן ווי בנימטשיק, וועלכער איז געווען פעיִק אַוועקצוריבן אַ כלה פון אונטער דער חופה, אוודאי ניט צוריקקומען פון טיף ראַסיי אָן אַ ווײַב.

שרהלע, וועלכע האָט קיין אַריטמעטיק ניט פאַרשטאַנען, האָט זיך פאַרלאָזט בלויז אויף איר האַרץ, און דער חשבון אירער האָט טאַקע געשטימט: בנימטשיק איז נאָך די פינף יאָר צוריקגעקומען אַ בחור, און זיי האָבן חתונה געהאַט.

איציקל האָט געהאַט זייער אַ שלעכט געפיל. אָבער דער חשבון איז פאָרט אַ קלאָרער: היות ווי ער קען פאַר דער געירשנטער סומע לעבן הונדערט און פערציק יאָר, וועט ער דאָך בנימטשיקן געוויס איבערלעבן, און אַז ער קען שרהלען ניט נעמען ווי אַ מיידל, וועט ער זי דערנאָך קריגן ווי אַן אלמנה.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה. איציקל איז געווען זיכער, אַז אַצינד וועט ער שוין קריגן שרהלען נאָך פריִער ווי ער האָט געוואַרט, וואָרעם ערשטנס, איז איציקל שוין געווען פאַרזיכערט מיט אַ קילע; צווייטנס, וועט מען בנימטשיקן, ווי אַן אויסמושטרירטן סאָלדאַט, מסתמא גלײַך נעמען און אַוועקשיקן אין ערשטן פײַער, און פון ערשטן פײַער קומט מען ניט צוריק...

אַז בנימטשיק קען זיך אויך מאַכן אַ קילע — האָט איציקל ניט געטראַכט. ער האָט אים גוט געקענט. בנימטשיק האָט זיך צו שטאַרק ליב געהאַט, און ער וואָלט ניט געלאָזט אָפּשנײַדן אַפילו דעם ברעג פון אַ וואָנצע זײַנער. ס'האָט אויסגעזען אַז שרהלע איז שוין בײַ איציקלען אין קעשענע.

האָט אים אָבער בנימטשיק ווידער אָפּגעטאָן אַ שפּיצל: אַנשטאָט צו גיין אין דער מלחמה, איז ער אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. אויף דעם האָט

ער זיך ניט געריכט, נאָר ס'איז געווען פֿאַר אים אַ היפּשער געווינס. ווי נאָר בנימטשיק אין אָפּגעפֿאָרן, האָט זיך איציקל אויסגעפּוצט אין אַ הויכן קראַגן מיט אַ געקעסטלטער מאַנישקע, אָנגעטאָן מאַנזשעטן און זאַמשענע הענטשקעס צו פֿאַרשטעלן די מיאוסע פֿלעקן אויף די הענט, און גענומען יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק קלאַפּן בײַ שרהלען אין טיר, פֿרעגן צי מ'קען, פֿון גוטער, אַלטער פֿרײַנדשאַפֿט, קריגן בײַ איר אַ גלעזל טיי.

איינמאָל, אין אַ וואַרעמען פֿאַרנאַכט, נאָך דעם ווי ער האָט געהאַט זיך אָנגעטרונקען מיט טיי, האָט ער זיך געווישט דעם שווייס מיט אַ געבלימט נאָזטיכעלע, און פֿאַרגעלייגט שרהלען זיי זאָלן זיך דורכפֿאָרן אַביסל אין אַ דראָשקע, כּדי זיך אָפּצוקילן. ווען זי האָט אים געגעבן אָנצוהערן אין עטלעכע ווערטער, אויף איר שטייגער, אַז זי איז אַן אשת־איש און עס פּאַסט ניט, ניט פֿאַר לײַט און ניט פֿאַר גאָט, האָט איר איציקל געענטפֿערט, אַז עס שטייט אין ערגעץ ניט אין דער תּורה אַזאַ איסור, און אַז אַן אשת־איש מעג נעמען אַ שפּאַציר מיט איר מאַנס בעסטן חבֿר.

איציקל דער בוכהאַלטער האָט געהאַט גערודלט פֿון אַן אייזל, און ס'איז אים טאַקע געראָטן סוף־כּל־סוף איר אײַנצורײדן מיט פּסוקים פֿון דער תּורה, אַז זי זאָל מיט אים פֿאָרן אויף אַ שפּאַציר.

זי האָט אָנגעטאָן אַ גרויסן הוט מיט אַ שטרויספֿעדער, זיך אויסגעבעט פֿון פֿאָרנט און פֿון הינטן מיט עטלעכע קישעלעך, אַרויסגענומען אַ שירעמל מיט קרוזשעוועס, און זיך אַפֿילו געלאָזט פֿון איציקלען אונטערהייבן אונטערן אָרעם ווען זי איז אַרײַן אין קאַפּוסטעס דראָשקע.

אויפֿן וועג האָט איר איציקל גענומען דערציילן, אַז ער האָט בעצם ניט איין פֿעטער אין אַמעריקע, נאָר צוויי. און אויב דער ערשטער איז געשטאָרבן, איז דער צווייטער אַ לעבעדיקער, און ער האָט אים צוגעשיקט אַן אוצר, טויזנט מאָל גרעסער ווי די ירושה פֿונעם ערשטן פֿעטער, דהײַנו — אַ בריוול מיט אַ שטיקל רכילות, אַז בנימטשיק האָט זיך אין אַמעריקע פֿאַרטשעפּעט מיט אַ זונה און ער פֿײַפֿט זיך אויס אויף זײַן ווײַב.

צי זי האָט געגלייבט אין דעם, צי ס'האָט איר ווי געטאָן — דאָס קאָן מען ניט וויסן, וואָרעם זי האָט, ווי שטענדיק, מער געשמייכלט ווי גערעדט. ווען ס'איז אָבער צו איר דערגאַנגען, אַז איציקל טראָגט זיך אַרום מיטן בריוול און ווײַזט עס איטלעכן אויפֿן מאַרקפּלאַץ, האָט זי דעם קומענדיקן מאָנטיק, ווען ער איז ווידער אַרײַן טרינקען טיי, אים באַגעגנט מיט אַ בייזקייט און אַ מענה־לשון, ווי ער האָט נאָך פֿון איר ניט געהערט אין משך פֿון אַלע יאָרן. פֿאַר אים איז ניט געשטאַנען די שטומע שרהלע, וועלכע ער האָט געקענט, נאָר איין גרויס מויל, וואָס האָט געשפּריצט מיט פֿײַער. צום סוף האָט זי אים אויך אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר אין נאָז.

ווען ר'איז אַראָפּ פֿון די טרעפּ, האָט ער זיך געריסן די האָר פֿונעם קאָפּ:

סטיַיטש, וויאַזוי האָט זי אַלע יאָרן פון אים אויסבאַהאַלטן איר כּוח־הדיבור און אים אָפּגענאַרט, אַז מער ווי צוויי ווערטער קען זי ניט אַרויסריידן? אַזאַ מויל! דאָס האָט זיך ניט געלאָזט באַרעכענען אַפילו מיט דער לאָגיק פון מאַטעמאַטיק.

אין זיַין גרויסער אַנטוישונג האָט ער דערפילט, אַז פון ליבע ביז שינאה איז בלויז איין טראָט. און פונקט ווי ער האָט פריִער שרהלען געוואָלט גליקלעך מאַכן, אַזוי האָט ער איצט באַשלאָסן זי אומצוברענגען.

ווי נאָר בנימטשיק איז צוריקגעקומען פון אַמעריקע, האָט אים איציקל אָפּגעוואַרט אין אַ שטיל געסל און דאָרטן, מיטן אָנשטעל פון אַן איבערגעגעבענעם חבר, אים געגעבן אָנצוהערן ווי גוט ס׳איז וואָס ער איז באַציַיטנס אַהיימגעקומען, וואָרעם שרהלע האָט אים, איציקלען, שיִער ניט געבראַכט דערצו ער זאָל עובֿר זיַין אויף אַ פאַרבאָט פון דער תּורה און צונעמען דאָס וויַיב פון זיַין בעסטן פריַינד.

בנימטשיק האָט דעם אינטריגאַנט אָנגעכאַפּט פאַרן גאָרגל, און ווען עס קומט ניט אָן דער פּאָליציאַנט קאַראַיִם, וואָלט ער, בנימין, אין איין רגע עובֿר געווען אויף אַן אַנדערן פאַרבאָט פון דער תּורה.

אַ וואָרט איז אָבער אַמאָל ווי אַ זלידנע פליג: ניט זי וויל אַוועק, ניט מ׳קען זי פאַרטריַיבן. איציקלס רייד האָבן ניט אויפגעהערט צו זשומען בנימטשיקן אין די אויערן, ביז ער האָט סוף־כּל־סוף באַשלאָסן צו נעמען זיַין וויַיב אויף אַ פאַרהער. פון איבערראַשונג האָט שרהלע כּמעט אינגאַנצן פאַרלוירן ס׳לשון, און אַלץ וואָס זי האָט געקענט אַרויסבאַבלען, איז געווען: ניט אמת, אַ בילבול, אַ ליגן!

אַזעלכע ווערטער אָבער איבערציַיגן קיינמאָל ניט אין אַ גערעכטל פון אייפערזוכט, להיפוך — זיי צערייצן נאָך מער דעם מאַן. מאַרק־מענטשן, וואָס האָבן שרהלען געקענט פון קינדוויַיז, האָבן פּרובירט זיך אַריַינמישן און דערציילט ווי דער בוכהאַלטער האָט זיך אויסגעפּיַינט אויפן מאַרק מיט דעם מסירה־בריוול פון אַמעריקע. איז דאָס אָבער געווען ווי בוימל אויפן פיַיער. בנימטשיק האָט געטראַכט, אַז מע וויל גאָר מיט זיַינע חטאים דאָרטן פאַרדעקן אירע חטאים דאָ. וואָס מער די מאַרק־מענטשן האָבן געשריִען: ניין! — אַלץ מער האָט ער זיך צעקאָכט. ס׳האָט אויסגעזען, אַז אויב ער וועט ניט געפינען אַן עדות וואָס זאָל זאָגן: יאָ! — וועט ער, חלילה, אַראָפּ פון זינען. און אַזאַ עדות האָט ער טאַקע געפונען, און דאָס איז געווען זיַין אייגענער זון.

איך האָב, פאַרשטייט זיך, קיין שלעכטס דערביַי ניט געמיינט. כ׳האָב דער מאַמען ניט געוואָלט וויי טאָן. כ׳האָב בלויז געוואָלט דעם טאַטן באַרויִקן. און ווען ער האָט זיך מיט מיר אָפּגעשלאָסן אין אַ צימער און גענומען פרעגן אויפגערעגטע שאלות, האָב איך אויף אַלץ געענטפערט: יאָ.

— בוכהאַלטער?
— יאָ.
— מאַמע?
— יאָ.
— פאַרנאַכט?
— יאָ.
— דראָשקע?
— יאָ.

אַזוי ווי קאַפּוסטעס דראָשקע איז געווען באַקאַנט ווי אַן אַלטאַנקע פֿאַר ליבע־פּאָרלעך, האָט עס באַטײַט, אַז דער טאַטע איז גערעכט. אוודאי!

בנימטשיק איז אַרויס פֿון צימער און אַרײַנגעלאָפֿן צו דער מאַמען. איך האָב דערהערט אַ שטאַרקן פּאַטש און אַ פֿאַל צו דער ערד. אַ ווײַלע איז מײַן מאַמע געלעגן אויף דער פֿאַדלאָגע. זי האָט מסתּמא אין יענער רגע געזען פֿאַר די אויגן איציקלען, ווי ער ווינקט צו איר מיט די צוויי טויזנט דאָלאַר. באַלד האָט זי אָבער אָפּגעווישט דעם טראָפּן בלוט פֿון די ליפּן און געטראַכט: נאַרישקייטן! בעסער אַ פּאַטש פֿון אַ שיינער האַנט, ווי אַ גלעט פֿון אַ מיאוסער. זי האָט געשוויגן און אים אַלץ מוחל געווען.

זי איז קיין נאַר ניט געווען, די מאַמע. די זעלביקע האַנט, וואָס האָט זי אַזוי אומשולדיק באַליידיקט, האָט איר שפּעטער געבראַכט גאַנצע צען טויזנט רובל, פֿאַר וועלכע זי האָט געקענט לעבן אין נחת און פֿרייד פֿינף מאָל הונדערט מיט פֿערציק יאָר. איז עס איר ניט געווען באַשערט: בנימטשיק האָט געקראָגן אַסטמע און די צען טויזנט רובל זענען אויסגעקרענקט געוואָרן אין הונדערט מיט פֿערציק וואָכן.

ווען ער פֿלעגט באַקומען אַן אַסטמע־אַטאַק און די דאָקטוירים האָבן אין אים אַרײַנגעשטאָכן די גיפֿטיקע נאָדלען כּדי ער זאָל אַנטשלאָפֿן ווערן, פֿלעגט זי שטיין בײַ זײַן בעט און האַלטן זײַן האַנט אויף איר האַרץ. און ווידער האָט די־אָ האַנט ניט אָפּגענאַרט. אויף אַן אופֿן, וועלכן קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען, האָט בנימין מיט זײַן אייגענער האַנט געעפֿנט די לונגען זײַנע און אַרויסגעוואָרפֿן די קרענק, פֿון וועלכער די דאָקטוירים האָבן אים ניט געקענט אויסהיילן. די דאָקטוירים, די פּראָפֿעסאָרן און די גאַנצע וועלט — אַלע האָבן געטענהט, אַז ס׳איז אַ נס מן השמים.

אַז ס׳איז אָבער ניט באַשערט, איז אויך אַ נס אַן אומגליק. ס׳איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, און בנימין האָט באַקומען אַ מאָביליזאַציע־צעטל.

מיט אַלע כּוחות האָט שרהלע זיך באַמיט מבטל צו מאַכן דעם נס, ווידער פֿאַרשטאָפּן די לונגען, נאָר ס׳האָט זיך ניט געלאָזט. טאָג און נאַכט איז זי מיט אים געלאָפֿן איבער די גאַסן, געשפּרונגען פֿון טרעפּ, געגעבן שמעקן פֿעלץ,

רייכערן ציגאַרן, געקאָרמעט אים מיט געזאַלצנס, פעפערדיקס און זויערס, נאָר אומזיסט. מ׳האָט בנימטשיקס לונגען ניט געקענט צוריק פאַרמאַכן. און ווען בנימין איז אַ פאַרטאָג אַוועק אין ראָטהויז און זיך געשטעלט פאַר דער מעדיצינישער קאָמיסיע, האָט מען אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע: גוט! — און אים אַוועקגעשיקט אין דער צוועלפטער ראָטע פון 175־טן אָרענבורגער פּאָלק, דער ערשטער וואָס מען האָט אים אַרײַנגעוואָרפן אין פײַער פון דער מלחמה.

*

די שטאָט איז געוואָרן דער פּונקט, וווּ עס האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן די גרויסע מאַסן, וואָס זענען געגאַנגען אויפן פראָנט, מיט די מחנות, וואָס זײַנען געטריבן געוואָרן אויף צוריק, אָדער געבראַכט געוואָרן אויף טראָגבעטלעך פון שלאַכטפעלד. אין שטאָט האָט מען אויפגעשטעלט הונדערטער אימפּראָוויזירטע לאַזאַרעטן, וווּ ס׳זענען דורכגעוואָרפן געוואָרן קרוב צוויי מיליאָן צעמזיקטע מענטשן.

פון דער קלויסטער־גאַס זענען געריטן אין אַן אומענדלעכער שערענגע קאָזאַקן מיט שוואַרצע פּיקעס. אין די שמאָלע געסלעך זײַנען די פערד אַרײַן מיט די הינטנס אין די פענצטער פון די קראָמען און האָבן צעבראָכן די שויבן. אַנטקעגן, פון טאָטער־געסל, האָט מאַרשירט אַן אָנסופיקע קאָלאָנע פאַרשטויבטע, פאַרבלאָטיקטע ״פּעכאָטע״. די זעלנער האָבן געלעקט מיט די פאַרפּעכנעטע צינגער די פאַרשטויבטע ליפּן און זיך אָנגעשטרענגט צו שטעלן די מידע פיס אין טאַקט פון אַן אומעטיק ליד: סאָלאָווײ, סאָלאָווײ, פּטאַשעטשקאַ...

אויף דער סעמינאַר־גאַס האָבן זיך געצויגן מיט טומל און גערויש לאַנגע אָבאָזן פון הויכע וועגענער מיט גרויסע, אײַזערנע רעדער. פון הינטן האָבן זיך געטרייסלט רייכערדיקע פעלדקיכן. די קעסלען האָבן זיך געהוידעט און פאַרשפּריצט דעם ברוק מיט אַ טוכלען געקעכטס.

אויפן אַלטן מאַרק זײַנען געזעסן אויף דער ערד, באַלאָדענע מיט פּעקלעך, קאָלדרעס, טשײַניקעס, די פריש־מאָביליזירטע און געוואַרט מע זאָל זיי געבן זעלנערישע מונדירן און זאָגן וואַהין זיי זאָלן גיין. אייניקע האָבן אומעטיק געשפּילט אויף האַרמאָשקעס, אַנדערע האָבן זיך אָנגעשיכורט, געטאַנצט און דערנאָך זיך געוואָרפן שלאָגן איינער מיטן צווייטן. דאָס זײַנען געווען פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. זיי האָבן ניט באַלאַנגט צום מאַרק. די אמתע מאַרק־מענטשן זײַנען שוין דאָרט ניט געווען. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט מען אין ערשטן פײַער אַרײַנגעשליידערט דעם שטאָט־גאַרניזאָן. די אויף־גיך צונויפגעשטעלטע פּאָלקן פונעם גאַרניזאָן זײַנען

באַשטאַנען פופציק פּראָצענט פון ייִדן, אַזוי אַז אַ היפּשער טייל פון די מאַרק־מענטשן זענען געווען פון די ערשטע פאַרבערענט צו ווערן אין העלישן פייַער. און די וואָס זייַנען פאַרבליבן, האָבן איצט מאַרשירט פון טאָטער־געסל אין אַ פּריש־אויסמושטרירטע קאָלאָנע. עס זייַנען זיי נאָכגעלאָפן קינדער און ווייַבער, וואָס האָבן געבראָכן די הענט און געשריִען:

— געוואַלד, מענדל, ווו שיקט מען דיך?

און מענדל שפּרינגט פון איין פוס אויפן צווייטן, צו כאַפּן דעם טאַקט פון דעם בראַזגעדיקן מיליטערישן אָרקעסטער און בעט זיך אַ פאַרשעמטער:

— גיי אַהיים, ייִדענע, כ׳וועל באַלד צוריקקומען!

פון דער וואָקזאַל־גאַס האָבן זיך געשלעפּט הונדערטער קליינע וועגעלעך, אונטערגעבעטע מיט שטרוי, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געקאָרטשעט פאַר ווייטיק צעריסענע, פאַרבלוטיקטע, נאָך ניט קיין באַנדאַזשירטע גופים. יונגעלייַט, ס׳רוב גימנאַזיסטן, מיט רויטע קרייַצן אויף די אַרבל, האָבן געטראָגן הילף־בעטלעך מיט זעלנער אָן הענט און אָן פיס. פון אַלע זייַטן האָט זיך געהערט אַ מוראדיק קרעכצן און שעלטן: אין בלוט, אין די ביינער און מאַרך פון טאַטע־מאַמע, שוועסטער־ברידער, און דער עיקר — אין די ייִדן אַרייַן.

די טרויעריקסטע פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן פון דער גלעזער־גאַס. דאָ האָבן מאַרשירט די אַרויסגעטריבענע פון שטעטלעך און דערפער אַרום דעם פראָנט, די שפּיאָנען און פאַררעטער, די געמיינע, פאַרשאָלטענע ייִדן... קינדער, ווייַבער, אַלטע לייַט, קראַנקע, ס׳רוב באָרוועסע, פאַרוויינטע, פאַרשמאַכטע — האָבן זיך געהאַלטן איינער אינעם צווייטן, געשלעפּט קישנס, טשייַניקעס, טעפּלעך, שפּילצייַג פאַר די קינדער. אין פראָנט פון אָט דער פּראָצעסיע האָט אַן אויסגעדאַרט פערדל געשלעפּט אַ קליין פויערישׁ פורל, ווו ס׳איז געלעגן אַ ספר־תּורה צוגעדעקט מיט אַ פּרוכת, וואָס די אַרויסגעטריבענע האָבן באַוויזן אַרויסצוכאַפּן פון אַ שול, אַ צעשמעטערטע פון אַ באָמבע. פון ביידע זייַטן זייַנען געגאַנגען ייִדן מיט גרויע בערד און האָבן געמורמלט פּסוקים פון קליינע תּהילימלעך.

אַ פאַרייִאושטער פון דעם גרויסן בראָך אויפן פראָנט, האָט דער שאינו־יודע־לשאולדיקער צאַר זיך געטוליעט צו זייַן מיסטיש־היסטערישן ווייַבל און צו זייַן לאַנגפּיסיקן און שמאַלקאָפּיקן פעטער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. די צאַריצע האָט געטענהט, אַז דער בראָך איז "אַ פינגער פון גאָט". דער פעטער — אַ קולטורעלער פאַרשוין, כּלומרשט אַ פּאָעט, האָט געטענהט, אַז עס איז ניט קיין פינגער פון גאָט, נאָר אַ האַנט פון די ייִדן, דהייַנו, די ייִדן האָבן פאַרקויפט רוסלאַנד צו די דייַטשן.

דעריבער איז באַשטימט געוואָרן קודם אויסצוראַניקן די שטעט און שטעטלעך לענגאויס דעם פראָנט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. אויך אַרויסוואַרפן די ניט־נייטיקע ייִדן פון דער אַרמיי און פון די שפּיטאָלן.

דעריבער האָבן אין דעם אומעטיקן מאַרש אויף דער גלעזער־גאַס זיך אויך מיטגעשלעפּט עטלעכע מיליטערישע דאָקטוירים אָנגעשטעקטע פון טיפוס, עטלעכע באַרעמהאַרציקע שוועסטערס וואָס מ׳האָט אָפּגעזאָגט פון די פעלדשפּיטאָלן, און אַ היפּשע צאָל ייִדישע סאָלדאַטן אָן הענט, אויף קוליעס, נאָר דווקא מיט דער גאַנצער מיליטערישער פאָרמע און מיט די מעדאַלן אויף דער ברוסט.

די גויים, וואָס זײַנען געשטאַנען אויף די לאַוועס פון ביידע זײַטן גלעזער־גאַס, האָבן געשפּיגן אויף די פאַרבײַמאַרשירנדיקע פאַררעטערס. פון אייניקע פענצטערס האָט מען אויך אַראָפּגעגאָסן אויף זיי ברודיק וואַסער.

אַן אומעטיקע איז מײַן מאַמע געזעסן בײַם פענצטער און געקוקט אויפן חורבֿן. דערבײַ האָט זי אויך געפילט אַ געהיימע צופרידנקייט און אַ שטילן שטאָלץ, וואָרעם ווען ניט זי, ווער ווייס ווו ס׳וואָלטן איצט געפוילט די ביינער פון איר געליבטן מאַן. דעם אָרענבורגער פּאָלק האָט מען בלינדערהייט אַרײַנגעוואָרפן אין אַ פלייש־מאַשינדל און אים צעמאָלן אויף קניידלעך — ווי ס׳האָבן דערציילט עטלעכע צוריקגעקערטע פאַרווונדיקטע מאַרק־מענטשן. די זעלנער האָבן אַפילו קיין צײַט ניט געהאַט אַראָפּצונעמען די ביקסן פון די פּלייצעס.

וואָלט דער אַלטער שיכּור, דער גענעראַל רענענקאַמף, געגאַנגען האַנט־אין האַנט מיטן גענעראַל סאַמסאָנאָוו, וועלכער האָט קאָמאַנדעוועט מיטן רעכטן פליגל, וואָלט עס צו אַזאַ בראָך ניט געקומען. אָבער די צוויי גענעראַלן זענען זיך געווען ביטערע שונאים נאָך פון דער צײַט ווען זיי האָבן זיך, ווי יונגע אָפיצירן, צעפּאַטשט בײַ אַ קאָרטן־שפּיל. איצט האָט יעדער פון זיי געשלעפּט אַ קאָרט באַזונדער, און ביידע האָבן מיאוס פאַרשפּילט.

סאַמסאָנאָוו האָט לכל־הפּחות געהאַנדלט ווי אַן אָנשטענדיקער קאָרטן־שפּילער: ווען ער האָט געזען, אַז פון זײַנע דרײַ הונדערט און פופציק טויזנט מאַן זײַנען אין משך פון דרײַ וואָכן ניט געבליבן קיין צען טויזנט, איז ער אַוועק פון דעם קאָרטן־טיש, אַרײַן אין אָפּטרעט פון דער שטאַבקוואַרטיר און זיך אַרײַנגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. דער פּאַסקודנער רענענקאַמף האָט אָבער ניט געהאַט אַפילו דעם מוט פון אַ ווערדיקן שולער. ער האָט זיך פּשוט אָנגעשיכּורט און זיך געלייגט שלאָפן.

אייניקע מאַרק־מענטשן האָבן די גאַנצע שולד אַרויפגעלייגט אויף רענענקאַמפס ווײַב, וואָס האָט געטראָגן די גענעראַלסקע הויזן און געהאַט אַ האַנט בײַם צונויפשטעלן די פּלענער פאַר דער אָפענסיווע.

— סטײַטש — האָבן זיך מענטשן געקאָכט — ווי קומט אַ נקבה צו פירן מלחמה? וואָס האָט זי געמיינט, אַז אויב זי האָט געקאָנט אַרויסוואַרפן דעם אַלטן שטינקער פון איר בעט און אַרײַננעמען זײַן אַדיוטאַנט, וועט זי אויך קענען אַרויסוואַרפן די דײַטשן? אַ קלאָג, אַ בראָך, אַ צרה אויף איר קאָפּ!

שרהלע האָט ניט געוואָלט הערן, וואָרעם אויב אַפילו ס׳איז אמת, אַז די גענעראַלשע האָט אומגעבראַכט דעם אָרענבורגער פּאָלק, האָט זי אָבער אין דער זעלביקער צײַט געראַטעוועט איר בנימינען.

עטלעכע טעג בלויז איידער אָט דער פּאָלק האָט אַרויסמאַרשירט פון דער שטאָט, האָט זיך שרהלע אויסגעפּוצט אין אירע יום־טובדיקע קליידער, וואָס זי האָט פאַר דער גאַנצער צײַט וויפל איר מאַן איז געווען קראַנק, ניט אָנגעטאָן, און איז אַוועק צו דעם באָטאַנישן גאָרטן, צום ווײַסן פּאַלאַצל פון דעם גענעראַל. זי האָט ניט מיטגענומען מיט זיך קיין שום באַווײַזן, קיין שום אַרײַנפיר־בריוו, זי איז אַוועק אַליין, בלויז מיט איר כּוח־הדיבור. מיט איר פרישן, ניט אָפּגענוצטן כּוח האָט זי זיך דערשלאָגן צו דער גענעראַלשע.

מאַדאַם רענענקאַמף האָט זי דווקא זייער העפלעך אויפגענומען און אַפילו מכבד געווען מיט אַ גלאָז טיי. זי האָט געדענקט בנימינען, איר אַמאָליקן פּאַרזאָרגער פון די טײַערע פּעלצן אירע. זי האָט אויך געוווּסט, אַז ער איז געווען שווער קראַנק און האָט געמיינט, אַז ער איז געשטאָרבן. דעריבער איז זי געווען צופרידן צו הערן, אַז ער לעבט. דער עיקר האָט איר אָבער הנאה געטאָן, וואָס ניט געקוקט אויף זײַן שוואַכן געזונט, האָט ער זיך, מחמת זײַן טיף־פּאַטריאָטישן געפיל געמאָלדן צו גיין פרײַוויליק אין דער אַרמיי.

— די צרה איז אָבער — האָט שרהלע גערעדט מיטן טאָן פון אַ טײַערן פידל, וואָס מ׳נוצט אים בלויז אין זעלטענע פאַלן — די צרה איז, וואָס זײַן קרענק איז אַ פּעריאָדישע. איין טאָג זעט ער אויס צו זײַן געזונט, און דעם צווייטן קריגט ער אַן אַסטמע־אַטאַק און ווערט אַ לעבעדיקער מת. ווען מ׳לאָזט אים גיין אויפן פראָנט, וואָלט מען אים אויף צומאָרגנס געדאַרפט ברענגען צוריק. אַוודאי וואָלט ער מיט אַ טאָג שפּעטער, פון גרויס פּאַטריאָטישקייט, ווידער געלאָפן אויפן פראָנט, כּדי עטלעכע מאָל אויסצושיסן און נאָכאַמאָל קריגן אַן אַטאַק. דאָס מיינט, אַז די עלטסטע זײַנע וועלן דאַרפן האַלטן ספּעציעל פאַר אים אַ קאַרעטע אים צו פירן אַהין און צוריק.

די גענעראַלשע האָט זיך צעלאַכט:

— וואָס־זשע קען מען טאָן מיט אַ זעלנער, וואָס איז איין טאָג קראַנק און דעם צווייטן טאָג געזונט? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

דער איינציקער אויסוועג איז — האָט שרהלע געזאָגט מיט אַ ליבלעכן הומאָר — מע זאָל אים באַשטימען ווי אַ דינער אין אַ שפּיטאָל, ווו ער וועט קענען איין טאָג, ווען ער איז געזונט, דערפילן זײַן מיליטערישן חוב, און דעם אַנדערן טאָג זײַן איינער פון די קראַנקע. און אַזוי ווי אײַער הויך־וווילגעבוירנקייט איז די פּאַרזאָרגערין פון דעם גרעסטן מיליטערישן שפּיטאָל אין שטאָט, קען זי באַפעלן איר אַמאָליקן באַדינער ער זאָל זיך ווידער שטעלן אין איר דינסט, ווי אין די גוטע פרידלעכע צײַטן.

צומאָרגנס האָט מען בנימינען אַרויסגערופן פון דער קאַזאַרמע אין אַנטאָקאָלער פּאָרשטאָט און אים איבערגעשיקט אין דער זוועריניצער פּאָרשטאָט, אין צענטראַלן שפּיטאָל. דאָרטן האָט מען אים געגעבן אַ בונט שליסלען און אַ ווײַסן כאַלאַט, און אים געמאַכט פּאַרן אויפזעער איבערן פּראָוויאַנט. סוף וואָך האָט מען אים דערלויבט אַהיימגיין זיך זען מיט דער משפּחה, און ער האָט געקענט מיטברענגען מיט זיך אַ היפּש זעקל שוואַרצע גרויפּן, אַ זײַטל פון אַן אָקס און אַ פּאָר לעבלעך ברויט. וויאַזוי־זשע האָט שרהלע געקענט שעלטן די גענעראַלשע?

בנימינס גליק איז באַקאַנט געוואָרן צווישן די שכנים און קרובים און באַלד איז די שטוב זײַנע פול געוואָרן מיט ברידער און שוועסטער, געבראָכענע פּעטערס און קראַנקע קוזינען, נאָענטע און ווײַטע באַקאַנטע, וואָס האָבן גוט געדענקט די ברייטהאַרציקייט פונעם אַמעריקאַנער מיליאָנער. עטלעכע לעבלעך ברויט זײַנען איצט מער ווערט געווען ווי מיליאָנען דאָלאַרן. און בנימין האָט געשניטן די לעבלעך און מיט אַ גלאָז געמאָסטן די גרויפּן און צעטיילט צווישן די אָרעמע קרובֿים, וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום אים און אים געבענטשט מיט ברכות, וואָס וואָלטן זיך געפּאַסט פּאַר משיחן. שרה איז, ווי שטענדיק, געשטאַנען אין אַ זײַט און געשוויגן. קיינעם איז נישט אײַנגעפאַלן, אַז אויך איר קומט אַ שטיקל דאַנק.

אין איינעם אַ טאָג האָט דער הויפּט־פּאַרוואַלטער פון שפּיטאָל צונויפגערופן די אויפזעערס פון אַלע אָפּטיילונגען און זיי געמאָלדן, אַז זײַן אימפּעראַטאָרישע מאַיעסטעט, דער צאַר פון רוסלאַנד, קעניג פון פּוילן, פּירשט פון פינלאַנד — וועט אויף זײַן וועג צום פראָנט זיך אָפּשטעלן אין שטאָט און באַערן דעם שפּיטאָל מיט זײַן וויזיט. און ער האָט אויסגערעכנט די גאַנצע פּראָצעדור פון דער דאָזיקער חשובֿער געשעעניש: קודם וועט דער צאַר דורכגייִן די קאַמערן פון די פּאַרוווּנדיקטע. מוז מען מיט זיי אײַנשטודירן וואָס זיי זאָלן ענטפערן, אַז דער צאַר וועט זיי עפּעס פרעגן. די וואָס קענען ניט ריידן, מחמת אַ האַלבער פּנים איז בײַ זיי אָפּגעשאָסן, דאַרפן בלויז אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ.

זײַן מאַיעסטעט וועט אויך באַוויליקן טועם צו זײַן דאָס עסן — דערבײַ האָט דער פּאַרוואַלטער אָנגעשטעלט אַ פּאָר שטרענגע אויגן אויף בנימינען און אויף דעם הויפּט־קוכער.

דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו די דאָקטוירים, פעלדשערס, אַפּטייקערס און זיי אָנגעזאָגט וויאַזוי זיי דאַרפן זיך פירן. צום סוף האָט ער געזאָגט, אַז אויפן הויף, ווו ס׳וועט פּאָרקומען דער אָפיציעלער צערעמאָניאַל, וועט זײַן אַ ספּעציעלע באַלוסטראַדע פּאַר די דאַמען, די פרויען און קינדער פון פּערסאָנאַל. דאַרפן זיי וויסן וואָס פּאַראַ קליידער אָנצוטאָן און וויאַזוי זיך

צו פאַרנייגן, ווען זײַן מאַיעסטעט וועט פאַרבײַגיין.

דער צאַר איז געקומען אויפן הויף אַרומגערינגלט מיט אָפיצירן. גלחים אין זייערע בלישטשענדיקע בגדים זײַנען אים אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַן איקאָנע, אַ באַזעצטע מיט דיאַמענטן. די קאַליקעס, וואָס זײַנען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אַ רייִ, האָבן געשריִגן: הוראַ! און פון זייער קרענקלעך־היסטערישן געשריי איז דעם צאַרס פּנים שטאַרק בלייך געוואָרן. ער האָט זײַן פּנים טיפער באַהאַלטן אין דער באָרד און נאָך שטאַרקער צוגעדריקט די איקאָנע צו זײַן האַרץ. דערנאָך האָט ער די איקאָנע דערלאַנגט אַ טשערקעס מיט אַ ווילדער באָרד און אַ סך מעדאַלן אויף דער ברוסט, ער זאָל זי צוטראָגן צו די סאָלדאַטן. ווער פון זיי ס׳האָט געקענט, איז געפאַלן אויף די קני, ווער ניט — האָט זיך געהאַלטן מיט די הענט אין די קוליעס און צוגעפאַלן מיטן פּנים צו דעם הייליקן בילד.

דערנאָך איז דער צאַר צוגעגאַנגען צו דעם לאַנגן טיש, ווו ס׳איז געשטאַנען בנימין און די קוכערס אין פרישע ווײַסע פאַרטעכער. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ גרויסע שיסל מיט שוואַרצער קאַשע, אַ בעקן מיט שטיקער געזאָטן, שמאַלציק פלייש און ברייטע פּאָלומעשקעס מיט אָנגעשניטן ברויט. דער הויפט־פאַרוואַלטער האָט זיך פאַרנייגט און דערלאַנגט דעם צאַר אַ קליין זילבערן לעפעלע. דער צאַר האָט דערמיט גענומען אַ ביסל קאַשע און צוגעטראָגן צו די ליפּן. צי ס׳האָט אים געשמעקט, צי ניט — האָט מען ניט געקענט וויסן. ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט. אין זײַנע אויגן איז געלעגן אַ מין תּמעוואַטער אומעט. די קוכערס, מיט בנימינען בראָש, האָבן אויסגעשריִען דעם אײַנגעשטעלטן פּסוק: „מיר ווינטשן געזונט אײַער אימפּעראַטאָרישער גרויסקייט!“

דער צאַר איז אַריבער צו דער באַלוסטראַדע, ווו ס׳זענען געשטאַנען די אָנגעפּאַרפומירטע דאַמען און קאָקעטיש געשמייכלט. דאָרט זײַנען געווען די הויפּט־פאַרוואַלטערין פון רויטן קרײַץ, די קראַנקן־שוועסטער, די ווײַבער און קינדער פון די דאָקטוירים, און אויך בנימינס ווײַב מיט איר זון.

דאָס נעבעכדיקע פאַרשווינדל מיטן בלאָנדן בערדל האָט עפּעס משונהדיק געשמייכלט און אויסגעשטרעקט אַ בלייכע האַנט צו די דאַמען — שרהלען אַרײַנגערעכנט — און שטיל געמורמלט: ספּאַסיבאָ.

אויף אַזאַ אופן האָט שרהלע געקראָגן אַ דאַנק פאַר איר געטרײַשאַפט, פאַר איר שווײַגן און פאַר דער באַליידיקונג וואָס זי האָט געליטן. דער עיקר — פאַרן אָפּראַטעווען איר בנימינען פון אָרענבורגער פּאָלק.

## כ"א

די שלאַכטפעלדער האָבן זיך גערוקט אַלץ נענטער צו דער שטאָט. אויפן הימל פלעגן זיך באַווייַזן גרויסע פייגל מיט שוואַרצע צלמים אויף די ווייַסע בייַכער און אויסמייקען עטלעכע באָמבעס אויף דער אומעטיקער שטאָט. פון אונטן פלעגט מען זיי טרייַבן מיט האַרמאַטן, וואָס האָבן פאַרשפּיגן דעם הימל מיט קנוילן זילבערנעם שפּייַעכץ.

אין די אָרעמע טיילן פון שטאָט האָט זיך צעלייגט דער שוואַרצער שאָטן פון הונגער. עטלעכע גאַסן זייַנען אָפּגעצוימט געוואָרן, וואָרעם דאָרט האָט זיך פלוצעם באַוויזן אויף דער געלער שאָטן פון כאָלערע און דיזענטעריע.

דורכן צענטער פון שטאָט האָבן טאָג־און־נאַכט געצויגן די קאָלאָנעס פון אָפּטרעטנדיקן מיליטער. באַנדעס פון פאַרביטערטע זעלנער פלעגן זיך אַרייַנרייַסן אין די יידישע געסלעך און צעראַבירן די שפּייַז־קראָמען.

זשאַנדאַרן האָבן אומעטום געלויערט, און אַז זיי האָבן דערזען אַ יונגן מאַן, האָבן זיי אים אָנגעכאַפּט בייַם קאָלנער און געפאָדערט דאָקומענטן, פאַרוואָס ער איז ניט אין דער אַרמיי. די אויסבראַקירטע פון דער אַרמיי זייַנען נאָך אַלץ געווען געגנוג גוט צו גראָבן אָקאָפּעס הינטער דער שטאָט.

אַז די נויט איז געוואַקסן, האָט בנימין געדראַפּט פאַרגרעסערן די פעקלעך פּראָוויאַנט, וואָס׳ער האָט געבראַכט יעדע וואָך פון שפּיטאָל. פון די דאָזיקע פעקלעך האָבן זיך איצט געשפּייַזט אַן ערך פערציק פאַרשוין — קרובֿים און נאָענטע פרייַנד.

ווי אויף צו־להכעיס האָט מען אָבער אין שפּיטאָל פונקט געביטן דעם פאַרוואַלטער און ס׳איז געקומען אויף זייַן אָרט אַ מיליטערישער דאָקטער, ראַקיטין האָט ער געהייסן, דווקא אַ ווױלער מענטש, נאָר זייער אַ שטרענגער. מחמת דער נייַער דיסציפּלין, האָט שוין בנימין געקענט אַהיימקומען בלויז איין מאָל אין צוויי וואָכן, און ניט מער ווי אויף זעקס שעה.

די גרעסטע צרה איז אָבער געווען, וואָס דאָקטאָר ראַקיטין האָט בייַם טויער פון שפּיטאָל אַוועקגעשטעלט אַ ספּעציעלע וואַך און מ׳האָט מיט קיין פעקלעך שוין ניט געקענט אַרויסגיין. בנימין האָט קוים געקענט ברענגען אַהיים אַ ביסל גרויפּן אין די קעשענעס און אַ שטיקל פלייש אונטער דער פאַכווע פון שינעל. די פערציק קרובֿים און פרייַנד האָבן געשאָלטן מיט טויטע קללות דעם נייַעם פאַרוואַלטער פון שפּיטאָל, און אין איין וועגס אויך צוגעלייגט אַ קללה פאַר בנימינען.

איינמאָל, ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט אים שרהלע בײַ דער טיר אַרײַנגעשושקעט אין אויער, אַז אין צימער וואַרט אויף אים הרב איסערסאָן.

— וואָס וויל דער משוגענער?

— כ׳ווייס ניט. ער וויל רעדן נאָר מיט דיר. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז אַמאָל קומסטו זייער שפּעט, אָבער דו קענסט דאָך אים, דעם צדיק. ער וואַרט שוין דרײַ שעה. כ׳האָב מורא געהאַט זיך צו אָמפּערן מיטן משוגענעם.

״דער משוגענער״ און ״דער צדיק״ זענען געווען צוויי טיילן פון איין צונאָמען. וואָס איסערסאָן איז געווען אין דער אמתן, איז שווער געווען צו באַשטימען. פאַר די קעגנערס זײַנע איז ער געווען אַ משוגענער; פאַר זײַנע חסידים — אַ צדיק.

אַמאָל איז ער געווען אַן אָנגעזעענער בעל־דרשן אין איינער פון די קלויזן אויפן שולהויף. פּלוצעם איז ער משוגע געוואָרן און האָט אָנגעהויבן צו פאַרטײַטשן די סדרה אויף אַזאַ אופן, אַז די בעלי־בתּים, בפרט די רײַכערע, האָבן זיך געפילט געטראָפן און באַליידיקט.

אויף די טענות פון די בעלי־בתּים האָט ער געענטפערט, אַז ווערליק דער הייליקער תּורה זײַנען די ייִדן אַ כאָפּטע פּאַסקודניאַקעס, ס׳ערגסטע אין דער וועלט, והא ראיה — משה רבנו אַליין האָט זיי געשאָלטן מיט וויסטע קללות פון דער תּוכחה. און אַז מ׳האָט אים אויפגעוויזן, סטײַטש, משה רבנו האָט דאָך אויך געבענטשט די ייִדן, בעת פון אים, פון איסערסאָנען, הערט מען קיין גוט וואָרט ניט, האָט ער געענטפערט, אַז ערשטנס, האָט משה רבנו געבענטשט די ייִדן ווען ער האָט שוין געהאַלטן בײַם שטאַרבן, און ער, איסערסאָן, קלייבט זיך נאָך לאַנג צו לעבן; צווייטנס, זײַנען די בעלי־בתּים אין שטאָט — און דערבײַ האָט ער געוויזן אויף די גבירים אין מיזרח־וואַנט — טויזנט מאָל ערגער ווי די ייִדן אין מידבר בימי משה רבנו.

אַרויסוואַרפן פון קלויז האָט מען אים ניט געקענט, וואָרעם, דער גרעסטער טייל פונעם עולם האָט דווקא הנאה געהאַט וויאַזוי ער טײַטשט אויס די פּסוקים פון דער תּורה אין זײַנע דרשות. אָבער כּדי פון אים פּטור צו ווערן, האָבן די בעלי־בתּים אָנגעהויבן צו זוכן פּגמים, מ׳זאָל אים קענען פּסלען ווי אַ רב. מע האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם, אַז ער האָט געהאַט דרײַ ווײַבער. האָט איסערסאָן פאַרשטאַנען אויך דערויף צו ענטפערן: קודם־כּל, האָט ער געטענהט, האָט ער געהאַט נאָר צוויי ווײַבער, ווײַל איינע האָט ער אויך אַצינד. און פון די צוויי וואָס ער האָט געהאַט, איז איינע סתּם געשטאָרבן, און די צווייטע האָט ער נאָך צען יאָר אָפּגעגט, ווײַל זי איז געווען אַן עקרה.

באַלד האָבן די שונאים זײַנע פאַרשפּרייט אַ נײַעם קלאַנג, אַז מ׳האָט אים, דעם רב, געזען אַרײַנגיין אין אַ הײַזל מיט אַ רויטן לאַמטערן. און מ׳האָט נאָך צוגעגעבן, אַז ער האָט זיך אָנגעשטעקט מיט דער מיאוסער קרענק, וואָס איז

אים איצטער אַרײַן אין מוח, און דעריבער איז ער טאַקע ניט בײַם זינען. און כּדי משלים צו זײַן דעם בילבול, האָט מען נאָך מוסיף געווען, אַז מ׳האָט דעם רב געזען אַרײַנגיין צום דאָקטער וויסאָצקי. דאָ האָבן זיך שוין אַרײַנגעמישט כּלי־קודש, געשריגן געוואַלד, אַז אַזאַ רב איז אַ חרפּה פֿאַר ייִדן, און דערפֿאַר וועט מען אים שיקן אין גיהנום, אים ברענען און בראָטן אין זודיקער סמאָלע.

ווען הרב איסערסאָן האָט דערהערט דעם פּסק־דין, האָט ער זיך אָנגערופֿן: די טיפּשים וואָס שיקן מיך אָפּ אין גיהנום, טוען זיך אַליין אַ רעה, וואָרעם אַז ער וועט, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, קומען אין גיהנום, וועט ער זיי אַלע דאָרטן געפֿינען, און ערשט דעמאָלט וועט ער זיי דערלאַנגען ווי געהעריק.

הרב איסערסאָן איז געווען אַ הויכער, געזונטער פֿאַרשוין, פֿול מיט ענערגיע, מיט פֿײַער אין די אויגן און אויף דער צונג. מיט זײַן גראָבן שטעקן האָט ער אויף איטלעכן אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד. ווען ער פֿלעגט זיך פּלוצעם אַרײַנרײַסן אין שול, צי אין אַ קראָם, צי אין אַ פּריוואַטער שטוב, אַ מאָל בעטן אַ נדבה פֿאַר אַן אָרעמאַן, אַ מאָל — אַ טובֿה דווקא פֿאַר אַ גבֿיר, צי ער פֿלעגט גלאַט קומען עמעצן אויסזידלען פֿאַר עפּעס אַן עוולה, וואָס יענער האָט אָפּגעטאָן, — האָט אים קיינער ניט אַנטקעגנגערעדט.

אָט דער איסערסאָן האָט איצט געוואָרט אויף בנימינען.

בנימין איז קודם אַרײַן אין קיך און האָט אויסגעטרייסלט די קעשענעס. דערנאָך איז ער געקומען אין עס־צימער, וווּ הרב איסערסאָן איז געזעסן בײַם טיש, די הענט אויף זײַן גראָבן שטעקן. די באָרד זײַנע האָט זיך געוויגט אין אַ לײַכטן דרעמל. ווען ער האָט דערפֿילט אַז עמעצער איז אַרײַן אין צימער, האָט ער אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, אַראָפּגעשליידערט דעם דרעמל פֿון זײַן באָרד, און מיט אַ באַפֿעלעריש קול אַ זאָג געטאָן:

— זײַט אַזוי גוט און פֿאַרמאַכט די טיר. כ׳דאַרף מיט אײַך ריידן אונטער פֿיר אויגן!

— וואָס ווילט איר פֿון מיר! — האָט בנימין געפֿרעגט און גיך פֿאַרקלאַפּט די טיר.

— די פּעקלעך עסנוואַרג, וואָס איר האָט הײַנט געבראַכט, וויל איך איר זאָלט זיי אָפּגעבן פֿאַר ייִדישע יתומים. ס׳זענען אָנגעקומען אָקערשט אין שטאָט אַרויסגעטריבענע ייִדן, און צווישן זיי אַן ערך הונדערט און פֿופֿציק יתומים, פֿאַרשמאַכטע עופֿעלעך, מוז מען זיי געבן עסן, עסן, עסן — דער רב האָט דרײַ מאָל אַ קנאַק געטאָן מיטן שטעקן אויף דער פּאַדלאָגע.

— באַרויִקט אײַך — האָט בנימין זיך אָפּגערופֿן אַ דערשראָקענער — איר אַליין האָט געהייסן פֿאַרמאַכן די טיר, קיינער זאָל ניט הערן, און איצט שרײַט איר און קלאַפּט מיטן שטעקן. רעדט ווי אַ מענטש.

— אַ הונט קען ניט ריידן ווי אַ מענטש. אַ הונט בילט, און בילן קען מען ניט שטיל!

— כ׳פאַרשטיי אייַך ניט...

— כ׳בין מיט עטלעכע טעג צוריק געווען בייַם קאָמענדאַנט פון דער שטאָט — האָט הרב איסערסאָן געזאָגט שוין באַדאַכטער — און געבעטן ער זאָל אַרויסגעבן אַ ביסל פּראָוויאַנט פאַר הונגעריקע ייִדישע קינדער. האָט ער מיך אויסגעזידלט און מיך אָנגערופן הינטישער זון.

— וואָס־זשע בין איך שולדיק? — האָט בנימין זיך פאַרענטפערט — איך האָב אייַך ניט געשיקט צום קאָמענדאַנט.

— אמת. כ׳בין אַליין שולדיק. כ׳האָב ניט באַדאַרפט בעטן בייַ אַ גוייִשן גענעראַל וואָס איך קען קריגן בייַ אַ ייִדישן סאָלדאַט.

— ווער האָט אייַך דערציילט אַז איך ברענג אַהיים פעקלעך עסנוואַרג?

— האָט בנימין געפרעגט.

— בעת אַ מענטש איז אין אַן אומגליק — האָט איסערסאָן געענטפערט

— ווייס קיינער ניט. אָבער ווען ער ווערט אויפגעריכט, ווייסן אַלע.

— ס׳אַ גוזמא! כ׳ברענג אַמאָל אַ ביסל גרויפּן און עטלעכע לעבלעך ברויט, צעטייל איך עס צווישן די נויטבאַדערפטיקע פון דער משפחה.

— אַלע ייִדן זייַנען איין משפחה, טאַקע אַ פאַסקודנע משפחה, אָבער פאָרט אַ משפחה. און קודם דאַרף מען העלפן די יתומים.

— ווער האָט מיך פאַרמסרט? — האָט בנימין אַ צעקאָכטער געפאָדערט.

— כ׳שטעל דאָך אייַן דאָס לעבן פאַר די פאָר גרויפּן וואָס כ׳ברענג אַהיים!

— וואָס איז די נפקא־מינה ווער? אַ ייִד, פאַרשטייט זיך. אַלע ייִדן זייַנען מוסרים. ווייסט איר דען ניט אַז אַ ייִד האָט פאַרמסרט משה רבנו? אין חומש ווערט דערציילט, אַז משה איז איינמאָל אַרויס אין פעלד און געזען ווי אַ מצרי שלאָגט אַ ייִדן. האָט ער זיך אַרומגעקוקט צי קיינער זעט אים ניט, און אַז ער האָט קיינעם ניט געזען, האָט ער אויפגעהויבן דעם שטעקן, דערהרגעט דעם מצרי און אים באַגראָבן אין זאַמד. אויף מאָרגן האָט פרעה באַפוילן מ׳זאָל משהן כאַפּן. פרעגט זיך: ווער האָט משהן פאַרמסרט, אַז ס׳איז דאָרט קיינער ניט געווען? דער ענטפער איז: פאַרמסרט האָט אים טאַקע דער ייִד, וועמען ער האָט געראַטעוועט פון מצרישע הענט.

— זאָגט מיר, ווער ס׳איז דער ייִד, וועל איך אים דערלאַנגען אין זייַן מיאוסן פּרצוף — איז בנימין צוגעשטאַנען.

— דאָס האָב איך שוין געטאָן — האָט אים דער רב געענטפערט.

— כ׳האָב אים געגעבן דעם רעכטן כמאַל איבער די וואָנצעס. איצט בין איך דער איינציקער, וואָס קען אייַך פאַרמסרן, און כ׳וועל פון דאַנען ניט אַוועקגיין אָן אַ היפּשן פעקל פאַר די יתומים.

— קיין היפּשע פעקלעך האָב איך ניט. כ׳וועל אייַך געבן אַ ביסל.

— אַ ביסל טויג ניט. מע דאַרף אַ סך.

— ווו זאָל איך נעמען אַ סך?

— דאָרטן ווו איר האָט גענומען אַ ביסל... — האָט דער רב ביטערע געוווּנקען מיטן אויג.

— סטייַטש — האָט זיך בנימין שוין געבעטן בייַם הייליקן משוגענעם

— סטייַטש, ווי קענט איר, אַ פרומער ייִד, מיר הייסן עובֿר זייַן אויף לא תגנובֿ?!

— קודם־כּל — האָט אים איסערסאָן באַלד געענטפערט, — האָט איר געגנבֿעט איידער כ'בין צו אייַך געקומען. צווייטנס, אַפילו ווען איר פרעגט בייַ מיר פריער, וואָלט איך אייַך סייַ־ווי געהייסן גנבֿענען. ווען די ייִדן זייַנען אַרויס פון מצרים, האָט זיי גאָט אַליין געהייסן גנבֿענען, און ער איז געווען גערעכט. וואָרעם ווען ייִדן לעבן ווי מענטשן, מוזן זיי טאַקע אָפּהיטן די עשׂרת הדיברות, אָבער אַז מען צווינגט זיי צו לעבן ווי הינט, זייַנען אויף זיי ניט חל די דינים פון דער תּורה. די תּורה איז געגעבן געוואָרן פאַר מענטשן, ניט פאַר קיין הינט.

בנימין האָט פאַרשטאַנען, אַז קיין שום טענות וועלן דאָ ניט העלפן. ער וועט מוזן געבן איצט וויפל ער קען, און אויף דער קומענדיקער וואָך צוזאָגן מער.

בייַם אַרויסגיין מיטן פּעקל אונטערן אָרעם, האָט הרבֿ איסערסאָן זיך פּלוצעם פאַרהאַלטן בייַם שוועל און אַ זאָג געטאָן:

— שיִער ניט פאַרגעסן... געוואָלט אייַך בעטן אַ פּערזענלעכע טובֿה. ווען איר האָט אַן עקסטראַ פּעניצל ברויט, וואָלט איך עס אויסגעליִען פאַר מייַן ייִדענע. מיך וועט קיין שוואַרץ יאָר ניט נעמען, אָבער זי איז שוואַך, נאָך הייַנט קיין ביסן אין מויל ניט געהאַט. טאָמער חלילה זי שטאַרבט אַוועק, וועלן מיך די כּלי־קודש ווידער אַרייַנלייגן אין חרם, און אין די איצטיקע שווערע צייַטן, האָב איך מורא, וועל איך, אין מייַנע יאָרן, קיין פערט ווייַב ניט קריגן...

נאָך דעם ווי דער משוגענער צדיק איז אַוועק, האָט מיר דער טאַטע געזאָגט, אַז פון מאָרגן אָן וועל איך דאַרפן קומען יעדן טאָג אין שפּיטאָל אַרייַן. ער וועט מיר דאָרטן אָנשיטן פולע קעשענעס מיט אַרבעס און גרויפּן, וואָס איך וועל זיי ברענגען אַהיים און אַרייַנשיטן אין אַ ספּעציעל זעקל; סוף וואָך וועל איך עס דאַרפן אַריבערטראָגן צו הרבֿ איסערסאָן. אויף אַזאַ אופן בין איך געוואָרן אַ טאָגטעגלעכער גאַסט אין זווערינעצער שפּיטאָל.

כ'פלעג קומען אינדערפרי און זיך אַרומדרייען אויפן גרויסן הויף, ביז דער טאַטע פלעגט מיר געבן אַ ווונק פון הינטער די פּראָוויאַנט־סקלאַדן, איך זאָל קומען אָנפילן די קעשענעס. דערנאָך פלעג איך דאַרפן וואַרטן ביז דער וועכטער בייַם טויער וועט שלעפעריק אַ גענעץ טאָן,

און דעמאָלט זיך פֿלינק אַרױסגליטשן דורכן טויער.

צווישן טאַטנס ווונק און דעם וועכטערס געגעץ האָב איך צומאָל געדאַרפֿט וואַרטן גאַנצע שעהען, און האָב געהאַט צײַט זיך צוצוקוקן צו דער פֿיבערדיקער אַרבעט, וואָס איז דאָרטן אָנגעגאַנגען. נאָך די ערשטע טעג האָבן די אָנגעשטעלטע אין שפּיטאָל מיך שוין גערופֿן בײַם נאָמען און מיך אַפֿילו געבעטן כ׳זאָל צולייגן אַ האַנט, העלפֿן אַריבערטראָגן קישנס, קאָלדרעס און לײַלעכער פֿון איין אָרט אויף אַ צווייטן. שפּעטער האָט מען מיך מכבד געווען מיט וויכטיקערע אַרבעטן, און אין איינעם אַ טאָג האָט מען מיר אָנגעטאָן אויפֿן אַרבל אַ טאַשמע מיט אַ רויטן קרייץ און מיך געשיקט מיט אַ שליחות צו די ״קאָשאַרקעס״, די ספּעציעלע סטאַנציע פֿאַר מיליטערישע באַנען. דאָרט זענען געקומען די פֿויערישע קליינע וועגעלעך, וואָס האָבן אַריבערגעפֿירט די פֿאַרוווּנדיקטע אין די שפּיטאָלן.

דער זוועריניצער שפּיטאָל איז שוין אין יענער צײַט געווען איבער פֿול. אין איטלעכן ווינקל, אין די קאָרידאָרן און פֿאָדערצימערן, זײַנען געשטאַנען בעטלעך מיט צעריסענע גופֿים, וואָס האָבן געקרעכצט און געשאָלטן. איך האָב באַדאַרפֿט אָנווײַזן וווּאַהין צו טראָגן די נײַ־אָנגעבראַכטע, ווו זיי צו לייגן ביז די דאָקטוירים וועלן קומען און זיי אויססאָרטירן.

כ׳האָב זיך גיך פֿונאַנדערגעקליבן מיט מײַן גוטער אָריענטאַציע, און דעריבער האָט דער הויפּט־פֿאַרוואַלטער פֿון שפּיטאָל, פֿאָלקאָווניק ראַקיטין, מיר אײַנגיבן אָנפֿאַרטרויט אַנדערע, שווערערע אַרבעטן: פֿאַררעגיסטרירן די נומערן פֿון די באַנען, די צאָל פֿאַרוווּנדיקטע, די צאָל געשטאָרבענע אונטערוועגס און די צאָל פֿון די אָפּגעשיקטע אין זוועריניצער שפּיטאָל.

מיר איז אויסגעקומען צו לויפֿן מיטן בינטל פּאַפּירן אונטערן אָרעם פֿון דער סטאַנציע אין איין עק שטאָט, צום שפּיטאָל וואָס אין צווייטן עק שטאָט, אַ מהלך פֿון איבער אַכט ווירסט, צוויי און אַמאָל אויך דרײַ מאָל איבערן טאָג. נאָך דער ערשטער וואָך בין איך געבליבן אָן פֿאַדעשוועס.

ווען ראַקיטין האָט דאָס איינמאָל באַמערקט, האָט ער באַפֿוילן זײַן אַדיוטאַנט מיך אַרײַנצופֿירן אין דער קליידער־אָפּטיילונג און מיר צופּאַסן אַ פּאָר קליינע מיליטערישע שטיוול. עטלעכע טעג שפּעטער האָט דער טאַטע, מיט אַ דערלויבעניש פֿון דעם זעלביקן דאָקטער ראַקיטין, אַרויסגעשלעפּט פֿון סקלאַד אַ שינעל, אַ רובאַשקע און אַ פּאָר הויזן, אַליין פֿאַרשטשאָבעט די לעכלעך, אָפּגעהאַקט די אַרבל, אונטערגעשאָרן די הויזן — און צוגעפּאַסט פֿאַרן זון אַ פּאָלנעם מונדיר פֿון אַ סאָלדאַט. דערבײַ האָט ער ניט פֿאַרגעסן אַרײַנצונייען אין שינעל אַ פּאָר עקסטראַ לאַנגע קעשענעס.

מיט מײַן טאַלאַנט זיך אַרײַנצופּאַסן אין אַ בגד און תּיכּף ווערן דאָס וואָס דער בגד שטיגלט מיט זיך פֿאָר, איז מיר באַלד געראָטן אַרײַנגערעכנט צו ווערן צווישן דעם שפּיטאָל־פּערסאָנאַל, קריגן דעם זעלביקן געהאַלט

פון 240 קאָפּיקעס אַ חודש, און אַפילו דעם זעלביקן ״פּאַיאָק״ טאַבאַק ווי אַ רעגולערער סאָלדאַט. הגם כ׳האָב געוווּסט, אַז ווערדליק מײַנע יאָרן און מײַן סטאַזש בין איך אַפילו ניט קיין האַלבער סאָלדאַט, האָב איך סאַלוטירט די אָנגעשטעלטע אין שפּיטאָל (רעזערוויסטן אָדער פּריווילעגירטע מיליטערלײַט) מיט דער זיכערקייט און נאָנשאַלאַנס פון אַ פּאָלנעם אָפיציר.

מער פון אַלעמען האָט מיך מקרב געווען דאָקטער ראַקיטין. ער האָט מיך עפּנטלעך געלויבט, און אַפילו איינמאָל געהייסן אַ יונגן דאָקטער ער זאָל זיך בײַ מיר, דעם ״קליינעם קאַפּיטאַנטשיק״, לערנען וויאַזוי מע דאַרף זיך אָריענטירן.

אינגאַנצן גלאַט איז עס מיר ניט אָפּגעגאַנגען. איינמאָל האָב איך אויפן וועג באַגעגנט אַ שיכּורן פּאָרוטשניק און כ׳האָב זיך געפּוילט אים צו סאַלוטירן. דער שיכּור האָט מיך אָנגעיאָגט. נאָר ווען ער האָט דערזען דעם הונדערט־פּונטיקן סאָלדאַט, האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט און מיר געטאָן אַ בריקע אין הינטן.

איינמאָל, אין אַ קאַלטן רעגנדיקן פרימאָרגן, האָב איך זיך אַרומגעדרייט מיט מײַנע פּאַפּירן אַרום אַ פראַכטצוג, וואָס האָט בײַנאַכט געבראַכט פון פראָנט אַ טראַנספּאָרט צעשעדיקטע זעלנער. כ׳האָב אַרײַנגעקוקט אין די ליידיקע וואַגאָנען, צי מ׳האָט ניט דאָרטן אין אײַלעניש עמעצן פאַרגעסן. וכך־הווה. אין ווינקל פון אַ פּוסטן וואַגאָן איז עמעצער געזעסן אויפן צעפּוילטן שטרוי, אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט. אַ האַלבער לינקער פוס האָט אים געפעלט. דער קאָפּ — באַנדאַזשירט. ווען כ׳האָב גענומען אַרויפקריכן אין וואַגאָן, האָט מיך אַ זשאַנדאַר געוואָרנט:

— קאַפּיטאַן, היט זיך, ער איז מסוכּן, ער וועט דיר אָפּרײַסן די נאָז!

— וואָס איז אים?

— ווער ווייס? משוגע, ווײַזט אויס...

כ׳בין אַראָפּגעקראָכן און אַריבערגעפּויזעט די רעלסן צו אַ צווייטן צוג. שפּעטער האָב איך דערהערט ווילדע געשרייען. פיר בחורים האָבן זיך געראַנגלט מיט דעם משוגענעם, וועלכן זיי האָבן באַוויזן פריער אַרומצובינדן מיט שטריק צו אַ בעטל. דער געפּענטעטער האָט געשריִען מיט באַנומענע קולות, מע זאָל אים אַראָפּלאָזן, מע זאָל אים ניט פירן אין קיין שפּיטאָל, וואָרעם ער איז פּולקום געזונט. מע זאָל אים נאָר ווײַזן ווו עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די ייִדן, די פאַררעטער, וואָס האָבן אים אָפּגעשאָסן דעם פוס און ווילן אים איצט אויך אָפּהאַקן די הענט און דעם קאָפּ.

— טראָגט מיך צו די ייִדן און איך וועל זיי אַלעמען אויסשעכטן! — האָט ער געשריִען.

די בחורים, אַלע פיר ייִדן, האָבן זיך ניט־וויסנדיק געמאַכט, ביז דער משוגענער האָט איינעם פון זיי אַ בריקע געטאָן מיטן רעכטן פוס, אַזוי אַז

יענער האָט אַרויסגעלאָזט דאָס בעטל פון דער האַנט. דער משוגענער האָט זיך אַראָפּגעוואַלגערט און אַ טראַסק געטאָן מיטן קאָפּ אָן די רעלסן. ער האָט עטלעכע מאָל אַ צאַפּל געטאָן און איז דערנאָך אַנטשוויגן געוואָרן.

— היי, וואָס טוט זיך דאָרטן? — האָב איך דערהערט דאָס קול פונעם זשאַנדאַר.

— ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון טראָגבעטל. ער איז דאַכט זיך טויט...

— אַ טויטער שפּרינגט ניט! — האָט דער זשאַנדאַר זיך אָנגערופן מיט חוצפּה צו די פּריַיוויליקע בחורים. — ווייַזט נאָר אייַערע דאָקומענטן, אַז איר זענט באַפרייַט פון מיליטער און פון גראָבן אָקאָפּעס הינטער דער שטאָט!

— מיר זייַנען פּריַיוויליקע אין רויטן קרייץ — האָט איין בחור אָנגעוויזן אויף דער טאַשמע איבערן אַרבל.

— אַ ייִדישער רויטער קרייץ — האָט דער זשאַנדאַר אַ מרוקע געטאָן.

— קומט מיט מיר!

— מיר זייַנען דאָך מחוייב אים צו ברענגען אין אַנטאָקאָלער אָפּטיילונג

— האָבן זיך די בחורים געקלאַמערט אין דעם טויטן.

איך האָב זיך אַרייַנגעמישט, ווי גלייַך איך ווייס ניט אין וואָס דאָ גייט, און אַ פרעג געטאָן:

— ווו איז דער משוגענער?

— דאָרטן ליגט ער, אַ טויטער, די חברה האָבן אים דערענדיקט — האָט מיר געענטפערט דער זשאַנדאַר.

— אויב ער איז טויט, געהער ער צו מיר. פאַראַן בייַ מיר אַ רובריק פאַר טויטע. לאָמיר אים אָפּצייכענען! — האָב איך זיך באַפעלעריש געווענדט צו די בחורים, זיי זאָלן מיר נאָכגיין.

די פיר בחורים האָבן זיך אויסגעצויגן מיט רעספּעקט און צוגעלייגט די פינגער צו די היטלעך, וואָס זיי זייַנען ניט מחוייב געווען צו טאָן אַפילו פאַר אַ גענעראַל.

ניט בלויז פּרעסטיזש האָבן מיר געבראַכט די מיליטערישע קליידער, נאָר אויך אַ מין אויסערגעוויינטלעכן מזל. איינמאָל האָב איך אויפן וועג פון שפּיטאָל געפונען אַ זילבערן זייגערל, און אַ צווייט מאָל — אַ בייַטעלע מיט 35 רובל. און אויב דאָס איז ווינציק, בין איך אויך איין מאָל ניצול געוואָרן פון טויט.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט זייַנען איבער די "קאָשאַרקעס" פאַרבייַגעפלויגן צוויי דייַטשע פויגלען און האָבן אַראָפּגעוואָרפן צוויי באָמבעס. איינע האָט געטראָפן אַ וואַגאָן, ווו עטלעכע פּריַיוויליקע האָבן זיך געפּאָרעט מיט די פאַרווונדיקטע. דער וואַגאָן מיט די מענטשן אינאיינעם איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך. אַפילו דער זשאַנדאַר האָט פאַרלוירן אַ האַנט. איך בין געווען דער איינציקער וואָס איז אַרויס ווי אַ קאַטשקע פון וואַסער. קיינער האָט

ניט געקענט דערקלערן דאָס מזל פון דעם קליינעם קאַפּיטאַנטשיק, אַחוץ מייַן טאַטע. ער האָט געוווּסט, אַז דער זעלביקער גאָט, וועלכער האָט מיר געשאָנקען דאָס זילבערנע זייגערל, האָט מיך געראַטעוועט פון דער באָמבע.

כ׳האָב זיך אָבער ווינציק וואָס איבערגענומען מיט אָט די אַלע גליקן, וואָרעם כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז לאַנג וועט דאָס ניט אָנהאַלטן. פאַרנאַכט, אויפן וועג צום שפּיטאָל, האָב איך געהערט דעם אָפּקלאַנג פון דער ווייַטער קאַנאָנאַדע, פון די לעצטע שלאַכטן הינטערן האָריזאָנט. אויפן ראַנד פון הימל האָב איך געזען דעם רויטן אָפּגלאַנץ פון פייַערדיקע צינגער, וואָס לעקן שוין דעם ברעג פון דער באַלאַגערטער שטאָט. אָט באַלד וועל איך דאַרפן אַראָפּוואַרפן דעם מזלדיקן מונדיר, וואָרעם ער געהער צו די באַזיגטע רוסן.

אמת, פאַר די רוסן בין איך טאַקע אַ ייִד, אַ פאַררעטער, אַ גאָט־מערדער, אַ קרעציקער הונט. אָבער זיי, די רוסן, זייַנען די איינציקע וואָס זייערע בלוטיקע ווונדן זייַנען מיר באַקאַנט, וואָס זייערער קללות האָב איך אייַנגעזאַפּט פון קינדווייַז. ווער זייַנען די דייַטשן? ווי זעען זיי אויס? ווי קלינגט זייער לשון?

פון דעם וואָס די פאַרווונדיקטע אין שפּיטאָל האָבן דערציילט, האָב איך ניט געקענט צונויפשטעלן קיין קלאָר בילד וועגן די דייַטשן. נייַנציק פּראָצענט פון די פאַרוווּנדיקטע זייַנען געווען אַנאַלפאַבעטן און האָבן אַפילו ניט געקענט אַרויסרעדן ליַיטיש דאָס וואָרט ״ניעמעץ״ — דייַטש. זיי פלעגן מיך אָפּט בעטן כ׳זאָל פאַר זיי אָנשרייַבן אַ בריוול צו זייערע ווייַבער און קינדער. אין די בריוולעך האָבן זיי זיך געשוואָרן, אַז זיי האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן געזען אַ דייַטש, געזען די פערדישע פּאָדקעוועס אויף זייַנע פיס, דעם עק פון הינטן און די הערנער אויפן שטערן.

איין פּאָדפּאָרוטשניק האָט מיר אַפילו מענטשלעכער באַשריבן די דייַטשן, אָבער אויך ער, דער אָפיציר, האָט ניט געוווּסט ווי עס הייסט די דייַטשע הויפּט־שטאָט.

ווער די דייַטשן זאָלן ניט זייַן — טייַוולאָנים אין דער געשטאַלט פון מענטשן, צי מענטשן אין דער געשטאַלט פון טייַוולאָנים — איז געווען קלאָר, אַז די פייַערדיקע שטריק, וואָס זיי האָבן פאַרוואָרפן בייַם האָריזאָנט, וועלן אינגיכן פאַרצויגן ווערן אַרום דעם גאָרגל פון דער גוססדיקער שטאָט, און דעמאָלט וועט קומען, ווי באַרוועס זון האָט געזאָגט — אַ סוף צו דער וועלט, צו אַלץ וואָס איז געווען, צו אַלץ וואָס האָט געלעבט און געחלומט אין דער אַלטער שטאָט.

אינאיינעם מיט אָט דער טרויעריקער נבואה פון באַרוועס זון האָב איך אויך דערזען דעם קראַנקן נביא אין זייַן בוידעם־שטיבל. מייַן פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט און פאַר מייַנע גייַסטיקע אויגן האָט די גאַנצע שטאָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בוידעם־שטיבל, און די גאַס אין אַ לאַנג בעטל. דער קראַנקער, באַרוועס זון, האָט מיט דאַנקפּולע אויגן געקוקט אויף מיר, און

איך, אין מײַן סאָלדאַטסקן שינעל, בין געווען דער פּראָנצוויזישער דאָקטער שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ...

אָט די וויזיע האָט מיך אָפּגעריסן פון דער אומעטיקער רעאַליטעט און מיך אָנגעפּילט מיט אַ גלויבן, אַז כ׳בין באמת דער איינציקער מזלדיקער מענטש, וואָס שטייט מחוץ דער פּאַרמישפּטער שטאָט, אַז כ׳בין באמת דער איינציקער דאָקטער, וואָס פּאַרמאָגט אַזאַ געהיימען מיטל צו פּאַרהאַלטן דעם טויט, וואָס רוקט זיך אָן פון דעם ברענענדיקן האָריזאָנט.

אויסגעצויגן מיט דער גאַנצער מיליטערישער פּאָמפּע, האָב איך זיך געלאָזט גיין אין אַ פּרעציזן ריטעם, קלאַפּנדיק מיט די שטיוול איבער די גליטשעדיקע ברוק־שטיינער: די שוואַרצע און געלע שאָטנס פון די קראַנקע און הונגעריקע גאַסן זײַנען זיך צעפלויגן פאַר דער טראַסקערײַ פון מײַנע שטיוול. די אַרבעס און גרויפּן אין מײַנע קעשענעס האָבן געקלונגען ווי גלעקעלעך אין ריטעם פון מײַנע מאַרשירנדיקע פיס. איצט האָב איך מאַרשירט ניט ווי אַ פּראָסטער מזלדיקער סאָלדאַט, נאָר ווי אַ פולער גענעראַל; ניין, וואָס מיינט אַ גענעראַל? קײַ שפּײַ! אין מײַן מזלדיקן שינעל בין איך דער „באַזיגער פון טויט״, שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ!

איין מאָל, בעת איך האָב אַזוי מאַרשירט אַ פּאַרטראָגענער אין מײַן וויזיע, מיטן פּעקל אַרבעס אונטערן אָרעם, אויפן וועג צו איסערסאָנען, האָט מיך פּלוצעם פּאַרהאַלטן אַ מאַן מיט אַ בערדל און מיך געפרעגט:

— צי זענט איר ניט געווען אַמאָל אַ תּלמיד אין דער „נאַטשאַלנאָיע אוטשילישטשע״?

כ׳האָב זיך ניט געאײַלט צו ענטפערן.

— איר דערקענט מיך ניט — האָט דער מאַן באַרויערט. — אַוודאי, שוין עטלעכע יאָר ווי מיר האָבן זיך ניט געזען. בין איך טאַקע אַזוי געעלטערט? פּאַרשטייט זיך, דאָס בערדל גיט מיר צו לכל־הפּחות צען יאָר. אָבער נעמט אַראָפּ די צען יאָר — ער האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דעם העל־ברוינעם בערשטל איבער זײַן מאָרדע — און איר וועט זען אַז איך בין דער זעלביקער גראַסים איסאַקאָוויטש, אײַער געוועזענער לערער פון געאָגראַפיע.

כ׳האָב געעפנט ס׳מויל ווי אַ פיש אין אַ שטומען: אַהאַ!

— מענטשן זאָגן מיר, אַז אין בערדל זע איך אויס ווי מעפיסטאָ. הײַנטיקע צײַטן איז אַפילו אַ באָרד פון אַ טײַוול אַ געוווּנטשענע זאַך! אין בערדל גיי איך זיכערער איבער די גאַסן. און וואָס טוט איר? כאַ־כאַ! איך פרעג, ווי גלײַך כ׳וואָלט ניט געזען אַז איר זענט אַ זעלנער. און וואָס קען הײַנטיקע צײַטן טאָן אַ זעלנער? אָדער ער שיסט, אָדער ער ווערט געשאָסן...

— כ׳בין פונקט אַזאַ זעלנער, ווי איר זענט אַ מעפיסטאָ. דער שינעל איז מײַן בערדל.

— כאַ־כאַ! גוט געזאָגט. כ׳געדענק, אַז איר האָט שטענדיק שיין גערעדט... זאָגט מיר נאָר, איר קענט דעם רעוויזאָר, פון גאָגאָל? דעם רעוויזאָר, דעם שווינדלער פון פּעטערבורג, וועלכער נאַרט אויס בײַ די שטאָט־בעלי־בתּים אַ סך געלט און פֿאַרפֿירט נאָך דערצו די טאָכטער פון דעם בירגערמײַסטער... ווען איר זאָלט זײַן אַ ביסל עלטער און אַ ביסל העכער, וואָלט איר אפשר געקענט שפּילן דעם רעוויזאָר. איר ווייסט דאָך מסתּמא אין וואָס פֿאַר אַ מצב געפינען זיך די אָנגעלאָפענע פּליטים. מוז מען פֿאַר זיי שאַפֿן אַ ביסל געלט. פּלאַנירט מען עטלעכע פֿאָרשטעלונגען. כ׳בין בטבע ניט קיין כּלל־טוער, נאָר אין דעם פֿאַל בין איך פֿאַראינטערעסירט, ווײַל דאָס איז אַ פּאַסיקע געלעגנהייט זיך אַרײַנצוּוואַרפֿן אין טעאַטראַלער אַרבעט. איר קענט מיך, פֿאַרשטייט זיך, ווי אַ לערער פון געאָגראַפֿיע, אָבער ווען ניט מײַנע עלטערן, וואָלט איך היינט געווען אַ גרויסער אַקטיאָר. בקיצור, כ׳האָב צונויפֿגעשטעלט אַ שיינע גרופּע און איך בין דער רעזשיסאָר, דער סטאַניסלאַווסקי פון דער גרופּע, אַזוי צו זאָגן. למען האמת, זײַנען זיי ניט קיין גרויסע טאַלאַנטן, אָבער אַפֿילו אַ בער קאָן מען אויסלערנען טאַנצן. שווערער פון אַלץ איז געווען צו געפינען אַן אָרט וווּ צו שפּילן, וואָרעם עס דאַרף זײַן אין אַ זײַטיקער גאַס, אויסצומײַדן אַן אָבלאַווע פון די זשאַנדאַרן.

מיר האָב אַ טאַניע, אַ מויד אַ ברען, האָט זי געפונען אַ זאַל מיט אַ בינע אין אַ געזאַנג־פֿאַראיין. זי האָט געמאַכט אַ פֿאָרהאַנג און צונויפֿגעשטעלט דעקאָראַציעס ־ און קאָסטיומען, ווונדערלעך. איך האָב צוערשט געוואָלט אויפֿפֿירן האַמלעט, האָב איך ניט געקענט געפינען קיין פּאַסיקן מענטש. וואָרעם דאָס איז דאָך ניט סתּם אַ פּרינץ וואָס זיצט אין אַ פּאַלאַץ און עסט פּוטערברויט. דאָס איז אַ פּרינץ וואָס שטעלט די שאלה: זײַן אָדער ניט זײַן! קענט איר דעם דאָזיקן מאָנאָלאָג? זײַן אָדער ניט זײַן! — דאָס איז די שאלה.

אָבער דאָס איז איצט ניט וויכטיק. אין אונדזער מצב, מיט די כאַפּעניש אויף די גאַסן, ווען קיין טאַלאַנטן זײַנען ניטאָ, איז דער רעוויזאָר פּאַסיקער. ערשטנס, זײַנען אין דער פּיעסע פֿאַראַן צוויי הויפּט־ראָלן — דער רעוויזאָר און דער בירגערמײַסטער, דער גאָראָדניטשי. טאָמער טויג ניט איינער, העלפֿט אים אַרויס דער צווייטער. און אַ גאָראָדניטשי האָבן מיר שוין, איינעם וואָס הייסט זוסקין, פון פֿאַך איז ער אַ סטאָליער, נאָר אַז איר גיט אויף אים אַ קוק, וואָלט איר געשווירן, אַז דאָס איז דער אמתער גאָראָדניטשי. ער האָט אַ בולבעוואַטע נאָז און אַ פּאָר חזירישע אייגלעך. די איינציקע צרה איז נאָר, וואָס מיר האָבן ניט קיין רעוויזאָר. אונדזער פּערסאָנאַל באַשטייט ס׳רוב פון עלטערע מענטשן, און דער רעוויזאָר מוז זײַן אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר איינאונצוואַנציק. און דאָס איז איצט ניט בנמצא. כ׳האָב שוין אַפֿילו איינעם געפונען, וואָס הינקט אונטער אַ ביסל, און געמיינט אַז

דאָס וועט אים אויסהיטן פון די זשאַנדאַרן. אַ נעכטיקער טאָג! אויפן וועג צו דער פּראָבע האָט מען אים געכאַפּט און ער גראָבט שוין אָקאָפּעס. אַ שאָד, אַ שאָד. ווען איר זענט אַ ביסל עלטער... כאָטש, צוריקגערעדט, ווען איר זאָלט זײַן עלטער און העכער, וואָלט איר דאָך אויך געגראָבן אָקאָפּעס. וואָס־זשע טוט מען?...

נאָך איידער כ׳האָב באַוויזן אַרויסצונעמען מײַן זייגער, האָט ער מיך אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט און אַ זאָג געטאָן:

— קומט מיט מיר!

# כ"ב

— פעסער, דאָקומענטן! — האָט גערשאַסים איסאַקאָוויטש אויסגעשריִען ווען מיר זייַנען אַרייַן אין קליינעם זאַל פון דעם געזאַנג־פּאַראיין. — כ׳האָב געבראַכט אַ זשאַנדאַר אייַך צו אַרעסטירן!

אין זאַל זייַנען געווען פאַרזאַמלט אַ צוועלף־דרייַצן מענער און פרויען. די מענער, אַחוץ איינעם וואָס האָט געהאַט אַ בעלמע אויפן אויג, זייַנען אַלע געווען אין און אַריבער די מיטעלע יאָרן. די פרויען האָבן דווקא אויסגעזען א ביסעלע ייִנגער, אָבער אויך שוין מיט היפּשע אויפגעבלאָזענע בריסטן און שווערע צעגאָסענע היפטן.

די חכמה פון מייַן אַמאָליקן לערער האָט זיי צוערשט איבערגעשראָקן, אָבער אַזוי גיך ווי זיי האָבן דערזען דעם "זשאַנדאַר", וועמעס שינעל איז געווען אַ ביסל צו לאַנג, און די באַראַשקענע פּאַפּאַכע צו גרויס, און וואָס האָט מיטן פּעקל אונטערן אָרעם געמאַכט דעם רושם ווי ער וואָלט אין דער באַלאַגערטער שטאָט פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן פון ערגעץ אַ ווייַט קינדערלאַנד, ווו אַ פּיסטאָלעט איז דאָס שענסטע שפּילכל און מלחמה די אומשולדיקסטע שפּיל — האָבן זיי זיך אַרומגעכאַפּט אין אַ צעלאָזענער פרייד.

— ער איז מייַנער אַ געוועזענער תּלמיד — האָט גערשאַסים איסאַקאָוויטש אַראָפּגעוואָרפן זייַן הוט און מאַנטל. — איך האָב אים צופעליק געטראָפן אין גאַס און געבראַכט אַהער, ער זאָל זען ווי איך אַרבעט מיט אייַך. באַקענט זיך! — ער האָט מיך אָנגענומען מיט צוויי פינגער בייַם קאַרק און מיך צוגעשטופּט צו דער גרופּע: — דאָס זייַנען קאָגאַן, שאַפּיראָ, לאַפּידעס, באַדאַנעס, און דאָס איז אונדזער גוטע טאַניע — האָט ער מיט באַזונדערער חשיבות אָנגעוויזן אויף דער קליינער בינע, ווו ס׳איז געשטאַנען אַ פרייַלין מיט אַ מערקווערדיק פּנים, פון יענע זעלטענע פּנימער, אויף וועלכע די גאַנצע געשיכטע פון דעם פּאַרשוין אין אויסגעמאָלן מיט אַלע דעטאַלן.

אויפן ערשטן בליק האָט מען שוין געזען, אַז טאַניע איז אַ מיידל אין די יאָרן, אַז זי קומט פון אַן אָרעמער שטוב און אַז זי איז אַ לערערין אין אַ קינדערשול; אַז זי האָט, ווי מ׳זאָגט, אַ גאָלדן האַרץ און זילבערנע הענט און איז אַ מיטגליד אין מער ווי אַ טוץ וווילטעטיקע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. אין אָט די אַלע אָרגאַניזאַציעס איז זי ניט קיין פּאָרזיצערין, ניט קיין סעקרעטאַרשע, ניט קיין קאַסירערין, נאָר זי שטעלט

אויס די שטולן צו אַ פֿאַרזאַמלונג, זי דעקאָרירט דעם זאַל, זי שטייט בײַ דער טיר. כאָטש אונטער אירע מאָגערע, בלייכע באַקן ווײַזן זיך שוין טיפֿע פּעלבלעך, פֿינקלען אירע צניעותדיקע אויגן מיט קינדערשער נאַיִווקייט און באַגײַסטערונג.

זי איז געשטאַנען אויף דער בינע, די הענט אויסגעשמירט מיט פֿאַרב, און מיט אַ צעדריבלטן פּענדזל געמאָלן אויף אַ קאַרטאָן די לעצטע ווערטער פֿון אַן אויפֿרוף:

**זונטיק בײַנאַכט, דעם 22סטן,**
**וועט אין געזאַנג־פֿאַראיין**
**אונטער דער פּערזענלעכער אָנפֿירונג**
**פֿון באַקאַנטן טעאַטראַל**
**גערשאָם איסאַקאָוויטש דאָלסקי**
**אויפֿגעפֿירט ווערן**
**דער "רעוויזאָר"**
**קאָמעדיע פֿון גאָגאָל, אין פֿינף אַקטן**

— ווּ איז זוסקין? — האָט דאָלסקי זיך געווענדט צו טאַניען — כ׳קאָן שווערן, אַז ער וועט הײַנט ווידער ניט קומען.

— ער וועט קומען. זײַן ווײַב האָט מיר פֿאַרזיכערט, אַז ער וועט קומען. נעכטן האָט אים ווײ געטאָן אַ צאָן.

— וואָס גייט מיך אָן זײַן צאָן? כ׳האָב געזוכט אַקטיאָרן, וואָס האָבן געשפּילט מיט היץ, מיט קאָפּווייטיק, מיט גאַלשטיינער. אַ דילעטאַנט בלײַבט אַ דילעטאַנט!

— זוסקין קען די ראָלע פֿון גאָראָדניטשי אויף אויסנווייניק — האָט טאַניע פּרובירט פֿאַרענטפֿערן דעם דילעטאַנט. אָבער דער שטרענגער רעזשיסאָר האָט געפּאָדערט דיסציפּלין און דרך־ארץ פֿאַר טעאַטער־קונסט. אַרומשפּרײַזנדיק איבערן זאַל און פֿאָכענדיק מיט די הענט, האָט ער זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ לאַנגער לעקציע, מיט ציטאַטן וועגן דער איבערגעגעבנקייט פֿון דער געטין מעלפּאָמענע.

— ער וועט זיכער באַלד קומען — האָט טאַניע געענטפֿערט אויף דער לאַנגער דיסערטאַציע, — דערווײַלע לאָמיר אָנהייבן די פּראָבע. — און זי האָט גענומען שלעפּן אַ טישל צו דער בינע.

— וואָס פּראָבע, ווער פּראָבע, מיט וועמען זאָל איך פּראָבירן?

— מיר האָבן נאָך ביז הײַנט ניט געמאַכט קיין איין פּראָבע — האָט אים טאַניע דערמאָנט. — לאָמיר מאַכן אַ פּראָבע מיט די וואָס זײַנען דאָ.

— קיינער איז ניטאָ! — האָט דער קאַפּריזנער רעזשיסאָר אַ שמיר געטאָן מיט דער האַנט איבער דער וואַנט ווּ די גרופּע איז געזעסן — כ׳האָב ניט מיט וועמען צו שיסן. פֿון לעמבערגער קעז קאָן מען קיין קוילן ניט מאַכן.

— גערעאַסים איסאַקאָוויטש, כ׳האָב שוין כמעט אַ העלפט פון די בילעטן פאַרקויפט, דער אַנאָנס איז שוין פאַרטיק.

— וויפל מאָל האָב איך אייַך שוין געזאָגט, אַז איר פאַרשטייט אין טעאַטער ווי אַ קו אין אַלגעברע... דער גאַראָדניטשי איז ניט געקומען און קיין רעוויזאָר האָב איך ניט. מיט וועמען זאָל איך גיין צום טיש?

— אפשר וואָלט איר געקענט שפילן דעם רעוויזאָר? — האָט טאַניע געמאַכט אַ טראָט צו מיר. אָבער דאָלסקי האָט איר איבערגעשלאָגן:

— דאָס וואָלט איך אייַך געבעטן, גנעדיקע פרייַלין, איבערלאָזן פאַר מיר. דער רעוויזאָר דאַרף פאַרפירן אַ מוטער און אַ טאָכטער אין דער זעלביקער נאַכט, און צו דעם דאַרף מען זייַן אַ מאַן אין פולסטן זין פון וואָרט. אויף דעם, פרייַלין, קענט איר נאָך דערוואַרטן קיין מבין ניט זייַן...

— פאַרוואָס זאָלט איר אַליין ניט שפילן די ראָלע פון רעוויזאָר? — האָט טאַניע אַ פרעג געטאָן.

דער פאָרשלאַג האָט אויפגעטשוכעט די גרופע בייַ דער וואַנט, און איינער פון זיי, דער מיט דער בעלמע, האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ בלעכערן קול פאָרויסגעזאָגט די גרויסע סענסאַציע אין שטאָט, אַז מע וועט אַנאָנסירן: גערעאַסים איסאַקאָוויטש דאָלסקי אין דער ראָלע פון רעוויזאָר.

גערעאַסים איסאַקאָוויטש האָט דערפילט אַ פלוצעמדיקע שוואַכקייט אין די קני און איז אַרייַנגעפאַלן אין אַ שטול. באַלד איז ער אָבער צוריק אויפגעשפרונגען:

— איך לייקן ניט, אַז מייַן אויפטריט אין דער ראָלע פון רעוויזאָר וואָלט געווען אַ סענסאַציע — האָט ער זיך אַ וויש געטאָן דאָס בערדל און דורכגעשפרייַזט דעם זאַל. ער האָט אַ שנעל געטאָן מיט צוויי פינגער אין דער הייך, ווי אַ פרישער געדאַנק וואָלט אים אייַנגעפאַלן, און זיך געווענדט צו מיר:

— זייַט אַזוי גוט און שטעלט זיך אַרויף אויף דער בינע. איך וויל זען וויאַזוי איר וועט אויסזען אין פערספּעקטיוו.

— גערעאַסים איסאַקאָוויטש, מאָרגן אינדערפרי מוז איך אַרויסהענגען דעם פּלאַקאַט. אויב איר שפּילט דעם רעוויזאָר, מוז איך צושרייַבן מיט גרויסע ווערטער: "דער באַרימטער טעאַטראַל דאָלסקי אין דער ראָלע פון רעוויזאָר" — האָט זיך טאַניע געבעטן.

— צושרייַבן אויפן פּלאַקאַט האָבן מיר נאָך צייַט — האָט דער אייַנ־געשפּאַרטער טעאַטראַל געענטפערט. — איך וויל בלויז מאַכן אַ קליינעם עקספּערימענט. פון דער ערשטער ריי איז, פאַרשטייט זיך, די געשטאַלט אויף דער בינע גרעסער. אָבער לאָמיר נאָך זען ווי ער וועט אויסזען פון דער הינטערשטער ריי. לאָזט מיך נאָר הערן אייַער קול, זאָגט עפּעס, איינעם פון די משלים פון שול. שעמט זיך ניט, איך ווייס, אַז איר

זענט ניט קיין שעמעוודיקער. לאָמיך הערן קרילאָווס משל ״דעמיאַנס פישיויך״, אָדער ווי הייסט עס דאָרט, ״דער שוואַן, דער ראַק און דער קאַרפּן־פיש״... העכער, איך הער ניט וואָס איר זאָגט!

איך בין צוגעגאַנגען צום ברעג פון דער בינע און געזאָגט:

— אַנטשולדיקט מיר, ס׳איז שוין אַ היפשע צײַט פון זינט איך האָב די משלים געלייענט, איך געדענק זיי ניט מער.

— געדענקט איר אפשר עפּעס אַנדערש? עפּעס וואָס איר האָט לעצטנס געלייענט?

לעצטנס האָב איך דווקא יאָ עפּעס געלייענט.

— וואָס אַזוינס, ווי הייסט עס?

— ״דער באַזיגער פון טויט״!

— איך קען די גאַנצע רוסישע און אַלוועלטלעכע ליטעראַטור, נאָר פון אַזאַ בוך האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהערט.

— דאָס איז ניט קיין בוך, דאָס זײַנען זיבעציק־אַכציק קליינע ביכלעך, וואָס ווערן פאַרקויפט יעדע וואָך אין המשכים, בײַ די קיאָסקן.

— דאָס איז טשיקאַווע — האָט דאָלסקי מיט אַ געמאַכטן ערנסט אָנגעבלאָזן די ליפּן — עמעצער וואָס האָט איבערגעלייענט אַכציק ביכער איז, בלי ספק, אַ באַלעזענער מענטש. לאָמיר הערן — האָט ער אַ פינטל געטאָן מיטן אויג צו דער גרופּע, זיי זאָלן אים העלפן מיך אָנציִען.

— גענוג! — האָט טאַניע אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פוס — גענוג זיך נאַריש מאַכן! — זי איז צוגעלאָפן צום פּאָרטאַל פון דער בינע, ווו ס׳איז געלעגן אַ בינטל אויסגעשריבענע ראָלעס, האָט אַרויסגענומען אַ בלאַט און מיר צוגעטראָגן: — מיר האָבן ניט קיין צײַט צו הערן אַכציק ביכער. לייענט איין בלאַט פון ״רעוויזאָר״ און דאָס וועט זײַן גענוג.

דער פרײַלינס רייד האָבן אַ שטאָך געטאָן די היפּערסענסיטיווקייט פון גערשאַסים איסאַקאָוויטש. פון דעסטוועגן האָט ער זיך ברייטלעך אָנגעלענט אויפן ווענטל פון שטול, פאַרוואָרפן אַ פוס אויף אַ פוס, און דרײַ מאָל אַ פּאַטש געטאָן איבער דער קני, ווי אַ סיגנאַל אָנצוהייבן. נאָך אַ סעקונדע האָט ער אָבער אַ פערטן פּאַטש געטאָן איבער דער קני און אויסגעשריִען:

— צו אַלדע שוואַרצע יאָר, אַ זאָקנבענדל האָט מיר געפּלאַצט. דאָס איז ניט קיין מזלדיקער סימן אין טעאַטער. ניט ווײַל איך בין איבערגלייבעריש, נאָר ווײַל ס׳איז אַ פאַקט: ווען ס׳פּלאַצט אַ שויב, אַ שפּיגל אָדער אַ זאָקנבענדל, איז די פאָרשטעלונג אַ זיכערער דורכפאַל.

— אָט האָסטו דיר! — האָט טאַניע מיט אויסגעשטרעקטע הענט זיך געוועדנט צו דער גרופּע, ווי געפאָדערט זיי זאָלן זיך סוף־כל־סוף אַרײַנמישן.

גערשאַסים איסאַקאָוויטש האָט מער ניט באַדאַרפט. ער איז אויפגעשפּרונגען אַ צעקאָכטער: — אײַער ציניזם שמעקט שוין מיט חוצפּה, און דאָס וועל

איך ניט דערלאָזן!

דער מיט דער בעלמע אויפן אויג האָט פּרובירט דערקלערן, אַז טאַניע האָט ניט געמיינט שלעכט מיט איר באַמערקונג, אָבער דער אויפגערעגטער רעזשיסאָר האָט געשריִען, אַז ער דאַרף ניט קיין אַדוואָקאַטן אין פאַל פון אַן אָפענער באַליידיקונג. אָבערגלייבעניש איז טאַקע אָבסקוראַנטיזם, אָבער זאָל מען פרעגן יעדן פּראָפעסיאָנאַל, וועט ער באַשטעטיקן, אַז פייַפן אויף אַ פּראָבע, אָדער ברענגען אַ שירעם הינטער די קוליסן, איז אַ זאַך וואָס ווערט ניט דערלויבט אַפילו ביי אַזאַ פּראָגרעסיווער אויטאָריטעט ווי סטאַניסלאַווסקי.

— אַנטשולדיקט, — האָט טאַניע זיך איינגעקאָרטשעט ווי אַ געשלאָגענער הונט — איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס איר מיינט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איר ווילט צוליב דעם געפּלאַצטן זאָקנבענדל אויפגעבן די פאָרשטעלונג.

— אויב איך וועל אויפגעבן די פאָרשטעלונג, וועט עס זיין צוליב אייַך, און ניט צוליב דעם זאָקנבענדל! — האָט ער אַ וואָרף געטאָן דעם צעריסענעם גומי.

פון דעם האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז דאָלסקי וועט שפּילן דעם רעוויזאָר, און אַלץ וועט גיין ווי געשמירט. אָבער פּונקט אין דער רגע האָט עמעצער אַ שטילן קלאַפּ געטאָן אין טיר. אין זאַל זייַנען אַריינגעקומען צוויי מיידעלעך, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט און, ריידנדיק צוזאַמען, האָבן זיי געמאָלדן אַז דער טאַטע וועט הייַנט ניט קומען אויף דער פּראָבע, ווייַל די מאַמע לאָזט אים ניט אַרויס פון שטוב. דערבייַ שיקט דער טאַטע צוריק די ראָלע, ווייַל די מאַמע וויל ניט ער זאָל זיך אַרומשלעפּן אויף די גאַסן צוליב אַ נאַרישקייט און זיך איינשטעלן דאָס לעבן.

— דאָס איז אַ חזירייַ! אַ פּאַטש אין פּנים! — האָט געראַסים איסאַקאָוויטש געשריִען אויף די קינדער. — וואָס מיינט אייַער טאַטע, אַז ער איז דער איינציקער טאַטע אין שטאָט? גייט און זאָגט אים, אַז ער איז אַ טינוף. זאָל ער בלייַבן אין דער היים. מיר וועלן זיך אַן עצה געבן אָן אים. יאָ, זאָגט אים, אַז ער איז אַ טינוף. פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט מורא פאַר אַ זשאַנדאַר, האָב איך דרך־ארץ, נאָר פאַר אַ טאַטן וואָס האָט מורא פאַר דער מאַמען, האָב איך קיין אַנדער וואָרט ניט: טינוף!

די קינדער האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. טאַניע האָט ביי זיי צוגענומען די ראָלע פון גאָראָדניטשי, זיי געגלעט איבער די קעפּלעך און אַרויסבאַגלייט צו דער טיר. זי איז צוגעשפּרונגען צום רעזשיסאָר און מיט אַ פרייד, ווי ס׳וואָלט איר געטראָפן דאָס גרעסטע גליק, געזאָגט:

— געראַסים איסאַקאָוויטש, טייַערער, איר זענט גערעכט, מיר וועלן אים אָנלערנען. איר וועט שפּילן דער גאָראָדניטשי און ער וועט פּלאַצן פון פאַרדרוס.

— יאָ, יאָ — האָט גראַסים איסאַקאָוויטש געפּאָכעט מיט דער ראָלע ווי מיט אַ שווערד אין דער לופט — איך וועל אים ווײַזן, ער וועט האָבן צו געדענקען. ווען ער וועט מיך זען אין דער ראָלע פון גאָראָדניטשי, וועלן אים אָנהייבן אַלע ציינער וויי טאָן. יאָ, איך שפּיל דעם גאָראָדניטשי און ער שפּילט דעם רעוויזאָר — האָט ער אָנגעוויזן אויף מיר.

— העלפט מיר אַרויפשטעלן דעם טיש אויף דער בינע — האָט טאַניע אַ גליקלעכע זיך געווענדט צו דעם מיט דער בעלמע.

— ניין, ניין, מיר וועלן פאַרבירן גלײַך, דאָ אין זאַל. מיר טאָרן קיין צײַט ניט פאַרלירן. פאַרנעמט אײַערע פּלעצער. איר זיצט אויף רעכטס, איר אויף לינקס. איך קום אַרײַן פון דער מיט.

אַלע האָבן אַרויסגענומען די ראָלעס. טאַניע, מיטן בוך אין האַנט, האָט גיך פאַרנומען דעם פּלאַץ פון סופליאָר און הויך אַרויסגעלייענט:

— אַלע זיצן אין אויפנעם־צימער. גאָראָדניטשי קומט אַרײַן.

דאָלסקי האָט אויסגעטאָן ס׳רעקל און באַלד, מיטן אויסרייד אַז עס בלאָזט פון ערגעץ אַ ווינט, עס ווידער אָנגעטאָן. ער האָט געלייענט און זיך עטלעכע מאָל אַנטשולדיקט וואָס די ראיה איז בײַ אים לעצטנס פאַרנעפּלט און ער דאַרף זיך קויפן ברילן. עטלעכע מאָל האָט ער איבערגעפּרעגט טאַניען וואָס זי סופלירט, ווי ער וואָלט אויך אָנגעהויבן פאַרלירן די שמיעה. ענדלעך האָט ער זיך אַ דריי געטאָן צו דעם מיט דער בעלמע און געפרעגט:

— וויפל איז דער זייגער?

— עלף.

— אוי, שוין צו שפּעט צו פּראָבירן — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן

— צוליב דעם דאָזיקן דילעטאַנט האָבן מיר פאַרלוירן אַן אָוונט. מאָרגן, פּונקט אַכט, הייבן מיר אָן די ריכטיקע אינטענסיווע אַרבעט. איך בעט אַלעמען קענען די ראָלעס אויף אויסנווייניק — און ער איז אַוועק נעמען זײַן הוט מיטן מאַנטל.

טאַניע האָט מיר צוגעבראַכט די איבעריקע בלעטלעך פון מײַן ראָלע און מיך אויסגעמוסרט, הלמאי כ׳האָב דאָס ערשטע בלעטל, וואָס זי האָט מיר געגעבן, צעקנייטשט צווישן מײַנע אומרויִקע פינגער.

— פאַרלירט ניט קיין צײַט, לויפט גלײַך אַהיים און זעט מיט אַלע כּוחות ביז מאָרגן פאַרנאַכט אויסצולערנען אויף אויסנווייניק כאָטש דעם ערשטן אַקט פון דער ראָלע.

מיט פרישער ענערגיע האָט זי באַלד גענומען מישן די פאַרב, כּדי אונטערצומאָלן אויפן פּלאַקאַט:

**דער באַרימטער טעאַטראַל דאָלסקי**
**אין דער ראָלע פון גאָראָדניטשי.**

*

איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון דער בינע, שיִער ניט אומגעוואָרפן דעם מיט דער בעלמע אויפן אויג, און זיך אַראָפּגעגליטשט פון די טרעפּ אויפן גאַס.

כ׳האָב זיך עטלעכע מאָל געמוזט אָפּשטעלן און וואַרטן ביז די לאַנגע קאָלאָנעס פונעם אָפּטרעטנדיקן מיליטער וועלן פאַרבייַגיין. כ׳האָב געקומען אַרייַנשטופּן די צעפּאַטלטע בלעטלעך פון דער ראָלע אין קעשענע און באַמערקט, אַז לויפנדיק האָב איך עטלעכע פון זיי פאַרלוירן. ווען כ׳האָב זיי אָפּגעפונען, זייַנען זיי געווען אינגאַנצן צעפּליקט פון די טויזנטער פּאָר שטיוול, וואָס זייַנען איבער זיי אַריבערגעגאַנגען.

אויף מאָרגן איז גערשאָם איסאַקאָוויטש אַרייַנגעקומען, און נאָך איידער ער האָט אויסגעטאָן דעם הוט און מאַנטל גלייַך געמאָלדן, אַז ער וועט די ראָלע פון גאָראָדניטשי ניט שפּילן. ערשטנס, ווייַל ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געשפּילט. ער איז אַ רעזשיסאָר און האָט ניט קיין אַקטיאָרישע אַמביציעס. צווייטנס, פּאַסט ער זיך בכלל ניט פאַר דעם טיפּ. דער גאָראָדניטשי דאַרף זייַן אַ שווער־לייַביקער פּאַרשוין מיט אַ בולבעוואַטער נאָז און אַ גלאַט־אָפּגעגאָלט, פעט, חזיריש פּנים. זייַנע מאָגערע באַקן, און איבערהויפּט דאָס בערדל אויף דער מאָרדע, פּאַסן זיך לחלוטין ניט פאַרן כאַראַקטער פון גאָראָדניטשי. און דאָס בערדל וועט ער ניט אָפּשערן, ווייַל אין דער איצטיקער צייַט וואָלט עס פּשוט געמיינט אייַנצושטעלן דאָס לעבן. און כאָטש טעאַטער איז פאַר אים די גרעסטע זאַך אין דער וועלט, וועט ער פאַר דעם ניט מקריב זייַן דאָס לעבן. דער איינציקער אויסוועג איז — אָפּצולייגן די פאָרשטעלונג ביז מע וועט געפינען אַ פּאַסיקן אַקטיאָר.

— ניין, ניין! — האָט זיך טאַניע געבראָכן די פינגער, — אָפּלייגן קאָן מען ניט, איך האָב שוין די בילעטן פאַרשפּרייט, דעם זאַל געדונגען, די קליידער אויפגענייט און דעם אַפיש אויסגעמאָלן.

— איך וועל זיך דאָס בערדל ניט אָפּשערן! — האָט גערשאָם איסאַקאָוויטש קאַטעגאָריש אויסגעשריִען.

— טאָ נעמט די ראָלע פון רעוויזאָר. דער רעוויזאָר מעג האָבן אַ בערדל — האָט טאַניע געפּאָרערט.

— טאַניע, אייַערע איגנאָראַנטישע פּאָרשלאָגן האָבן זיך מיר שוין דערעסן — האָט ער אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און געקוקט אויף איר פון אונטער די ברעמען, ווי אַ צערייצטער אָקס — ווען איך זאָל שפּילן דעם רעוויזאָר, ווער וועט שפּילן דעם גאָראָדניטשי?

— ער, ער! — האָט זי געטייַטלט צום ווינקל וווּ איך בין געזעסן.

— כאַ־כאַ! — האָט דאָלסקי זיך אַ פּאַטש געטאָן אין די היפטן.

— מענטשן וועלן דאָך לאַכן. ווייסט איר דען ניט, אַז אין פינפטן אַקט זאָגט

דער גאָראָדניטשי וועגן רעוויזאָר, אַז ער וועט אים צערײַבן ווי אַ וואַנץ אין זײַנע הענט? וויאַזוי וועט ער עס קענען זאָגן, ווען ער אַליין זעט אויס ווי אַ וואַנץ אין אַ שינעל? דאָס איז חוזק, דאָס הייסט אָפּנאַרן דעם עולם. אויב איר ווילט עס טאָן, טוט עס אָן מיר. איך צי זיך צוריק.

— ווי קענט איר טאָן אַזאַ זאַך? ווו וועל איך איצט נעמען דאָס געלט צוריקצוגעבן? איר האָט מיך דאָך צו דעם אַלעמען צוגערעדט — איז טאַניע מיט אַ כליפּעריַי צוגעפאַלן צו דער וואַנט, ווי זי וואָלט דאָרטן געזוכט אַ לאָך איר פּנים צו באַגראָבן.

אייניקע מיטגלידער פון דער גרופּע האָבן פּרובירט זי צו באַרויִקן, אַנדערע האָבן אַוועקגענומען דעם רעזשיסאָר אין אַ ווינקל און אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז מיט דער טאַניע צו ווײַט פאַרקראָכן. די מויד איז היסטעריש און ווער ווייס וואָס זי קען נאָך אַמאָל אָפּטאָן.

גרעראַסים איסאַקאָוויטש האָט פאַרביסן די ליפּן און נאָך אַ קורצער ווײַלע, בעת וועלכער ער האָט נערוועז אַדורכגעקעמט די האָר מיט זײַנע פינגער און פאַרצויגן דעם שניפּס אַרום דעם אומרויִקן קנעפּל אויפן גאָרגל, האָט ער אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף מײַן פּלייצע און געפרעגט:

— אויב איך וועל שפּילן דעם רעוויזאָר, זענט איר גרייט צו שפּילן דעם גאָראָדניטשי?

— וואָס פאַר אַן אונטערשייד איז וועלכע ראָלע איך וועל שפּילן — האָב איך אַ קוועטש געטאָן מיט דער פּלייצע — איך בין צו יונג פאַרן רעוויזאָר און צו קליין פאַרן גאָראָדניטשי.

— איר זעט דאָך אין וואָס פאַר אַ לאַגע מיר זײַנען. איר מוזט אונדז אַרויסהעלפן. אויב איר נעמט זיך אונטער צו שפּילן די ראָלע פון גאָראָדניטשי, באַפרײַ איך אײַך איר זאָלט גיין אַהיים און גלײַך אָנהייבן שטודירן. איך וועל דערווײַלע פּראָבירן מײַנע סצענעס... פּר־ר־ראָבע! — האָט גערעאַסים איסאַקאָוויטש קאָמאַנדעוועט.

טאַניע האָט אַ גליקלעכע אָפּגעווישט די פאַרטרערטע אויגן און איז צוגעלאָפן צו מיר:

— גיט מיר די ראָלע פון רעוויזאָר, און אָט האָט איר די ראָלע פון גאָראָדניטשי!

מיט אָט די ווערטער האָט זי גיך אַרויסגענומען פון מײַנע הענט איין בינטל בלעטלעך און מיר אַרײַנגערוקט אַ צווייט בינטל. דאָס ערשטע בינטל האָט זי צוגעטראָגן דעם רעזשיסאָר און אַליין האָט זי זיך אַוועקגעזעצט בײַם סופליאָר־טישל און אַרויסגעלייגט פון בוך:

דער צימער אין האָטעל.

דער רעוויזאָר קומט אַרײַן.

— וואַרט אַ ווײַלע — האָט דאָלסקי זי פאַרהאַלטן. — ווען קומט ער

אַריַין? ווו קומט ער אַריַין? איך זע ניט אין דער ראָלע ער זאָל אַריַינקומען. איך זע דאָ אויפן ערשטן בלעטל, אַז ער איז שוין אין צימער און עסט שוין מיטיק.

— עס קאָן ניט זיַין! — איז טאַניע אויפגעשפּרונגען. — איך האָב אַליין די ראָלע איבערגעשריבן.

— האָט איר שלעכט איבערגעשריבן. איר האָט אַדורכגעלאָזט כּמעט אַ האַלבן אַקט. ווי קען איך אָנהייבן עסן מיטיק, ווען איך בין נאָך אין צימער ניט אַריַינגעקומען? גאָט מיַינער, וואָס וויל מען פון מיר? וואָס האָט מען זיך אָנגעזעצט אויף מיר? איך קען ניט! איך בין גרייט צו באַצאָלן אַלע הוצאות, כ׳וועל פאַרזעצן, באָרגן, אָפּצאָלן דעם אַוואַנס, וואָס איך האָב גענומען, נאָר לאָזט מיך אַרויס, באַפריַיט מיך!

ער האָט אַ שליַידער געטאָן די בלעטלעך צום באַלקן, געכאַפּט זיַין הוט און מאַנטל, און אַרויסגעלאָפן פון זאַל. טאַניע איז אים נאָכגעלאָפן.

די גרופּע האָט זיך צעקוואָקעט ווי אַ סטאַיע צעספּוזשעטע קאַטשקעס. זיי האָבן געגעבן גערעבט דעם רעזשיסאָר, און איינצײַטיק מסכּים געווען מיט טאַניען. זיי האָבן אויסגעלאַכט די אַלטע מויד, אָבער אַרום־און־אַרום זיַינען זיי געווען צופרידן וואָס די מכּה האָט געפּלאַצט און זיי זיַינען פּטור געוואָרן פון דער גאַנצער חתונה. אַז ס׳איז אַריבער כּמעט אַ האַלבע שעה און מ׳זעט ניט ניט דאָלסקין, ניט טאַניען — האָבן זיך די קאַטשקעס גענומען אַרויסשאַרן דורך דער טיר, ווי דורך אַ שפּאַלט פון אַן איַינגעבראָכענעם פּלויט. ווען טאַניע איז אַ צעהיצטע און אַן אויפגערעגטע צוריקגעקומען, איז אין זאַל אַחוץ מיר קיינער ניט געבליבן.

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ בייזן, חשדימדיקן בליק, ווי איך וואָלט נאָרוואָס דורכן פענצטער אַריַינגעשפּרונגען, און האָט אַ וואָרטשע געטאָן:

— ס׳וועט היַינט קיין פּראָבע ניט זיַין, איר קענט גיין אַהיים...

— כ׳פאַרשטיי, אָבער כ׳האָב איַיך נעכטן געגעבן אַ פּעקל, כ׳האָב זיך שוין דעם קאָפּ אויסגעדרייט זוכנדיק, ס׳איז זייער אַ וויכטיק פּעקל.

— כ׳ווייס ניט, זוכט עס אויף דער בינע.

כ׳האָב אַרויפגעקלעטערט אויף דער בינע און זיך גענומען גראָבן אין דער גרודע קליידער, וואָס זי האָט שוין געהאַט צוגעגרייט פאַר דער געפּלאַנטער פאָרשטעלונג. אין דער צײַט האָט זי האַסטיק צונויפגעשטעלט די צעוואָרפענע שטולן, וואָס די גרופּע האָט איבערגעלאָזט. די פּיעסע און דעם שטעמפּל פון די בילעטן האָט זי אַ כאַפּ געטאָן און אַריַינגעוואָרפן אין מיסטקערבל.

— ווו זענט איר? — האָט זי אַ רוף געטאָן מיטן גרינעם היטעלע אין האַנט. — קומט, איך דאַרף פאַרלעשן דאָס ליכט, פאַרשליסן דעם זאַל און איבערגעבן דעם שליסל.

— איך מוז געפינען דאָס פּעקל.

— כ׳האָב קיין צײַט ניט, כ׳מוז גיין...

— גייט, גייט, לאָזט איבער דעם שליסל און זאָגט מיר נאָר וויפל אַזייגער עס וועט מאָרגן זײַן די פּראָבע.

— ס׳וועלן ניט זײַן מער קיין פּראָבעס. די פֿאָרשטעלונג איז אָפּגערופֿן.

— האָט זי אַ צעווילדעוועטע געשטופּט דעם קאָפּ אין היטעלע אַרײַן — און אײַער געוועזענער לערער וועט אַזוי גלאַט ניט אָפּשנײַדן. כ׳וועל אים צווינגען צו דעקן אַלע הוצאות!

— ער איז ניט אינגאַנצן שולדיק. איר האָט אים צערייצט.

— וואָס האָב איך געקענט טאָן? איר האָט דאָך ניט געקענט שפּילן דעם גאָראָדניטשי!

— איך האָב יאָ געקענט שפּילן דעם גאָראָדניטשי.

— אָבער ס׳איז ניט געווען ווער ס׳זאָל שפּילן דעם רעוויזאָר!

— איך וואָלט אויך געקענט שפּילן דעם רעוויזאָר, איך וואָלט געקענט שפּילן אַלעמען. איך האָב שוין איינמאָל אויפגעפירט אַזאַ פֿאָרשטעלונג, בלויז מיט דער הילף פון אַן אַלטן גראַמאַפאָן. כ׳האָב געשפּילט אויף אַ פידל, רעציטירט אַ פּאָעמע פון פיר־און־צוואַנציק זײַטן, זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז און אַרויסגענומען אַ לעבעדיקע הון פון אַן אָפּגעקאָכט איי... איר וועט ניט דאַרפן אָפּרופן די פֿאָרשטעלונג און ניט אומקערן קיין געלט פאַר די בילעטן. איך אַליין וועל פֿאָרשטעלן די גאַנצע זאַך.

— איר רעדט נאַרישקייטן. דער רעוויזאָר איז ניט קיין רעציטאַציע. דאָס איז אַ באַרימטע פּיעסע, וואָס אַלע האָבן זי געלייענט, און דער עולם האָט באַצאָלט אַ האַלבן רובל פאַר אַ בילעט...

— אויב זיי האָבן באַצאָלט אַ האַלבן רובל פאַר אַ זאַך וואָס זיי קענען, וועלן זיי באַצאָלן אַ גאַנצן רובל פאַר אַ זאַך, וואָס זיי האָבן נאָך קיינמאָל ניט געהערט, ווי למשל ״דעם באַזיגער פון טויט״.

— כ׳ווייס ניט וועגן וואָס איר רעדט. כ׳האָב וועגן דעם קיינמאָל ניט געהערט. צי זענען דאָס אפשר די אַכציק ביכער, וואָס איר האָט נעכטן דערמאָנט?

— אַז איר וועט מיר געבן איין מינוט, וועל איך אײַך פֿאָרלייענען...

— ווי קענט איר אין איין מינוט פֿאָרלייענען אַכציק ביכער?

— איך וועל אָנהייבן פון ערשטן בוך, און אַז איר וועט פילן אַז ס׳איז גענוג, וועל איך מיך אָפּשטעלן.

און ניט געוואַרט אויף איר הסכמה, האָב איך גיך פון זיך אַראָפּגעשלײַדערט דעם שינעל מיט דער פּאַפּאַכע און האָב אָנגעהויבן...

זי האָט זיך נערוועז אַראָפּגעזעצט אויף אַ האַלבן בענקל בײַ דער הינטערשטער וואַנט און מיך עטלעכע מאָל איבערגעריסן: — איך פאַרשטיי

ניט... אַ פּראַנצויז?... ווער ווען האָט פאַרמישפּט צו דער גיליאָטינע? און וויאַזוי האָט ער זיך געקענט אַרויסדרייען פון דעם הענקערס הענט?

איך האָב זיך ניט־וויסנדיק געמאַכט און בין ווייַטער אָנגעגאַנגען מיט דער מעשה. זי האָט אַרויסגענומען פון איר בייַטל אַ קעמעלע מיט אויסגעריסענע ציינדלעך און אַ שפּיגעלע, און גענומען פאַרריכטן אַ צעפּודלטע לאָק אויף איר שטערן. „סאַראַ פאַרפּלאָנטערטע מעשה" — האָט זי צו זיך אַליין געוואָרטשעט — „צי דאַרף איך דאָ זיצן און אויסהערן אַכציק אַזעלכע ביכער?". איך האָב ווייַטער דערציילט, מיט מער היץ, און מיט לייַכטע באַוועגונגען אילוסטרירט די ווערטער און כאַראַקטעריזירט איטלעכן פּאַרשוין. ווען זי איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן פאַרקעמען די לאָק, האָט זי ווידער אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין: „שאַנטאַלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ! סאַראַ שיינער נאָמען!"

איך האָב זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט און באַלד אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, דאָס איז דער נאָמען פונעם וווּנדערלעכן דאָקטער!

— אָבער פאַרוואָס האָט ער באַרויבט דעם פּאַציענט, וועלכן ער האָט פריִער היפּנאָטיזירט?

— דאָס איז אַ בילבול, אויסגעטראַכט פון זייַן אייגענעם ווייַב, וואָס האָט אים פאַרראַטן מיט זייַן בעסטן פרייַנד, וועלכער האָט נאָך אַ שענערן נאָמען: פראַנסואַ אַלבער רענעי לאַראָש דעבושאָן...

אויף איר פּנים האָט זיך צעשפּרייט אַן אָפּענער שמייכל:

— עס קען דאָך אָבער ניט זייַן, אַז דערפאַר וואָס זייַן ווייַב האָט אויסגעטראַכט אַ בילבול, זאָל מען אים פאַרשפּאַרן ווי אַ משוגענעם אין אַ פּאַלאַטע מיט גייַסטיק קראַנקע!

— אפשר זענט איר גערעכט פון לעגאַלן קוק. אָבער אין דער רגע געפינט איר זיך דאָך אין אַ גרעסערן לעגאַלן פּלאָנטער. איר דאַרפט צוריקקערן דאָס געלט, וואָס איר האָט אַזוי לייַכטזיניק צעטרענצלט. און איך קען אייַך העלפן...

— אַנטשולדיקט, — האָט זי מיך פּלוצעם אַ פרעג געטאָן — ווי אַלט זענט איר? צי זענט איר טאַקע אויף אַן אמת אַ זעלנער אין דער אַרמיי?

— מיר זענען איצט אַלע גענוג אַלט, און מיר זייַנען אַלע זעלנער איז דער הונגעריקער, באַלאַגערטער שטאָט. מיר זייַנען דאָרטן, ווו דאָקטער דעלאַקרואַ ווערט געפּייַניקט מיט קאַפּענדיקע טראָפּנס קאַלט וואַסער איבער זייַן אָפּגעגאָלטן שאַרבן — און איך האָב פאַרענדיקט מיט אַ לאַנגן שוידערלעכן אויסגעשריי אויף דער העכסטער נאָטע פון מייַנע שטימבענדער.

זי האָט אויפגעציטערט ווי פון אַן עלעקטרישן שטראָם. דער בייַטל איז איר אַראָפּגעפאַלן פון די קני, אָבער זי האָט זיך אַפילו ניט אייַנגעבויגן אים אויפצוהייבן. זי האָט איצט בלויז געוואָלט הערן ווי איך דערצייל ווייַטער,

שטיל און אומעטיק, ווי דעלאַקרואַ איז שוין ווידער פּאַרשפּאַרט אין אַ טורמע מיט שווערע אײַזערנע קראַטעס, ווי עס גראָט אים צו איבערצײַגן די וועכטערס זיי זאָלן אים בײַטן די קליידער, ווי ער אַנטלויפט ווידער פון דער שטרענג באַוואַכטער תּפיסה... ער לויפט פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד, בײַט דאָס לשון זײַנס און דעם אויסזען: אָט איז ער אַ בעטלער מיט אַ הויקער, אָט אַ בלינדער גאַסן־זינגער אָן ציין, אָט אַ פריילעכער שיכּור...

טאַניע האָט פונאַנדערגעריסן די אויגן, זי זאָל חלילה קיין פּרט ניט פאַרלירן פון מײַנע פלינקע טראַנספאָרמאַציעס. מײַן אויפגעברויזטער טעמפּעראַמענט האָט, ווי אַ שטאַרקער ווינט, פאַרטריבן די לופט אַרום איר. זי האָט שווער געאָטעמט און כ׳האָב באַמערקט אויף איר פּנים, אַז מער קען זי ניט אויסהאַלטן. האָב איך זיך ראַפּטעם אָפּגעשטעלט און זיך טיף פאַרנייגט.

זי איז אויפגעשפּרונגען פון שטול און מוטיק, אָן בושה, געלאָפן דורכן זאַל צו דער בינע, אָנגעכאַפּט מײַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ און מיר אַ קוש געטאָן.

נאָך אין דער זעלביקער נאַכט האָט טאַניע איבערגעדרייט דעם קאַרטאָנענעם פּלאַקאַט און אויף דער צווייטער זײַט אָנגעשריבן:

**שבת בײַנאַכט, דעם 22סטן**
**וועט אין פּראַכטיקן זאַל פון געזאַנג־פאַראיין**
**פאָרקומען אַ גראַנדיעזער**
**מוזיקאַליש־טעאַטראַלער קאָנצערט**
**ווו עס וועט צום ערשטן מאָל אין שטאָט אויפטרעטן**
**דאָקטער שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ**

בעת זי האָט מיט רויטער פאַרב געמאָלן יענע אומפאַרגעסלעכע מודעה, האָב איך אָפּגעפּונען מײַן פּעקל. כ׳האָב פונאַנדערגעריסן די שמאַטע מיט וועלכער ס׳איז געווען אַרומגעוויקלט און אַרויסגענומען אַ זעקעלע מיט אַרבעס:

— ס׳איז שוין זייער שפּעט — האָב איך געזאָגט, — און איך האָב נאָך הײַנט ניט געגעסן. כ׳בין זיכער, אַז אויך איר זענט הונגעריק. קיין מאַרצעפּאַנעס מיט מאַראַזשענע קען איך אײַך אין דער איצטיקער צײַט ניט פאָרלייגן, נאָר דאָס, דאָס האָב איך געגנוג, דאָס קען איך קריגן.

— וואָס איז דאָס אַזוינס, ווו האָט איר עס גענומען? — האָט זי זיך שטייענדיק אויף די קני מיטן פּענדזל אין האַנט אַריבערגעבויגן איבער דער אויסגעשטרעקטער זשמעניע אַרבעס.

— דאָס איז ניט מײַנס. איך האָב עס געזאָלט אָפּטראָגן צו אַ רבין. כ׳בין אָבער זיכער, אַז דער רבי, און אפילו גאָט אַליין, וועט מיר מוחל זײַן...

*

די הצלחה פונעם קאָנצערט איז געווען, ווי ליטעראַטן דריקן זיך אויס, אַן "אומבאַשרײַבלעכע". אַ סימן, אַז מיט אַ וואָך שפּעטער האָט מען דעם קאָנצערט געמוזט איבערחזרן. דאָס איז אָבער בלויז געווען דער אָנהייב. אין די קומענדיקע עטלעכע וואָכן איז שאַנטעלעי זשאַנטען דרעלאַקרואַ אויפגעטראָטן גאַנצע זיבן מאָל. מע האָט טאַניען געשלעפּט פון איין ווילטעטיקער אָרגאַניזאַציע צו דער אַנדערער. אומעטום האָט מען געפאָדערט דעם קאָנצערט מיט דעם, ווי רופט מען, משוגענעם פּראַנצויז.

אַז די דײַטשן זײַנען שוין אין ווילקאָמיר, פּופּצן קילאָמעטער פון שטאָט, האָט שוין דעם עולם ווינציקער אינטערעסירט ווי די קאָנצערטן וואָס טאַניע האָט אָרגאַניזירט. כּדי צופרידנצושטעלן אַלע אָרגאַניזאַציעס, האָט טאַניע באַשלאָסן זיך אַריבערצוקלײַבן אין גרויסן שטאָטישן קאָנצערט־זאַל. דורכפירן אַזאַ ענין איז ניט געווען קיין קלייניקייט, אָבער טאַניע האָט זיך מיט אַלץ געספּראַוועט.

איך פלעג זי זען נאָר בײַנאַכט, ווען זי פלעגט אַהיימקומען פון אַ טאָג שווערער אַרבעט. זי האָט מיר איבערגעגעבן די אײַנקאַסירטע קאָמפּלימענטן פאַר דעם לעצטן קאָנצערט און מיר דערבײַ דערציילט, אַז געראַסים איסאַקאָוויטש קומט צו יעדער פאָרשטעלונג און האָט זיך שוין כּמעט אויסגעצופּט אַלע האָר פון זײַן בערדל פון קינאה און פאַרדרוס.

אויפגעדראָלן פון טאַניעס שבחים, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין דער איינציקער פאַרזאָרגער פון דער שטאָט, איבער וועלכער ס'האָבן זיך נאָך אַלץ געשלעפּט די קאָלאָנעס פון אָפּטרעטנדיקע זעלנער.

צומאָל פלעג איך גיין צו טאַניען פריִער ווי געוויינטלעך. איך פלעג זיצן אין איינעם פון די דרײַ קליינע, אָבער ציכטיקע צימערלעך און ריידן מיט איר מאַמען — אַ קליינינקע, מיט פלינקע קלוגע אייגלעך און אַ דעליקאַט אויסגעשניצט פּנימל. איר מאַן איז געווען אַ העברעיִשער לערער און האָט זי נאָך אַ שווערער קרענק איבערגעלאָזט אַן אלמנה מיט צוויי קליינע מיידלעך. די ייִנגערע, ראָזע, איז געווען אַ שטומע פון געבורט. די מאַמע פלעגט מיט אַ ליבלעכער, און טיילמאָל אַ ביסל איבערגעטריבענער, העפלעכקייט סערווירן דעם, אַ קאַפּעלע צו יונגן, גאַסט פון איר טאָכטער מיט גלעזער הייסע טיי, אָנגעשניטענע רויע מערן, און אָפּטמאָל מיט אַ גאַנצן עפּל.

זי האָט מיט טאַקט אויסגעמיטן שאלות, וואָס וואָלטן דעם אָפּטן גאַסט געקענט אַוועקשטעלן אין אַ פּײַנלעכן מצב. זי האָט בלויז געוואָלט איך זאָל איר זאָגן ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. אַז אַ זעלנער וואָס דרייט זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג צווישן מיליטערלײַט זאָל ניט וויסן פּינקטלעך ווען ס'וועט קומען אַ סוף צו דער מלחמה — דאָס האָט זי בשום אופן ניט געוואָלט פאַרשטיין. ווען איך האָב איר איינמאָל געזאָגט, אַז הגם איך טראָג זעלנערישע קליידער, בין איך ווײַט פון צו זײַן אַן אמתער מיליטערמאַן,

און אַז איך ווייס אין אָט דעם ענין ניט מער ווי אַן אַנדערער אין שטאָט, איז דורך אירע קליינע אייגעלעך אַדורכגעלאָפן אַ בליק פון אַנטוישונג און חשד.

זי האָט אָנגענומען איר פאַרשפּיצט מאָרדעלע מיט איר בלייכן אָדערדיקן הענטל, און מיט אַ שווערן זיפץ געזאָגט:

— אויב איר זענט ניט מער ווי אַ פּשוטער בשר־ודם ווי מיר אַלע, קען איך דאָך מיט אײַך ריידן ווי איין נאַר מיט אַ צווייטן... ווילט איר הערן וואָס באַרוועס זון האָט וועגן דעם צו זאָגן? איר קענט דאָך מסתּמא באַרוועס זון.

— אוודאי קען איך אים, ווער קען ניט באַרוועס זון?

— די מלחמה וועט געדויערן צען יאָר, האָט ער געזאָגט, ווײַל ס׳זײַנען פאַראַן צופיל מענטשן אויף דער וועלט און ס׳איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַלעמען. די מלחמה וועט ניט אויפהערן ביז מ׳וועט ניט אויסהרגענען אַ גרויסע צאָל מענטשן. יונגעלײַט זײַנען נאַריש, זאָגט באַרוועס זון, זיי פאַרליבן זיך, האָבן חתונה... צו וואָס? צוליב וואָס פלאָדיען זיך מענטשן? פעלקער ווערן פון דעם גרעסער, אָבער די ערד בלײַבט אַלץ אַ קליינע... ליבע איז טאַקע גוט, אָבער מע דאַרף זײַן געוואָרנט וועגן קינדער. אין די פריִערדיקע מלחמות, זאָגט מען, האָבן די ציווילע איבערגעלעבט די סאָלדאַטן. אין דער איצטיקער מלחמה וועלן די סאָלדאַטן איבערלעבן די ציווילע. ס׳זענען שוין, דאַכט זיך, פאַראַן מער סאָלדאַטן ווי ציווילע. אָבער אַזאַ יונגערמאַן ווי איר, וואָס איז, ווי איך פאַרשטיי, ניט דאָס און ניט יענץ, דאַרף זײַן געוואָרנט, איר פאַרשטייט? נאָר ניט קיין קינדער...

זי האָט אַ גענעץ געטאָן, זיך אַנטשולדיקט, אַז זי איז ניט מיט אַלעמען, און מיט שטילע טריט אַוועק אין שלאָפצימער, מיך איבערגעלאָזט ממשיך צו זײַן דעם שמועס מיט דער שטומער טאָכטער.

ראָזע איז געזעסן מיט איר שטומען שמייכל נעבן דעם קעראָסין־לעמפּל, און מיט אַ מערקווערדיקער פלינקייט געשטריקט אַ יאַקל. עטלעכע מאָל האָט זי אַוועקגעלייגט די נאָדלען און גענומען שטריקן מיט די פינגער אין דער לופטן. איך האָב ניט פאַרשטאַנען וועגן וואָס זי רעדט, און כּדי זי אַרויפצובררענגען אויף אַן אַנדער שמועס, האָב איך אויסגעשטעלט צען פינגער און געפרעגט:

— צי גלייבט איר אויך וואָס אײַער מאַמע זאָגט, אַז די מלחמה וועט געדויערן צען יאָר?

ראָזע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין. זי האָט געמאַכט מיט די פינגער אַ קליין רעדעלע אין דער לופט, האָט מיר אַ ווײַז געטאָן ביידע פינפטלעך און צוגעלייגט נאָך צוויי פינגער. דאָס האָט געמיינט צוועלף.

כ׳בין געבליבן זיצן אַן אומעטיקער. מײַן אומגעדולד צו דער מלחמה האָט זיך לעצטנס פאַרשאַרפט. כ׳האָב אָנגעהויבן פאַרלירן דעם אינטערעס

פאַרן שפּיטאָל און די ״קאָשאַרקעס״ זײַנען פאַר מיר געווען אַ גרויל. ווער ווייס, אפשר האָט טאַקע די אַלטע מוטער געטראָפן. און אפשר ליגט גאָר דער אמת אויף דער שטומער צונג?

באַלד האָב איך דערהערט גיכע טריט, און טאַניע איז אַ פאַרשמײַעטע אַרײַן אין שטוב מיט אַ פריילעכן אויסגעשריי:

— קוקט ניט אויף מיר, איך זע אויס שוידערלעך, כ׳האָב זיך נאָך הײַנט ניט צוגעזועצט.

זי האָט אַ שלײַדער געטאָן איר הוט און מאַנטל אויף דער קושעטקע און איז אַרײַן אין קיך. פון איבער דעם הילצערנעם בענקל האָט זיך דערטראָגן אַ פּליעסקערײַ אין אַ שיסל וואַסער, און אין עטלעכע מינוט אַרום איז טאַניע אַרײַנגעקומען אַן אויסגעצוואָגענע, אויסגעקעמטע, איבערגעטאָן אין אַ פרישער בלוזקע. אויף איר ווײַסן פּנים איז געווען אָנגעשריבן מיט פלאַמענדיקע אותיות: וויכטיקע נײַעס!

כ׳בין איר פאַרלאָפן דעם וועג:

— טאַניע, ווען וועט, לויט אײַער מיינונג, זיך ענדיקן די מלחמה?

— אין צוויי וואָכן אַרום! — האָט זי פריילעך צוגעוואָרפן.

— איך מיין ערנסט...

— איך זאָג דאָך אײַך, אין צוויי וואָכן אַרום! — האָט זי פעסט איבערגעחזרט.

—כ׳זע אַז איר זענט אין אַ געהויבענער שטימונג. וואָס האָט פאַסירט?

— לאָזט מיך קודם אָפּכאַפּן דעם אָטעם און אויסטרינקען אַ גלאָז טיי. כ׳האָב פון פרישטיק אָן הײַנט נאָך אין מויל ניט געהאַט... נאָך אַלע צוגרייטונגען — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום ממשיך געווען — האָט מען מיר געזאָגט, אַז כ׳קען דעם שטאָט־זאַל ניט קריגן. ס׳רוב שטאָט־פאַרוואַלטערס האָבן זיך עוואַקואירט, און די שטאָטישע בנינים ווערן קאָנטראָלירט פון דער מיליטערישער קאָמענדאַנטור. וואָס ווײַזט זיך אָבער אַרויס? די מיליטערלײַט ווייסן גאָרניט, אַז אין שטאָט איז פאַראַן אַזאַ זאַל. סטײַטש? דער פּאָפּולערסטער זאַל אין שטאָט!... הקיצור, מ׳האָט גענומען זוכן אין די פּאַפּירן און קוים אויסגעפונען אַ פאַראָרדענונג, אַז דער שטאָט־זאַל איז פאַרמאַכט, און וועט בלײַבן פאַרמאַכט ווי לאַנג די מלחמה וועט אָנהאַלטן. מע דאַרף דעם זאַל רעמאָנטירן, מ׳קען אים אַזוי ניט נוצן. און דאָס וועט מען טאָן ערשט אַ טאָג נאָך דער מלחמה. און אויב איך וועל אײַך זאָגן, אַז כ׳האָב דעם זאַל פאָרט געקראָגן, און מיט אַ צוזאָג, אַז אַלץ וועט פאַרריכט ווערן פאַר דעם קאָנצערט אין דרײַ וואָכן אַרום — מיינט עס דען ניט, אַז די מלחמה מוז זיך ענדיקן כאָטש מיט אַ וואָך פריִער?

זי האָט אָנגעגאָסן טיי און באַלד זיך גענומען פאָרען אין האַנטבײַטל:

— צו אָט דעם קאָנצערט פאַסט ניט פאַר מיר איך זאָל מאָלן די

פלאַקאַטן — האָט זי ווײַטער געזאָגט. — מע מוז שוין דרוקן אמתע אַפּישן. כ׳וועל זיי טאַקע מאָרגן באַשטעלן. דערווײַלע האָב איך צוגעגרייט קליינע פלוגבלעטלעך — און זי האָט אַרויסגעוואָרפן אַ ראָזע פּאַפּירל פונעם בײַטל: **שבת דעם.... וועט אין גרויסן שטאָטישן קאָנצערט־זאַל....**

— אָ, מײַן גאָט!

טאַניע האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף מײַן מויל, כ׳זאָל ניט אויפוועקן די מוטער און די שוועסטער.

— טאַניע, זײַט מוחל, איר ווייסט ניט, אין דעם דאָזיקן זאַל זײַנען אויפגעטראָטן פּאַגאַניני דער ערשטער און דער צווייטער. און איצט... איך!

— איך מוז זיך מודה זײַן, אַז צײַטנווײַז פאַרשטיי איך ניט וואָס איר מיינט, כאָטש כ׳האָב זיך שוין צוגעוווינט צו אײַער אופן פון ריידן. בכלל רעדט איר צו פיל. בעסער טרינקט. די טיי ווערט קאַלט.

איך האָב געקוקט אויף איר פנים, וואָס איז געווען פול מיט געבעט: איך זאָל ניט זײַן אין כעס, וואָס איר געפעלט ניט מײַן אופן פון ריידן, וואָס זי ווייסט ניט, און וויל ניט וויסן, ווער ס׳איז געווען פּאַגאַניני דער ערשטער און דער צווייטער. זי וועט מיך ניט אויסבײַטן אויף קיינעם אין דער וועלט. איך זאָל זי נאָר ניט אַוועקוואַרפן. זי איז גוט און ערלעך און ריין, און אויב אַפילו זי איז אַלט און אָרעם, און ניט שיין, איז זי אָבער אַ פרוי, וואָס קען זאָרגן פאַר ְמיר, האָדעווען מיך ווי אַן אייגן קינד, און פון מיר מאַכן אַ מאַן אין פולסטן זין פון וואָרט, איך זאָל, אויף צולהכעיס גראַסים איסאַקאָוויטשן, קענען שפּילן דעם רעוויזאָר.

איך האָב זיך אַריבערגעבויגן איבערן טיש נענטער צו איר ריידנדיקן פנים און זי האָט צוגעטראָגן איר פנים נענטער צו מײַן אויער. זי האָט געוואָלט איך זאָל וויסן אַלע אירע סודות.

די מוטער האָט אין שלאָף אַ טיפן קרעכץ געטאָן. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט ווי נאַכט־גנבים אויפן שוועל פון אַ פאַרשלאָסענער טיר, צעשראָקענע, פאַרשעמטע, שעפּטשענדיק ווערטער פון דערמוטיקונג, גרייט צו גיין און פאַרשלונגען ווערן אין אַ זיסן אָפּגרונט.

# כ״ג

אין עטלעכע טעג אַרום, בעת איך בין, ווי געוויינטלעך, געזעסן בײַ טאַניען ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָב איך דערהערט אַ שטאַרקן דונערקלאַפּ.

— כ׳וועל גיין אַהיים, עס וועט מסתּמא באַלד זײַן אַ שלאַקסרעגן.

— ניין — האָט טאַניע אָנגעשטעלט אירע אויערן — עפּעס איז עס געווען ניט קיין געוויינטלעכער דונער.

— דאָס זײַנען די דײַטשן! — האָט זיך דערהערט דער מוטערס צעשראָקן קול פון הינטער דער וואַנט.

כ׳האָב אַ כאַפּ געטאָן מײַן פּאַפּאַכע און דעם שינעל, גענומען טאַניען בײַ דער האַנט, און מיר זײַנען ביידע אַרויסגעלאָפן פון הויז.

קיינער איז אויף דער גאַס ניט געווען. בלויז דער ווינט האָט זיך געשפּילט און זיך געדרייט אין אַ קאַדריל מיט עטלעכע שטיקלעך פּאַפּיר.

— גייט צוריק אין שטוב, טאַניע — האָב איך אַ זאָג געטאָן — איר קענט זיך נאָך צוקילן. איך וועל אַריבערלויפן אַ פּאָר גאַסן און זיך דערוויסן וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט. איך וועל באַלד זײַן צוריק.

אויף דער פּוסטער יאַטקעווער־גאַס האָבן צוויי זעלנער גיך אַראָפּגעשלײַדערט פון זיך די מונדירן. פון ערגעץ אַ פענצטער אינדערהייך האָט מען זיי אַראָפּגעוואָרפן הויזן, שניפּסן און קאַפּעלירשן. פון דער קלויסטער־גאַס זײַנען געלאָפן דרײַ אַנדערע פּאַרשוינען, שוין בלויז אין די אונטערהויזן, געקלאַפּט אין די טירן און זיך געבעטן מע זאָל זיי שענקען אַלטע קליידער, אָדער אַרײַנלאָזן אין די הײַזער.

ווי דער ווינט בין איך געלאָפן אַהיים. מײַן מוטער האָט אַ צעטראָגענע אַרומגעשפּרײַזט אין איר נאַכטהעמד, און ווען איך בין אַרײַנגעקומען, האָט זי, ברעכנדיק די פינגער, אויסגעשריִען:

— ווו איז דער טאַטע?

— איך ווייס ניט, כ׳קום ניט פון שפּיטאָל.

— ווו ביסטו געווען?

אַנשטאָט איר צו ענטפערן, האָב איך זיך געשווינד אַ וואָרף געטאָן צום אַלמער:

— גיכער, גיב מיר דעם טאַטנס אַן אַלטן אַנצוג, איך וועל אים צוטראָגן אין שפּיטאָל!

— ניין, ניין! — האָט זי מיך אָנגעכאַפּט בײַם אַרבל — אפשר

באָמבאַרדירט מען די שטאָט?

— אויף דער גאַס איז שטיל, קיינער ניטאָ. ס׳וועט נעמען בלויז אַ האַלבע שעה און איך וועל זײַן צוריק מיטן טאַטן. איך האָב געזען אַ סך זעלנער טוען זיך איבער די קליידער. דער טאַטע קען זיך אויך אַזוי אַרויסשאַרן. גיב מיר גיכער עפּעס אַ שמאַטע אײַנצוּוויקלען דעם אָנצוג.

— זע, זע — האָט זי זיך מיר געשטעלט אין וועג — פאַרוואָס טוסטו זיך אַליין ניט איבער?

— איך בין ניט קיין סאָלדאַט! — האָב איך אָפּגעענטפערט און מיטן צוזאַמענגעדרייטן פּעקל קליידער אונטער מײַן שינעל געלאָפן צום זווערינעצער שפּיטאָל.

בײַם רינשטאָק אויף דער גלעזער־גאַס האָט אַ פּיִיערל מיט די לעצטע כּוחות זיך געראַנגלט מיטן ווינט איבער די רעשטלעך פון אַן אָפּגעסמאַליעטן שינעל. אויפן ראָג פון דער קלויסטער־גאַס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט אַ זעלנער און האָט מוראדיק געבראָכן. נעבן אים זײַנען געלעגן גאַנצע דרײַ אויסגעליידיקטע שנאַפּס־פלעשלעך.

בײַ דער זווערינעצער בריק זײַנען געשטאַנען סאָלדאַטן און געווונקען צו מיר מיט קליינע לאַמטערנעס:

— גיכער! גיכער!

איך האָב געפילט, אַז נאָך איין מינוט און מײַנע לונגען וועלן צעפּלאַצט. מיט אַן אויפגעריסן מויל, ווי אַ פערד אין דער לעצטער רגע פון אַ געיעג, בין איך אַריבערגעלאָפן די בריק. די סאָלדאַטן האָבן אַ צי געטאָן אַ שטריק, און מיט אַ פאַרטויבנדיקן דונער איז די בריק זיך צעפלויגן אין דער לופט.

בײַם טויער פון שפּיטאָל איז שוין קיין וואַך ניט געווען. אין מיטן הויף זײַנען געשטאַנען בײַ אַ צענדליק הויכע אָנגעלאָדענע וועגענער, צו וועלכע צעספּוּשעטע זעלנער האָבן געטראָגן גרויסע פּעק מיט שפּיטאָל־כּלים. אין דער זעלביקער צײַט האָבן די טרײַבערס אומגעדולדיק געבריקעט און געשלאָגן מיט די קולאַקעס די פערד, וועלכע האָבן זיך אין צעטומלטער אײַלעניש פאַרפּלאָנטערט אין רימענס פון געשפּאַן.

איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן דורכן לאַנגן קאָרידאָר צו דער קאַנצעלאַריע, ווו מײַן פאָטער האָט געהאַט זײַן פּריוואַט צימערל. דורך די אָפענע טירן פון די פּאַלאַטעס האָב איך געזען צעוואָרפענע בעטן, איבערגעדרייטע מיט די פיס אַרויף, פון וועלכע מע האָט די קראַנקע אַרויסגענומען צוזאַמען מיט די קישנס און מאַטראַצן. אין אַנדערע אָפּטיילונגען האָט מען די שווער־פאַרוווּנדיקטע איבערגעלאָזט אויף לײַלעכער, אויף דער פּאַדלאָגע.

אין דער קאַנצעלאַריע זײַנען די שופלאָדן געשטאַנען אָפן און די פּאַפּירן צעשלײַדערט. ס׳איז געווען קלאָר, אַז די מענטשן וואָס זײַנען פון דאַנען אַנטלאָפן, האָבן עס געטאָן אין אײַלעניש און פאַרלוירנקייט. איידער

כ׳האָב נאָך באַוויזן אַריַינצוקוקן אין מיַין טאַטנס צימערל, האָט מיר אַ פּאַרביַילויפנדיקע האַנט אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע:

— קום, קום גיכער, דיַין פּאָטער מוז שוין זיַין אין מינסק. מ׳האָט אים נאָך נעכטן פּאַרנאַכט אַרויסגעשיקט מיטן ערשטן אָבאָז...

מיַין פּעקל קליידער איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. כ׳האָב פּאַרשפּעטיקט! כ׳בין נעכטן אין שפּיטאָל ניט געווען און דעריבער פּאַרטאַכלעוועט מיַין פּאָטער. ער האָט געקענט זיך ראַטעווען, ווען איך קום מיט אַ פּאָר שעה פריִער מיטן אָנצוג. וואָס טוט מען? גיין אַהיים? די בריק איז צעריסן, און אויב אַפילו איך וואָלט דורך די וועלדער זיך ווי עס איז דערשלאָגן אין שטאָט אַריַין, וואָס וועט זיַין מיט מיַין פּאָטער? וואָס וועל איך זאָגן דער מאַמען?

דער ענטפער איז געקומען מיטן אויפריַיס פון די פּראָוויאַנט־סקלאַדן: איך האָב אַ כאַפּ געטאָן מיַין פּעקל און בין אַרויסגעלאָפן דורך דער הינטערשטער טיר. ס׳איז געגאַנגען אַ דראָבנער רעגן, אָבער דאָס האָט ניט געאַרט די פיַיער־צונגען צו פרעסן די אַרבעס און די שוואַרצע גרויפּן אין די סקלאַדן.

מיט דער פלינקייט פון אַ קאַץ האָב איך זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף אַן אָנגעלאָדענעם וואָגן, דער לעצטער וואָס איז אַרויס פון שפּיטאָל. כ׳האָב זיך איַינגעמאָשטשעט אויפן סאַמע שפּיץ און זיך איַינגעשטשעמעט אין די אַרומגעבונדענע שטריק, איך זאָל זיך ניט אַראָפּגליטשן פון די פיַיכטע ברעזענטן. מיט אַ כליעשטשען פון די לאַנגע ביַיטשן און מיט די צען־גאָרנדיקע קללות זיַינען די פערד־און־וועגענער אַרויסגעטריבן געוואָרן אויפן בלאָטיקן שליאַך.

ביַי די לעצטע האַלב־איַינגעפאַלענע כאַטקעס זיַינען געשטאַנען אַלטע פויערטעס, געווישט מיט די קליידער די פאַרטרערטע אויגן און, איבערגעצלמט די וועגענער און געשעפּטשעט: — גאָט זאָל דיך באַשיצן און דיר העלפן דעריאָגן דיַין פּאָטער... ביַים זיַיט פון שליאַך, ביַי אַ ברונעם, איז אויף אַ וויַיסן צלם געהאָנגען דער דערלייזער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געוויינט איבער מיַין בראָך.

באַלד איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ כאָפּטע דאַרע ביימלעך און נאָך אַ גרעסערע כאָפּטע דיקע ביימער. פון די אָנגעלאָפענע ביימער איז דער וועג געוואָרן ענגער און ענגער, די וועגענער האָבן זיך מיט פלאָגעניש געדרייט און אָפּגעשטופּט די ביימער. אין מיטן וואַלד האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, כּדי זיך צו פאַראייניקן מיט אַנדערע אָבאָזן, וואָס האָבן געצויגן מיטן זעלביקן מאַרשרוט קיין מינסק. צענדליקער מאָל האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן, כּדי די אַרטילעריע מיט קליינע האַרמאַטלעך, געשלעפּט פון פערד, זאָל זיך קענען אַרויסשטופּן פאָרויס. פון הינטער די ביימער האָבן אויך אַרויסגעפּויזעט הונדערטער קלענערע און גרעסערע גרופּעס

פאַרבלאָנדזשעטע, אויסגעמאַטערטע זעלנער, וואָס האָבן געפרעגט: אויף וועלכער זײַט איז דער וועג קיין מינסק?

איך בין געזעסן אויפן שפּיץ פון דעם זיך טרייסלענדיקן וואָגן, פאַרגראָבן אין שינעל. דיביימער האָבן זיך געשטופּט צו מיר און מיט פּײַכטע פלאַטערנדיקע הענט מיך געגלעט, געקיצלט, כּדי איך זאָל פאַרגעסן אין מײַנע צרות. פייגל האָבן געפּרוווט מיך דערמוטיקן מיט זייער געזאַנג. טויזנטער גלי־ווערעמלעך האָבן זיך געסטאַרעט צו באַלײַכטן דעם וועג.

פּלוצלינג האָט אַ בייזער בוים מיך אַ שטורך געטאָן מיט אַזאַ קראַפט, אַז איך בין שיִער ניט אַראָפּגעשלײַדערט געוואָרן פון וואָגן. איך האָב זיך פלינק אָנגעכאַפּט אָן די שטריק אונטער מיר, אָבער, גאָט מײַנער, דער גאַנצער וואָגן האָט זיך גענומען קערן מיט מיר צוזאַמען. איך האָב אָנגעהויבן שרײַען:

— האַלט, האַלט, האַלט!

מײַן געשריי האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין די ביימער און זיי אַלע האָבן מיר געהאָלפן שרײַען: האַלט, האַלט!

די טרײַבערס האָבן ווילד געכליעשטשעט די פערד און געשאָלטן די ביימער, זיי זאָלן מאַכן אַ וועג פאַר די וועגענער.

די פאָדערשטע וועגענער האָבן זיך איבערגעקערט, און די הינטערשטע האָבן זיך איבערגעקוליעט אויף די שוין איבערגעקערטע. די גרופּעס זעלנער האָבן גענומען שפּאַרן אויף צוריק און זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט די גרופּעס אַרטילעריע. ס'איז באַלד געוואָרן אַ מישמאַש פון מענטשן און פערד, מענטשן אונטער פערד און אונטער ביימער. איינער איז געקראָכן אויפן אַנדערן און ניט געוווּסט ווו ס'איז פאָרויס און ווו — צוריק.

איך בין געלעגן אונטערן איבערגעקערטן וואָגן און מײַן לינקע באַק דורכגעשטאָכן פון אַ שאַרפן שפּיציקן וואָרצל. איצטער האָבן שוין טויזנטער מײַלער געשריִען: האַלט! צעטומלטע פון שרעק און גערודער, זײַנען פון אַלע זײַטן געקראָכן זעלנער איינער איבערן אַנדערן, ווי מע וואָלט זיי דאָ אַלעמען פאַרנאַרט און צוזאַמענגעטריבן אין אַ פאַסטקע פון וואַלד. ס'איז געווען שווער זיך אַרײַנצושטופּן אין וואַלד, אָבער אַרויסצושטופּן זיך איז געווען אוממעגלעך.

די צערודערטע ביימער האָבן באַלד גענומען פון אויבן שפּײַען מיט גרויסע בוכטעס פײַער, און פון אונטן גענומען שפּריצן מיט קוילן און שראַפּנעלן. די פאַרווונדיקטע זײַנען געקראָכן איבער די טויטע און געשריִען:

— גענוג, גענוג! הייבט די הענט! גיט די ווײַסע פאָן!

ווי אונטער אַ דיריגענטן־שטעקעלע האָט זיך באַלד דער רעש און גערודער פון דעם גאַנצן אָרקעסטער אין וואַלד אָפּגעשטעלט. בלויז איינצלנע, שעפּטשענדיקע שטימען האָבן זיך איבערגעגעבן דעם ערשטן באַפעל פון

די דײַטשן:

— אַוועקוואַרפן ביקסן, אויסשיטן קוילן, אַרײַנשטעכן באַיאָנעטן אין דר׳ערד! זעצט זיך! לייגט זיך! ציט זיך אויס מיטן פּנים צו דער ערד!

גאָט, באַרעמהאַרציקער, ווער זײַנען זיי, די דײַטשן? פון וועלכן גיהנום קומען זיי? הייליקע מוטער, העלף אונדזערע פאַרזינדיקטע נשמות!

די זעלנער האָבן פאַרנורעט די קעפּ, ווער אונטער אַ געפאַלענעם פערד, ווער אונטער אַ צעלעכערטן מענטשן, און ווער אונטער אַן אײַנגעבראָכענעם בוים. אָבער ווי נאָר די זון האָט גענומען פונאַנדעררוקן די ביימער, האָבן די זעלנער איינער דעם אַנדערן איבערגעגעבן די באַפעלן פון די דײַטשן:

— אויפשטיין! שנעל, שנעל, שנעל! אויפהייבן די הענט! אַרויס פון וואַלד, ביז צום פעלד, שנעל, שנעל!

מיט ציטערדיקע קני און מיט די הענט אין דער הייך האָבן די מאַסן געפאַנגענע געשפּרײַזט איבער די קופּעס בראָכוואַרג און געוועער, און צווישן זיי האָט זיך אויך געשלעפּט אַ קליינער פאַרבלוטיקטער זעלנער, וועמעס צעריסענע באַק און צעטראַסקעטע נאָז זײַנען געווען אַרומגעוויקלט מיטן אונטערשלאַק פון זײַן פאָטערס רעקל.

די שטאַרק צעקאַליעטשעטע, וואָס האָבן ניט געקענט זיך אויפהייבן פון דער ערד, האָבן זיך געבעטן: — ברידער, נעמט אונדז מיט! — אָבער אַלע האָבן זיך געמאַכט ניט־הערנדיק.

איין רגע האָב איך זיך דווקא פאַרהאַלטן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך זע אין אַ זײַט אַ קערפּער, וואָס איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ אויף אַ צווייטן, מערקווערדיק ענלעך צו מײַן פאָטער. אָבער איינער פון די צעספּרושעטע זעלנער האָט מיר אַ בריקע געטאָן פון הינטן, איך זאָל דעם וועג ניט פאַרשטעלן. איך בין אַנידערגעפאַלן, און כ׳וואָלט אַוודאי צעטראָטן געוואָרן, ווען איך שפּרינג ניט באַלד אויף, מיט איין האַנט אין דער הייך און מיט דער צווייטער אויף דער שמאַטע איבער מײַן צעלעכערטן פּנים.

פון צײַט צו צײַט האָט אין דער שטילקייט זיך געהערט אַ שושקערײַ:

— היי, ברודער, מיינסט מע וועט אונדז לאָזן לעבן?

— ס׳אַ געזעץ פון גאָט: מע טאָר קיין געפאַנגענע ניט שיסן!

— מע זאָגט אַז די דײַטשן גלייבן ניט אין גאָט.

— מע זאָגט, אַז די דײַטשן ריידן די שפּראַך פון די ייִדן.

— אַז די ייִדן האָבן אונדז אַרײַנגעפירט אין אָט דעם פאַרשאָלטענעם גיהנום, איז קיין ספק ניט!

— די ערשטע רייען זײַנען שוין אַרויס פון וואַלד. ווען מע באַגעגנט זיי מיט אַ שיסערײַ, וואָלטן מיר עס געהערט. דערווײַל איז שטיל. זײַ געלויבט, צאַר אין הימל!

צו אונדזער גרויסער איבעראַשונג, איז אויפן ברייטן פעלד קיינער ניט

געוועז. אַחוץ צוויי קליינע דײַטשן מיט בלישטשענדיקע העלמען אין דער אויפגייענדיקער זון. זיי זײַנען געשטאַנען רויִק און גלײַכגילטיק, די ביקסן מיט די ברייטע באַיאָנעטן אויף די פּלייצעס, און איינער האָט דעם צווייטן געגעבן פֿײַער צו דער ליולקע.

די געפֿאַנגענע האָבן זיך געשטופּט איינער איבערן אַנדערן, אַ קוק טאָן אויף די צוויי באַשעפֿענישן. אויף זייערע פּנימער האָט זיך פֿאַרצויגן אַ פֿאַרשעמטער שמייכל. פּלוצעם האָבן זיך באַוויזן עטלעכע אויטאָמאָבילן, באַגלייטע פֿון ביידע זײַטן מיט מאָטאָציקלען. פֿון איין אויטאָמאָביל זײַנען אַרויסגעשפּרונגען עטלעכע אויסגעפּוצטע דײַטשע אָפֿיצירן אין ליכטיק־גרויע שינעלן, שטײַף אײַנגעצויגענע אין דער טאַליע, און מיט גלעזלעך אויף איין אויג. זיי האָבן עפּעס פֿאַראָרדנט די צוויי זעלנער, און באַלד האָט מען געהייסן די געפֿאַנגענע זיי זאָלן אַרויס אויפֿן פֿעלד, זיך אויסשטעלן צו צוואַנציק אין אַ ריי און נאָכגיין די צוויי זעלנער.

מיט דער געהאָרכיקייט פֿון צעשראָקענע קינדער, טרעטנדיק איינער דעם צווייטן אויף די פּיס, האָבן די טויזנטער געפֿאַנגענע אויסגעפֿירט די באַפֿעלן פֿון די צוויי דײַטשן.

די אויטאָמאָבילן מיט די מאָטאָציקלען האָבן זיך גיך אָפּגעטראָגן. די צוויי זעלנער האָבן ווידער פֿאַרוויכערט די ליולקעס און מיט געלאַסענע טריט זיך געלאָזט גיין פֿאָרויס. נאָך זיי איז געגאַנגען די טויזנטקעפּיקע מאַסע אַ שווײַגנדיקע, איטלעכער פֿאַרזונקען אין זײַנע געדאַנקען. פֿון צײַט צו צײַט האָט איינער אַ שושקע געטאָן:

— כ׳האָב געהערט, אַז די דײַטשן נעמען ניט קיין געפֿאַנגענע. פֿאַרוואָס האָבן זיי אונדז ניט אויסגעשאָסן?

— איך ווייס ניט — האָט אַ צווייטער צוריקגעשושקעט — אפֿשר פֿירן זיי אונדז קיין בערלין, כּדי אונדז דאָרט אויסצוקוילען.

— ווי ווײַט איז בערלין? — האָבן עטלעכע געפֿרעגט. אָבער קיינער האָט אויף דעם קיין ענטפֿער ניט געגעבן.

נאָך אַ זעקס־שעהעדיקן שפּאַציר מיט בלויז איין אָפּרו, זײַנען די געפֿאַנגענע אָנגעקומען אין שטעטל מיַישעגאָלע, ווו עס האָט שוין אויף אונדז געוואַרט אַ גרויסע שטײַג פֿון שטעכיקן דראָט. אין שטײַג זײַנען שוין אויף דער ערד געזעסן אַ היפּשע צאָל פֿון פֿריִער געפֿאַנגענע, וואָס האָבן זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף די נײַ־געקומענע מיט ציטערנדיקע ציינער: צי האָט איר ניט ווער בײַ זיך אַ שטיקל ברויט. שוין דרײַ טעג ווי זיי ליגן דאָ אין שטײַג און האָבן געקראָגן בלויז דרײַ מאָל צו שיסלעך געקאָכט וואַסער מיט עפּעס אַ שוואַרצער קאָרע, וואָס די דײַטשן רופֿן עס "קאַפֿע".

— צי שיסן זיי דאָ אויס די געפֿאַנגענע? — איז געווען די ערשטע שאלה פֿון די נײַ־געקומענע.

— ניין, ניין, זיי שיסן ניט, נאָר קיין עסן גיבן זיי ניט.

— זיי האָבן אַליין ניט — האָט איינער פון די אַלטע געפּרוּווטע דערקלערן.

— מע זעט זיי קיינמאָל ניט קײַען.

— שלאָגן זיי?

— ניין, ניין, זיי טשעפּען ניט, זײַנען אָפּט אַפילו העפלעך, נאָר קיין עסן גיבן זיי ניט.

— אָבער די וואָס מע שיקט אויף אַרבעט גיט מען יאָ צו עסן, כ'האָב אַליין געזען — האָט איינער פון די אַלטע זיך געשווווירן. — יעדן פרימאָרגן קומט אַ קאָמיסיע און קלײַבט אויס פון דער שטײַג עטלעכע טויזנט מענטשן. מע שיקט זיי מסתּמא קיין בערלין אויף אַרבעט.

פאַרוואָס האָט מען אײַך ניט אויסגעקליבן? — האָבן די נײַע געוואָלט וויסן.

— ווײַל זיי דאַרפן, ווײַזט אויס, בלויז דאָקטוירים, אינזשיניערן, טעכניקער, ניט קיין פּראָסטע פויערים.

— און ווי איז וועגן סטאָליאַרעס? — האָט איינער געפרעגט.

— אפשר דאַרפן זיי...

— און אַ שוסטער?

— דאָס איז ניט זיכער.

— אַ שמיד?

— דאָס אפשר יאָ.

— און וואָס איז וועגן אַ זייגערמאַכער? — האָט זיך דערטראָגן אַ קול פון הינטערן געזעמל. אויף דעם איז קיין ענטפער ניט געקומען. קיין זייגערמאַכער איז צווישן זיי אין שטײַג נאָך ניט געווען.

— אַ זייגערמאַכער איז ניט קיין פויער, ניט קיין פּשוטער אַרבעטער. דאָס איז, קאָן מען זאָגן, אַ שטיקל אינזשיניער — האָט דער זייגערמאַכער זיך אַדורכגעשטופּט צו דער ריידנדיקער גרופּע.

די וועבטערס, וואָס האָבן אַדורכמאַרשירט בײַ דער שטײַג, האָבן שטרענג אויסגעשריִען:

— שלאָפן!

דער גאַנצער המון האָט זיך ווי איין מענטש אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און זיך אײַנגעגראָבן אין די שינעלן, אָנגעשפּאַרט זיך איינער אין צווייטן.

צומאָרגנס אינדערפרי איז געקומען די קאָמיסיע. בײַם סאַמע אַרײַנגאַנג אין דער שטײַג איז געשטאַנען אַ טיש און בײַם טיש זײַנען געזעסן צוויי אונטער־אָפיצירן. פאַר דעם ערשטן האָבן די געפאַנגענע געדאַרפט אַרויסלייגן זייערע דאָקומענטן, פּאַפּירן, קליינגעלט און אַלץ וואָס מ'האָט געהאַט בײַ זיך. פאַרן צווייטן האָבן זיי געדאַרפט מעלדן זייער פּראָפעסיע.

— פויער — האָט דער ערשטער געפאַנגענער רחמנותדיק אַ מורמל

געטאָן.

— שטעל זיך רעכטס! — האָט דער שרײַבער אָנגעוויזן מיט דער האַנט.

— ווײַטער!

— פויער...

— רעכטס!

— שלאָסער.

— לינקס!

— בעקער,

— רעכטס!

— שמיד.

— לינקס!

איך בין צו צום טישל. דאָס גאַנצע פּנים, ביז צו די אויגן, איז בײַ מיר געווען פאַרוויקלט.

— דאָקומענטן! נעם אַראָפּ די שמאַטע פון מויל!

איך האָב אויסגעשטעלט אַ שרעקלעך פאַרבלוטיקט פּנים מיט אַ לאָך אין באַק, דורך וועלכער מ׳האָט געקענט זען די ברעגן פון די הינטערשטע ציין. מיט ווידערווילן און שוידער, אָבער שוין גלאַסענער, האָט דער דײַטש איבערגעחזרט:

— האָסטו ניט קיין דאָקומענטן?

אַ דערבײַ שטייענדיקער דײַטש האָט מיך באַטאַפּט און אויסגעטרייסלט די קעשענעס. ס׳זײַנען אַרויסגעפאַלן: אַ שטריקל, עטלעכע אַרבעס און אַ צוזאַמענגעלייגט קאָלירט פּאַפּירל.

— וואָס איז דאָס? — האָט דער אונטער־אָפיציר דאָס פּאַפּירל דערלאַנגט אַ צווייטן, וועלכער האָט פליסיק איבערגעלייענט אויף רוסיש: ״שבת דעם.... וועט אין גרויסן סטאַטישן קאָנצערט־זאַל פאָרקומען אַ גראַנדיעזער אָוונט, אין וועלכן עס וועט ווידעראַמאָל אויפטרעטן דער באַרימטער, אויסערגעוויינטלעכער שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ״.

לויפנדיק מיט די אויגן פון דעם פּאַפּירל צו מיר און פון מיר צום פּאַפּירל, האָט דער דײַטש כּמעט גוטמוטיק געפרעגט:

— וואָס ביסטו, אַן אַקטיאָר? וויפל וועגסטו?

איך האָב פּרובירט עפּעס אַרויסכאָרכלען, אָבער די ווערטער זײַנען געבליבן שטעקן אין האַלדז, וואָס איז געווען פאַרפּעכנעט מיט בלוט.

די שרײַבערס בײַם טיש האָבן זיך שמייכלענדיק אָנגעקוקט און איינער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט: רעכטס. דאָרטן האָבן זיך שוין אָנגעקליבן אַ פּאָר טויזנט נפשות, וואָס האָבן זיך באַלד, אויפן באַפעל פון אַ דײַטשן זעלנער, אויסגעשטעלט צו צען אין אַ ריי און אים נאָכגעגאַנגען.

מיר זײַנען אָנגעקומען צו אַ באַן־סטאַנציע, ווו מ׳האָט אונדז צום ערשטן

מאָל מכבד געווען מיט ״קאַפּע״. באַלד נאָך דעם האָט מען די מאַסע צעשפּאָלטן אויף עטלעכע גרופּעס מיט באַזונדערע נומערן און אַריַינגעשטופּט אין באַזונדערע וואַגאָנען. די גרופּע מיטן לאַנגן נומער 148649 איז נאָך אַ פּאַמעלעכער נסיעה איבער נאָך ניט אינגאַנצן פּאַרריכטע רעלסן אינמיטן דער נאַכט געבראַכט געוואָרן אין דעם שטעטל שירווינט.

ס׳איז נאָך געווען גוט פינצטער, ווען מ׳האָט אונדז מיט אַ פּיַיף אויפגעוועקט און ווידער אָנגעפּאָיעט מיט ״קאַפּע״, און ווידער איַינגעטיילט אויף שלאָסערס, סטאָליערס, שמידן אאַ״וו. די שמידן האָט מען געגעבן העק און זיי געפירט אין די אַרומיקע וועלדער אויסהאַקן ביימער. די שלאָסערס האָט מען דערלאַנגט זעגן און זיי געהייסן די געבראַכטע קלעצער צעזעגן אויף לאַנגע ברעטער. און די סטאָליערס האָט מען געגעבן מאָסן, לויט וועלכע זיי זאָלן פון די ברעטער אויסשניַידן ספּעציעלע פּלאַנקען, וואָס זאָלן זיך גיך, אויף אַ קונציקן אופן, קענען צוזאַמענפלעכטן אָן טשוועקעס אין ווענט און פּאַדלאָגעס פאַר די אָקאָפּעס. דעם אַקטיאָר האָט מען דערלאַנגט אַן עמער סמאָלע מיט אַ גרויסן פּענדזל, און אים געשיקט הינטער די באַראַקן, ער זאָל דאָרטן פאַרשמירן ביז דער העלפט די ווענט פון אַ בנין, אין וועלכן ס׳איז געווען אַ גרוב און איבערן גרוב דריַי ברעטער, און איבער די ברעטער איז געהאָנגען אַ פּלאַקאַט מיט פיר גרויסע רוסישע ווערטער, וואָס האָבן זיך דווקא געגראַמט: ניע באָלטאַט אַ סראַט (ניט פּלוידערן, נאָר ק...).

די פויערים אין שטיַיג אין מיַישעגאָלע זיַינען געווען גערעכט: אַחוץ דעם וואָס די דיַיטשן האָבן ניט געגעבן קיין עסן, האָבן זיי קיין באַזונדער רשעות ניט אַרויסגעוויזן. אַמאָל אַ פּאַטש, אָדער אַ בריקע אין הינטן, אָבער דאָס איז אַלץ געווען וויַיט פון שיסן.

בלויז אין איין פאַל פלעגט דער וועכטער פאַרלירן זיַין געדולד און אַ כמאַל געבן מיטן פריקלאַד פון דער ביקס איבערן קאָפּ — ווען ער פלעגט עפּעס זאָגן צו אַ געפאַנגענעם אויף דיַיטש, און אַז דער רוס האָט ניט פאַרשטאַנען, האָט דער וועכטער צוגערופן אַ צווייטן געפאַנגענעם ער זאָל דערקלערן וואָס ער מיינט, און אַז דער צווייטער האָט גערופן אַ דריטן ער זאָל אים אַרויסהעלפן. און דערלאַנגט האָט ער תמיד דעם דריטן. זיַין דער דריטער איז געווען גאָר ניט מזלדיק אין לאַגער.

ווי נאָר כ׳האָב זיך אויסגעלערנט פּלאַפּלען אַ ביסל דיַיטש, בין איך באַלד געוואָרן דער ערשטער, וועמען דער וועכטער פלעגט רופן און הייסן פאַרטיַיטשן די געפאַנגענע וואָס ער וויל פון זיי. אויף אַזאַ אופן איז דער ״קליינער רוסע״ באַלד געוואָרן אַ פאַרמיטלער צווישן די וועכטער און די געפאַנגענע.

די פויערים האָבן זיך ניט געקענט גענוג אָפּוווּנדערן, וויאַזוי אַזאַ קליינער

אויסגעדאַרטער נפש, וואָס וועגט אפשר אַכציק פונט, קען זיך אויסלערנען אין אַזאַ קורצער צײַט אַזאַ שווערע שפּראַך. אַזוי, אַז ניט געקוקט דערויף וואָס ווערדליק מײַן אַרבעט אין לאַגער בין איך געשטאַנען נידעריקער ווי דער געמיינסטער פּויער — כ׳האָב גערייניקט דעם אָפּטרעט — האָבן זיי זיך באַצויגן צו מיר מיט דרך־ארץ, ווײַל כ׳האָב זיי אָפּט אויסגעהיט פון אַן איבעריקן כמאַל איבערן קאָפּ.

ס׳איז נאָך געווען אַ צווייטע, אַ וויכטיקערע סיבה פאַר זייער פרײַנדלעכקייט צו מיר. איך פלעג זיי אָפּט צודינען מיט אַן עקסטרע פּענעצל ברויט, און טיילמאָל אַפילו מיט אַ ביסל מאַרמעלאַד.

די געפאַנגענע סטאָליאַרעס פלעגן אויסשניצן פון האָלץ אַלערליי פיגורלעך, און די שלאָסערס פלעגן אויסקלאַפּן פון אויסגענוצטע רוסישע קוילן, וואָס די וועכטער האָבן זיי צוגעשטעלט, כּל־מיני רינגען, בראָשן און בראַסלעטן. דער אויסטויש צווישן אָט די קונציקע סוווענירן און די שטיקלעך ברויט — איז געגאַנגען דורך מיר, אַדאַנק מײַנע שפּראַכיקע פעיִקייטן.

פינף פאַרטאָג האָט מען אונדז געוועקט צו טרינקען ״קאַפע״. שפּעטער מיט אַ האַלבער שעה האָט מען אונדז שוין געפירט צו דער אַרבעט. צוועלף אַזייגער האָט מען געגעבן אַ שוואַרץ שטיקל ברויט און עפּעס אַ ברודיקע יויך, אין וועלכער ס׳זײַנען אַרומגעשווומען עטלעכע גרויפּן, עטלעכע ביינדלעך, און טיילמאָל אויך עטלעכע ווערעם. זעקס אַזייגער, נאָכן צוריקקומען פון דער אַרבעט, האָט מען אונדז ווידער געקאָרמעט מיט יויך, שוין אַ געדיכטערע, וואָס לויטן קאָליר איז זי געווען ענלעך צו קאַלך. דערנאָך האָט מען ווידער געגעבן ״קאַפע״.

אויפן הימל זײַנען געהאָנגען שווערע וואָלקנס. די ערד איז געווען באַדעקט מיט אַ ברודנעם שניי און די בייזע פרימאָרגנדיקע ווינטן האָבן זיך געריסן דורך די אָפּגעטראָגענע, צעלעכערטע שינעלן און שטיוול. מיט איטלעכן טאָג זײַנען די געפאַנגענע געוואָרן געלער, דער בליק אין זייערע אויגן — פינצטערער און מער פאַרייִאושט. קיין מינדסטער קאָנטאַקט מיט דער דרויסנדיקער וועלט איז ניט געווען דערלויבט. ריידן מיט אַ ציווילן פאַרשוין איז געווען פאַרבאָטן. מ׳איז געווען פאַרמישפּט אויף אַ פאַמעלעכן הונגערטויט.

אין איינעם אַ טאָג האָבן זיך אָבער באַוויזן אין באַראַק דרײַ ציוויל־געקליידטע פאַרשוינען מיט רויטע קרייצלעך אויף די לאַצן. זיי האָבן מיטגעבראַכט קליינע פּעקלעך און זיי צעטיילט די סאָלדאַטן. די געפאַנגענע האָבן זייערע אויגן ניט געגלייבט, ווען זיי האָבן געעפנט די פּעקלעך און געפונען דאָרטן אַ גאַנצן צענדליק סוכאַרעס, עטלעכע ציגעלעך צוקער, אַ שקאָרמיצל מאַכאָרקע און אַ קליין פּליטקעלע שאָקאָלאַד. אייניקע האָבן זיך צעוויינט פאַר פרייד. זיי האָבן צונויפגעלייגט די הענט אין אַ פרום געבעט, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען פאַר דרײַ מלאכים פון הימל.

באַלד איז געקומען נאָך אַ גרעסערע איבערראַשונג: די דריַי מלאכים האָבן איַינגעטיילט איטלעכן סאָלדאַט אַ פּאָסטקאַרטל און געהייסן אָנשריַיבן עטלעכע ווערטער צו זייערע טאַטעס און מאַמעס, וויַיבער און קינדער. דערביַי האָט מען אָנגעזאָגט וועלכע ווערטער מע טאָר שריַיבן: איך לעב, בין געזונט, אַרבעט, פיל זיך גוט, פאַרגעסט ניט, אינגיכן וועלן מיר זיך זען.

די וואָס האָבן געקענט אַ ביסל שריַיבן, האָבן אַ נעם געטאָן די פּען ווי אַ דלאָט אין ציטערדיקן קולאַק און איבערגעשריבן די אָנגעזאָגטע ווערטער מיט גרויסע, קרומע קאָטשערעס. באַלד האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז פון די צוועלף דערלויבטע ווערטער האָבן זיי באַוויזן אויסצושטעלן בלויז פיר אָדער פינף אויף דעם קליינעם פּאָסטקאַרטל.

גאָר אָפּהענטיק זיַינען געווען יענע, וואָס האָבן געקענט בלויז חתמנען מיט דריַי צלמלעך. זיי האָבן מיך אַרומגעזוכט איך זאָל זיי העלפן, אָבער איך בין אין באַראַק ניט געווען. דאָס פּעקל האָב איך גענומען גליַיך מיט אַלעמען, אָבער ווען מ׳האָט צעטיילט די פּאָסטקאַרטלעך, בין איך אַרויסגעלאָפן און זיך באַהאַלטן אין הינטערשטן בנין.

כ׳האָב ניט געוואָלט שריַיבן. כ׳האָב ניט געקענט נוצן קיין איינס פון די צוועלף ווערטער. זאָל איך שריַיבן אַז כ׳בין געזונט און כ׳אַרבעט? ווו אַרבעט איך, אין אָפּטרעט? זאָל איך שריַיבן אַז איך לעב און פיל זיך גוט? ווי קען איך אַזוינס שריַיבן, איך, וואָס האָב ניט געבראַכט מיַין פאָטער די קליידער צו דער ציַיט און דעריבער אים פאַרמישפּט, אויב ניט צום טויט, איז זיכער צו געפאַנגענשאַפט. און וואָס קען ער שוין טאָן ווי אַ קירזשנער? אַ קירזשנער איז ניט קיין דאָקטער, ניט קיין אינזשיניער, ניט קיין מעכאַניקער. מסתמא רייניקט ער אויך ערגעץ אַן אָפּטרעט, פּונקט ווי זיַין זון.

זאָל איך שריַיבן דער מאַמען, אַז איך לעב און כ׳פיל זיך גוט און מיר וועלן זיך אינגיכן זען? ווי קען איך איר קוקן אין די אויגן? ווי קען איך איר גאָר דערציילן ווו איך האָב פאַרבראַכט די לעצטע טעג און נעכט, ווען איך בין אין שפּיטאָל ניט געווען? ניין, כ׳וועל זיך קיינמאָל ניט קענען וויַיזן פאַר איר. צו וואָס איר שריַיבן אַז כ׳וועל זיך אומקערן, אַז זי זאָל מיך ניט פאַרגעסן? פאַרקערט! זאָל זי טראַכטן, אַז איך בין ערגעץ געפאַלן אַ טויטער אין מיַין געלאַף נאָכן פאָטער. זאָל זי מיך וואָס גיכער פאַרגעסן, וואָרעם אויף אייביק פאַרגעסן הייסט אויך אויף אייביק פאַרגעבן...

אויך טאַניען וועל איך שוין קיינמאָל ניט זען. דאָס האָב איך שוין געהאַט ביַי זיך באַשלאָסן נאָך איידער מ׳האָט געבראַכט די קאַרטלעך.

אין אַ טאָג האָב איך צופעליק געפונען אין אַ ווינקל, ניט וויַיט פון באַראַק, אַ שטיקל פון אַ צעבראָכענעם שפּיגל, און צום ערשטן מאָל דערזען מיַין צעקרימטע נאָז און די צעריסענע באַק מיט דעם אָפּגענעם

לאָך. כ׳האָב דאָס שטיקל גלאָז מיט דער אָפּשפּיגלונג פֿון מײַן עקלדיקן פּנים, וואָס איז, ווי דער רבּי האָט מיר אַמאָל געזאָגט אין חדר, באַשאַפֿן געוואָרן אין דער געשטאַלט פֿון גאָט, אַ שליידער געטאָן צום הימל, און אַ פֿאַרייִאושטער זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַ יאָמערלעך געבעט, אַז די ערד זאָל מיך פֿאַרשלינגען.

ניין, ניין, די פֿאַרשטעלטע מלאכים מיט די קאַרטלעך זײַנען ניט פֿאַר מיר. זאָלן די פֿאַרשוואָלענע פֿון הונגער, די אומוויסיקע פֿינצטערע פּויערים, וואָס האָפֿן אַז זיי וועלן זיך נאָך אומקערן אַהיים, זאָלן זיי שרײַבן אַז מע זאָל זיי ניט פֿאַרגעסן, וואָרעם אין זייער עם־הארצות ווייסן זיי ניט, אַז די מלחמה וועט נאָך געדויערן צען יאָר, און מיט דעם שטיקל געשענקטן שאָקאָלאַד וועלן זיי סײַ־ווי ניט איבערלעבן...

די פּויערים האָבן ניט אויפֿגעהערט מיך צו זוכן, ביז זיי האָבן מיך געפֿונען, אַרײַנגעשלעפּט מיך אין באַראַק, מיר אַרײַנגעשטופּט די פֿעדער אין האַנט און זיך געבעטן בײַ מיר:

— שרײַב, ברודערל, שרײַב, האָב רחמנות...

איך האָב פּרובירט שרײַבן, כ׳האָב אָבער ניט געקענט, און אַזוי בין איך צוזאַמענגעבראָכן בײַם טיש...

## כ"ד

די דרייַ מלאכים זייַנען געשטאַנען אַרום מיר און מיר געשטופּט עפּעס אַ פּלעשעלע אין נאָז. זיי האָבן באַטראַכט מייַן אייַטערדיקע ווונד און געשאָקלט מיט די קעפּ. דערנאָך האָבן זיי זיך אייַנגעוויקלט אין זייערע פּעלצענע פליגל און זייַנען אַרויס פון באַראַק. נאָר איידער זיי זייַנען אַרויסגעפאָרן פון לאַגער, האָבן זיי פאַרשריבן בייַ זיך דעם נומער פון דעם "קליינעם רוסע" מיט דער מוראדיקער ווונד.

אויף מאָרגן, נאָך איידער מע האָט אַלעמען אויפגעוועקט צו דער אַרבעט, האָט מען מיך אַרויסגערופן פון באַראַק. אינדרויסן האָט געוואַרט אַן אויטאָמאָביל. וואוהין מע פירט מיך, האָט מען מיר ניט געזאָגט. אַז מע זאָל אַ געפאַנגענעם פירן אין אַן אויטאָמאָביל צו דערשיסן — האָט זיך ניט געלייגט אויפן שכל. אָבער נאָך איידער דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָב איך נאָך פון דער ווייַטן, ווי אַ געניטער שפּירהונט, דערשמעקט דעם גוט־באַקאַנטן ריח פון אַ שפּיטאָל.

אָן ווערטער האָט מען מיך אַרויסגעשטופּט פונעם אויטאָמאָביל, אַרייַנגעשטופּט אין אַ באָד־צימער, אַראָפּגעריסן פון מיר די קליידער, אַרונטערגערוקט אונטער אַ קאַלטן שפּריץ און דערנאָך, אַ נאַקעטן, אַרייַנגעפירט אין אָפּעראַציע־צימער, אַוועקגעלייגט אויפן טיש, אַרויפגעלייגט אַ גומע אויפן מויל און מיר געהייסן ציילן ביז צוואַנציק.

בעת איך בין געלעגן אין שפּיטאָל, האָט זיך מיר אייַנגעגעבן צו דערציילן איינעם פון די דאָקטוירים וויאַזוי איך האָב געאַרבעט ווי אַ ציווילער וואָלאָנטיר אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל און בין אויף אַזאַ אופן פאַרשלעפּט געוואָרן מיט דער אָפּטרעטנדיקער רוסישער אַרמיי. און אַז מע האָט מיך, נאָך פיר וואָכן, אַרויסגעלאָזט פון שפּיטאָל, האָט מען מיר אַנשטאָט מייַנע מיליטערישע קליידער געגעבן אַ פּאָר אַלטע הויזן מיט אַן אויסגעריבענעם מאַנטל, און מיך געשיקט איך זאָל זיך מעלדן אין ביוראָ פאַר ציווילע אַרבעטער. און דאָרטן, אַז מע האָט מיך אויסגעפרעגט, בין איך שוין געווען קליגער און דערקלערט, אַז כ׳בין אַ פּשוטער באַן־אַרבעטער. האָט מען מיך נאָך דעם זעלביקן טאָג אַריבערגעשיקט אין דעם שטעטל אָראַן, ווו ס׳איז געווען צייַטווייַליק אייַנגעשטעלט דער הויפּט־צענטער פון דער "אָבעראָסטער באַננעץ".

איצט האָב איך שוין געבענטשט די מלאכים, די ערשטע דרייַ און דעם

דאָקטער פון שפּיטאָל. בלויז איין זאַך איז מיר ניט געווען קלאָר: ווי קומט אַ מלאך פון הימל אין דײַטשישע מיליטערישע קליידער?

אין אָראַן האָב איך געפונען צוויי גרופּעס אַרבעטער: איינע וואָס מ׳האָט געכאַפּט אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך אויף צוואַנגס־אַרבעט, און אַן אַנדערע — וואָס האָט זיך אַליין געמאָלדן צו דער אַרבעט. מיך האָט מען אַרײַנגעשטעלט אין דער ערשטער גרופּע. דאָס האָט מיך ניט געאַרט, וואָרעם די אַרבעט איז געווען די זעלביקע, און קיינער האָט ניט געלעקט קיין האָניק. נאָר די צוואַנג־אַרבעטער האָבן געקראָגן פערציק פּעניג אַ טאָג, בעת די פרײַוויליקע האָט מען באַצאָלט אַכציק פּעניג. האָט עס מיך שטאַרק פאַרדראָסן.

אויפן צווייטן חודש, ווען כ׳האָב זיך שוין געהאַט אָנגעקליבן מיט מוט, האָב איך זיך באַקלאָגט בײַ דעם אויפזעער פון דער סטאַנציע, און ער האָט מיך גוטמוטיק געשיקט אין דער קאַנצעלאַריע צום הויפּט־רעגיסטראַטאָר, ער זאָל מיך אַריבערפירן צו די אַכציק־פּעניג־אַרבעטער.

אין קאַנצעלאַריע האָט מען מיר געהייסן אָנקלאַפּן אין אַ זײַטיקער טיר, און ווען כ׳בין אַרײַן אין צימער, איז מײַן האַרץ שיִער ניט צעשפּרונגען געוואָרן פון איבערראַשונג: בײַם גרויסן שרײַבטיש איז געזעסן געראַסים איסאַקאָוויטש, אָן אַ בערדל.

דער רעגיסטראַטאָר האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— וואָס ווילט איר?

כ׳האָב אַ דריי געטאָן מײַן פּנים אין דער לינקער זײַט, און ווי געראַסים איסאַקאָוויטש האָט מיך דערזען, האָט ער טאַקע באַלד, אויף זײַן אַלטן שטייגער אַ שנעל געטאָן מיט די פינגער פון באַגײַסטערונג.

— זשאַנטען דעלאַקרואַ! וואָס טוט איר דאָ?

— איך בין אַ באַן־אַרבעטער.

— אַ וואָלאָנטיר?

— יאָ.

— גוט, זייער גוט! — איז מײַן אַמאָליקער לערער אַרויס פון הינטערן טיש און פאַרמאַכט די טיר. — איך האָב ניט קיין ווערטער אײַך צו זאָגן ווי גליקלעך איך בין אײַך צו זען. וואָס מאַכט איר? ווו זײַט איר געווען די גאַנצע צײַט?

כּדי זיך צוצופּאַסן צו זײַן פרייד פאַר מיר געקלונגען ווי פון ערגעץ זייער ווײַט, און איז דאָך געווען אַזוי נאָענט און היימיש, האָב איך מיט אַן אַרויסגעצווונגענער הײַטערקייט געפרעגט:

— געראַסים איסאַקאָוויטש, צי האָט איר אפשר דורך אַ צופאַל עפּעס געהערט פון מײַן מוטער?

דער רעגיסטראַטאָר האָט געמוזט נערוועז אַרומזוכן זײַן אָפּגעשוירן בערדל

אויף דער מאָרדע און מיט דער צווייטער האַנט מיר אָנגעוויזן אויף אַ שטול:

— צום באַדויערן קען איך ניט אײַער מוטער, נאָר כ׳האָב זיך עטלעכע מאָל נאָכגעפרעגט וועגן אײַך בײַ טאַניען.

— טאַניע? וואָס מאַכט זי?

— איך ווייס ניט גענוי, עפּעס האָב איך געהערט, אַז זי האָט זיך אַרײַנגעדרייט צווישן אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערן, און זיי האָבן זי טאַקע אַריבערגעשמוגלט קיין רוסלאַנד. בעת איך האָב זי באַגעגנט, האָט זי מיר דערציילט, אַז איר און אײַער פאָטער זײַט אַנטלאָפן מיטן רוסישן מיליטער. דאָס, האַלט איך, איז געווען זייער נאַריש פון אײַער זײַט. איר האָט געדאַרפט בלײַבן און זיך אויסבאַהאַלטן, אַ סך האָבן אַזוי געטאָן. וואָלט עס אײַער פאָטער געטאָן, וואָלט ער זיכער געבליבן לעבן...

— ער איז טויט?!

— אויף זיכער ווייסט מען ניט. ווערדליק אומדירעקטע ידיעות, איז ער שווער פאַרוווּנדיקט געוואָרן אויפן וועג קיין מינסק, און איז, משמעות, אויסגעגאַנגען אויף אַ פעלד.

כ׳האָב אים געוואָלט זאָגן, אַז דאָס איז ניט געשען אויף אַ פעלד, נאָר אין אַ וואַלד, ווו מיר האָט זיך געדאַכט, אַז כ׳האָב דערקענט פון דער ווײַטנס זײַן פלייצע, ווען ר׳איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ, נעבן אַ געפאַלענעם פערד, אָבער איידער כ׳האָב באַוויזן צו עפענען ס׳מויל, האָט ער שוין ממשיך געווען ריידן:

— יאָ, יאָ, מײַן פרײַנד, מלחמה איז ניט קיין שפּילכל. כ׳בין צופרידן וואָס איר נעמט אויף די ביטערע בשורה ווי אַ מאַן. איך געדענק אײַך ווי אַ יינגל, אָבער איצט זע איך, אַז איר זײַט פאַר דער קורצער צײַט געוואָרן אַ דערוואַקסענער מענטש. דאָס וואָס איר האָט זיך אַליין געמאָלדן צו דער אַרבעט, איז שוין אַ צייכן, אַז איר קענט זיך אָריענטירן אין אַ געגעבענער סיטואַציע. דאָ וועט איר קריגן אַ גרעסער שטיקל ברויט, אַ געדיכטערע זופּ און דערצו מיט גאַנצע פערציק פּפעניג מער פאַר אײַער אַרבעט.

זאָגט מיר — האָט ער ווײַטער גערעדט — וואָס איז בײַ אײַך דאָס פּנים און די נאָז אַזוי צעקאַטעוועט? אַ שניט פון אַ שווערד? אויסגעצייכנט! בײַ די דײַטשן איז עס אַ מעלה. זיי זײַנען אַ קריגער־פאָלק און האָבן ליב ווען עמעצער טראָגט אויסגעשטעלט זײַנע וווּנדן. איך פאַרזיכער אײַך, אַז דאָס וועט אײַך אין דער צוקונפט אַ סך אַרויסהעלפן. דײַטשן זײַנען ניט קיין רוסן. זיי זײַנען אַ קולטור־פאָלק. וואָס שײַך דער מלחמה, איז דאָך קיין ספק ניט, אַז זיי וועלן געווינען. זעט נאָר די ציכטיקע זויבערקייט פון די דײַטשע סאָלדאַטן, די גאַלאַנטע, אויסגעפּוצטע אָפיצירן! ווי קענען זיך גאָר מיט זיי פאַרגלײַכן די ברודיקע, פאַרלויזטע רוסישע פּויערים, וואָס מע דאַרף אָנבינדן אַ בינטל שטרוי צום רעכטן פוס, זיי זאָלן וויסן אויף וועלכער

זייַט זיך אַ דריי צו טאָן, ווען מע קאָמאַנדירט: אויף רעכטס! אונדזער אָריענטאַציע דאַרף זייַן אויף דער זייַט פונעם זיגער. האָט איר געזען די אויסגעהאָנגענע מעלדונגען: ״לאַנג לעבן זאָל פּוילן!״, ״לאַנג לעבן זאָלן די ליטווינער!״. כ׳וועל זיך ניט חידושן אויב מע וועט אין אַ שיינעם טאָג אַרויסהענגען אַ פּראָקלאַמאַציע: ״לאַנג לעבן זאָלן ייִדן!״ פון אַ קולטור־פאָלק קאָן מען זיך אויף אַלץ דערוואַרטן.

וואָס־זשע אָבער טוען די ייִדן איצטער, די מאַרק־מענטשן? — האָט גראַסים איסאַקאָוויטש געפרעגט מיט תּרעומות — זיי וואַרטן ביז מע רופט זיי. זיי בענקען נאָך די רוסן, עס פעלט זיי אַ שטיקל פּאָגראָם. מע חכמעט זיך, מע מאַכט וויצן. קיין אַנדערן נאָמען פאַר די דייַטשן האָבן זיי ניט ווי ״יעקע פּ — ץ״. זיי פאַרגעסן, אַז פאַר אַזאַ וואָרט קריגט מען טויט־שטראָף. אַלע זייַנען געוואָרן שמוגלערס. מע גראָבט קאַנאַלן אונטער דער ערד מ׳זאָל קענען אַרויס פון שטאָט און אין די אַרומיקע דערפער איינקויפן בייַ די פּויערים אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ פּאָר הינער. זיי פאַרשטעלן זיך פאַר מתים, מע טראָגט זיי אַרויס פון שטאָט און מע באַגראָבט זיי אויפן ווייַטסטן ווינקל פון בית עולם. בייַנאַכט קריכן זיי אַרויס פון די קברים און צעשיטן זיך אין די אַרומיקע דערפער. די קברים זייַנען געוואָרן האַנדלס־פּונקטן, וואָרעם די דייַטשן לאָזן ניט אַרייַן קיין פּראָוויאַנט אין שטאָט. אין בערלין, זאָגט מען, שטאַרבט מען אויך פאַר הונגער.

זיך פאַרשטעלן פאַר מתים? פּאַסט עס פאַר ייִדן? און וואָס טוען די מיידלעך און ווייַבלעך, אַפילו די וואָס זייערע מענער זייַנען געפאַלן אין די שלאַכטן אַרום דער שטאָט? זיי עפענען קאַפע־הייַזער. איבערן קאַפע־הויז הענגט אַ שילדל: ״מוזיק און גענדזן־בראַטן״. פאַרשטייט זיך, אַז פון גענדזן־בראַטן איז דאָרט אַפילו קיין ריח ניט פאַראַן. דאָס איז בלויז אַ שווינדל, צוצוציִען געסט, וואָס זייַנען, פאַרשטייט זיך, דייַטשע סאָלדאַטן. אַלץ וואָס מ׳קען דאָרטן קריגן, איז אַ טעפּעלע ברודיק וואַסער און אַ ביסל מוזיק פון אַ סקריפּעדיקן גראַמאַפאָן. די געסט צאָלן מיט אַ לעבל ברויט, מיט אַ פּליטקעלע שאָקאָלאַד...

זיי וואַרטן, די ייִדן, ביז די רוסן וועלן באַזיגן די דייַטשן. דאָס קען אַזוי געמאָלט זייַן, ווי בייַ מיר קען וואַקסן האָר אויף דער דלאָניע. וואָס בין איך געווען בייַ די רוסן? אַ נישטיק לערערל, ניט חלילה אין אוניווערסיטעט, אַפילו ניט אין קיין רעגירונגס־גימנאַזיע, נאָר אין אַן אָרעמער ייִדישער פאָלקס־שול. וואָס האָט שוין אַ ייִד געקענט זייַן? צי האָט איר שוין געזען אין דער רוסישער אַרמיי אַ סך ייִדישע אָפיצירן? אָבער בייַ די דייַטשן — ייִדישע אָפיצירן ווי מיסט, קאַפּיטאַנען און אַפילו פּאָלקאָווניקעס! אָט זעט, איך בין איצט, אַזוי צו זאָגן, דער רעגיסטראַטאָר, איך דאַרף קאָנטראָלירן און אַכטונג געבן אויף די אַרבעטער. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, צייַטווייַליק.

נאָך דער מלחמה וועט די געגנט געהערן צו די דײַטשן און איך האָב גרויסע פּלענער. דערווײַל באַקען איך זיך מיט די נײַע באַננעצן. און איך בין מער ווי זיכער, אַז איך וועל אַמאָל דערגרייכן צו אַ הויכן פּאָסטן, ווי, לאָמיר זאָגן, מיניסטער פון באַן־פּאַרבינדונגען אין דעם אָקופּירטן אָבער־אָסט...

יאָ, מײַן פרײַנד, אַלץ איז מעגלעך, און ניט בלויז פאַר מיר, אויך פאַר אײַך. רוסיש און אַ ביסל דײַטש קענט איר. וועט איר אַרבעטן אונטער מײַן אויפזע. איר פאַרשטייט? מע דאַרף צו דער זאַך צוגיין פון אַ קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט. נעמט, למשל...

איך בין אויפגעשפּרונגען פון שטול: — אַנטשולדיקט...

כ'האָב געשוויגן, ווײַל אַ שטאַרקער ווייטיק האָט אַ צי געטאָן מײַן פאַרסטריגעוועטע נאָז און מײַן פאַרנייטע באַק. איך האָב פאַרפּרעסט די ליפּן און געערדט בלויז מיט די אויגן: הער אויס, דו ביסט אַ פּלאַפּלער. ווען איך קום צו דיר אַ פאַרוואונדיקטער בעטן אַ גרעסערן ביסן ברויט, דערציילסטו מיר אַ מעשה וועגן אַ קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט? וואָס דערמאָנסטו מיר וועגן דײַטש־ייִדישע קאַפּיטאַנען און פּאָלקאָווניקעס, ווען אַ דײַטשישע קויל האָט דערהרגעט מײַן טאַטן? און אפשר האָט גאָר מײַן פאָטער געשאָסן אין קאַמף אַ ייִדיש־דײַטשן זעלנער? איין ייִד האָט דערהרגעט אַ צווייטן! וואָס־זשע טויגן מיר דײַטשע פּראָקלאַמאַציעס "לאַנג לעבן זאָלן ייִדן!" — כּדי זיי זאָלן זיך איינער דעם אַנדערן אומברענגען?

און ווי דערוועגסטו זיך אַזוי צו ריידן וועגן מײַן מאַמען, וואָס איז געווען די שטילסטע טויב צווישן די טויבן אויפן מאַרקפּלאַץ? שעמסט זיך ניט מיר געבן אָנצוהערן, אַז געטריבן פון הונגער און נויט, האָט זי געטאַנצט מיט אַ פאַרשיכּורטן דײַטש?

דו רעדסט צו מיר אַזוי דערפאַר, ווײַל איך האָב מײַן מענטשלעך פּנים פאַרלוירן און וועל שוין מסתּמא אַזוי מײַן גאַנץ לעבן אָפּגעחוזקט ווערן, ווי דער העלד פון וויקטאָר הוגאָ, וואָס מ'האָט פאַרקריפּלט זײַן פּנים! ווען דו ביסט נאָך מײַן לערער געווען, בין איך שוין געווען עלטער פון דיר מיט גאַנצע פינף־און־פערציק יאָר... און נאָך דעם ווי דו האָסט מיך געבראַכט איך זאָל דיר העלפן ראַטעווען הונגעריקע קינדער, האָסטו זיך דערשראָקן און ביסט אַנטלאָפן, אַרויפגעלייגט דעם עול פון אַ גאַנצער שטאָט פון הונגער־געשוואָלענע קינדער אויף מײַנע פּלייצעס. און איצט מאַכסטו חוזק פון מענטשן, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר מתים, כּדי צו ברענגען פון אונטער דער ערד עפּעס צו דערהאַלטן דאָס לעבן פון געפּײַניקטע פון הונגער. טאָ זיי וויסן, אַז אויך איך בין איצט געשטאָרבן. פאַרגעס מײַן נאָמען, ווײַל דו וועסט מיך מער קיינמאָל ניט זען. פון הײַנט אָן איז מײַן נאָמען שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ, דער באַזיגער פון טויט. איצט אַרט מיך שוין ניט ווי לאַנג די מלחמה וועט געדויערן,

צען אָדער צוואַנציק יאָר; וויפל מיליאָנען עס וועלן צעשאָסן און צעריסן ווערן. בלײַבן וועלן בלויז די וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר מתים, ווײַל נאָר די מתים קענען איבערלעבן די לעבעדיקע...

כ׳האָב זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

— וואָס איז אײַך, איר פילט זיך ניט גוט? — האָט מײַן אַמאָליקער לערער מיך געפרעגט.

איך האָב פּאַמעלעך געעפנט דאָס מויל און גערעדט מיט איינצלנע ווערטער:

— מיר איז שווער צו ריידן... איך וועל אײַער פּראָפּאָזיציע אַוודאי אָננעמען, איך דאַנק אײַך. איך בין אַ מלחמה־געפאַנגענער און איצט, נאָך דער אָפּעראַציע, אַ צוואַנגס־אַרבעטער. כ׳האָב זיך צופעליק דערוווּסט, אַז איר זענט דאָ, האָב איך געבעטן דעם אויפזעער, בלויז אויף צען מינוט, אָפּנעמען אַ גרוס. און כאָטש דער גרוס איז ניט קיין פריילעכער, דאַנק איך אײַך... בפרט פאַר דער נײַער שטעלע, וואָס כ׳וועל זיכער אין אַ טאָג אָדער צוויי אַרום אָננעמען. דערווײַל מוז איך אָבער לויפן צוריק. איך וויל זיך ניט אײַנרײַסן מיט מײַן אויפזעער. ער איז ביז אַצינד געווען זייער גוט צו מיר.

— אויסגעצייכנט! — האָט גערהאַסים איסאַקאָוויטש מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע. — דאָס הייַסט דיסציפּלין. גיט מיר אײַער צוואַנגס־אַרבעטער־קאַרטע, וועל איך אײַך אַריבערפירן אויף דער רשימה פון די אַכציק־פּעניג־אַרבעטער. ס׳איז טאַקע בלויז פערציק פּעניג, אָבער אין אַ הונגער־צײַט איז גוט אויך פון אַ חזיר אַ האָר...

— מאָרגן אינדערפרי וועל איך אײַך ברענגען מײַן קאַרטע, איך דאַנק אײַך נאָכאַמאָל, אַנטשולדיקט!

*

מיט אַן אָנשטעל פון געלאַסנקייט האָב איך זיך אַרויסגעשלײַכט פון ביוראָ און גלײַך פאַרקערעוועט צו דער פראַכט־סטאַנציע. דאָרטן בין איך אַרונטערגעקראָכן אונטער אַ גרודע צעבראָכענע וואַגאָנען און אָפּגעוואַרט ביז די זון איז אונטערגעגאַנגען. דערנאָך האָב איך גענומען די רעלסן ווי אַ וועגווײַזער און זיך אַוועקגעלאָזט צו דער שטאָט מיטן אַלטן מאַרקפּלאַץ.

# כ"ה

די דײַטשן זײַנען אַרײַנגעקומען אין שטאָט אָנהייב סעפּטעמבער. בלויז אַ קליינע גרופּע רײַטער אויף בלישטשענדיקע פערד האָבן דורכגעטאַנצט די ברייטע גאַס, געוואָרפן באָמבאָנעס די קינדער וואָס זײַנען זיי נאָכגעלאָפן און געשיקט לופט־קושן צו די מיידלעך אין די פענצטער.

אין זעלביקן טאָג, פאַרנאַכט צו, האָט דורך דער זעלביקער גאַס אַדורכמאַרשירט אַ קליינע אָפּטיילונג אינפאַנטעריע, געפירט פון עטלעכע מוזיקאַנטן, וואָס האָבן געגרילצט אויף קליינע דינע פײַפלעך און געוואָרפן מאָרנע־ווילד מיט די פיס אין דער לופטן. און דאָס איז געווען אַלץ.

אַז אַזאַ הײַפעלע דײַטשן זאָל האָבן דעם כּוח צו פאַרטרײַבן אומגעהויערע מחנות רוסן, וואָס האָבן זיך וואָכן־לאַנג אין אומענדלעכע פאָלקן און דיוויזיעס געצויגן דורך די גאַסן, האָט געמאַכט אַ מוראדיקן רושם אויף דער שטאָט.

בײַנאַכט איז אויפן מאַרקפּלאַץ, בײַם מיסטקאַסטן, געשטאַנען בלויז איין סאָלדאַט, און ווען ניט דער אָפּגלאַנץ פון דער לבנה אויפן באַיאָנעט פון זײַן ביקס, וואָלט מען דעם איינעם אין שאָטן פונעם מיסטקאַסטן אויך ניט געזען, און ס׳וואָלט קיין סימן ניט געווען, אַז פון הײַנט אָן און ווײַטער איז דער רוסישער, אוקראַיִנישער, ליטווישער, פּוילישער, גרויס־רוסישער, ייִדישער מאַרקפּלאַץ — אַ דײַטשישער מאַרקפּלאַץ.

צומאָרגנס גאַנץ פרי האָבן זיך אַרום די מאַרק־גאַסן באַוויזן נײַע פאַרשוינען אין לאַנגע, בלויע פּעלערינעס. זיי האָבן אויסגעהאָנגען אויף די מויערן קורצע באַגריסונגען צו דער שטאָט, "וואָס די דײַטשן זײַנען געקומען באַפרײַען פון די רוסישע באַרבאַרן", און פאַרענדיקט מיט אַ ברכה פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג.

באַלד האָט זיך אָבער באַוויזן אַן אַנדערע מודעה אויף די ווענט, וואָס האָט זיך געלייענט בערך אַזוי: אין שײַכות מיט דער פאַרשפּרייטונג פון דער כאָלערע, מוזן אַלע מענער, פרויען און קינדער, אָן אונטערשייד אין עלטער, זיך תּיכּף מעלדן אין די ספּעציעל אײַנגעשטעלטע בעדער, ווו זיי וועלן געררייניקט און אַנטלויזט ווערן. ווער ס׳געפינט בײַ זיך אין דער היים אַ וואַנץ אָדער אַ פלוי, זאָל זיך תּיכּף יאַווען מיט די קישנס, מאַטראַצן, קליידער, אין דעם אויבן־דערמאָנטן פּלאַץ.

פאַר ניט פאָלגן דעם באַפעל — זעקס חדשים טורמע!

צוליב איין וואַנץ — זעקס חדשים? צי זײַנען זיי "פּעריקט"? — האָט מען זיך געוויצלט אויף דײַטשמעריש.

אַז דאָס איז ניט קיין חכמה, האָט מען זיך געכאַפּט מיט אַ טאָג־צוויי שפּעטער, ווען ס'האָט זיך באַוויזן אַ נײַע פאַראָרדענונג: מע טאָר ניט אַרײַן און ניט אַרויס פון דער שטאָט! פאַר ניט פאָלגן — **טויט־שטראָף!**

סטײַטש, וואָס מיינט עס? — נאָר איידער מ'האָט צײַט געהאַט צו באַטראַכטן וואָס עס מיינט, האָבן די בלויע פּלערינעס צעהאָנגען אַ נײַעם באַפעל: ווער עס האָט ברויט, פּוטער, ציגאַרעטן — דאַרף זיי תּיכּף צושטעלן דאָרט און דאָרט. ווער עס האָט קופּער, אײַזן, בלעך אָדער צין — דאַרף עס ברענגען דאָרט און דאָרט. פאַר ניט פאָלגן — **פיר יאָר טורמע!** אויף מאָרגן איז געקומען אַ צולאָג צו דעם נעכטיקן באַפעל: סאַמאָוואַרן, לײַכטערס, גלאָקן, קופּערנע פענדלעך, טעפּלעך און אַפילו קליאַמקעס פון די טירן, העקלעך פון די פענצטער, מעשענע קנעפּלעך פון די הויזן — דאַרפן געבראַכט ווערן דאָרט און דאָרט. — **זעקס יאָר טורמע!** אַ פּאָר טעג שפּעטער, אַ נײַע מודעה: ווער עס פאַרמאָגט אַ פערד, זאָל תּיכּף אָפּשנײַדן די האָר פונעם עק און פון דער גריווע, און צושטעלן דאָרט און דאָרט. — **זעקס יאָר טורמע.** און נאָך אין זעלביקן טאָג: צוזאַמען מיט די אָפּגעשניטענע האָר דאַרף מען אויך צושטעלן דאָס פערד.

דערפון איז באַלד געוואָרן קלאָר, אַז די דײַטשן זײַנען גאָרניט "פּעריקט", נײַערט זיי זײַנען געקומען משוגע מאַכן די שטאָט.



איך בין אָנגעקומען אין שטאָט בײַנאַכט. די גאַסן זײַנען געלעגן אין אַ פאַרחלשטן דרעמל און שטיל  געוויספּערט אונטער מײַנע געוואָרנטע טריט: אוי, טאַטעלע, ווו ביסטו געווען? פון וואַנען קומסטו? האָסט אפשר עפּעס צו עסן?

די מויערן מיט די אויסגעלאָשענע פענצטער האָבן מיט פינצטערע מײַלער געזשיפּעט: עסן, עסן, עסן...

ווען כ'בין געקומען צו דער מאַרקגאַס, האָט זיך דער מויער פון מײַן היים מיר געשטעלט אין וועג: — שטיי און לייען וואָס מ'האָט אויף מײַן אײַנגעפאַלענער ברוסט אָנגעקלעפּט פאַר דיר!

מע טאָר ניט אַרײַן און ניט אַרויס פון שטאָט! — **טויט־שטראָף!** יעדער איינער, פון צען יאָר אַלט, מוז טראָגן בײַ זיך אַ פּאַס! — **צען יאָר טורמע!** מענער פון זעכצן ביז זעכציק דאַרפן זיך רעגיסטרירן אויף אַרבעט אין די קוילנגרובן פון דײַטשלאַנד. פאַר אויסבאַהאַלטן וועלן רײַכע באַשטראָפט ווערן מיט זעקס הונדערט מאַרק; אָרעמע — **זעקס יאָר טורמע!** אַלע אײַנוווינער פון פופצן ביז זעכציק, מיט גאַנצע אברים, דאַרפן באַצאָלן: קאָפּ־שטײַער — זעקס מאַרק. הענט־שטײַער — אַכט מאַרק. פיס־שטײַער

— פיר מאַרק. שטראָף — **ביז זעקס חדשים טורמע! פאַר אויסבאַהאַלטן** געוועזענע רוסישע זעלנער אָדער מלחמה־געפאַנגענע — **טויט־שטראָף!** יעדע משפּחה דאַרף צושטעלן וועדליק דער צאָל קעפּ: אַ קאָלדרע פאַר איטלעכן קאָפּ, פאַר די זעלנער וואָס פרירן אויפן פראָנט! פאַר ניט פאָלגן — **פיר וואָכן טורמע!** פאַר ניט... — **צוויי יאָר טורמע!**... זעקס יאָר... ניין יאָר...

אַרום און אַרום, האָב איך גיך געמאַכט דעם חשבון, קומט מיר פאַר די עטלעכע מינוט וואָס כ׳בין דאָ אין שטאָט, אַן ערך הונדערט דרייַסיק יאָר תּפיסה און עטלעכע מאָל טויט־שטראָף. כ׳האָב זיך אויסגעצויגן אין מייַן גאַנצער לענג פאַר דעם אַלטן גוטן מויער. די קאָלאָסאַלע שטראָף, וואָס איז געהאָנגען איבער מייַן קאָפּ, האָט אַרויסגערופן אין מיר אַ שטאָלץ געפיל פון ״כ׳האָב זיי אין דר׳ערד״. אַזאַ שטראָף קומט נאָר אַ פאַרברעכער פון העכסטן ראַנג, פאַר וועלכן אַלע העלדן פון די קינדער־מעשׂיות, אַלע פערציק אַראַבישע גנבים און אַלע אַכציק רוסישע באַנדיטן זייַנען בלויז אַ נישטיקע כאָפּטע דילעטאַנטן.

מיט זיכערע טריט בין איך אַרויפגעלאָפן די טרעפּ פון מייַן היים און מיט אַ פעסטער האַנט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר.

— ווער איז דאָרטן?

— איך!

אין שפּאַלט פון דער געעפנטער טיר האָט זיך באַוויזן אַ געשטאַלט פון אַ פרוי, וואָס איז געווען ענלעך צו מייַן מאַמען. זי האָט געהאַט דאָס זעלביקע פּנים, אָבער איז געווען קלענער אין וווקס, און אַנשטאָט דער העל־ברוינער קוקלע אויפן קאָפּ, זייַנען בייַ איר אַראָפּגעהאָנגען אויף די פּלייצעס צוויי מאָגערע גרויע צעפּלעך.

אויף די מאַמע, וואָס איז געשטאַנען אייַנגעטוליעט אין אַן אַלטן וואַטאָוון יאַק, מיט אַ קליין קעראָסין־לעמפּעלע אין האַנט, האָט אין דער ערשטער רגע ניט דערקענט איר זון. ער איז געווען עפּעס העכער און מאָגערער, און כאָטש די האָר די זעלבע, איז דאָס פּנים געווען אַנדערש.

אַ מינוט האָבן מיר זיך אָנגעקוקט ווי פרעמדע, ווי איך וואָלט על־פּי טעות אָנגעקלאַפּט ניט אין דער ריכטיקער טיר. איך האָב אַ שטופּ געטאָן די טיר און זיך אַרייַנגעשאַרט ווי אַ נאַכט־גנב. די מאַמע האָט זיך צעוויינט. איך האָב איר באַלד געמאָלדן, אַז מיר טאָרן ניט פאַרלירן קיין צייַט אויף פּוסטע סענטימענטן, ווייַל אויף מיר וואַרט אַ שטראָף דרייַ מאָל געהאָנגען צו ווערן. זאָל זי מיר בעסער תּיכּף זאָגן, צי ווייסט זי עפּעס וועגן טאַטן.

— שאַ, שטילער, די קינדער שלאָפן און די שכנים קענען הערן. — זי האָט מיך אַרייַנגעפירט אין הינטערשטן צימער און ווייַטער געשעפּטשעט: — עמעצער האָט פאַרשפּרייַט אַ קלאַנג, אַז דער טאַטע איז, בעתן לויפן מיט דער

רוסישער אַרמיי, פּאַרווּונדיקט געוואָרן פֿון אַ שראַפּנעל. ער מוז ערגעץ ליגן אין אַ שפּיטאָל און וועט היינט־מאָרגן לאָזן הערן פֿון זיך.

— וויאַזוי?

— דורך אַ בריוו.

— דו וואַרטסט אויף אַ בריוו פֿון טאַטן?

— יאָ, אינגיכן.

זי האָט קיינמאָל קיין ליגן ניט געזאָגט, אָרעמע מאַמע, וואָס איז געוואָרן פֿון איר? — האָב איך געטראַכט. — אפשר ווייסט זי טאַקע ניט, אַז דער טאַטע איז טויט? זאָל איך באַלד אַרויס מיטן אמת, אָדער זי נאָך לאָזן אַ ביסל זשיפּען, ביז איך וועל איר געבן דעם טויטקלאַפּ?

— פֿון וואַנען ווייסטו אַז דער טאַטע לעבט?

— ווייסן ווייס איך ניט, נאָר איך בין זיכער.

— ווי קענסטו זײַן זיכער וועגן אַ זאַך וואָס דו ווייסט ניט?

— ווי קאָן מען ווייסן אַ זאַך, וואָס מ׳איז ניט זיכער — האָט זי זיך געחכמעט.

— אָבער דער קלאַנג איז דאָך, אַז ער איז טויט!

— נאַרישקייטן! — האָט זי בייז אַ טרייסל געטאָן דאָס לעמפּל אין איר האַנט, און איר גרויסער שאָטן אויף דער וואַנט איז נאָך גרעסער געוואָרן — דער זעלביקער קלאַנג איז געווען וועגן דיר, און אָט ביסטו אַ לעבעדיקער. בלויז אַ ביסל צעקראַצט דאָס פּנים. דאָס זעלביקע קען זײַן מיטן טאַטן, ער זאָל צוריקקומען אַ פּאַרווּונדיקטער. אַרויס פֿון דער מלחמה אָן אַ קראַץ, וואָלט שוין געווען צו פֿיל. מע דאַרף האָבן געדולד און בטחון און וואַרטן.

— ווי לאַנג?

— ביז די דײַטשן וועלן אײַננעמען אַ מיתה־משונה. מיר דאַרפֿן איבערלעבן די דײַטשן, פּונקט ווי מיר האָבן איבערגעלעבט די רוסן. טו ניט אויס דעם מאַנטל, אין שטוב איז קעלטער ווי אין דרויסן. שוין וואָכן לאַנג ווי מיר האָבן דעם אויוון ניט געהייצט. מ׳קען קיין האָלץ ניט קריגן. אָבער עסן האָב איך גענוג. — זי האָט אַרויסגעלייגט אויפֿן טיש אַ לעבל ברויט, אַ ביסל גרעסער ווי אַ פֿויסט — דאָס קריגט מען אויף די ברויט־קאַרטלעך פֿאַר פֿינף מענטשן אַ גאַנצע וואָך. אָבער דו מעגסט עס אויפֿעסן אינגאַנצן, וואָרעם צו עסן, גאָט צו דאַנקען, האָבן מיר גענוג.

— ניין, — האָב איך אָפּגערוקט דאָס ברייטל פֿון זיך. — איך בין ניט געקומען אַוועקנעמען דעם לעצטן ביסן פֿון דײַן מויל. איך וועל מאָרגן קריגן ברויט.

— וויאַזוי? האָסט דען אַ ברויט־קאַרטל?

— ניין.

— צו קריגן אַ ברויט־קאַרטל. דאַרף מען האָבן אַ פּאַס.
— איך וועל קריגן אַ פּאַס, אַ פאַלשן.
— ווילסט אײַנשטעלן דײַן לעבן?
— וואָס איז ווערט דאָס לעבן?
— נאַרישקייטן — האָט זי זיך ווידער אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן. — איין לעבעדיקער הונט איז מער ווערט ווי דרײַסיק טויטע לייבן. אויף איין ברויט־קאַרטל קריגט מען אַ פערטל פון אַזאַ ברייטל. טאָ זאָלן זיי ברענען מיט די פּעסער און מיט די קאַרטלעך!
— אָבער אַז מע וועט מיך כאַפּן אָן אַ פּאַס?...
— וועסט אין ערגעץ ניט גיין, וועט מען דיך ניט כאַפּן. דערווײַל האָבן זיי אין די הײַזער ניט געזוכט. און טאָמער יאָ, איז פאַראַן אַ בוידעם און אַ גוטער קעלער. איך האָב דאָרטן געפונען אויך אַ פּאָר אַלטע בעטן. און וואָס שײַך עסן, האָב איך דיר געזאָגט, אַז דו דאַרפסט ניט זאָרגן, פאַרשטייסט? — זי האָט זיך צוגעזעצט נענטער צו מײַן אויער — דו פאַרשטייסט, די שטאָט איז ווי אַ תּפֿיסה, ניט אַרויס, ניט אַרײַן. דער קלענסטער פּרווו עובֿר צו זײַן דעם פאַרבאָט, איז טויט. נאָר ווער קען אָפּשרעקן, ווען קינדער זײַנען הונגעריק? האָבן מענטשן זיך פאַרמאָסטן מיט די דײַטשן אין אײַנפאַלערישקייט אַרײַנצושמוגלען אין שטאָט פון די אַרומיקע דערפער אַ ביסל מעל, אָדער אַ זאַק קאַרטאָפל. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין איינער אַזאַ גרופּע שמוגלערס. מײַן ראָלע איז גאָר אַ באַשיידענע, איך בין אַ קלאָגערין. איך דאַרף מיט אַן ערך צוואַנציק־דרײַסיק מענטשן נאָכגיין נאָך אַ לוויה און וויינען אויף אַ קול. אין שוואַרצן ארון ליגט אַנשטאָט אַ מת, אַ זעקל מעל, צי אַ פערטל פון אַ קו. די לוויה פאַרזאַמלט זיך הינטער דער שטאָט, און נאָכדעם ווי מע גייט אַדורך אַ דײַטשע וואַך, פאַרקערעוועט מען צום ייִדישן בית־עולם. דאָרט נעמט מען אַרויס דעם "מת" און מע צעטיילט אים אין קליינע פּעקלעך, וואָס די ווײַבער טראָגן אונטער די קליידער און ברענגען אויף באַשטימטע זאַמל־ערטער, פאַרשטייסט? אויף ווײַבער האָבן די דײַטשן נאָך אַ ביסל אײַנזען. זיי שיסן ניט גלײַך אויפן אָרט. אַז מע כאַפּט אונדז אַמאָל, טוט מען אונדז אויס נאַקעט און מ'גיט עטלעכע שמיץ איבערן הינטן. מיך האָט מען בלויז איין מאָל געכאַפּט, אָבער געלויבט איז דער אויבערשטער, איך בין אָפּגעקומען מיט אַ פיר־פינף שמיץ, און כ'האָף צו גאָט, אַז זיי וועלן מיך שוין מער ניט כאַפּן...
זי איז אויפגעשטאַנען, אַ קוק געטאָן צי די שטאָרעס אויפן פענצטער זײַנען גוט פאַרמאַכט, פאַרקאַשערט דעם אַרבל פונעם יאַק און מיט דער נאַקעטער האַנט אַרײַנגעקראָכן טיף אין קוימען פון דעם וואַנט־אויוון און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן אַ גרויסע ווײַסע חלה, געטריקנטן קעז, עטלעכע אייער, אַ סלאָיִקל שמאַלץ, און דערצו נאָך אַ זעקעלע מיט געלן צוקער.

אַ פּאַרגליווערטער האָב איך געקוקט אויף דער איינגעשרומפּענער פרוי מיטן ריזיקן שאָטן, וואָס איז געשטאַנען הינטער איר אויף דער וואַנט. זי האָט זיך אַ קער געטאָן און דער גאַנצער שאָטן איז אַרײַן אין איר. אין דער פינצטער, אין איר צעפליקטן יאַק, מיטן לעמפּל אין דער הייך, האָט זי אויסגעזען ווי אַ שוואַרצער פעלז בײַ די ברעגן פון אַ שטורמישן ים. זי האָט זיך צוגערוקט, געקוקט מיר גלײַך אין די אויגן, ווי געוואָלט זײַן זיכער, אַז דער יונג מיטן פרעמדן צעריסענעם פּנים איז טאַקע איר אייגן קינד, און זי קען אים סוף־כּל־סוף אָנפאַרטרויען איר טיפסטן סוד:

— אַז דו וועסט אָפּעסן און אַרויפגיין אויפן בוידעם, זאָלסטו זיך ניט דערשרעקן. דאָרטן שלאָפט דער טאַטע... ער איז געקומען אַ טאָג נאָך דעם ווי דו ביסט אַוועק. ער איז געלעגן צווישן די זעק מיט גרויפּן אין די פּראָוויאַנט־סקלאַדן, און ווען די רוסן האָבן, אַנטלויפנדיק, אונטערגעצונדן די סקלאַדן, האָט ער זיך אָפּגעברענט די הענט און די פיס. איצט איז אים שוין בעסער, אָבער אַרומגיין קען ער נאָך ניט. ער האָט ניט געגלויבט אַז דו וועסט קומען, אָבער איצט וועט ער זען, אַז איך בין גערעכט, מע דאַרף גלייבן, וואַרטן און האָפן.

דער ביסן האָט זיך פאַרהאַלטן אין מײַן גאָרגל, כּדי צו מאַכן אַן אָרט פאַר דעם שטראָם פון טרערן, וואָס האָבן זיך פון מײַן גאַנצן גוף אַ שפּאַר געטאָן צו די אויגן.

אָ, דו שטילע, שווײַגנדיקע מאַמע מײַנע, ווי שיין דו ביסט אין דײַן טראַנטעוואַטן יאַק, און ווי קליין און נישטיק דײַן זון! דו ביסט שיין, ווײַל דו האָסט ליב דאָס לעבן, דײַנע קינדער, דײַן מאַן און דײַן גאָט; ווײַל דו גלייבסט אין האָפן און וואַרטן, וואָרעם וואַרטן מיינט לעבן, און לעבן מיינט איבערלעבן דעם רוס און דעם דײַטש. דו ביסט שיין, ווײַל דו ביסט שטענדיק די זעלביקע, ווײַל דו ביסט שטענדיק דו. אָבער איך, וואָס בין קיינמאָל ניט געווען איך, צו וואָס דאַרף איך אַ פּאַס, ווען נאָמען זאָל איך אַוועקשטעלן אויפן פּאַס — פּאַגאַניני, וואַסקאַ סיביריאַק, שאַנטעלעי דעלאַקרואַ? ניין, ניין, איך וועל אויפן בוידעם ניט גיין. איך וועל גיין אָנשטאָט דיר אויף דעם געפערלעכן וועג צו די קברים, איך וועל זײַן אַ שמוגלער, און דו וועסט זיצן אינדערהיים. אויב מע וועט מיך כאַפּן, שמײַסן און הענגען, וועט עס זײַן אַ קלענער שאָדן פאַר דער שטאָט, אָבער אָן דיר, אָן אַזעלכע ווי דו, וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט די שטאָט געהאַט, און וואָס פאַר אַ ווערט וואָלט געהאַט די גאַנצע וועלט?!

*

די באַנדע שמוגלערס איז באַשטאַנען פון צוויי־און־דרײַסיק פאַרשוין. איינער האָט דעם צווייטן ניט געקענט. און אויב עטלעכע האָבן זיך יאָ

געקענט, אָדער זיינען אַפילו געווען נאָענטע קרובים, האָבן זיי זיך אויך געמאַכט אַז זיי קענען זיך ניט. קיין נעמען זיינען ניט גענוצט געוואָרן. זיי האָבן זיך אַלע גערופן: דו און ער. די אַריינגעשמוגלטע פּעקלעך האָבן זיי באַצייכנט מיטן נאָמען "דער פּגר", "דער פליישיקער פּגר", "דער מילכיקער פּגר", און אַזוי ווייטער.

דער אָנפירער פון דער באַנדע איז געווען אַ חזן מיטן נאָמען איטשע דער קאַלטער. ער איז געווען דער אָנפירער מחמת צוויי טעמים: ערשטנס האָט ער געוווינט ביים סאַמע ברעג פון דער שטאָט, דאָס דריטע הויז פון בית־עולם, ווו ער איז געווען אָנגעשטעלט ווי אַ יערלעכער חזן. זיין הויז איז געווען דער פּאַסיקסטער זאַמלפּונקט, פון וואַנען די באַנדע האָט געקענט שפּעט ביינאַכט זיך אַרויסלאָזן און פרי פּאַרטאָג זיך ווידער צוזאַמענקומען. צווייטנס איז ער געווען, ווי זיין נאָמען האָט באַצייכנט, אַ קאַלטער לונג־און־לעבער. ניט חלילה ווייל ער איז געווען דריייסטער פון אַלעמען, נאָר ווייל ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין השגה פון דער סכנה און האָט ניט געוווסט אויף וואָס פאַר אַ קאָרט ער שטעלט זיין גאַנץ הויזגעזינד, אַ ווייב מיט פיר קינדער, דערמיט וואָס ר'האָט זיין שטוב פאַרוואַנדלט אין אַ צענטער פון דעם "טויטן געשעפט".

אַ שטילער, שאינו־יודע־לשאולדיקער ייִד, וואָס נאָך צוואַנציק יאָר אָפּלעבן ביים בית־עולם האָט ער נאָך אַלץ מורא געהאַט אַליין אַריינצוגיין אין אַ פינצטערן צימער. ער האָט אָבער דווקא געהאַט אַ היפּש ביסל אָפּגעשפּאָרטן מזומן, וואָס ער האָט דערמיט גערן, און מיט אַ זיכערקייט, ווי ער וואָלט עס אַריינגעלייגט אין אַ רעגירונגס־באַנק, געשטיצט די אונטערנעמונג.

אַ גוטמוטיקער און ערלעכער מענטש, האָט ער אין זינען געהאַט, אַז קיין איינער פון די אָנטיילנעמערס זאָל ניט געקריוודעט ווערן און זאָל באַקומען זיין געהעריקן חלק. די צרה איז אָבער געווען, וואָס זייער אָפט נאָך דעם ווי מ'האָט צעטיילט די שמוגלערייַ צווישן דער באַנדע, איז פאַר דעם אָנפירער מער גאָרנישט ניט געבליבן. ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס.

מילא, אַז פון די אַריינגעבראַכטע הערצלעך קעז פעלט דער אונטערשטער שפּיץ, פון די לעבלעך ברויט איז אויסגעדראָפּעט דער ווייכער אינגעווייד און פון די אייער פעלן די געלכלעך — דאָס, האָט ער געטענהט, קען ער נאָך פאַרשטיין. אָבער, למען השם, ווו איז זיין חלק?

צו קאָנטראָלירן דאָס געשעפט איז געווען זייער שווער. דער גאַנצער ענין האָט זיך געפירט אָן חשבונות און אָן קוויטירונגען. אַלץ איז געגאַנגען אויפן קאָפּ, און דער קאָפּ ביים חזן איז געווען אַ שוואַכער, בפרט ווען ס'איז געקומען צום רעכענען און גדענקען ווער וואָס האָט גוזאָלט אַריינברענגען, און ווער וואָס האָט טאַקע אַריינגעבראַכט. עטלעכע מאָל האָט ער זיך אַפילו באַקלאָגט ביי דער באַנדע, וואָס הגם ער גיט זיין געלט און זיין הויז — האָט

זייַן משפּחה ניט גענוג צו עסן.

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָט ער געטענהט צו דער פּאַרזאַמלטער חברה.

— דאַכט זיך דער חשבון שטימט: מ׳ברענגט אַרייַן בערך צוויי־און־צוואַנציק ״פּגרים״ אַ טאָג — זעקס טעג אין דער וואָך, מאַכט עס אויס אַן ערך הונדערט מיט עפּעס; צעטיילט מען דאָס אויף אַן ערך צוויי־און־צוואַנציק, קומט אויס אַ קימא־לן פון זעקס ״פּגרים״ פּאַר אַ מענטש. ווו־זשע איז מייַן חלק?

איינמאָל אין אַ פּאַרנאַכט, בייַ אַזאַ סעסיע, בעת דער אָנפירער האָט אַרויסגעלייגט זייַנע טענות, האָט זיך אַרייַנגעמישט דער יונגער, נייַ־צוגעקומענער שמוגלער, וועלכער איז שטענדיק געזעסן אין אַ ווייַטן ווינקל, געלייענט אַ בוך און געוואַרט אויפן סיגנאַל זיך צו לאָזן אין וועג אַרייַן, און האָט גלייַכגילטיק צוגעוואָרפן, אַז זעקס מאָל צוויי־און־צוואַנציק איז ניט אַן ערך הונדערט מיט עפּעס, נאָר גאַנצע הונדערט־צוויי־און־דרייַסיק; און טיילן דאַרף מען דאָס אויף דרייַ־און־צוואַנציק, און ניט אויף צוויי־און־צוואַנציק, וואָרעם אַז מע טיילט עס אויף צוויי־און־צוואַנציק, טיילט מען איבער זיבן דרייַאונצוואַנציקסטלעך, און דאָס איז פּונקט וואָס אים פעלט.

ווען איטשע האָט דאָס דערהערט איבער זייַנע אַקסלען, האָט ער זיך אַ קער געטאָן און אויסגערופן:

— אויב דו, יונגערמאַן, טויגסט זיך אַזוי גוט אויס אין חכמת־מאַטעמאַטיקע, פאַרוואָס האָסטו די גאַנצע צייַט געשוויגן? גענוג וואָס איך גיב מייַן געלט און מייַן הויז, דאַרף איך נאָך טראָגן אויפן קאָפּ אַזאַ משוגעת, ווי זיבעצן דרייַ־און־צוואַנציקסטלעך, ניין! אויב איר ווילט ווייַטער אָנגיין, זאָל דער יונגערמאַן איבערנעמען די בוכהאַלטעריע. איך האָב דערצו קיין קאָפּ ניט. אַלץ וואָס איך וויל, איז מייַן חלק.

די גערעכטע פאָדערונג איז, פאַרשטייט זיך, אייַנשטימיק אָנגענומען געוואָרן. און אַזוי בין איך בלויז צוויי וואָכן נאָכן צושטיין צו דער באַנדע, געוואָרן דער בוכהאַלטער פון דעם געשעפט.

איטשע האָט זיך גאָר ניט געקענט אָפּוווּנדערן פון מייַן זעלטענעם זכרון. כ׳האָב געדענקט ניט בלויז אין וועלכן בוזעם איינער האָט געזאָלט ברענגען אַ געקוילעטע הון, נאָר אַפילו געוווּסט בייַ וועלכער שמוגלערין אונטערן קלייד מ׳האָט באַהאַלטן אַ געזאַלצענעם הערינג. איך האָב אַפילו געדענקט ווי דער הערינג האָט אויסגעזען.

פון דעסטוועגן איז דער חזן נאָך אַלץ אַרומגעגאַנגען אַן אומצופרידענער. זייַן פּנים איז געוואָרן מיט יעדן טאָג טרויעריקער. ער איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַרקלעמטע פויסטן בייַם האַרץ, ווי ער וואָלט דאָרטן אויסבאַהאַלטן אַ גרויסן סוד. דאָס איז געווען אַזוי אָנזעעוודיק, אַז די באַנדע האָט עס געמוזט באַמערקן. און ווען זיי פלעגן זיצן פאַרנאַכט אין דעם גרויסן קעלער פון הויז

און וואַרטן די לבנה זאָל זיך פּאַרקוקן, זיי זאָלן קענען זיך אַרויסלאָזן אויף די באַזונדערע וועגן, האָבן זיי זיך פּאַרוויַילט און געפּרוּווט עפּענען איטשעס האַרץ. עפּענען מיטאַמאָל האָט מען עס ניט געקענט, נאָר אַ וואָרט פון דאַנען און אַ וואָרט פון דאָרטן, האָט זיך אויסגעפּיקט אַזאַ מעשה:

איטשע האָט געהאַט אַ ייִנגל פון אַ יאָר אַכט, אַ מיאוסקייט מיט קאַסאָקע אויגן, געראָטן אין דער מאַמען, וואָס איז אַליין געווען אַ היפּש פּאַרזעניש. דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט דריַי טעכטער, איינע שענער פון דער צווייטער, דער עיקר די עלטערע, פון אַ יאָר זעכצן. און גראָד אָט די געראָטענע טאָכטער האָט איטשען איצט פאַרשאַפט עגמת־נפש. גוטיאַ, אַזוי האָט זי געהייסן, איז טראָגעדיק געוואָרן. אָבער דאָס איז ניט אַלץ. איטשע האָט געהאַט געלט, און מיט געלט קאָן מען זיך אַן עצה געבן. וואָס דאָס ייִנגל, פון וועמען זי האָט געטראָגן, איז בלויז מיט אַ חודש אָדער צוויי עלטער פון דעם מיידל, וואָלט דעם קאַלטן איטשען אויך ניט געאַרט. די צרה איז אָבער געווען, וואָס דעם ייִנגלס עלטערן, חשובע בעלי־בתּים פון די הויכע פענצטער, האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כּוחות איבערצוריַיסן דעם ראָמאַן צווישן זייער זון און דעם חזנס טאָכטער.

איטשען איז ניט איַינגעפאַלן, אַז די זאָרג פון דעם ייִנגלס טאַטע־מאַמע איז געווען דער עיקר, וואָס זייער זון קריכט אין אַ שטוב פון אַ שמוגלער. ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס איז די מורא, וואָס איז די סכּנה.

דעם ייִנגלס עלטערן האָבן אָבער געלייענט ציַיטונגען און געוווּסט, אַז עס גייט ניט אַריבער אַ טאָג מע זאָל ניט כאַפּן איינעם פון די שמוגלערס, און ווערדליק דעם דריַיטשן סיסטעם, ווערן אויך באַשטראָפט יענע וואָס מע כאַפּט על־פּי צופאַל אינאיינעם מיט די שמוגלערס.

אָבער איטשע, װעלכער האָט ניט געוווּסט, אַז ער שטייט אויפן קווערברעטל פון אַ תּליה, אָדער לכל־הפּחות אויפן שוועל פון לאַנגיעריקער תּפיסה, האָט אויסגעטיַיטשט די צערייצטקייט פון דעם ייִנגלס עלטערן דערמיט, וואָס זיי זיַינען אַריסטאָקראַטן, און ער, דער טאַטע פון דער טאָכטער זיַינער, איז נעבעך אַ פּשוטער חזן, און ווו? אויפן בית־עולם. און דערצו האָט ער אַפילו ניט קיין שטים. ער פלעגט זיך פאַרענטפערן פאַר זיך אַליין, אַז קיינער קומט ניט אויפן בית־עולם הערן קאַרוזאָן, און אַפילו מיט אַ געפּלאַצטער שטים איז ער נאָך אַלץ רײַכער פון אַנדערע חזנים. ער איז ניט זיכער צי אין הילכות־מזומן קען ער זיך ניט פאַרגליַיכן מיט די אַריסטאָקראַטן, אָבער וואָס טויגן די רייד? ס׳איז די אַלטע מעשה מיטן פּרינץ און דער דינסטמויד, נאָר מיט אַן ערגערן סוף.

## כ"ו

אין אַזאַ שטימונג איז קיין חידוש ניט, וואָס דער נייַער בוכהאַלטער מיט זייַן בקיאות אין מאַטעמאַטיק, האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם. מילא, אַז דער יונג מיטן צעריסענעם פּנים און צעקוועטשטער נאָז רעדט אַ פייַנעם רוסיש, האָט איטשע באַמערקט פון ערשטן מאָמענט. נאָר אַז ער האָט איינמאָל דערהערט וויאַזוי דער יונג טענהט זיך אויס מיט אַ זעלנער וואָס איז צופעליק פאַרבייַגעגאַנגען, אויף אַ פּליסיקן דייַטש — איז ער געוואָרן אינגאַנצן מטושטש. און אַז ער האָט נאָך דערזען אַז דער זעלביקער יונג זיצט אין אַ ווינקל און לייענט אַ דייַטשיש בוך, איז ער צוגעקומען, אים אַרייַנגערופן צו זיך אין צימער און אים אָנגעהויבן אויספרעגן ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט.

איך האָב אים דערקלערט, אַז איך האָב ניט קיין טאַטן און ניט קיין מאַמען, אַפילו ניט קיין קרובים, אַז פאַר דער מלחמה האָב איך כמעט געענדיקט אַ גימנאַזיע און אַז איך רייד דייַטשיש, ווייַל איך בין אַמאָל געווען אין דייַטשלאַנד.

אַז אַ יונג מיט אַזאַ בילדונג איז אַ שמוגלער, דאָס איז פאַר איטשען געווען אַ נאַטירלעכע זאַך. אָבער פאַרוואָס זאָל אַזאַ שמוגלער, וואָס רעדט אַזאַ געזונטן דייַטש, אין דער צייַט ווען מע זוכט אין שטאָט דייַטש־רעדנדיקע מיט ליכט, ניט ווערן אויך אַ לערער און טאַקע געבן לעקציעס זייַנע קינדער? מילא, די עלטער, גוטיאַ, איז פאַרפאַלן, אָבער די צוויי יינגערע טעכטער, און בפרט דאָס קליינע יינגל, זיי קען מען דאָך ראַטעווען און מאַכן פאַר אַריסטאָקראַטן.

בייַ די דאָזיקע רייד האָט ער אַרויסגענומען פון אַ דערבייַאיקן שופלאָד אַ בינטל מאַרקן און מיך געפרעגט:

— וויפל ווילסטו פאַר אַ חודש געלט פאַרויס?

— עס גייט ניט אין געלט — האָב איך זיך געקווענקלט. — שפּעט בייַנאַכט דאַרף מען אַרויס אין די דערפער, פרי פאַרטאָג דאַרף מען פירן די חשבונות. דערנאָך גיין אַהיים, וואָס נעמט אַ היפּשע צייַט, ווייַל מע דאַרף זיך דרייען דורך די זייַטיקע גאַסן, מע זאָל ניט געכאַפּט ווערן פון די בלויע פעלערינעס, ניטאָ קיין צייַט אַפילו זיך אויסצושלאָפן.

— שלאָפן קענסטו בייַ מיר, — האָט זיך איטשע געבעטן. — איך האָב געענוג צימערן, און האָב אויך אַן איבעריק בעט. אויב דו ביסט,

ווי דו זאָגסט, אַ יתום, קען איך אַפילו דײַן ״פּגר״ אָפּזעצן בײַ מײַנע קונים און דו קענסט מאַכן דײַן היים בײַ מיר.

— דעם ״פּגר״ וועל איך שוין אַליין באַזאָרגן — האָב איך אים געענטפערט

— נאָר אויב איר דערלויבט מיר צו וווינען בײַ אײַך, טאָ באַצאָלט וויפל איר ווילט פאַר די לעקציעס.

*

דעם זעלביקן טאָג האָט מיך איטשע פאַרגעשטעלט פאַר זײַנע דרײַ ייִנגערע קינדער און מיר געגעבן פולע רעכט זיי צו נעמען אין די הענט אַרײַן, און אויב זיי וועלן זיך ניט צוהערן, אָדער זיך פוילן בײַם לערנען, מעג איך זיי אַפילו געבן אַ פּאַטש.

צו קיין פּעטש איז ניט געקומען. באַלד פון דער ערשטער לעקציע בין איך געפעלן געוואָרן די קינדער. ניט אַזוי צוליב דעם וואָס זיי האָבן אָפּגעשאַצט מײַנע פּעדאַגאָגישע פעיִקייטן, נאָר צוליב רחמנות אויף מײַן נעבעכדיקן אויסזען, מיט דער צעבראָכענער נאָז און דער צעריסענער באַק. זיי האָבן מיך ניט גערופן ״לערער״, ווײַל ס'איז פאַר זיי קיין סוד ניט געווען, אַז איך בין אַ שמוגלער. אָבער רופן מיך פּשוט ״הער שמוגלער״ האָבן זיי אויך ניט געפונען פאַר פּאַסיק. האָבן זיי מיך גערופן ״גאָספּאַדין בוכהאַלטער״.

דעם בעסטן אײַנדרוק האָב איך גראָד געמאַכט אויף גוטיען. נאָך דעם ווי זי איז פּטור געוואָרן פונעם בויך און האָט איבערגעריסן מיט איר פאַרפירער, האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַן אויסגעליידיקטע און ניט געוווּסט וואָס אָנצוהייבן טאָן מיט זיך. פון לאַנגווײַליקייט האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אין דער שטודירנדיקער גרופּע.

אַלץ וואָס זי האָט געוווּסט וועגן מיר איז געווען, אַז איך בין אַ שמוגלער ווי אַלע, אָן עלטערן, אָן אַ היים און אָן אַ נאָמען. קיינער דאַרף ניט און טאָר ניט וויסן מער. איר נײַגער האָט זיך פאַרשאַרפט פון ווען איך האָב איר, אין אַ מינוט פון שוואַכקייט, אויסגעזאָגט מײַן אמתן נאָמען: יאָסיק, וואָס איז געווען אַ וואַריאַציע פון איר געליבטנס נאָמען. ער האָט געהייסן אָסיק.*

עטלעכע מאָל האָט זי זיך געשווווירן, אַז ניט בלויז מיטן נאָמען, נאָר אויך מיט מײַן ריידן און מיט מײַנע מאַנירן דערמאָן איך זי אין איר געליבטן.

— אמת — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ ביטערער אויפריכטיקייט — דרויסנדיק איז קיין שום ענלעכקייט ניטאָ צווישן אײַך. ווי טאָג און נאַכט. ווי צווישן אַ

* אָסיק און יאָסיק זײַנען רוסיפיצירטע פאַרקירצונגען פון דעם נאָמען יוסף. אָסיק איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די באַרימטע אַקטיאָרן אין דער ווילנער טרופּע, אונטערן נאָמען יוסף קאַמען.

געבאַקענעם קאַרטאָפל און אַ פרישן עפּל. אין דער צײַט ווען אויף אײַער נאָז הענגט דער גאַנצער חורבן פון דער שטאָט, האָט מײַן אָסיק אַ נאָז פון אַן אמתן מלאך... נאָר טיילמאָל, ווען איר הייבט אָן ריידן, וואָלט איך געשווירן, אַז אָדער איר האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אָסיקן, אָדער אָסיק איז געווען אַ פאַרמאַסקירטער יאָסיק.

אין איר שטאַרקער בענקעניש איז זי געווען צופרידן צו האָבן נעבן זיך, אויב ניט דעם אָריגינאַל, איז כאָטש אַן אָרעמע קאָפּיע, אַ קרומען אָפּשײַן פון איר געליבטן.

פון לעקציע צו לעקציע איז זי געוואָרן מער אָפנהאַרציק צו מיר. אין איינעם אַן אָוונט, ווען מיר זײַנען געבליבן אַליין, האָט זי מיר פאַרטרויט די געשיכטע פון איר לעבן.

ס'האָט פּאַסירט איינמאָל, ווען איר טאַטע איז געווען געצוווּנגען צו קויפן אַ בילעט אויף אַ ווילטעטיקן קאָנצערט, ווו דאָס פּובליקום האָט געטאַנצט נאָך דער פאָרשטעלונג. אזוי ווי אירע טאַטע־מאַמע איז ניט געלעגן אין קאָפּ קיין קאָנצערטן, איז אויסגעקומען אַז זי, די עלטסטע טאָכטער, זאָל גיין אויפן אָוונט. ביז דעמלט האָט זי קיינמאָל ניט געקענט גיין אויף אַזעלכע אונטערנעמונגען, ווײַל זי ווינט הינטער דער שטאָט און בײַנאַכט איז אַ סכּנה צו גיין אַליין. האָט זי באַשלאָסן יענע נאַכט צו שלאָפן בײַ דער מומע פייגל, וועלכע ווינט אין צענטער. אָט אויף דעם קאָנצערט האָט זי זיך געטראָפן מיטן מלאך.

— יאָ, אַ מלאך — האָט זי זיך צוגעבויגן צו מיר נאָענט — איר מיינט אַז איך בין נאַיִוו און נאַריש? איך זע, אַז איר לאַכט פון מיר, אָדער אפשר דאַכט זיך מיר בלויז, אײַער פּנים איז עפּעס מאָדנע, איך ווייס ניט ווען איר זײַט ערנסט און ווען איר מאַכט חוזק. אַנטשולדיקט וואָס איך רעד אַזוי. איך האָב זיך צו פיל אָפּגעבריט.

— אויב איר האָט דעם אײַנדרוק אַז איך בין ניט ערנסט, איז אין דעם נאָר שולדיק מײַן פאַרצירעוועטע באַק. איר דאַרפט אָבער וויסן, אַז איך גלייב אין מלאכים. איך בעט אײַך, רעדט ווײַטער.

ווען דער קאָנצערט, אין וועלכן דער מלאך האָט אָנטיילגענומען האָט זיך פאַרענדיקט און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די טענץ פאַרן פּובליקום, איז ער, דאָס הייסט דער מלאך, צוגעגאַנגען צו איר און פאַרבעטן אויף אַ טאַנץ. זי האָט שוין ניט געחלשט. הקיצור, זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט אים אין אַ וואַלס. קיין גרויסע טענצערין איז זי ניט געווען, האָט זיך איר באַלד פאַרדרייט דער קאָפּ. ער האָט זי אונטערגעהאַלטן און זי אַוועקגעפירט, וואַהין געדענקט זי ניט, נאָר אַהיים איז זי יענע נאַכט ניט געקומען, און בײַ דער מומע פייגל האָט זי אויך ניט גענעכטיקט.

אַזוי ווי זי האָט ניט געקענט קומען אין שטאָט זיך טרעפן מיט אים, איז

ער געקומען צו איר אַהיים. נאָר דאָ האָט זיך אַרייַנגעמישט דעם מלאכס מאַמע, וועלכע הייסט ניט מאַמע, נאָר מאַמאַ, אַלע קללות פון דער וועלט אויף איר קאָפּ. ווען די מאַמע האָט זיך דערוווסט וועגן דער ליבע צווישן איר זון און דעם שמוגלערס טאָכטער, האָט זי גענומען קערן הימל און ערד. זי האָט געסטראַשעט, אַז זי וועט פאַרמסרן דעם חזן פאַר די בלויע פּעלערינעס, און אַפילו געגעבן אָנצוהערן דעם זון, אַז אויב ער וועט ניט אויפהערן צו גיין אין חזנס הויז, וועט זי אים איבערגעבן אין די הענט פון די דייַטשן. מע דאַרף וויסן, אַז דער פּאַפּאַ האָט עפּעס געהאַט געשעפטן מיט די דייַטשן, און דעריבער האָט דער מלאך געהאַט אַ ספּעציעלן בראַקיר־שייַן, מע זאָל אים ניט כאַפּן אויף אַרבעט.

הקיצור, אָסיפּ האָט אויפגעהערט צו קומען צו גוטיען פּונקט ווען זי איז געווען אין צווייטן חודש.

אַז אָסיק האָט זיך דערשראָקן פאַר דער מאַמאַ ווי אַ מיאוסער פּחדן, האָט זי נאָך געקענט פאַרשטיין און מוחל זייַן, נאָר איר גרויסער פאַרדרוס איז געווען, וואָס איר מלאך טרעט ווידער אויף אין אַ ווילטעטיקן אָוונט ווי אַ דעקלאַמאַטאָר, מיט דער זעלביקער פּאָעמע, צי רעציטאַציע, צי דער שוואַרצער יאָר ווייס, מיטן נאָמען: שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ, און ער טאַנצט שוין מיט אַן אַנדערער...

איידער זי האָט פאַרענדיקט די לעצטע ווערטער פון איר ווידוי, האָב איך מיט אַ ווילדן צאָרן אַ בריקע געטאָן מיטן פוס און איבערגעקערט דאָס טישל, בייַ וועלכן מיר זייַנען געזעסן. כ׳האָב אָנגעהויבן שרייַען:

— ווי דערוועגט ער זיך? איך האָב אים קיינמאָל ניט געזען, קיינמאָל ניט דערלויבט צו ניצן מייַן נאָמען. איך קען אים, אָט דעם מלאך. ער איז איינער פון די דרייַ מלאכים, וואָס זייַנען געקומען צו גאַסט צו אברהם אבינו און איבערגעלאָזט זייַן ווייַב אַ טראָגעדיקע. דאָס איז דער זעלבער מלאך, וואָס איז געקומען צו יעקב אבינו אין אַ זיסן חלום און האָט אים אויסגעדרייט אַ פוס...

— וואָס איז מיט אייַך? וואָס רעדט איר? אויף וועמען שרייַט איר? איך האָב געמיינט, אַז איר זענט אַ פייַנער אינטעליגענטער מענטש, מיט וועמען מ׳קעןריידן אַ פּאָר ערנסטע ווערטער, אָבער איצט זע איך, אַז איר זענט אַ גאָרנישט, אַ מיאוסער שמוגלער, גייט! אַרויס פון דאַנען!

אויף אירע געשרייען זייַנען באַלד אַרייַנגעלאָפן איר מאַמע מיט די אַנדערע דרייַ קינדער, און אַלע האָבן געשריִען צוזאַמען:

— וואָס איז געשען? וואָס האָט פּאַסירט?

— ער מוז קומען אַהער — האָב איך ווייַטער געוואַלדעוועט — איך וועל אים זייַן פּנים צערייַסן, זייַן נאָז צעברעכן! די מינוט מוז ער קומען. מיך וועט זייַן מאַמאַ און פּאַפּאַ ניט אָפּשרעקן, איך האָב פאַר אַריסטאָקראַטן קיין

מורא ניט, אַפילו ניט פֿאַר די דײַטשן, ווײַל איך, איך און ניט קיין אַנדערער, בין שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ!

זיי האָבן אַלע ניט פֿאַרשטאַנען קיין וואָרט פֿון מײַן אָנגעווייטיקטן געשריי. זיי זײַנען געווען זיכער, אַז דער בוכהאַלטער איז אַראָפּ פֿון זינען. ווען איטשע האָט זיך דערוווּסט, אַז זײַן בוכהאַלטער איז משוגע געוואָרן, האָט ער זיך אַ קאַלטן קראַץ געטאָן אין דער פּאַטילניצע און געזאָגט:

— וואָס איז דער ווונדער? איך האָב אַלעמאָל געוווּסט, אַז אַ יונג מיט אַזאַ קאָפּ, וואָס קען אין אַ האַלבער סעקונדע אויסרעכענען וויפֿל ס׳איז 32 מאָל 17, און קיין טעות ניט מאַכן, אַזאַ איינער מוז אַראָפּ פֿון זינען.

דערווײַל בין איך געקומען צו זיך און, שוין אַ באַרויִקטער דערקלערט אין פּשוטע ווערטער די סיבה פֿון מײַן פּלוצימדיקן צאָרן. איך האָב זיי געבעטן זיי זאָלן מיר אַרויסהעלפֿן איך זאָל זיך טרעפֿן מיט דעם מלאך, ווײַל דאָס איז פֿאַר מיר אַן ענין פֿון לעבן און טויט. אַזוי ווי איך קען אין שטאָט פֿרײַ ניט אַרומגיין, וועל איך אים שרײַבן אַ בריוו און אים הייסן ער זאָל קומען צו מיר. דאַרפֿן זיי מאָרגן אינדערפֿרי אים באַלד צושטעלן דעם בריוו.

גוטיאַ האָט צוערשט געטענהט, אַז ער וועט דעם בריוו צערײַסן, ער וועט ניט קומען. נאָר ווען איך בין שוין כּמעט מיט איר מסכּים געווען, ווען איך האָב שוין געטראַכט, אַז ס׳איז טאַקע בעסער מיר זאָלן זיך באַגעגענען ערגעץ אַנדערש, האָט זי מיר דווקא אָנגעהויבן אײַנרעדן, איך זאָל אים טאַקע הייסן קומען צו איר אין שטוב. אײַ, ווי וועט זי קוקן אויף אים? זי וועט דאָך שטאַרבן... און אפֿשר וועט ער טאַקע ניט קומען... און אַז ער וועט יאָ קומען, וועט זי שטיין הינטער דער טיר און זיך אונטערהערן, אָדער זי וועט אַנטלויפֿן. ניין, זי וועט ניט דאַרפֿן אַנטלויפֿן, ער וועט ניט קומען. — אַזוי האָט זי גערעדט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן.

צומאָרגנס האָט זיך דאָס קליינע יִינגל, באַגלייט פֿון די צוויי שוועסטערלעך, געלאָזט אין שטאָט מיט אַ קורץ בריוול: ״איך בין נאָרוואָס אָנגעקומען אין שטאָט, געפֿין זיך אין דריטן הויז פֿון בית־עולם. כ׳וואָלט געוואָלט אײַך זען פּערזענלעך. אײַער שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ״.

דער מלאך, וואָס אַדאַנק זײַנע פּאַפּירן האָט ער געקענט אַרומגיין פֿרײַ איבער די גאַסן, איז נאָך דעם זעלביקן אָוונט געקומען אין חזנס הויז.

אַז ער איז לויטן אויסזען געווען אַ מלאך, איז קיין ספֿק ניט. אויף זײַן הויכן קערפּער איז געזעסן דער שיינער קאָפּ מיט אַן אויסגעשניצטער נאָז און מיט שוואַרצע, רונדע ברעמען איבער אַ פּאָר זיסע, מיט רויט באַפּוצטע באַקן. אָבער ניט בלויז פֿון דרויסן, נאָר אויך אין גײַסט האָט ער ניט אויסגעזען ווי פֿון דער שטאָט און פֿון דער ערד. די פֿריילעכקייט און אָפֿנקייט, מיט וועלכער ער איז אַרײַנגעקומען, האָט בלויז געקענט זײַן פֿון איינעם וואָס קומט פֿון הימל.

ער האָט מיך גלײַך אַרומגענומען און אויסגעשריִען:

— שאַנטעלעי ושאַנטען! דאָס זענט איר, איך דערקען אײַך. אויף דער בינע האָט איר אויסגעזען אַ ביסל אַנדערש, אָבער איך דערקען אײַך. וואָס מאַכט איר? וווּ זענט איר געווען די גאַנצע צײַט? ווי קומט איר דאָ אַהער, אין דעם הויז? איך בין גליקלעך זיך צו באַקענען מיט אײַך. דאָס הייסט, קענען קען איך אײַך שוין פון לאַנג, איך האָב אײַך עטלעכע מאָל געזען אויפטרעטן אין "געזאַנג־פאַראיין", איר געדענקט? אָ, וואָס פאַר אַן אײַנדרוק איר האָט אויף מיר געמאַכט!

אַנשטאָט צו באַשרײַבן זײַן אַמאָליקע באַגײַסטערונג מיט ווערטער, האָט ער עס אָפּגעשפּילט אין אַ שטומער פּאַנטאָמימע, נאָכגעמאַכט כאַראַקטעריסטישע באַוועגונגען פון דעם רעציטאַטאָר אין "געזאַנג־פאַראיין":

— איך האָב אײַך געוואָלט קענען פּערזענלעך. כ'האָב געוואַרט אויף דער געלעגנהייט זיך מיט אײַך צו טרעפן, אָבער באַלד נאָך דעם האָט מען מיר דערציילט, אַז איר זענט ערגעץ אומגעקומען מיט דער אָפּטרעטנדיקער רוסישער אַרמיי. איז אמת, אַז איר זענט געווען אַ סאָלדאַט? אַן אמתער סאָלדאַט? כאַ־כאַ־כאַ, איך שטעל מיר פאָר ווי איר האָט אויסגעזען — ער האָט גענומען מיט קאָמישע העוויות נאָכקרימען די אָפּטרעטנדיקע רוסישע זעלנער און דערנאָך די גראָטעסקע אָנגעבלאָזנקייט פון די אַרײַנמאַרשירנדיקע הײַטשן. — אָבער איצט זע איך אײַך אַ לעבעדיקן, דאָס איז גוט, בראַוואָ, מאָלאָדיעץ, איך בין זייער צופרידן אײַך צו זען אַ לעבעדיקן. אויך מײַן מאַמאַ איז געווען זייער גליקלעך, ווען כ'האָב איר דערציילט, אַז איך האָב באַקומען פון אײַך אַ בריוול און איך גיי זיך מיט אײַך טרעפן. זי האָט מיך אַפילו געבעטן איך זאָל אײַך תּיכּף ברענגען אַהיים צו אונדז, זי וויל אײַך זען.

— איך קען ניט אײַער מאַמאַ — האָב איך אַרויסגעברומט אונטער דער נאָז.

— אָבער זי קען אײַך זייער גוט. זי איז אַ הויכע, אַ דיקע — ער האָט אָנגעבלאָזן אַ גוידער, אַרויסגעשטעלט זײַן ברוסט, פאַרהויבן דעם הינטן און געפּרוּווט געבן אַ פולשטענדיק בילד פון זײַן מאַמען.

— ניין, איך קען זי ניט...

— אָבער זי ווייס ווער איר זענט, זי קען אײַער פאָטער, זי זאָגט, אַז ער איז געווען זעלטן שיין. אין די יונגע יאָרן איז זי אַפילו געווען פאַרליבט אין אים, כאַ־כאַ־כאַ. זעט איר, מיר זײַנען ניט אינגאַנצן קיין פרעמדע. אָבער זאָגט מיר, וואָס מאַכט איר דאָ, אין דעם הויז?

— איך וווין דאָ.

— אַ קוואַרטיראַנט?

— איך אַרבעט דאָ.

— דאָ, אויפן בית־עולם?

— יאָ, איך בין אַ לערער, איך לערן די טויטע דײַטש...

— אַ דײַטשישער לערער, כאַ־כאַ־כאַ, הערט אַ מעשה. איר, אַ לערער, כאַ־כאַ — האָט דער מלאך זיך געדרייט אין בליצנדיקע זיגזאַגן איבערן צימער — דאָס איז טאַקע אַן איבערראַשונג. איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז איר קענט פראַנצויזיש: זשע ווו פּרי, קאָם איל פאָ, איר געדענקט? כ׳האָב ניט געוווסט, אַז איר קענט אויך דײַטש. איך וואָלט געקענט אײַך רעקאָמענדירן עטלעכע אוראָקן. איך אַליין וואָלט אויך גערעדט אַ גוטן לערער. מײַן פּאַפּאַ קומט פון דײַטשלאַנד, ער רעדט פליסיק דײַטש: איך האַבע, דו האַבעסט, ער האַבעט — האָט ער קאַריקאַטורירט זײַן פּאַפּאַ — איך בין ניט פעיִק צו שפּראַכן. ביז די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָב איך בלויז באַוויזן דורכצוגיין צוויי און אַ האַלבן קלאַס פון דער נאַטשאַלנאַיע אוטשילישטשע. און איר זענט, הייסט עס, געוואָרן אַ לערער. ווען איך באַקען אײַך מיט מײַן פּאַפּאַ, וואָלט ער אײַך גלײַך אָנגעשטעלט ווי מײַן לערער און אײַך גוט באַצאָלט. אויב איר פוילט זיך ניט, וואָלט איך אײַך תּיכּף מיטגענומען צו זיך אַהיים.

— איך דאַנק אײַך, אָבער איך קען קיין נײַע לעקציעס ניט אָננעמען. איך בין פאַרנומען. אגב, בין איך דאָ אין שטאָט אָן די געהעריקע דאָקומענטן.

— דאָס קען מען לײַכט באַזאָרגן, מײַן פּאַפּאַ האָט גרויסע פאַרבינדונגען מיט די דײַטשן. ער האָט שוין אַרויסגעהאָלפן היפּשע מענטשן מיט בראַקיר־שײַנען. ער קען עס אויך טאָן פאַר אײַך. קומט, לאָמיר גיין, מיט מיר קענט איר גיין אַפילו אָן אַ פּאַס. איך אַליין גיי אָפט אַרום אָן דאָקומענטן. האָט ניט קיין מורא, טאָמער אַרעסטירט מען אונדז, ווערן מיר תּיכּף באַפרײַט. מײַן פּאַפּאַ וועט דאָס שוין באַזאָרגן. טאָ קומט, נעמט אײַער מאַנטל און לאָמיר גיין.

— צו וואָס?

— איך בין אויסערגעוויינטלעך גליקלעך וואָס כ׳האָב אײַך געטראָפן. איך האָב מיט אײַך אַ סך צו ריידן.

— טאָ רעדט!

— דאָ אין הויז איז מיר ניט אָנגענעם צו ריידן. ווען ניט צוליב אײַך, וואָלט איך דאָ ניט געקומען.

פאַרוואָס?

— איך קען אײַך דאָס ניט דערקלערן. אויב איר זענט אַ קוואַרטיראַנט, האָט איר אוודאי עפּעס געהערט וועגן מיר.

— קיינער האָט דאָ אײַער נאָמען ניט דערמאָנט.

— אַפילו ניט גוטיאַ?

— איך לערן מיט די ייִנגערע קינדער. גוטיען קען איך זייער ווינציק.

— גוטיאַ איז אַ ווונדערלעך מיידל. מיר זײַנען געווען גוטע פרײַנד, אָבער אירע עלטערן זײַנען פּראָסטע, אָפּגעשטאַנענע מענטשן. דער טאַטע מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ חזן, אָבער אין דער אמתן ווייסט איר וואָס ער איז? ר׳איז אַ שמוגלער. אָבער איך בעט אײַך, דערציילט עס קיינעם ניט, צוליב גוטיען, וואָרעם זי איז זייער אַ פײַן מיידל. איך וואָלט ניט געוואָלט זי זאָל מיך דאָ טרעפן.

— זי איז ניטאָ אינדערהיים. ס׳איז קיינער ניטאָ.

— דאָס איז גוט, פון דעסטוועגן וואָלט איר מיר געטאָן אַ טובֿה, ווען איר קומט איצט מיט מיר, אויב ניט אַהיים, איז כאָטש אויפן גאַס, אויף אַ שפּאַציר. איך האָב אײַך אַ סך צו דערציילן.

— איך ווייס ניט וואָס איר האָט מיר אַזוינס צו דערציילן, נאָר איך האָב אײַך עפּעס צו זאָגן, און איך קען עס אײַך זאָגן דאָ אין צימער. איך האָב געהערט, אַז איר טרעט אַרויס מיט מײַן רעציטאַציע ״דער באַזיגער פון טויט״.

— יאָ, — האָט דער מלאך צוגעגעבן מיט אַ פּאַרכאַפּנדיקער אויפריכטיקייט. — ניט בלויז איך, אונדזער גאַנצע חבֿרה. קענט איר איינעם אַ טאַבאַקאָווסקי? אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ באַסאָוון קול. — ר׳האָט זיך אויסגעצויגן אויף די שפּיץ פינגער און אים אָפּגעשילדערט מיט אַ טיפער בויך־שטים. קענט איר מישאַ כאַזאַנאָוויטש? אַ דיקער, מיט קורצע פיס. ער שעפּעליאָוועט: איך, טאַנטעלעי, טאַנטען, דעלאַטרואַ, כאַ־כאַ־כאַ. איר האָט אונדז אַלעמען אָנגעשטעקט מיטן משוגעת פון דעם פּראַנצויז. מיר זײַנען אַ גאַנצע חבֿרה, וואָס חלומט וועגן טעאַטער. איך וועל אײַך מיט זיי באַקענען.

— איך דאַנק אײַך זייער, אָבער די צײַטן זײַנען שווערע. איך מוז פּאַרדינען. אפשר אַן אַנדערש מאָל. איך האָב אײַך גערופן בלויז צו לאָזן וויסן, אַז שאַנטעלעי ושאַנטען דעלאַקרואַ לעבט נאָך און אַז איין משוגענער פּראַנצויז איז גענוג פאַר אונדזער שטאָט.

איך בין צו צום פענצטער און זיך געשטעלט מיט דער פּלייצע צו מײַן גאַסט. אָסיק האָט אַרויסגענומען אַ צוקערל פון קעשענע און געערדט מיט אַ געלאַסענערן טאָן:

— איך בין בלויז עטלעכע מאָל אַרויסגעטראָטן מיט אײַער רעציטאַציע. איך וואָלט עס, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל ניט געטאָן, ווען איר זענט אין שטאָט. אָבער מענטשן האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איר לעבט שוין ניט. נו, האָב איך געטראַכט, אויב אַזוי, וועט עס ניט שאַטן. איך האָב קיינמאָל ניט פאַרפעלט צו אַנאָנסירן, אַז איך לייען עס לויט אײַער אויסטייַטשונג, ווי איר האָט עס צונויפגעשטעלט. מיר פעלן, פאַרשטייט זיך, אַ סך ניואַנסן. אין אייניקע שטעלן האָב איך בשום אופן ניט געדענקט וואָס איר האָט דאָרטן געטאָן. למשל, ווו מע פירט דעם דאָקטער אַרײַן אין משוגעים־הויז...

— מע פירט אים ניט אַריַין, נאָר מע וואַרפט אים אַריַין. — האָב איך, נאָך אַלץ מיט דער פלייצע צום גאַסט, אים קאָרעקטירט.

— יאָ, יאָ, מע וואַרפט אים אַריַין, און דער וועכטער זאָגט...

— ניט דער וועכטער זאָגט, נאָר דער דאָקטער רעדט.

— יאָ, יאָ, דאָס מיין איך טאַקע. די שטעלע האָב איך אַ ביסל פאַרפלאָנטערט, אָבער איצט, אַז מיר האָבן זיך באַגעגנט, וועט איר מיר מוזן אַ ביסל אונטערהעלפן און מיר געבן אַ ביסל אָנוויַיזונגען.

— איר מיינט צו זאָגן, אַז איר האָט נאָך בדעה צו ניצן די רעציטאַציע?

— האָב איך זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן פּנים.

— ניין, ניט עפנטלעך. בלויז פאַר מיַין ברודער. מיַין עלטערער ברודער, אַלעקס,* איז אַן אַקטיאָר און ער קלייבט זיך צו פאָרן קיין אַמעריקע. מעגלעך, אַז מיַין ברודער זאָל פאָרן פריִער און איך וועל נאָכקומען, וויַיל מיַין מאַמאַ וויל מיך ניט לאָזן פאָרן. זי זאָגט, אַז איין זון אַן אַקטיאָר איז גענוג פאַר איר. די נאַרישע קוואָטשקע קוואָקעט: קוואַ־קוואַ. ס׳וועט איר אָבער גאָרנישט ניט העלפן, איך פאָר קיין אַמעריקע. כ׳האָב געזאָגט מיַין ברודער, אַז כ׳בין פעסט אַנטשלאָסן צו ווערן אַן אַקטיאָר. כ׳האָב פאַר אים אַפילו געלייענט דעם ״באַזיגער פון טויט״. איינִיקע שטעלן האָט ער שטאַרק קריטיקירט, עס קלעפּט זיך ניט, אַ ביסל נודנע. ער האָט אַפילו געפּרוּווט עפּעס פאַרבעסערן, אָבער איצט, אַז איר זענט דאָ, וואָלט געווען גוט איר זאָלט מיר איינצייַטיק געבן עטלעכע לעקציעס אין דייַטש, פאַר וועלכע מיַין פאַפּאַ וועט אייַך גוט באַצאָלן. אויב איר זענט מסכּים, וועל איך מאָרגן בייַטאָג ווידער קומען און אייַך ברענגען מייַנע פּאַפּירן. ביז מיַין פאַפּאַ וועט פאַר אייַך אַרויסבאַקומען אַ בראַקיר־שייַן, וועט איר דערווייַל ניצן מייַנעם. מיַין מאַמאַ וועט זיך פרייען. אָפּגערעדט, מאָרגן בייַטאָג, יאָ?

דעם גאַנצן מאָנאָלאָג האָב איך אויסגעהערט אין אַ ווינקל, בייַם פענצטער, ווי אַ שטומע וואַקסענע פיגור.

— איך פאַרשטיי, אַז איר ווילט זיך איבערטראַכטן — האָט אָסיק נאָך אַ קורצן שווייַגן ממשיך געווען. — וועל איך בעסער איצט גיין, כאָטש איך וואָלט נאָך מיט אייַך אַ סך גערעדט. וועלן מיר עס לאָזן אויף מאָרגן, אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט, האָב איך דער ערשטער אויסגעשטרעקט מיַין ציטערנדיקע האַנט.

— איר ווייסט — האָט דער מלאך געזאָגט בעת ער האָט געדריקט אין זייַנע פּוכלע פויסטן מייַנע דאַרע פינגער — איר געפעלט מיר, כאָטש איך

* אַלעקס — אלכּסנדר שטיין — שפּעטער איינער פון די הויפּט־אַקטיאָרן אין דער ווילנער טרופּע.

מוז אײַך זאָגן, כ׳האָב מיר פאַרגעשטעלט אַז איר װעט אינגאַנצן אַנדערש. איר װעט אַזאַ שװײַגנדיקער, אָדער איז עס אפשר מײַן שולד, װאָס כ׳האָב אײַך ניט געלאָזט עפּענען ס׳מױל, איך האָב די גאַנצע צײַט גערעדט, כ׳האָב זיך געאײַלט, איך שטײ אױף קױלן, כ׳האָב מורא, אַז יעדע מינוט קאָן עמעצער אַרײַנקומען. איך װעל אײַך מאָרגן, בײַ מיר אין שטוב, אַלץ דערצײלן. דערװײַל, ביז מאָרגן, אַ גוטע נאַכט... יאָ, שיִער ניט פאַרגעסן. טוט מיר אַ טובה, גיט איבער גוטיען אָט די פּליטקעלע שאָקאָלאַד. ס׳איז פון דער דײַטשער קאַנטין, זײער גוטע. גיט עס איר די מאַמע זאָל ניט זען. זי װעט שרײַען, די דאָזיקע קאַסאָקע קאַלאַטױקע מיט די קרומע פיס — און קײַקלענדיק זיך פון זײַט אױף זײַט װי אַן אָראַנג־אוטאַנג, איז ער אַרױס פון צימער.

װי נאָר די טיר האָט אַ קלאַפּ געטאָן הינטערן מלאך, האָט זיך געעפנט די צװײטע טיר, און גוטיאַ איז אַרײַן מיט רױטע אױגן:

— ניין, ניין, ער איז אַ מיאוסער ליגנער, איר דאַרפט אים ניט גלייבן קיין איין װאָרט. ער װעט אײַך ניט ברענגען קיין בראַקיר־שײַן, ער װעט מאָרגן ניט קומען, דער קלאָון. ער האָט מורא געהאַט מיר צו קוקן אין פנים, און אױך אײַך װעט ער אױסמײַדן.

— גוטיאַ — האָב איך צערטלעך אַרױפגעלײגט אַ האַנט אױף איר פּלײצע,

— אומזיסט חזרט איר איבער מײַנע רײד, איך בין ניט געװוען גערעכט, און אױך איר זענט איצט ניט גערעכט. איך האָב געזידלט די מלאכים, אָבער עס זײַנען, װײַזט אױס, פאַראַן פאַרשײדענע מלאכים. גאָט איז אײנער, אָבער מלאכים זײַנען אַ סך, און צװישן אַ סך קענען זײַן אױך גוטע און אױך שלעכטע.

— הערט אױף צו חוזקן! איר קענט מיר נאָך אַלץ ניט מוחל זײַן, װאָס בײַ מיר האָט זיך אַרױסגעכאַפּט דאָס װאָרט מלאך.

— גלײבט מיר, איר מאַך ניט חוזק. צו מיר זײַנען שױן אַמאָל געקומען עטלעכע מלאכים און זײ האָבן מיר אַ סך געהאָלפן. איך בין זיכער, אַז אױך דער מלאך װעט מיך ניט אָפּנאַרן. ער װעט קומען און מיך נעמען צו זײַן מוטער. װי איר האָט אַװדאי געהערט הינטער דער טיר, איז זײַן מוטער אַמאָל געװוען פאַרליבט אין מײַן טאַטן. זי װעט פאַרשטײן. זי װעט אײַך רופן צו זיך, און איך טאַקע װעל אײַך ברענגען צו איר אין הױז.

— ניין, ניין, איך בעט אײַך! הערט אױף מיט אײַערע נאַרישע רײד — האָט זי נערװעז געבראָכן די פינגער — מיט אײַערע רײד קענט איר משוגע מאַכן אַ מענטש.

— איך זאָג אײַך, אַז אַזױ װעט זײַן. דערװײַל אָבער האָט ער מיך געבעטן — און איך האָב אױסגעשטרעקט צו איר דעם שאָקאָלאַד.

זי האָט עס אַ כאַפּ געטאָן פון מײַן האַנט און מיט אַ בײזן צאָרן צוריק

אַ שלייַדער געטאָן מיר אין פּנים:

— ווי דערוועגט איר זיך? איר זענט נאָך מיאוסער פון אים! כ'האָב שטענדיק געפילט, אַז צווישן אייַך איז דאָ אַן ענלעכקייט. אַלץ וואָס איר קענט, איז אָפּלאַכן און נאָכקרימען און חוזק מאַכן פון מענטשן. אויך איר האָט צען מאָס רייד און קענט אייַנרעדן אַ קאַץ זי זאָל זיך שטעלן אויף די הינטערשטע פיס. איך בין געשטאַנען הינטער דער טיר און זיך צו אַלץ צוגעהערט. ווי מיאוס ער האָט אָפּגעלאַכט פון מייַנע עלטערן. נאָר דאָס איז בלויז אַ מילדער שפּאַס אין פאַרגלייַך מיט אייַער נידעריקייט מיך צו פאַרבלענדן ווי אַ קינד מיט אַ צוקערל און מיט זיסע ריידעלעך, איך זאָל ניט זען ווי ער אַנטלויפט קיין אַמעריקע.

— ניט אמת!

— איך בין ניט טויב.

— ער וועט ניט פאָרן קיין אַמעריקע — האָב איך מיט דער גרעסטער זיכערקייט אויסגערופן. — אויב עמעצער וועט פאָרן קיין אַמעריקע, וועל איך עס זייַן!

— איר? כ'האָב דאָך געהערט, אַז זייַן ברודער נעמט אים מיט קיין אַמעריקע.

— אויב זייַן ברודער וועט עמעצן מיטנעמען, וועט ער מיך מיטנעמען. איך קען ניט זייַן ברודער, אָבער איין זאַך פיל איך שוין, אַז אויב אָסיק איז אייַער מלאך, איז זייַן ברודער אַלעקס מייַן מלאך.

— איך פאַרשטיי ניט. איך האָב דאָך קלאָר געהערט, אַז ער וועט אים מיטנעמען.

— ער נעמט ניט אים און ניט מיך, ער נעמט מיט שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ!

זי האָט אָפּגעווישט אַ פאַרבלאָנדזשעטע טרער בייַם אויער און מיט אַ נאַסער שטים אַרויסגעשעפּטשעט:

— ניין, ניין, אַז איך וועל עס עמעצן דערציילן, וועט מען מיר זאָגן, אַז כ'בין משוגע, אַז איך האָב זיך אייַנגערעדט אַ מעשה פון טויזנט און איין נאַכט.

— זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ דערבייַאיקן שטול. איך בין צוגעגאַנגען נאָענט צו איר, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר קאָפּ און איר אַרייַנגעשושקעט אין אויער:

— גלייבט מיר, גוטיאַ, זייַט גרייט פאַר דער טויזנט און צווייטער נאַכט!

זי האָט זיך מיט ווידערווילן אַרויסגעריסן פון מייַן טרייסטנדיקער האַנט, זיך געביסן די שפּיץ פינגער און אַרויסגעלאָפן פון צימער. איך האָב זי ניט געקענט אָפּשטעלן. כ'האָב געמוזט אַרייַנרופן איר מאַמע זי זאָל באַרויִקן איר היסטערישע טאָכטער.

## כ"ז

איך בין געווען גערעכט. אָסיק איז אויף מאָרגן געקומען און געבראַכט גאַנצע פיר דאָקומענטן: זײַן פּאַס, אַ בראַקיר־פּאַס פאַר צוואַנג־אַרבעט, אַ דערלויבעניש צו גיין שפּעט בײַנאַכט, און זײַן פּאַפּאַס ספּעציעלע קאַרטע צו קריגן בראָנפן אין דער מיליטערישער קאַנטין.

מיט אַזעלכע פיר באַוואָרענישן האָב איך שוין געקענט גיין צו אָסיקן אין שטוב מיט אַ שטאָלצער זיכערקייט פון אַ ריטער אונטער אַן אײַזערנעם פּאַנצער, איבער אַן אײַזערן העמד, פאַרדעקט מיט אַן אײַזערנעם שילד.

נאָר ווען כ׳בין אַרויף אויף די טרעפּ און מײַן וואָפן־טרעגער האָט אַ צי געטאָן דאָס גלעקל, און פון דער געעפנטער טיר האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַ גרויסער שוואַרצער פּודל מיט אַ ווילדער בילערײַ, האָב איך גענומען פליִען אויף צוריק, אַראָפּ פון די טרעפּ.

אַ באַפעלעריש קול האָט דורך דער טיר דעם הונט געהייסן שווײַגן, און דעם גאַסט — ניט מורא האָבן. און אַזוי, אַ ביסל אַ דערשראָקענער, אַ ביסל אַ פאַרשעמטער, בין איך אַרײַן אין שטוב.

— אַנטשולדיקט, אונדזער הונט איז אַן אמתע אָנשיקעניש — האָט דער שלאַנקער, עלעגאַנטער מאַן, וועלכער האָט געעפנט די טיר, גערעדט צו מיר. ער האָט אויסגעזען אַ יאָר זעקס־זיבן און צוואַנציק, מיט אַ לענגלעכער שעוועליורע פון שוואַרצע האָר אויף אַ שטאַרק אָנגעפּודערט פּנים, וואָס האָט געהאַט די פאָרעם פון אַן איבערגעקערטער באַרנע. איבער דער דינער אָריענטאַלישער נאָז זײַנען געהאָנגען צוויי לאַנגע פּרויען־ברעמען, אָבער צום שטאַרקסטן האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן זײַנע צאַרטע, בלייכע הענט, מיט לאַנגע, מאַניקירטע פינגער. ער האָט געטראָגן אַ סאַמעטן שטוב־רעקל, הויזן מיט ברייטע פּאַסן, און אונטער דעם פלאַכן ווײַסן קאָלנער מיט לאַנגע שפּיצן איז געווען זאָרגעוודיק אויסגעבונדן אַ גרויסער, שוואַרצער שלײַף.

— דאָס איז מײַן ברודער אַלעקס.

— זייער אָנגענעם. מאַמאַ, וועסט אַזוי גוט זײַן אַוועקנעמען דעם הונט פון דאַנען?

אין דעם מאָמענט האָט זיך באַוויזן די מאַמאַ. זי האָט זיך אַנטשולדיקט:

— דער הונט איז לעצטנס ניט צו פאַרטראָגן, איר דאַרפט אָבער ניט מורא האָבן. דאָדי, טו דעם הונט אָן אַ צוים! — האָט זי באַפוילן דעם מאַן אין אַ זײַדענעם געבלימלטן שלאָפראָק, מיט שפּיציקע וואָנצלעך און מיט אַ

שרונט אין מיטן פון די שטאַרק צוגעפּרעסטע זילבערנע האָר.

דאָרטן האָט אַ שמיץ געטאָן דעם פּודל און אונטערן שוץ פון דעם גאַנצן הויזגעזינד בין איך אַריַינגעפירט געוואָרן אין אויפנעם־צימער. דאָ האָט מען מיך איבערגעלאָזט מיט דעם פּאַפּאַ אויף אַן אינטערוויו, און מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער בין איך אָנגעשטעלט געוואָרן ווי אַ דייַטשישער לערער מיט אַ געהאַלט פון פינף מאַרק אַ וואָך.

די ערשטע לעקציע איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע: דער לערער האָט געוואָלט אַרויסווייַזן מער וויפל ער האָט געקענט, און דער תּלמיד האָט געקענט ווינציקער ווי דער לערער האָט דערוואַרט. באַלד האָט דער תּלמיד אָפּגעשטופּט פון זיך די דייַטשע גראַמאַטיק און אַ פרעג געטאָן:

— ווען מע וואַרפט אַריַין דעם דאָקטער שאַנטעלעי אין משוגעים־הויז, ווער רעדט דער ערשטער, דער דאָקטער צי דער וועבטער?

— דער רעציטאַטאָר. ער באַשרייַבט די פּאַלאַטע און די פאַרשיידענע משוגעים דאָרטן.

— אַזוי? און איך האָב עס אינגאַנצן איבערגעדרייט. זאָגט מיר די גענויע ווערטער, ווען מע פירט אים צום עשאַפאָט.

— וועגן דעם וועלן מיר נאָך האָבן צייַט צו ריידן — האָב איך אים צוריק אונטערגערוקט דאָס ביכל אויפן טיש. — איך פאַרשטיי אַז אייַער ברודער פאָרט קיין אַמעריקע אין צוויי חדשים אַרום. אויב איר ווילט מיט אים מיטפאָרן, איז די צייַט וואָס איך האָב צוגעזאָגט אייַערע עלטערן אייַך אויסצולערנען דייַטש, זייער קורץ. האַלט איך דעריבער, אַז מיר דאַרפן זיך איצט מער קאָנצענטרירן אויף דער גראַמאַטיק.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט דער תּלמיד אָנגעוויזן אויפן האַנטזייגערל, אַז די שעה איז כּמעט אַריבער. ער האָט פאַרמאַכט דאָס ביכל און מיך באַגלייט צו דער טיר. אויפן שוועל האָט ער אגב־אורחאדיק אַ פרעג געטאָן:

— וואָס מאַכט גוטיאַ?

ר׳האָט זיך געוואונדערט וואָס די צוויי מאָל, ווען ער איז געווען אין חזנס הויז, איז זי אינדערהיים ניט געווען. זאָל עס הייסן אַז זי האָט אים בכּיוון אויסגעמיטן, אָדער איז זי טאַקע געווען ערגעץ אַוועקגעגאַנגען?

איך האָב געענטפערט, אַז איך בין מיט איר ניט אַזוי נאָענט, איך זאָל וויסן ווו זי גייט און ווען זי קומט. דער תּלמיד האָט זיך אָבער מיט דעם ענטפער ניט באַנוגנט. סטייַטש? ווי קען דאָס זייַן? רעדט זי גאָר קיינמאָל ניט וועגן אים? דערמאָנט זי אַפילו ניט זייַן נאָמען?

— איך ווייס ניט, איך זע זי ניט, איך קען זי אַפילו ניט — און איך בין גיך אַראָפּגעלאָפן די טרעפּ.

בייַנאַכט, ווען איך בין געקומען אַהיים, האָב איך שטיל אָנגעקלאַפּט אין

גוטיעס צימער, און מיר זײַנען ביידע אַרויס פון הויז. זי האָט מיך געהאַלטן בײַ דער האַנט און אַריבערגעפירט איבער אַ צעפוילטן קלאָץ, וואָס איז געלעגן ווי אַ בריקל איבער אַ קליין טײַכל. דערנאָך האָבן מיר פאַרקערעוועט צו דער הינטערשטער זײַט פון בית־עולם, ווו, נעבן אַ פּאַרקן, איז געשטאַנען איר באַליבטע באַנק. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט און איך האָב איר דערציילט וועגן מײַנע אײַנדרוקן אין הויז פון איר געליבטן.

אויפן זעלבן גראָטעסקן אופן ווי מײַן תּלמיד האָט מיט צוויי טעג פריִער אַזוי אומברחמנותדיק געשמיסן דעם חזנס הויז, האָב איך איצט פאַר גוטיען זיך אָפּגערעכנט מיטן פּאַפּאַ און מיט דער מאַמאַ, און בײַסיק קאַריקאַטורירט די גאַנצע אַריסטאָקראַטישע משפּחה, דעם שוואַרצן פודל אַרײַנגערעכנט. זי האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער, אָפּגעווישט אירע פאַרטרערטע אויגן און מיך איבערגעשלאָגן:

— נו, וואָס איז וועגן אַמעריקע? וואָס האָט איר דאָרטן געהערט וועגן אַמעריקע?

— גוטיאַ, איך גלייב אין מזל. מזל האָט מיך געבראַכט צו אײַך אין הויז. בײַ אײַך האָב איך זיך באַקענט מיט איין ברודער, וואָס האָט מיך געבראַכט צום צווייטן ברודער, און דער צווייטער ברודער וועט מיך ברענגען קיין אַמעריקע. איך האָב אַ פאָרגעפיל, אַז אויך איר וועט פאָרן צוזאַמען מיט אונדז.

זי האָט, ווי שטענדיק ווען זי איז געווען צעקאָכט, גענומען בײַסן די נעגל פון די פינגער, און אַ באַגײַסטערטע שטיל געשעפּטשעט:

— איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס איר האָט זיך אייערנעכטן אַזוי צעשריִען, איצט ווייס איך, אַז דאָס זענט איר דער מאַן מיטן לאַנגן פראַנצויזישן נאָמען.

איך האָב זיך אָנגעהאַלטן אין פּאַרקן, וואָרעם איך האָב דערפילט, אַז פון אירע לעצטע ווערטער ווער איך אויפגעבלאָזן ווי אַ באַלאָן, וואָס וועט זיך באַלד אָפּרײַסן פון דער ערד און אַרויף אויף די וואָלקנס.

— גאָט, עס זאָל נאָר זײַן אמת! — האָט זי געמורמלט, זיך צוגעבויגן צו מיר און מיט אירע פײַכטע ליפּן אָנגערירט מײַן פאַרנייטע באַק.

זי איז אויפגעשפּרונגען און גיך אַנטלאָפן אַהיים. איבערן פּאַרקן האָבן די מצבות ווי ווײַסע טויבן מיט אײַנגענורעטע קעפּ אין די פליגל, געדרעמלט אויפן פעלד. בײַם טײַכל האָבן די צאַרטע ווערבעס געוואַשן די אײַנגעבויגענע קעפּ. איך בין געזעסן אויף דער באַנק אַ פאַרגליווערטער פון גליק און געלאָזט מײַנע געדאַנקען באַגלייטן גוטיען צו איר שלאָפצימער...

*

אַזוי זײַנען די לעקציעס אָנגעגאַנגען גאַנצע דרײַ וואָכן. סוף־וואָך האָט די מאַמאַ פרײַנדלעך מיר צוגעטראָגן אַ קאָנווערט מיטן שכר־לימוד און מיר וואַרעם באַדאַנקט פאַר דעם אָנשטרענג און געדולד צו דעם ניט־דיסציפּלינירטן תּלמיד. דערבײַ האָט זי באַדויערט וואָס זי האָט אַזאַ קליינע השפּעה אויף אירע צוויי זין: דער עלטערער איז קעגן איר ווילן געוואָרן אַן אַקטיאָר, און דער ייִנגערער וועט מסתּמא קעגן איר ווילן אויך אַרײַן אין אָט דער געמיינער פּראָפעסיע.

מיט אַן אָנשטעל פון מיטגעפיל האָב איך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און דערבײַ איר פאַרזיכערט, אַז איר זון האָט אויסערגעוויינטלעכע פעיִקייטן און זײַן חשק צו לערנען וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

אין דער אמתן זײַנען די לעקציעס יעדן טאָג געוואָרן ערגער און קירצער. אָנשטאָט זיך צו קאָנצענטרירן אויף גראַמאַטיק, האָט דער תּלמיד מיט אַלץ מער נײַגער זיך נאָכגעפרעגט אויף גוטיען. כ׳האָב זיך אַרויסגעדרייט מיט דער טענה, אַז זי איז זעלטן אינדערהיים און איך זע זי כּמעט קיינמאָל ניט.

— צו וועמען גייט זי?

— איך ווייס ניט.

— וואַהין גייט זי?

— איך ווייס ניט.

— מײַן תּלמיד האָט זיך ניט געלאָזט אײַנריידן, אַז אַ מענטש וואָס וווינט בײַ איר אין הויז זאָל ניט וויסן ווו און צו וועמען זי גייט. איך האָב זיך באַמיט אויף פאַרשיידענע וועגן אים צו ברענגען צוריק צו דער גראַמאַטיק און פאַרקערעווען דעם שמועס צו דער טעמע אַמעריקע, כּדי צו פּאָמפּען דעם תּלמיד וועגן זײַן ברודער: ווי לאַנג בלײַבט ער נאָך אין שטאָט? וואָס פאַר אַ מענטש איז ער? פאַרוואָס זעט מען אים ניט? פאַרוואָס איז ער שטענדיק פאַרשפּאַרט בײַ זיך אין צימער?

דעם תּלמיד האָט אַלץ מער פאַרדראָסן וואָס דער לערער פרעגט מער ווי ער ענטפערט, און ער האָט מיר באַצאָלט מיט דער זעלביקער מטבע: ווי נאָר איך פלעג ברענגען איבער די ליפּן אַלעקסן און אַמעריקע, פלעגט ער מיר אויף צו־להכעיס פאַרשטאָפּן דאָס מויל מיט גוטיען.

אויף דער פערטער וואָך איז די שפּאַנונג צווישן אונדז דערגאַנגען צו אַ קלימאַקס.

די מאַמאַ און דער פּאַפּאַ האָבן אַרויסגעוויזן גרויסע סענטימענטן צו מיר. מסתּמא דערפאַר, ווײַל זיי האָבן גוט געקענט מײַן טאַטן. דערצו זײַנען זיי געווען זייער צופרידן פון מײַנע לעקציעס. ניט גענוג וואָס זיי האָבן מיר געהאָלפן קריגן אַ פּאַס און דערצו אַ בראַקיר־שײַן פון צוואַנג־אַרבעט, האָבן זיי מיך איינמאָל פאַרבעטן צום מיטאָג.

דער איינציקער, וואָס האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס צו מיר, איז געווען דער ברודער אַלכּסנדר. מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל באַגעגנט ווען ער, וואָס זײַן צימער איז געווען קעגנאיבער דער אַרײַנגאַנג־טיר, האָט דער ערשטער געהערט דאָס גלעקל און מיר געעפנט:

— גוט מאָרגן, לערער, וואָס מאַכט איר, לערער? אײַער תּלמיד וואַרט שוין אויף אײַך.

— אָ, יאָ, אַ דאַנק.

דאָס איז געווען אַלץ.

בײַם טיש, ווען מ׳האָט מיך פאַרבעטן אויף מיטאָג, האָב איך באַמערקט, אַז אַלכּסנדר איז דווקא אַ זייער סימפּאַטישער און באַרעדעוודיקער מענטש. נאָר פּלוצעם האָט ער זיך גענומען קריגן מיט דער מאַמאַ. זי האָט אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער טרינקט צו פיל און זי האָט צוגענומען דאָס שנאַפּס־פלעשל. אַלעקס האָט געשווירן, אַז ער האָט זיך צום שנאַפּס אַפילו ניט צוגערירט. די מאַמאַ האָט מיך גענומען פאַר אַן עדות, אַז ווען זי האָט זיך געזעצט צום טיש, איז דאָס פלעשל געווען כּמעט פול, און איצט, זעט! איך האָב שטום געקוועטשט מיט די פּלייצעס, ווי איינער זאָגט: מיך טשעפּעט ניט, איך בין דאָ צוליב אַן אַנדער ענין.

די אַמפּעריי איז אָנגעגאַנגען, ביז אַלעקס האָט סוף־כּל־סוף צוגעגעבן אַז ער האָט אויסגעטרונקען צוויי אָדער דריי גלעזלעך און זי דאַרף אים שענקען לכל־הפּחות נאָך איין שנעפּסל. און אַז זי האָט זיך אײַנגעעקשנט, האָט ער אַ וואָרף געטאָן גאָפּל און מעסער, זיך אויפגעהויבן פון טיש און אַוועק אין זײַן צימער.

די געלעגנהייט צו פאַרבינדן אַ שמועס מיט אַלעקסן איז דורכגעפאַלן, נאָר פון דעסטוועגן האָב איך דערפילט, אַז דאָס איז האָט זיך אײַנגעבראָכן, אַז דערמיט וואָס איך בין געווען אַ שטומער עדות פון אַן אינטימער פאַמיליע־קריגערײַ, בין איך אַליין געוואָרן אַ טייל פון דער משפּחה. אויב מע וועט מיך ווידער פאַרבעטן צו אַ מיטאָג, וועל איך שוין ניט קומען מיט ליידיקע הענט. איך וועל ברענגען אַ פלעשל שנאַפּס. איך וועל עס קריגן בײַ מײַנע שמוגלערס. אמת, דאָס וועט מיך קאָסטן גאַנצע צוויי וואָכן געהאַלט, אָבער דערפאַר וועט דאָס פלעשל האַלטן אַלעקסן צוגעשמידט צום טיש.

נאָך אין דער זעלבער וואָך, ווען כ׳האָב אַ צי געטאָן דאָס גלעקל, האָט מיר אַלעקס געעפנט די טיר און, ווי אַלעמאָל, מיך קאַלט באַגריסט:

— גוט מאָרגן, לערער, וואָס מאַכט איר, לערער? — און ער איז באַלד פאַרשוווּנדן בײַ זיך אין צימער.

ווען כ׳בין אַרײַן צו מײַן תּלמיד, האָב איך אים געפונען אַרומשפּרײַזן נערוועז פון וואַנט צו וואַנט. ער האָט גוט פאַרמאַכט די טיר און דערנאָך, מיט בלייכע ליפּן, אַ זאָג געטאָן:

— מייַן פּאַפּאַ און מייַן מאַמאַ זייַנען אַוועק צו גאַסט און האָבן מיר איבערגעלאָזט דאָס געלט אייַך צו באַצאָלן. אָבער פון הייַנט אָן וויל איך איר זאָלט מיר געבן די אוראָקן בייַ אייַך אין שטוב.

— איך האָב ניט קיין שטוב.

— איך מיין בייַ גוטיען אין הויז.

— גוטיעס הויז איז ניט מייַן הויז און איר קענט ניט קומען אַהין.

— אַזוי, איצט פאַרשטיי איך דעם גאַנצן ענין — איז דער תּלמיד מיטאַמאָל געוואָרן רויט ווי אַ בוריק און צוריקכאַפּנדיק די פינף מאַרק וואָס ער האָט מיר פריִער געגעבן, האָט ער מיך אָנגעכאַפּט בייַ דער קליאַפּע און צוגעשטופּט צום קושאַק. מיט אַן אייַפערזיכטיקן צאָרן האָט ער אַרויסגעשיפּעט צווישן די ציין: — אויב איר וועט צונעמען בייַ מיר מייַן מיידל, וועל איך אייַך שפּאַלטן דעם קאָפּ!

— איך האָב מיט גוטיען גאָרנישט צו טאָן. איך ווין בייַ איר אין הויז, אין אַ באַזונדער קעמערל און לערן מיט איר ברודער און די ייִנגערע צוויי שוועסטער. גוטיען קען איך אַפילו ניט — האָב איך אים אַ באַליידיקטער און אַ צעשראָקענער אָפּגעוואָרפן פון זיך.

— איך בין ניט אַזאַ נאַר ווי איר מיינט. איך וועל אייַך דאָס געלט ניט געבן. מער זענט איר ניט מייַן לערער. איך פאָר סייַ־ווי דעם קומענדיקן חודש מיט מייַן ברודער קיין אַמעריקע. אויב איר ווילט געלט, שרייַבט מיר אָן אַ בריוו און איך וועל עס אייַך ברענגען אַהיים.

ער האָט אַ טראַסק געטאָן די טיר, און ר׳האָט מיר שיער ניט צעקאַליעטשעט די צווייטע באַק, און איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

דער געדאַנק, אַז איך בין צום לעצטן מאָל דאָ אין הויז, האָט מיך שטאַרק צערודערט. וואָס טוט מען? וואָלט איך געהאַט מיט זיך דאָס פלעשל שנאַפּס, וואָס כ״האָב שוין געהאַט צוגעגרייט אויפן פאַל מע וועט מיך פאַרבעטן צום מיטאָג, וואָלט איך איצט אַרייַן צו אַלכּסנדרן אין צימער און איין מאָל פאַר אַלעמאָל זיך פאַר אים אַנטפּלעקט. איך וואָלט אַראָפּגעריסן די מאַסקע פונעם באַשיידענעם לערערל און וואָלט אויסגעשריִען: דאָס בין איך, שאַנטעלעי זשאַנטען דעלאַקרואַ! דאָ שטייט ער פאַר אייַך אַ לעבעדיקער, קומט, נעמט מיך און לאָמיר פאָרן קיין אַמעריקע. אָבער אָן אַ פלעשל. ווער ווייס וויאַזוי אַלכּסנדר וועט דערויף רעאַגירן? ווער ווייס צי ער וועט מיך גאָר אַרייַנלאָזן צו זיך אין צימער?

אַ ווייַלע בין איך געשטאַנען אַ צעטומלטער: יאָ ניין, ניין יאָ, פאַרוואָס ניט? זיכער, אַוודאי!

איך האָב אויסגעגלעט די קליאַפּעס פונעם רעקל און די האָר אויפן קאָפּ און האָב אָנגעקלאַפּט בייַ אַלעקסן אין טיר.

— ווער איז דאָרטן?

איך האָב ניט געענטפערט, כ׳בין אַריַין.

אַלכּסנדר איז געשטאַנען אין רויטע שטעקשיך ביַי אַ רונדן שפּיגל אויף דער וואַנט און געצופּט די פּאַרשניצטע ברעמען זיַינע. אויף אַ טאָן, וואָס איז ניט געווען ניט פריַינדלעך און ניט אומפריַינדלעך, האָט ער אַ מורמל געטאָן:

— אָ, איר...

— אַנטשולדיקט וואָס איך באַאומרויִק איַיך. מיַין תּלמיד האָט באַדאַרפט ערגעץ אַוועק, מיך איבערגעלאָזט אַליין, אויב איר האָט קיין פּאַראיבל ניט...

— וויפל איז איצט דער זייגער? איך האָב אויך שוין באַדאַרפט זיַין אויף אַ פּלאַץ. נאָר ביז איך וועל זיך איבערטאָן... זיצט. איר ווילט אפשר אַ טרונק בראָנפן? — און ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער, האָט ער אַרויסגעראָבן פון דער קליידער־שאַפע אַ פלעשל און אָנגעגאָסן צוויי היפּשע גלעזלעך.

— איך האָב געהערט, אַז איר קלייבט זיך פאָרן קיין אַמעריקע — האָב איך אָנגעהויבן.

— מהו, — האָט אַלעקס אַראָפּגעשלונגען דעם שנאַפּס און מיט אַ נאָזטיכעלע אָפּגעווישט די ליפּן. ער האָט זיך אָנגעגאָסן אַ צווייט גלעזל און אַ ווונק געטאָן צו מיר, איך זאָל אים ניט פאַרהאַלטן.

— איך האָב געהערט, אַז איר זענט אַ באַרימטער, אַ גרויסער אַקטיאָר.

— האָב איך אַ חנפע געטאָן.

— מהו, אַזוי זאָגט מען — האָט אַלכּסנדר פאַרטרונקען מיט דעם צווייטן גלעזל. כּדי ניט אָפּצושטיין, האָב איך אַ זופּ געטאָן פון מיַין גלעזל און גענומען לעקן די אָפּגעברענטע צונג:

— איך בין ניט קיין גרויסער טרינקער, דאָס הייסט, אַמאָל, פאַר דער מלחמה, האָב איך ליב געהאַט אַ שנעפּסל, אָבער פון זינט מע קען קיין שנאַפּס ניט קריגן, האָב איך זיך אָפּגעוווינט, און איצט איז שווער זיך צוצוגעוויינען.

אַלכּסנדר האָט אַרויסגענומען אַ לעדערנעם פאָרטסיגאַר מיט אַ מאָנאָגראַם און מיר פאָרגעלייגט אַ פּאַפּיראָס.

— אַ דאַנק. איך רויכער ניט. דאָס הייסט, אַמאָל האָב איך יאָ גערויכערט, נאָר איך האָב עס אויפגעגעבן, וויַיל אין דער איצטיקער ציַיט איז שווער צו קריגן גוטע פּאַפּיראָסן... איך האָב שוין קיין פּאַפּיראָס אין מויל ניט געהאַלטן פון זינט מ׳האָט מיך אַרויסגעוואָרפן פון דער גימנאַזיע — האָב איך, דרייענדיק דעם פּאַפּיראָס צווישן די פינגער, פּרובירט אויפדראָלן אַ שמועס. אַלכּסנדר האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס און האָט ניט געפרעגט פאַרוואָס מ׳האָט מיך אַרויסגעוואָרפן פון דער גימנאַזיע. נאָך דעם ווי ער האָט צוגעטראָגן אַ ברענענדיק שוועבעלע צו מיַין ציטערדיקן פּאַפּיראָס, האָט

ער אַליין פֿאַררויכערט, פֿאַרלייגט אַ פֿוס איבער אַ פֿוס און זיך פֿאַרקוקט אויף די אַרויסגעבלאָזענע רויך־רײַפֿן.

— איך האָב אייגנטלעך, אָדער ריכטיקער געזאָגט: איך בין געווען אונטערן אײַנדרוק, אַז מע קען זיך פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע ניט אַרויסבאַקומען, אָבער איך פֿאַרשטיי, אַז אײַער פּאַפּאַ איז אַ וויכטיקע פּערזאָן בײַ די דײַטשן...

אַלכּסנדר האָט זיך פּלוצעם אין עפּעס דערמאָנט. ער איז אויפֿגעשפּרונגען און צוגעגאַנגען צום פֿענצטער. איך האָב זיך אויפֿגעשטעלט.

— זיצט, זיצט, — האָט ער מיך באַרויִקט — איך האָב בלויז געוואָלט אַ קוק טאָן צי עס רעגנט אין גאַס, צי כ'דאַרף אָנטאָן קאַלאָשן. קיין דראָשקע קען מען ניט קריגן. איך וועל דערפֿאַר גיין צופֿוס. דער טײַוול זאָל עס נעמען. די מלחמה האָט זיך מיר שוין דערעסן. עס נעמט נאָך אַלץ ניט קיין סוף.

מיט אָט די ווערטער האָט ער זיך צוריקגעזעצט, אָנגעגאָסן אַ דריט גלעזל, אויסגעצויגן די פֿיס און גענומען פּרעסן מיט די פֿינגער דעם קנייטש אויף די געשטרײַפֿטע הויזן.

— מ'האָט מיר דערציילט, אַז איר זענט פֿאַרבעטן געוואָרן ווי אַ הויפּט־אַקטיאָר פֿון אַ טרופּע אין אַמעריקע.

— נעמט, טרינקט אויס אײַער גלעזל. איך האָב ניט קיין סך צײַט.

— איך האָב אויך געהערט, אַז איר האָט בדעה מיטצונעמען אײַער ברודער.

אַלכּסנדר האָט זיך אויפֿגעשטעלט און גענומען זוכן איבערן צימער אַן אַש־בעכער. איך האָב גיך אַ כליאָבע געטאָן דעם שנאַפּס פֿון מײַן גלעזל און בין זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ לאַנגן הוסט.

— אַנטשולדיקט — האָב איך געזאָגט מיט אַ רחמנותדיק קול. — איך האָב שוין ניט געטרונקען קיין שנאַפּס פֿון זינט איך בין פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן, זינט איך האָב באַקומען אָט די ווונד...

— שנאַפּס קען קיינמאָל ניט שאַטן צו אַ ווונד. ווען איך האָב אַמאָל ציין־ווייטיק, פֿאַרטויב איך זיי מיט שנאַפּס — האָט אַלכּסנדר מיר דערקלערט מיט דער אויטאָריטעט פֿון אַ פֿאַכמאַן.

— איר זענט פֿולשטענדיק גערעכט — האָב איך געענטפֿערט און זיך אַליין אָנגעגאָסן אַ צווייט גלעזל.

אַלכּסנדר האָט צוגעטראָגן דעם אַש־בעכער צום טיש, אַ וואָרף געטאָן זײַן פֿערט גלעזל אין דעם פֿונאַנדערגעריסענעם מויל און אַראָפּגעקוקט אויפֿן ברייטן שלייף אונטער דער מאָרדע:

— אָ, דער טײַוול זאָל עס נעמען — האָט ער זיך אויסגעזידלט — באַשפּריצט מײַן בעסטן קראַוואַט.

ער האָט דעליקאַט באַנעצט מיט דער צונג זײַן קליין פֿינגערל, איז צו צום

שפּיגל און געפּרוּווט אָפּרײַבן דעם פלעק. פּלוצעם האָט ער באַמערקט אויף דער ברעם אַן איבעריקע האָר און האָט זי געפּרוּווט אַרויסציִען מיט זײַנע לאַנגע, פּאָלירטע נעגל.

— איר מוזט מסתּמא ניט וויסן, אַז אויך איך האָב שטאַרק חשק צו פאָרן קיין אַמעריקע — האָב איך גערעדט צום פּנים אין שפּיגל.

— פון וואַנען זאָלט איר וויסן? איר קענט מיך ניט. פון אַ צווייטער זײַט, ווייס איך ניט וואָס איך וואָלט געקענט טאָן אין אַמעריקע.

— פאַרוואָס? — האָט אַלכּסנדר גערעדט אין שפּיגל אַרײַן — איר וואָלט זיך געקענט אויך אין אַמעריקע אײַנאָרדענען. מײַן מאַמאַ האָט מיר דערציילט, אַז איר זענט אַ גוטער לערער.

ער איז פּטור געוואָרן פון דער האָר אויף דער ברעם, און ווידער צו צום פּלעשל, און צום פינפטן מאָל זיך אָנגעפּילט דאָס גלעזל:

— פאַרוואָס טרינקט איר ניט?

— דער קאָפּ האָט זיך מיר אַ ביסל פאַרדרייט. די צרה איז, וואָס איך בין בעצם ניט קיין לערער — האָב איך גיך אַרײַנגעגאָסן דעם שנאַפּס אין מויל

— אײַער ברודער האָט מיר געזאָגט, אַז איר נעמט אים מיט.

— ווּהין?

— קיין אַמעוור־וויקע, כ׳מיין קיין אַמעריקע. ער זאָגט, אַז דאָרטן זײַנען פאַראַן אַ סך טעאַטערס. מע גיט דאָרט אַ סך ווילטעטיקע קאָנצערטן און מע נייטיקט זיך אין אַקטיאָור־וון — האָב איך געלעקט דעם שטיק פאַרברענטן גומען אין מײַן מויל.

— הערט זיך ניט צו וואָס ער פּלאַפּלט. ער איז אַ יִנגל, אַ סמאַרק. מאַכט דעם אָנשטעל. ער מיינט, אַז אויב ער קען נאָכקרימען זײַן מאַמען, איז ער שוין אַן אַקטיאָר און קען שוין איבערראַשן אַמעריקע.

— האָט איר געהערט ווי אײַער ברודער רעציטירט אַ זאַך מיטן נאָמען ״דער באַזיגער פון טויט״?

— דער באַזיגער פון וואָס?

— פון טוי־ט־ט.

— אָ, איר מיינט די נאַרישע מעשׂה מיטן פראַנצויזישן דאָקטער? — האָט אַלעקס אַראָפּגעוואָרפן די רויטע פּאַנטאָפל און גענומען אַרויפציִען די שיך.

— אפשר דערפאַר, ווײַל איר האָט די רעציטאַציע געהערט פון אײַער ברודער, האָט איר אַ פאַלשע מיינונג...

— ס׳איז אַן עקלדיקע מעשׂה!

— וואָלט איר געוועזן דערקעגן איך זאָל זי פאַר אײַך רעציטירן?

— איר ווילט מיר זאָגן, אַז מײַן ברודער האָט אײַך שוין אויך פאַרדרייט דעם קאָפּ? ס׳איז דער אַלטער וויץ מיט דעם ייִד און דעם גלח. אַנשטאָט איר זאָלט אים מאַכן פאַר אַ מענטש, האָט ער אײַך שוין געמאַכט פאַר אַן

אַקטיאָר.

— קיין אַקטיאָר בין איך ניט, אָבער אויב איר פּאָרט קיין אַמעריקע...

— איך פאַרשטיי ניט, איר מיינט צו זאָגן, אַז איר ווילט מיט דער דאָזיקער אידיאָטישער מעשה פאָרן קיין אַמעריקע?

— איך וויל זי פּאָרלייענען פאַר אײַך.

— צו וואָס? איך האָב איצט ניט קיין צײַט. אפשר אַן אַנדערש מאָל, נעמט טרינקט אויס אײַער גלעזל. בײַ אַ צווייטער געלעגנהייט וועל איך זײַן אַ בעלן אויסצוהערן ווי איר רעציטירט די דאָזיקע פּאַסקודסטווע.

מיט גרויס מי האָב איך זיך אָפּגעריסן פון שטול, זיך אַ וואַקל געטאָן אויף אַ זײַט, ווי איין פוס וואָלט בײַ מיר פּלוצעם קירצער געוואָרן, און מיט אַן אומנאַטירלעך קול אויסגעשריִען: "דער באַזיגער פון טויט!"

— ניט איצט, ניט איצט!

— "דער באַזיגער פון טויט" — האָב איך מיט אַ פּאַרייִאושטער אײַנגעשפּאַרטקייט אַנאָנסירט.

אַלכּסנדר האָט מיט אַ רעזיגנירטן שמייכל אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויף דער שטול, זיך אָנגעשפּאַרט מיט איין האַנט אין קני און מיט דער צווייטער געצערטלט דאָס גלעזל:

— איך האָב באמת ניט קיין צײַט, אָבער...

אין דעם מאָמענט האָט זיך דער פּודל צעבילט.

— נו, דאָס מוז שוין זײַן אײַער תּלמיד, אַנטשולדיקט, איך וועל בלויז עפענען די טיר.

אַלכּסנדר איז צוריקגעקומען:

— דאָס איז מײַן מאַמאַ. טרינקט אויס אײַער גלעזל, איך וויל ניט די מאַמאַ זאָל אונדז דאָ זען טרינקען. זי איז זייער שטשעפּעטילנע אין די זאַכן.

ער האָט אויף גיך געגומען אָפּרוימען דאָס טישל. איך האָב אויסגעליידיקט מײַן גלעזל און, האַלטנדיק זיך אין ווענטל פון שטול, אָנגעהויבן די רעציטאַציע. אָבער נאָך די ערשטע פּאָר ווערטער האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און גענומען בלאָנדזשען מיט די אויגן פון איין ווינקל אין צווייטן. איך האָב געוווּסט, אַז איך בין שיכּור, און דעריבער זע איך צוויי ברידער מיט צוויי פלעשלעך אין די הענט. די צרה איז געווען, וואָס איך האָב ניט געקענט באַשטימען ווער פון די צוויי ס'איז דער אמתער אַלכּסנדר, און אין וועלכער זײַט איך דאַרף זיך ווענדן מיט מײַן רעציטאַציע.

— אַנטשולדיקט, איר וועט מיר דערלויבן אָנצוהייבן פון אָנהייב, איך וועל עס מאַכן גיך, עס וועט לאַנג ניט נעמען.

— נו, גוט. הייבט אָן פון אָנהייב, ווײַל איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס איר האָט געזאָגט.

כּדי זיך בעסער צו קאָנצענטרירן, האָב איך אויסגעמיטן די צוויי אַלכּסנדרס און גערעדט צו דער וואַנט, ווו איך האָב באַלד, ווי יענער פּערסישער קעניג, דערזען אַן אויפשריפט מיט ברענענדיקע ווערטער: מאַך עס בקיצור! אַלכּסנדר האָט שוין אָנגעטאָן די שיך! די מאַמאַ וועט דיך באַלד אַרויסוואַרפן! דער הונט וועט דיך צערייַסן!

איך האָב אין איַילעניש גלייַך אַ כאַפּ געטאָן דעם פראַנצויזישן דאָקטער, אים אַרייַנגעוואָרפן אין טורמע, אין עטלעכע ווערטער אים צוריק אַרויסגענומען, אַוועקגעפירט צום עשאַפאָט, אַראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, און אין זעלביקן אָטעם זיך גענומען בעטן:

— ניין, ניין, דאָס איז ניט אַזוי, איך האָב איבערגעהיפּערט, איך האָב ניט דערציילט, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ ליליפּוט, נאָך דעם ווי מע האָט אים געכאַפּט און פאַרשפּאַרט אין אַן אָפּטרעט אויף גאַנצע צען יאָר, ווייַל מ׳האָט אים חושד געווען, אַז ער איז אַ לאַמפּעדוסער... לאָזט מיך אָנהייבן פון אָנהייב!

איך האָב זיך ראַפּטעם אַרייַנגעוואָרפן אין אַ ווינקל און גענומען ברעכן.

— אָ, דאָס איז מיאוס — האָט אַלכּסנדר מיך אַרומגענומען — פון אַ פּאָר גלעזלעך זענט איר שיכּור און איר ווילט נאָך ווערן אַן אַקטיאָר און פאָרן קיין אַמעריקע? נאַט, נעמט דעם טוך, ווישט אויס די פּאַדלאָגע, די מאַמאַ זאָל אייַך ניט טרעפן אין אַזאַ מצב. זי וועט מאַכן אַ סקאַנדאַל, אַז איך האָב אָנגעשיכּורט איר באַליבטן לערער. גייט בעסער אַהיים, קומט, איך וועל אייַך אַרויספירן קיינער זאָל ניט באַמערקן.

— דער באַזיגער פון טויט! — האָב איך אַ שלוקערץ געטאָן.

— ניין, גענוג, גענוג — האָט אַלכּסנדר מיך גענומען שטופּן צו דער טיר. — איך וואָלט אייַך ניט געראַטן צו פאָרן דערמיט קיין אַמעריקע, נאָר אויב איר וועט אַמאָל יאָ קומען קיין אַמעריקע, זוכט מיך אָפּ, וועלן מיר דאָרטן אַ ריכטיקן זופּ טאָן.

— איך בעט אייַך, דערציילט עס ניט אייַער ברודער. דערציילט עס ניט אין אַמעריקע. — האָב איך זיך געבעטן שוין הינטער דער פאַרמאַכטער טיר.

# כ"ח

אויפֿן וועג צום בית־עולם האָבן זיך אויף שוואַכע, שיכּורע פֿיס געשלעפּט אַ שמוגלער און אַ לערער. זיי האָבן זיך איינער דעם אַנדערן אונטערגעהאַלטן און אין דער זעלבער צײַט איינער דעם אַנדערן מוראדיק געזידלט:

— אַ ניכפּה זאָל דיך כאַפּן, פֿאַרברענט זאָלסטו ווערן. פֿאַרוואָס האָסטו מיך ניט געלאָזט רעציטירן?

— איך האָב געזען אַז דו ביסט שיכּור, האָב איך דיר געוואָלט העלפֿן.

— מילא, אַמעריקע, אין דר׳ערד אַרײַן. אַמעריקע האָסטו פֿאַרטאַכלעוועט, אָבער ווי וועסטו זיך איצט ווײַזן אויפֿן בית־עולם צווישן די "פּגרים", און דער עיקר פֿאַר גוטיען?

— גוטיען לאָז צו רו.

— פֿאַרוואָס־זשע האָסטו טאַקע ניט דערלאָזט, אַז אָסיק זאָל זיך טרעפֿן מיט גוטיען? זאָל דאָס מיינען, אַז דו האָסט טאַקע אין דער אמתן זי געוואָלט צונעמען פֿאַר זיך?

— אפֿשר האָב איך געוואָלט, און אפֿשר ניט.

— דאָס איז אַ גראָבקייט!

— איך האָב קיין שלעכטס ניט געמיינט.

— אָבער האָסט זיך געפֿירט ווי אַ פֿאַרך.

— איך בין ניט שולדיק — האָט זיך דער לערער צעוויינט. — יעדעס מאָל ווען איך בין געקומען צו גוטיען און איר איבערגעגעבן מײַנע שמועסן מיט אָסיקן, האָט זי זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף מיר און געכאַפּט מיך קושן.

— ווײַל דו האָסט איר מיט צוגעפּוצטע ווערטער געזאָגט, אַז ער וועט זי מיטנעמען קיין אַמעריקע. דו האָסט געוואָלט צונעמען די געליבטע בײַ דײַן פֿרײַנד, וואָס האָט דיך אַרײַנגענומען אין זײַן הויז, דיך באַזאָרגט מיט דאָקומענטן, און דערצו נאָך מיט אַ גוטער פּרנסה.

— איך האָב זי ניט געוואָלט צונעמען, איך האָב געוואָלט זי זאָל מיך מיטנעמען!

— וווּהין?

— קיין אַמעריקע.

— וואָס אַמעריקע, וועגער אַמעריקע? ס׳איז גאָר ניטאָ אַזאַ זאַך ווי אַמעריקע.

— ס׳איז דאָ. ס׳איז דאָ. מײַן טאַטע איז דאָרטן געווען. באַרוועס זון

האָט זיך געשווירן, אַז אַלע מאַרק־מענטשן וועלן אַמאָל זײַן דאָרטן. מײַן מאַמע האָט מיך אין קינדער־בעטל פֿאַרוויגט מיט אַ ליד וועגן אַ בריוול פֿון אַמעריקע. איך האָב געוואָלט זיך אַרויסרײַסן פֿון דער מלחמה, פֿון בית־עולם, פֿון די שמוגלערס...

— ווייסטו דען ניט אַז אין אַמעריקע איז אויך מלחמה? אויך דאָרט איז פֿאַראַן אַ בית־עולם. טאָ צוליב וואָס האָסטו גוטיען גענאַרט?

— אָבער דו האָסט דאָך געוווּסט, אַז זי מיינט ניט דיך, אַז זי קושט אָסיקס נאָמען אויף דײַנע ליפּן. דו האָסט זי געוואָלט פֿאַרגוואַלדיקן מיט דײַנע שיינע רייד, זי צובינדן צו דיר, זי זאָל אָן דיר ניט פֿאָרן.

— ווער ווייס, אפֿשר האָב איך עס טאַקע אַזוי געמיינט? אפֿשר בין איך טאַקע אַ פֿאַרך?

—איצט, אַז גוטיע וועט זיך דערוויסן, וועט זי דיך פּײַנט קריגן מיט דער גרעסטער שינאה און וועט פֿאַר יעדן אויסגענאַרטן קוש שיקן אַ קללה אויף דײַן קאָפּ.

— גענוג! גענוג צו שטראָפֿן אַ געשטראָפֿטן! לאָז מיך אַליין אין מײַן פּײַן, די פּײַן צו זײַן אַ פֿאַרך און צו וויסן דערפֿון!

— דו מיאוסער שיכּור!

— לאָז מיך אָפּ, אַכזריותדיקער שמוגלער!

— דער באַזיגער פֿון טויט — כאַ־כאַ־כאַ!

— דער טויטער זיגער, כאַ־כאַ־כאַ!... — זיי האָבן זיך ביידע אָנגעשפּאַרט אין אַ וואַנט און אויסגעבראָכן גרינע גאַל.

גוטיאַ איז שוין געשטאַנען בײַם שוועל און, ווי געוויינטלעך, אומגעדולדיק געוואַרט איך זאָל שוין קומען פֿון דער לעקציע און איר איבערגעבן אַ גענויעם ראַפּאָרט, ווי ווײַט זי איז שוין אויפֿן וועג קיין אַמעריקע. אָבער איך האָב זיך אין יענער נאַכט ניט באַוויזן. איך בין אַוועק מיט די צוויי שיכּורים, דעם לערער און דעם שמוגלער, הינטערן בית־עולם, צוזאַמען מיט זיי זיך אויסגעצויגן אויף דער באַנק בײַם פֿאַרקן און דאָרטן איבערגעשלאָפֿן די נאַכט.

צומאָרגנס האָב איך געשיקט אַ צעטל צו אָסיקן און געפֿאָדערט ער זאָל מיר ברענגען די פֿינף מאַרק. אָסיק האָט געבראַכט דאָס געלט און זיך געטראָפֿן מיט גוטיען.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער געהאַט אַן ערנסטן שמועס מיטן חזן. ער האָט אים דערקלערט, אַז ער איז שטאַרק פֿאַרליבט אין זײַן טאָכטער, אַז ער איז נאָך אַ ביסל צו יונג צו גיין צו דער חופּה, אָבער ער וועט אינגיכן פֿאָרן מיט זײַן ברודער קיין אַמעריקע, און אַז ער וועט זיך דאָרטן אײַנאָרדענען און ווערן זעלבשטענדיק, וועט ער אַריבערברענגען גוטיען צו זיך און מיט

איר חתונה האָבן.

איטשע דער קאַלטער האָט פון שימחה זיך אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט געקראָגן היץ און זיך געמוזט אַריינלייגן אויף אַ גאַנצער וואָך אין בעט. ווען ער איז געקומען צו זיך — האָט ער אין איינעם אַ טאָג, בעת דער בוכהאַלטער האָט איינגעטיילט די ״פּגרים״, געמאָלדן דער באַנדע, אַז אַ גרויס גליק האָט אים געטראָפן, און דעריבער גיט ער אָפּ זיין חלק פון דער גאַנצער וואָך, מ׳זאָל דערפון מאַכן אַ סעודה פאַר דער גאַנצער חברה ביי אים אינדערהיים. וואָס דאָס גליק איז, קען ער ניט אויסזאָגן, נאָר זיי וועלן, אם ירצה השם, וויסן אין אַ יאָר אַרום.

ס׳איז געווען אַן אמתע שימחה, ווי אין די אַמאָליקע גוטע פאַרמלחמה־יאָרן, מיט געהאַקטער לעבער, געפילטע פיש, וויין און בראָנפן. אויף דער שימחה האָט דער חזן, שוין גוט אונטערן גלעזל, זיך צעזונגען מיט זיין לאַנגיעריקן אל מלא רחמים אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן, ווי דאָס וואָלט געווען אַן אמתדיק ליבע־געזאַנג.

דער באַנדע האָט מען, פאַרשטייט זיך, קיין פינגער אין מויל ניט געדאַרפט אַריינלייגן. נאָר איידער מ׳האָט זיך געזעצט צום טיש, האָבן זיי שוין געוווסט אין וואָס דאָס גליק איז באַשטאַנען. זיי האָבן געהערט, אַז דער בחור איז אַ זעלטענע שיינקייט, ממש אַ מלאך פון הימל, אָבער ניט דער מלאך און ניט די מלאכטע זיינען געווען ביים טיש. ס׳איז געווען קלאָר, אַז מ׳האָט זיי בכיוון ניט געוואָלט צונויפפירן מיט דער דאָזיקער באַנדע.

די שמוגלערס האָבן זיך געפילט געטראָפן. סטייטש, מע שעמט זיך מיט אונדז? ווען ניט די ביטערע צייטן, וואָלטן זיי דען אַמאָל געקומען אַהער? סיידן ווען מ׳ברענגט זיי אין קאַסטן. זיי האָבן פון באַליידיקונג זיך געשטיקט מיטן ביסן. אַלע צוויי־און־צוואַנציק זיינען אַמאָל געווען שיינע בעלי־בתים. און אויב גאָט האָט זיי געשטראָפט און איינגעבראָכן זייער שטאָלץ, האָט עס ניט געמינערט זייער בטחון, אַז גאָט גרייט שטענדיק צו די רפואה פאַר דער מכה און די שטראָף פאַר דער עוולה. עס וועט קומען אַ צייט, ווען איטשע וועט זיי בעטן זיי זאָלן קומען אויף דער חתונה, נאָר דעמאָלט וועלן זיי ניט קומען, סיידן מע וועט זיי פירן אין קייטן.

זיי זיינען געווען גערעכט. אין עטלעכע טעג אַרום, ווען זיי האָבן געהאַלטן אין אויסרעכענען זיך מיטן בוכהאַלטער, האָט זיך די טיר אין קעלער געעפנט און ס׳זיינען אַריינגעקומען גאַנצע פינף בלויע פּעלערינעס. מ׳האָט די גאַנצע באַנדע אַרויסגעפירט אין הויף, ווו ס׳זיינען שוין געשטאַנען איטשע מיט זיין ווייב און קינדער, צווישן זיי גוטיאַ מיט איר חתן־בחור — אַלע אַרומגערינגלט מיט אַנדערע פינף פּעלערינעס. די גאַנצע כאַליאַסטרע, מיטן חתן און מיטן בוכהאַלטער אַריינגערעכנט, האָט מען נאָך אין זעלביקן אָוונט פאַרשפּאַרט אין דער גרויסער טורמע, אויף אַנטאָקאָל נומער 10.

# ב"ט

פאַר דער ציַיט וואָס איך בין געווען מיט די שמוגלערס האָב איך זיך צוגעוווינט שלאָפן שטייענדיק אין אַ ווינקל, ווי אַ פערד, אָדער זיצנדיק אויף אַ פּאַרקן ווי אַ הון. אַז מיר פלעגט שוין אויסקומען אַמאָל צו ליגן אין אַ בעט, ווי אַ מענטש, פלעג איך זיך וואַרפן פון זיַיט אויף זיַיט און זיך ניט קענען אָפּריַיסן פון דעם פאַרגאַנגענעם טאָג. אָבער ווי נאָר די איַיזערנע טויערן פון דער תּפיסה האָבן זיך פאַרמאַכט, האָב איך זיך אויסגעצויגן אויף דער שטיינערנער פּאַדלאָגע, פאַרנורעט דעם קאָפּ אין דעם טוכלען שטרוי און בין תּיכּף איַינשלאָפן.

נאָך לאַנגע חדשים פון כּסדרדיקער מורא און אָנגעשטרענגטער וואַכזאַמקייט, האָבן אויך אַלע אַנדערע אין דער אַרעסטירטער כאַליאַסטרע פּלוצעם דערפילט אַ זיכערקייט און באַשיצטקייט הינטער די איַיזערנע טויערן און שטיינערנע ווענט, און זיַינען רויִק איַינגעשלאָפן.

צו אונדזער איבערראַשונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דיַיטשן זיַינען אין דער תּפיסה אַ סך מענטשלעכער ווי אויף דער פריַי. אמת, אין די ערשטע פּאָר טעג איז דאָס עסן געווען שוידערלעך. נאָר פּלוצעם, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, ווען די אַרעסטירטע האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי מיט די שיסלען אין די הענט ביַים צעבער מיט דער באַרימטער "קאַפע", האָט מען צו דער געוויינטלעכער פּאָרציע קויטיק וואַסער צוגעגעבן יעדן איינעם אַ הויפן ביסקוויטן און אַ קליין פּעקעלע מאַרמעלאַד. אייניקע האָבן עס מורא געהאַט אַריַינצונעמען אין מויל, וויַיל זיי זיַינען געווען זיכער, אַז מ'האָט אין די מתּנות אַריַינגעטאָן סם. אַנדערע ווידער האָבן דעם כּיבּוד דערקלערט דערמיט, וואָס לויט דער איַינגעשטעלטער פירונג אין דער תּפיסה, גיט מען איטלעכן פאַרברעכער, איידער מע הענגט אים, איין מאָל גוט אָפּצועסן.

אָבער ס'איז געווען ניט איין מאָל, נאָר דריַי מאָל אין טאָג, און ניט איין טאָג, נאָר אַלע טעג, און מיט יעדן טאָג עטלעכע ביסקוויטלעך מער.

וואָס קען דאָס זיַין? — האָבן די אַרעסטאַנטן זיך געחידושט. אַרעסטאַנטן קאָרמעט מען ניט מיט קיין מאַרמעלאַד, בפרט ביַי די דיַיטשן. דאָ מוז עפּעס זיַין. און זיי זיַינען געווען גערעכט. אין דער ציַיט וואָס מיר זיַינען געלעגן פאַרשפּאַרט, האָבן אין שטאָט פּאַסירט עטלעכע אויסערגעוויינטלעכע ענינים.

אָנגעהויבן האָט עס זיך אין אַ רעגנדיקן פרימאָרגן, ווען מענטשן אויף דער מאַרקגאַס האָבן דערזען היפּשע קאָלאָנעס דיַיטשן אָנקומען פון דאָרטן ווו

די רוסן זײַנען אַמאָל אָפּגעטראָטן. דאָס מאָל האָבן זיי מאַרשירט אָן פּײַפֿלעך, ניט געוואָרפֿן די פּיס אין דער לופֿט, ניט געטיילט קיין באָמבאָנעס די קינדער וואָס זײַנען זיי נאָכגעלאָפֿן. זיי האָבן אומעטיק מאַרשירט, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, און ניט צום פֿראָנט, ניט צו דער זווערינעצער בריק, נאָר צו דער אַנטאָקאָלער פֿאָרשטאָט, ניט אין דער ריכטונג קיין מינסק, נאָר קיין בערלין.

וואָס זאָל דאָס באַטײַטן? גייען זיי אַהיים? האָט זיך די מלחמה פֿאַרענדיקט? איז עס דער טאָג, דער לאַנג־געהאָפֿטער, ווען שלום וועט קומען אויף דער וועלט?

ניין, עס קען ניט זײַן, וואָרעם אין פֿיבער פֿון זייער צוויי־יאָריקן הונגער, האָבן די מענטשן זיך אויסגעחלומט אַן אַנדער בילד וועגן אָט דעם געבענטשטן טאָג. עס האָבן אים פֿרי באַגינען געדאַרפֿט אָנזאָגן שופֿרות און טראָמפּייטן. ער האָט געדאַרפֿט אָנקומען, יענער טאָג, מיט אַ זוניקער פּראַכט און זיך פֿאַרהאַלטן אין שטאָט אַ גאַנצע וואָך, ווי אין די תּנכישע צײַטן, ווען יהושע האָט באַפֿוילן דער זון זי זאָל בלײַבן שטיין און די לבֿנה זאָל זיך פֿון אָרט ניט רירן. אין יענעם טאָג וועלן די שענסטע בתולות פֿון שטאָט, אין ווײַסע העמדער מיט גירלאַנדעס אויף די קעפּ, זיך אַרויסלאָזן אין אַ טאַנץ איבער די גאַסן. אויף דער גאַנצער לענג פֿון מאַרקפּלאַץ וועלן אויפֿגעשטעלט ווערן גרויסע טישן מיט ווײַסע טישטעכער און אויף זיי גרויסע פֿלעשער נײַנציקער שנאַפּס. אין דער זעלביקער צײַט וועלן זיך הינטער דער שטאָט פֿאַרזאַמלען די רוסן, דײַטשן, פֿראַנצויזן, טערקן און די איבעריקע פֿעלקער, אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די פֿאַרפּולווערטע שינעלן, אַרײַנוואַרפֿן זיי אין אַ גרויסן פֿײַער אינאיינעם מיט די ביקסן, שווערדן און האַרמאַטן, און האַלטנדיק איינער דעם אַנדערן אונטערן אָרעם, דורכטאַנצן די שטאָט אין אַ ריקודל, אַרויפֿטאַנצן אויפֿן מאַרק, און זיך דאָרט אויסזעצן בײַ די רײַך־געדעקטע טישן. און כאָטש די שימחה וועט זײַן אַן אינטערנאַציאָנאַלע, וועלן די מאכלים זײַן דורכאויס ייִדישע: געהאַקטע לעבער, געפֿילטע פֿיש, זופּ מיט קרעפּלעך, פֿלוימען־צימעס, לאָקשן־טייגעכץ, ראָזשינקע־שטרודל, מערן־צימעס, טשאָלנט און געפֿילטע קישקע.

דער טאָג איז אָבער געקומען אָן טראָמפּייטן, אָן געדעקטע טישן. דער הימל איז געווען פֿאַרכמורעט, ס'האָט געגאָסן אַ ברודנער, אומעטיקער רעגן, ניט קיין זון, ניט קיין לבֿנה, נאָר אַ גרויע נאַסע פּוסטקייט צווישן טאָג און נאַכט.

די דײַטשן זײַנען געגאַנגען אַהיים און נאָכגעשלעפּט הינטער זיך גרויסע אָנגעלאָדענע וועגענער. די מאַרקמענטשן האָבן דערקענט זייערע זאַכן אין די וועגענער, דער — זײַן בעט, זײַן קאָלדרע, דער — זײַנע לײַכטער, זײַן סאַמאָוואַר. די שטאָלצע זיגערס זײַנען אַוועק ווי נישטיקע גנבֿים,

איבערגעלאָזט די פּאַרמאַטערטע, אויסגעליידיקטע שטאָט אויף הפקר.

טאָ גייט, גייט! איר זאָלט די פּיס צעברעכן און די קוליעס פּאַרלירן, און אָנקומען קיין בערלין שאַרנדיק זיך אויפן הינטן. די צינגער זאָלן בײַ אײַך ווערן גרעסער ווי דאָס מויל. הינעראויגן זאָלן אײַך וואַקסן אויף דער נאָז און מערידן אויף די ליפּן...

מיט אָט די שטילע, אויפריכטיקע ווונטשן האָבן די מאַרקמענטשן אַרויסבאַגלייט די דײַטשן, און ווען דער לעצטער וואָגן איז אַרויס פון שטאָט, האָבן זיי אָנגעהויבן ריידן הויך און העכער, ווי טויבע וואָלטן גערעדט צו טויבע. זיי האָבן געזאָגט, אַז די מלחמה האָט זיך געענדיקט און זי הייבט זיך אָן פון דאָס נײַ; די דײַטשן האָבן פאַרשפּילט און די רוסן האָבן אויך פאַרשפּילט; די צעיושעטע דײַטשן האָבן אין זייער אַנטוישונג אַראָפּגעריסן די פאַרדרייטע וואָנצעס פון זייער קיסר ווילהעלם; די רוסן האָבן געטאָן נאָך מער: זיי האָבן אַראָפּגעריסן בײַ זייער צאַר דאָס אויסגעגאָליעטע בערדל אינאיינעם מיטן קאָפּ; דײַטשלאַנד איז צוזאַמענגעבראָכן און רוסלאַנד איז זיך צעפאַלן אויף שטיקלעך...

די וואָס האָבן גערעדט, האָבן אויסגעזען ווי משוגעים, און די וואָס האָבן זיך צוגעהערט, זײַנען שיִער ניט אַראָפּ פון זינען. ווער האָט עס געקענט באַנעמען?



די לעצטע דײַטשן זײַנען אַרויס פון שטאָט און ס׳איז געוואָרן אַ בהלה, אַ כאַפּעריַי. אַ שטאָט אויף הפקר, ווער איז ניט קיין בעלן צו כאַפּן?

אָבער ווי קאָן מען אַרײַנלייגן אַ גאַנצע שטאָט אין קעשענע? עס האָבן זיך גלײַך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פאַרשיידענע גרופּעס, אויף יעדער גאַס אַן אַנדערע גרופּע. פּאָליאַקן אויף איין גאַס, ליטווינער אויף אַ צווייטער.

די מער אָנגעזעענע בעלי־בתּים זײַנען געלאָפן פאַרכאַפּן דעם בנין פון שטאָטראַט. די פּאָליאַקן האָבן געבראַכט אַלע דאָקומענטן, געחתמעטע פון דעם קעניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן, אַז די שטאָט געהערט צו זיי; די ליטווינער האָבן געבראַכט אַן אַלטן פּאַרמעט, געחתמעט פון קעניג יאַגעלאָ, אַז די שטאָט געהערט צו זיי; די אוקראַיִנער האָבן געפאָדערט בלויז צוויי דריטל פון דער שטאָט און די ווײַסרוסן זײַנען געגאַנגען אויף אַ העלפט. צוערשט האָט מען זיך געאַמפּערט אויף אַ דעליקאַטן אופן, דערנאָך האָט מען זיך גענומען זידלען, און צום סוף איז מען אַריבער צו פּעטש און גענומען ברעכן שטולן איבער די קעפּ.

אונטער די דײַטשן איז די שטאָט געווען אַ בית־עולם, שאַ־שטיל. איצט, ווען די דײַטשן זײַנען אַוועק, זײַנען די מתים אַרויס פון די קברים און האָבן זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ קריגערײַ: וועמען געהערט דער בית־עולם?

די צעטומלטע באַפעלקערונג אין אַרומגעלאָפן פון גאַס צו גאַס, זען וואָס עס טוט זיך. כּדי מ׳זאָל קיין טעות ניט מאַכן, האָבן די פּאָליאַקן אָנגעטאָן ווײַסע נאָזטיכלעך אויף די אַרבל, און די ליטווינער — גרינע פּאַטשיילעס אויף די העלדזער. די פּאָליאַקן האָבן זיך געבעטן בײַם המון ער זאָל זיך פּאַראייניקן מיט זיי און שרײַען "הוראַ!" אויף פּויליש. די ליטווינער — אויף ליטוויש. דער צעדולטער עולם האָט געשריִען אויף אַלע לשונות.

פּלוצעם האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג וועגן אַ נײַער גרופּע, גאָר אַ קליינע, אינגאַנצן אַכט מענטשן וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אויף דער ברייטער־גאַס, נעבן בנין פון די אײַזנבאַנער.

— ווער זײַנען זיי?

— וואָס ווילן זיי?

— וואָס טראָגן זיי, נאָזטיכלעך צי פּאַטשיילעס?

— רויטע בענדלעך!

— וואָס זאָגן זיי?

— אַז די שטאָט געהערט ניט צו קיינעם.

— סטייַטש?!

— ס׳איז גאָרניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ שטאָט, און עס קאָן ניט זײַן קיין בעל־הבית איבער אַ זאַך, וואָס איז ניט פאַראַן.

— סטייַטש, ווי קאָן עס געמאָלט ווערן, אַז אַ שטאָט זאָל ניט געהערן צו קיינעם? משוגעים!

כּמעט איטלעכער האָט געוווסט וועגן דעם שפּיצל, וואָס די דײַטשן האָבן אָפּגעטאָן איידער זיי זײַנען אַרויס פון שטאָט: זיי האָבן געעפנט די טירן פון די טורמעס און אַרויסגעלאָזט אַלע פאַרברעכערס. דאָס זעלביקע האָבן זיי אויך געטאָן מיטן גרויסן משוגעים־הויז. נאָר דאָס וואָס די מאַרק־מענטשן האָבן אַצינד געהערט, איז שוין געווען מער ווי משוגעת.

— היות ווי ס׳איז ניט פאַראַן קיין פּוילישע שטאָט, קיין ייִדישע שטאָט, קיין טאָטערישע שטאָט — מעלדן מיר, אַז די שטאָט געהערט קיינעם ניט. יעדע גאַס געהערט צו די וואָס וווינען אויף איר — האָט איין רעדנער געטענהט.

אַ צווייטער רעדנער האָט באַלד אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן טיש אַ קאַסטן מיט געווער און געהייסן דעם עולם ער זאָל אָנטאָן רויטע בענדלעך אויף די אַרבל און גיין באַשיצן מיט געווער די גאַסן וואָס געהערן צו קיינעם ניט.

— ברידער, וואַרפט אַוועק דאָס געווער, — האָבן די נאָזטיכלעך זיך געבעטן בײַ די רויטע בענדלעך. — לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון די רויטע אַגענטן. איר געהערט צו אונדז. וואַרפט אַראָפּ די בענדלעך און טוט אָן נאָזטיכלעך!

דערוויַיל זיַינען אָנגעלאָפֿן פֿון די שכנותדיקע גאַסן גרינע פּאַטשיילעס און געגומען שריַיען צו די רויטע בענדלעך, אַז זיי וועלן דערפֿאַר טיַיער באַצאָלן, וואָרעם אין קאָוונע אָרגאַניזירט זיך שוין אַ ליטווישע אַרמיי, וואָס וועט אינגיכן פֿאַרנעמען די שטאָט און זיך אָפּרעכענען מיט די פֿאַררעטערס.

— אונדזער אַרמיי איז שוין אָרגאַניזירט פֿון לאַנג, און זי וועט שוין מאָרגן זיַין דאָ אין שטאָט! — האָט איינער פֿון די נאָזטיכלעך געוואַלדעוועט אויף פּויליש.

— דאָס איז אַ געמיינער ליגן — האָבן אַנדערע אַריבערגעשריִען אויף ליטוויש.

באַלד איז אויסגעבראָכן אַ ביטער געשלעג. די רויטע בענדלעך האָבן גענומען שיסן איןביידע גרופּעס. מ׳איז פֿאַרטויבט געוואָרן פֿון די געשרייען פֿון פֿאַרוווּנדיקטע.

ווען ס׳איז צוגעפֿאַלן דער אָוונט, האָבן זיך די געשלעגן און שיסעריַיען איַינגעשטילט. די בענדלעך האָבן פֿאַרטריבן די נאָזטיכלעך און די פּאַטשיילעס און ס׳איז געבליבן ווי די אַכט רעדנערס האָבן צוגעזאָגט: אַ פֿריַיע שטאָט, וואָס געהערט קיינעם ניט.

צומאָרגנס זיַינען עטלעכע פֿאַרהונגערטע וויַיבער געלאָפֿן אויפֿן מאַרק צום גרויסן מיסטקאַסטן זען, צי די דיַיטשן האָבן דאָרט ניט איבערגעלאָזט אַ סקאָרינקע ברויט. נאָר זיי זיַינען באַלד געלאָפֿן צוריק, וועקן די שכנים און זיי וואָרענען: מ׳זאָל באַלד אָנטאָן וויַיסע שמאַטקעס אויף די אַרבל, וואָרעם אויפֿן מאַרקפּלאַץ שטייט אַ גאַנצער עסקאַדראָן פֿון פּוילישן מיליטער.

ווו, פֿון וואַנען נעמט זיך פּויליש מיליטער? ווען איז פּוילן געווען אַ מלוכה מיט אַן אַרמיי? צוערשט האָט מען ניט געוואָלט גלייבן. נאָר באַלד האָבן טאַקע אַלע געזען דעם עסקאַדראָן, ניט קיין גרויסער, אינגאַנצן עטלעכע צענדליק קאַוואַלעריסטן, אָבער מיט אַ גרויסער פֿאָן, אויף וועלכער ס׳האָט געפֿלאַטערט אַ וויַיסער אָדלער. אין פֿראָנט האָבן אויף גלאַנציקע פֿערד אַרומגעטענצלט עטלעכע אָפֿיצירן, אויסגעפּוצטע אין בלישטשענדיקע שטיוול מיט זילבער־געפֿלאָכטענע עפּאָלעטן, און אויף די קעפּ — פּירקאַנטיקע היטלעך מיט פֿאַרזילבערטע קאָזוראָקעס.

פֿון אַלע גאַסן זיַינען געלאָפֿן ווילד־צעטומלטע מענטשן, זען וואָס מע דאַרף אָנטאָן: בענדלעך, פּאַטשיילעס, אָדער נאָזטיכלעך.

די אַכט מענער מיט רויטע בענדלעך זיַינען געשטאַנען אין די אָפֿענע פֿענצטער פֿון אַ דריַי־שטאָקיקן בנין, באַוואָפֿנטע מיט ביקסן און גראַנאַטן. דער הויפּט־אָפֿיצער פֿון דעם עסקאַדראָן איז צוגעגאַנגען נענטער און געפֿאָדערט זיי זאָלן אַראָפּוואַרפֿן די בענדלעך פֿון די אַרבל און זיך צעגיין. דערויף איז באַלד געקומען אַן ענטפֿער:

— ווער ס׳וועט זיך וואַגן צו מאַכן נאָך איין טראָט, וועט דערשאָסן ווערן!

— שוויַיג, דו פּאַרכעוואַטער זשיד — האָט דער אָפיציר אַרויפגעשריִען צום אָפענעם פענצטער און זיך געוואָנדן צום עולם אין גאַס: — איך ווייס, אַז צווישן אײַך געפינען זיך אַ פּאָר פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון דעם רוסישן אַגענט מאיר שמולעוויטש. ווענד איך זיך דעריבער קודם צו מײַנע ברידער, זיי זאָלן זיך אָפּטרייסלען פון דעם פאַררעטער און אַריבערגיין אויף אונדזער זײַט, ווי ערלעכע פּאָליאַקן. — און נאָך אַ רגע פון טויטער שטילקייט האָט ער ממשיך געווען: — פּוילן איז אויפגעשטאַנען, קוקט אויף אײַערע אויפגעלעבטע ברידער! ווער פון אײַך ווערט דערלויבן, אַז דער ווײַסער אָדלער זאָל דאָרט צעשאָסן ווערן פון עפּעס איינעם אַ מאיר שמולעוויטש? הונדערטער יאָרן זײַנען מיר געלעגן אונטער דעם עול פון די שמולעוויטשעס. זיי האָבן אונדזער בלוט געצאַפּט, געקוילעט אונדזערע קינדער אויף פּסח. טרייסלט זיך אָפּ פון די דאָזיקע ייִדישע ווערעם, די שמולעוויטשעס, קומט און שטעלט זיך אונטער דעם ווײַסן אָדלער. ברידער פּאָליאַקן, איך גיב אײַך פינף מינוט...

איינער פון דעם אַרומיקן עולם אין גאַס האָט זיך אײַנגעבויגן. ס'קאָן זײַן, אַז עס איז אים אַראָפּגעפאַלן דאָס בענדל, צי דאָס נאָזטיכל, צי די פּאַטשיילע, און ער האָט דאָס געוואָלט אויפהייבן. אָבער אין דער זעלביקער רגע איז אים אַרײַן אַ קויל אין רוקן און ער איז שוין געבליבן ליגן אין רינשטאָק. דער צעמישטער עולם האָט גענומען שרײַען: הוראַ! די פערד פון עסקאַדראָן האָבן זיך אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און מיט אַ ווילדן שפּרונג זיך אַרײַנגעריסן אין די רייען פון דעם טומלענדיקן עולם. אין עטלעכע מינוט איז די גאַס געווען ליידיק.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט אַן אָפיציר פון דעם עסקאַדראָן ווידער אַרויפגעשריִען דעם לעצטן אולטימאַטום צו די אַכט פנימער אין פענצטער, זיי זאָלן אַרויסגעבן דעם מאיר שמולעוויטש. דערויף איז געקומען אַן ענטפער מיט אַכט גראַנאַטן. אַ פּאָר רײַטערס האָבן זיך אַראָפּגעקײַקלט פון די פערד.

דערווײַל איז געקומען צו הילף אַ קאָנטיגענט פּוילישע פיעכאָטע, זיך אַ וואָרף געטאָן מיט די בײַכער צו דער ערד און גענומען שפּריצן מיט קוילן אויף דער אײַזנבאַן־געבײַדע. די אָפענע פענצטער — הונגעריקע מײַלער — האָבן געשלונגען די קוילן ווי אַרבעס און צוריק אַרויסגעשפּיגן גראַנאַטן ווי רעטעכער.

דער דאָזיקער אויסטויש צווישן אַרבעס און רעטעכער — ווי די מאַרק־מענטשן האָבן שפּעטער דערציילט — האָט אָנגעהאַלטן מיט איבעררײַסן ביז פאַרנאַכט, ווען ס'איז אָנגעקומען אַ גרופּע פּוילישע אַרטילעריע און מיט אַ פּאָר האַרמאַטן גענומען ענטפערן אויף די רעטעכער.

די רײַטערס פון דעם צעקלאַפּטן עסקאַדראָן האָבן זיך דערווײַל צונויפגעקליבן אויפן אַלטן מאַרקפּלאַץ. עטלעכע מאָל איבערן טאָג האָט

זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די "פעסטונג פון שמולעוויטשן" איז געפאַלן און די רויטע בענדלעך זײַנען אַרעסטירט. אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שלאַכט האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז איינער מיט אַ ווײַסן נאָזטיכל האָט זיך געשווירן, אַז ער האָט מיט זײַנע אויגן געזען, אַז די ייִדישע רעגירונג פון די רויטע בענדלעך האָט זיך אונטערגעגעבן און דער איינציקער וואָס האָט באַוויזן צו אַנטלויפן פון אַ הינטערשטן פענצטער, איז מאיר שמולעוויטש.

די דאָזיקע כּלומרשטע ידיעה האָט אָנגעצונדן די קאַוואַלעריסטן מיט אַ ברענענדיקן כּעס און אַ ווילדן פאַרלאַנג אָפּצוזוכן דעם אַנטלאָפענעם שמולעוויטש. זיי האָבן צוגעבונדן די פערד צו די צוימען און אין קליינע גרופּעס זיך צעלאָזט איבער די מאַרק־גאַסן. זיי האָבן אויפגעבראָכן טירן, זיך אַרײַנגעריסן אין די הײַזער און גענומען שלעפּן פון דאָרטן בײַ די האָר קוויטשענדיקע ווײַבער און מענער.

אין איין הויף האָבן זיי טאַקע געפונען אַ שמולעוויטש, נאָר איידער יענער האָט נאָך באַוויזן צו זאָגן אַז ער הייסט גאָר יאַנקל שמולעוויטש, און ניט מאיר — איז ער שוין געלעגן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז כּמעט אין איטלעכן הויף איז פאַראַן אַ שמולעוויטש, און צומאָל טאַקע מער ווי איינער.

די בלוטיקע קאָמעדיע איז אָנגעגאַנגען גאַנצע דרײַ טעג. און כאָטש מען האָט זיך שוין געהאַט דערוווּסט, אַז די שיסערײַ אויף דער ברייטער־גאַס איז נאָך אַלץ אין פולן ברען, און דווקא שמולעוויטש איז דער איינציקער וואָס איז דאָרטן פאַרבליבן, און ער טאַקע האַלט אָן אַ פאַרעקשנטער דעם קאַמף, האָבן די קאַוואַלעריסטן ממשיך געווען צו זוכן, שלאָגן, רויבן, מאָרדן די אומגליקלעכע ייִדן אין די גאַסן אַרום דעם מאַרק.

דער ערשטער אולטימאַטום, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם קאָמיטעט פון די רויטע בענדלעך, איז פאַרלענגערט געוואָרן פון פינף מינוט אויף פינף שעה, אָבער ס'זענען אַריבער גאַנצע פינף טעג. דער בנין פון דער אײַזנבאַן איז שוין געלעגן אַ צעשאָטענער, נאָר פון זײַנע חורבות, ווי פון אַ צעשניטענער פאַנטאַסטישער שלאַנג, האָבן זיך נאָך אַלץ באַוויזן סימנים פון לעבן, וואָס האָט געשפּיגן מיט פײַער. ערשט דעם פינפטן טאָג איז אַלץ געוואָרן שטיל. דער אולטימאַטום איז אָנגענומען געוואָרן און אַלע אַכט מיטגלידער פונעם קאָמיטעט, שמולעוויטש אײַנגערעכנט, האָבן זיך אונטערגעגעבן — טויטע.

*

בלויז מיט אַ שעה־צוויי שפּעטער האָבן די קאַוואַלעריסטן איינגעפּאַקט די אָנגעראַבירטע בעבעכעס פון די שמולעוויטשעס און זיך געלאָזט רייטן צו דער מערב־זייט פון שטאָט. נאָך זיי איז געלאָפן די פּיעכאָטע און די אַרטילעריע, וואָרעם ס׳האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ ווייטע, אָבער קלאָרע מוזיק פון דער מזרח־זייט.

די שמולעוויטשעס זיינען געלעגן באַהאַלטן אין די פינצטערע קעלערן און מיט ציטערדיקע הערצער זיך צוגעהערט צו דעם מאַרש, וואָס איז אַלץ נענטער געוואָרן און שטאַרקער. די מעלאָדיע פון דעם מאַרש איז זיי עפּעס געווען באַקאַנט, זיי האָבן זי שוין אַמאָל געהערט אין דער קינדהייט, צי אין חלום.

אַרויסגיין אין גאַס האָט מען מורא געהאַט. פאַמעלעך האָט מען זיך אָבער אַרויסגעקליבן פון די קעלערן און זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די ביידעמער. דאָרטן האָט מען געעפנט די קאַכלעס פון די דעכער און אַרויסגערוקט די קעפּ.

אויפן מאַרק זיינען געשטאַנען עטלעכע מענער מיט אויסגעדראַרטע, פאַרכליאַסקעטע פערדלעך. ס׳איז געווען שווער צו באַשטימען צי זיינען זיי ציווילע, צי מיליטערלייט. אייניקע אין פאַרשמאָדערטע שינעלן, אַנדערע אין פויערישע טולעפּקעס מיט צעקראָכענע פעלצענע היטלען. איינער האָט געטראָגן אַ צעפלאַצטע לעדערנע קורטקע מיט אַ צעקנייטשט קאַשקעטל אויפן קאָפּ. דער אָרקעסטער איז באַשטאַנען פון צוויי באַראַבאַנעס, צוויי גרויסע טרובעס און א גרילצנדיקן טראָמפּייט.

— ווער זיינען זיי, פון וואַנען קומען זיי?

— רוסן, רוסן — האָבן אַרויפגעשריִען אייניקע, וואָס האָבן זיך שוין געהאַט דערוועגט אַראָפּצוגיין אין גאַס.

— דאָס מוזן שוין זיין פון די נייע, ווי הייסן זיי, וואָס האָבן געמאַכט דאָס גאַנצע איבערקערעניש...

— איר מיינט די מענטשע־־וויקעס?

— ניט מענטשע־־וויקעס, נאַר באָלטשע־־וויקעס.

— און ווער זיינען די קאָמוניסטן?

— שאַ, שטיל, זעט וואָס דאָרטן טוט זיך!

דער מאַן אין דער לעדערנער קורטקע האָט זיך אַרויפגעשטעלט מיט די פיס אויפן זאָטל פון זיין פערד און אויסגעשריִען:

— חברים, בירגער, קומט אַרויס אויפן מאַרק! אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע דערקלערן מיר די שטאָט ווי אַ באַפרייטע. טויט די בורזשויען! לעבן זאָל דער פּראָלעטאַריאַט!

דער אָרקעסטער האָט אַ זעץ געטאָן דעם זעלביקן מאַרש. טיר־און־טויער האָבן זיך געעפנט און נאָך איידער דער מאַרש האָט זיך פאַרענדיקט, זיינען

שוין די מאַרק־גאַסן פֿאַרפּלייצט געווען מיט מענטשן. איינער האָט געפֿרעגט בײַם אַנדערן: אפֿשר האָט איר מיר אויסצובאָרגן אַ רויט בענדל?

ווען דער אָרקעסטער איז אַנטשוויגן געוואָרן, איז דער מאַן אין דער לעדערנער קורטקע אַראָפּגעשפּרונגען פֿון פֿערד, אַ כאַפּ געטאָן אַן עלטערע פֿרוי און זי אַרויפֿגעזעצט אויפֿן פֿערד:

— האָט ניט קיין מורא — האָט ער זי באַרויִקט. — קוקט ניט אויף מײַן צעשמירטן פּנים, איך קום ניט פֿון קיין חתונה. מיר קומען פֿון אַ בלוטיקער שלאַכט הינטער דער שטאָט. מיר ווילן בלויז בעטן אַ ביסל וואַסער.

די פֿרוי אויפֿן פֿערד האָט געשריִען: — געוואַלד, ברענגט וואַסער און נעמט מיך אַראָפּ פֿון דעם פֿערד!

— ברענגט ברויט, זיי זײַנען הונגעריק — האָט דער עולם געשריִען.

— ברויט, ברויט, ווער האָט ברויט? שטיקלעך, ברעקלעך, גיט אַהער!

די ווערטער ״בורזשוי״ און ״פּראָלעטאַריאַט״ זײַנען פֿאַר דעם עולם געווען נײַ, אָבער איין זאַך איז געווען קלאָר פֿאַר די מאַרק־מענטשן: זיי טראָגן צעריסענע שטיוול, צעלעכערטע שינעלן, און זײַנען נאָך הונגעריק און דאָרשטיק דערצו. אויף דעם זײַנען די צעמאַטערטע מאַרק־מענטשן געווען עקספּערטן. דאָס האָט גערעדט צו זייערע הערצער מער ווי אַלע רעדעס. באַלד האָבן זיך צווישן המון געשטופּט מענער מיט עמערס וואַסער און פֿרויען מיט צונויפֿגעקליבענע סקאָרינקעס ברויט אין די פֿאַרטעכער.

די רײַטערס זײַנען אַראָפּ פֿון די פֿערד, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און אַרײַן מיט די קעפּ אין די עמערס. זייער קאָמענדאַנט אָבער האָט, אָנשטאָט אַליין צו טרינקען, צוגעטראָגן זײַן עמער צום פֿערד. דאָס האָט בײַם עולם אַרויסגערופֿן התפּעלות, און איינער האָט אַפֿילו אַ קוש געטאָן דעם פֿערד. דער עולם איז געוואָרן מוטיקער און געפֿרעגט:

— בלײַבט איר דאָ? פֿאָרט איר ווײַטער?

די געסט האָבן גוטמוטיק געשמייכלט און געשוויגן.

— לאָזט זיי צו רו — האָט פּלוצעם אַ גרופּע יונגוואַרג, ווי פֿון הימל אַראָפּגעפֿאַלן, אָדער פֿון דער ערד אַרויס, מיט רויטע שטערן אויף די היטלען, גענומען קאָמאַנדעווען — לאָזט זיי צו רו, איר זעט ניט אַז זיי זײַנען מיד? גייט פֿרעגט דעם קאָמיסאַר!

— דער קאָמיסאַר... — האָט זיך עמעצער צוגעשטופּט צו דעם מאַן אין דער לעדערנער קורטקע.

— חבר קאָמיסאַר — האָט דער מאַן אים איבערגעשלאָגן.

— אויב איר זענט אַ חבר, זאָגט מיר אויף וועלכער זײַט זײַנען פֿאַררעכנט די לאָקאַלע ייִדן: בורזשויען, צי פּראָלעטאַריאַט?

— ניטאָ קיין לאָקאַלע און ניטאָ קיין ייִדן. פֿאַראַן מענטשן, און מענטשן זײַנען אָדער בורזשויען, אָדער פּראָלעטאַריער.

די רויטע בענדלעך האָבן שטאַרק אַפּלאָדירט, דערנאָך אַ כאַפּ געטאָן דעם חבר קאָמיסאַר און אין טאַקט פון דער מוזיק אים גענומען וואַרפן אין דער לופט און שרייַען: "לעבן זאָל דער פּראָלעטאַריאַט! דאַלאַי, דאַלאַי בורזשוי!

ווען דאָס האָט זיך געענדיקט, האָט דער מאַן אין דער קורטקע זיך צוריק אַרויפגעזעצט אויפן פערד:

— אַ דאַנק פאַר דעם וואַרעמען אויפנעמען אונדז. מיר זייַנען בלויז אַ פאָרפּאָסטן, וואָס האָט געהאַט דעם כּבוד אייַך צו באַגריסן. נאָך אונדז וועט קומען אייַער זיגרייַכע אַרמיי, כּדי אויף אַ געהעריקן אופן אָפּצוגעבן כּבוד די וואָס זייַנען דאָ געפאַלן פאַר אייַער באַפרייַונג. ס׳וועלן אויך קומען רעדנערס, וואָס וועלן ענטפערן אויף אַלע אייַערע שאלות. אַ דאַנק!

אַ ווייַלע איז דער עולם געשטאַנען און געקוקט נאָך די געסט, וואָס זייַנען אַוועקגעריטן. באַלד איז אָבער געשען אַ מאָדנע זאַך. דער זעלביקער פאַרשוין, וועלכער האָט זיך פריִער געריסן צום קאָמיסאַר, האָט זיך איצט אַרייַנגעדרייט אין מיטן המון און ווידער גענומען טומלען מע זאָל אים אויסהערן, ער וויל עפּעס פרעגן.

— זאָל ער ריידן — האָבן אייניקע געפאָדערט. נאָר איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו זאָגן אַ וואָרט, האָבן אים אַרומגערינגלט די רויטע בענדלעך און אים אינגאַנצן פאַרשטעלט. דער אָרקעסטער האָט אַ טראַסק געטאָן, דער עולם האָט אָנגעהויבן זינגען, און ווען מ׳האָט געענדיקט, און די בענדלעך האָבן זיך פונאַנדערגערוקט, איז שוין יענער טומלער ניט געווען אויפן מאַרק. צי ער איז אַרויף אין הימל, צי ער איז אייַנגעזונקען אין דער ערד, האָט קיינער ניט געוווּסט.

דערווייַל האָבן זיך די רויטע שטערן פאַראייניקט מיט די רויטע בענדלעך און געהייסן מ׳זאָל אָפּרייניקן דעם מאַרקפּלאַץ און אים צוגרייטן פאַר דעם פּאַראַד, ווען די אַרמיי וועט אַרייַנקומען. און באַלד האָבן די גאַסן געשווּיבלט. מ׳האָט געבראַכט טיכער, לייַלעכער, אַלטע העמדער, צונויפגעשטוקעוועט פון זיי פּלאַקאַטן און אויסגעמאָלן אויף זיי די ווערטער: "טויט די בורזשויען, לעבן זאָל דער פּראָלעטאַריאַט!"

אויף דער ברייטער־גאַס האָט מען צונויפגעקלאַפּט אַכט הילצערנע קאַסטנס און זיי אָפּגעמאָלן מיט רויטער פאַרב.

אינצווישן האָבן זיך באַוויזן אויפן ראָג פון יעדער גאַס מודעות, אָנגעשריבן מיט קרייַד אויף די ווענט, אַז אַלע אייַנוווינערס, פון אַכט ביז אַכציק יאָר, מוזן בעתן פּאַראַד זייַן אין דרויסן. ווער ס׳וועט ניט פאָלגן דעם באַפעל, וועט מען... שיסן.

אַנדערע מודעות האָבן מיט דער זעלביקער שטרענגקייט צו וויסן געטאָן, אַז ווער עס פאַרמאָגט אַ פידל, צי אַ באַראַבאַן, מוז אים תּיכּף אַרויסברענגען אין גאַס, און אינאיינעם מיטן אָנגעקומענעם אָרקעסטער אייַנחזרן דעם

מאַרש: „דאַלאָי, דאַלאָי בורזשוּי!“

אַרום איינס אַזייגער איז שוין די שטאָט געווען אויסגעפּוצט. די אַכט רויטע קאַסטנס מיט די קערפּערס פון די געפאַלענע אין בנין פון דער אײַזנבאַן זײַנען געווען אויסגעשטעלט אויף הויכע, רויט־אָפּגעפאַרבטע פּלאַטפאָרמעס. די אָנגעקומענע אַרמיי האָט זיך געצויגן דורך די געדרייטע גאַסן ווי אַן אומענדלעכע שלאַנג.

אויף די באַלוסטראַדעס זײַנען שוין געשטאַנען די רעדנערס, וואָס זײַנען געווען ענלעך איינער צום צווייטן, כּמעט אַלע מיט קורצע, שפּיציקע בערדלעך, מיט ברילן און מיט ליולקעס צווישן די ציין. זיי האָבן גערעדט שעהענוויַיז. ווי נאָר איינער האָט געענדיקט, האָט אַ צווייטער איבערגענומען זײַן אָרט און דער ערשטער איז געלאָפן איבערנעמען דאָס אָרט פון אַ דריטן אויף אַן אַנדערער גאַס.

זיי האָבן אָנגעהויבן מיט אַ פייַערלעכער באַגריסונג צו דער באַפרײַטער שטאָט און צו אירע אַכט העלדישע געפאַלענע זין. דערנאָך האָבן זיי אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע באַגריסט אַלע אָרעמע, געשלאָגענע, באַראַבעוועטע, פאַרהונגערטע, געראָדפטע אין אַלע גאַסן, און מיט שוים אויף די ליפּן געשאָלטן די בורזשויען און געבענטשט דעם פּראָלעטאַריאַט. בײַ די דאָזיקע ווערטער האָבן געשפּריצט פונקען פון זייערע ציינער און האָבן אָנגעצונדן די האָר אויפן קאָפּ בײַ דעם עולם. די פלאַקערנדיקע רייד האָבן גוסמאַליעט די מידע, הונגעריקע הערצער, געברענט אין די אויערן און געשטיקט דעם אָטעם. די רעדנערס האָבן אַרויסגעצויגן די געדערים פון דעם פאַרטשאַדעטן עולם, זיי צוזאַמענגעפלאָכטן אין אַ פייַערדיקער שטריק, און מיט דער שטריק זיי אַלעמען אַרויסגעשלעפּט, אַרויס פון דעם בלויען קאָשמאַר, פון דער מערדערישער וועלט, אַרויף צו די ליכטיקע הייכן פון דעם אַלטן חלום וועגן אחרית הימים.

באַלד האָט אַ טראָמפּייט אַ שאַל געטאָן, צענדליקער האַרמאַטן האָבן מיטאַמאָל אַ טראַסק געטאָן, אַז די שויבן זײַנען אַרויסגעפאַלן פון די פענצטער ווי אויסגעהאַקטע ציינער. אַלע אָרקעסטערס האָבן מיטאַמאָל אַ טראַסק געטאָן דעם מאַרש: „דאַלאָי, דאַלאָי בורזשוּי!“ — וואָס האָט שוין געהאַט אַ רעפריין: „קאָנטריבוציע, רעוואָלוציע. הו־האַ, טראַנספּאָרטאַציע, אָפּעראַציע, הו־האַ, הו־רררראַ!“

פון דעם געזאַנג, געשריי און פײַפערײַ האָבן זיך די מויערן פונאַנדערגערוקט און דער פאַראַד האָט אָנגעהויבן מאַרשירן. צוערשט האָט מען געטראָגן די אַכט רויטע קאַסטנס. נאָך זיי האָבן מאַרשירט מענער אין לעדערנע קורטקעס, צעריסענע פויערישע טולעפּקעס און צעפליקטע העמדער. די אָפּענע, ברודיקע ברוסטן — פאַרהאָנגען מיט פאַסן קוילן. זיי זײַנען געגאַנגען צוזאַמענגעפּרעסט, מיט עקשנותדיקע, בייזע אויגן. הינטער זיי האָבן מאַרשירט

זעלנער אין צעפּרעסענע שינעלן, אייניקע מיט לויזע אַרבל פון פּאַרלוירענע הענט, אַנדערע אויף קוליעס, מיט שווערע סוקוואַטע שטעקנס אָנשטאָט ביקסן.

מאַרש, מאַרש — האָבן די רעדנערס געשטורעמט. אַרויס פון דער אַלטער וועלט פון צעקאַליעטשעטע, פאַרהונגערטע, פאַרגוואַלדיקטע און פאַרפּייַניקטע! אַ סוף צו אַלע טיראַנען, קאַפּיטאַנען, גענעראַלן! אַלע מענטשן — חברים! אַלע לענדער — איין וועלט! מאַרש דורך די אָפענע טירן צו די געעפנטע טויערן, צו דער נייַער וועלט פון די צוויי אומבאַקאַנטע מענטשן, פון וועלכע איינער איז נאָך דערצו אַ ייִד!

געוואַלד, געוואַלד — האָט דער עולם געשריִען — נעמט אונדז, פירט אונדז, מיר גייען אַפילו צו דער לבנה, אָן מורא צו שטאַרבן אין מיטן וועג.

ווען דער פּאַראַד איז צוגעקומען אין צענטער פון שטאָט, צו דער שטיינערנער סטאַטוע פונעם באַרימטן גענעראַל מאָראַוויאָוו, האָבן זיך טויזנטער הענט אַ וואָרף געטאָן אויף אים, אַרויסגעריסן די שווערד פון זייַן האַנט און אים אַראָפּגעשלייַדערט פונעם פּיעדעסטאַל אויפן ברוק. ווייַטער, בייַם דענקמאָל פון דער אימפּעראַטריצע קאַטאַרינע די גרויסע, איז אַרויסגעשפּרונגען אַ פלינק בחורל אין צעריסענע הויזן, אַרויפגעקלעטערט אויף דער סטאַטוע און זיך אַרויפגעזעצט רייַטנדיק אויף קאַטערינעס האַלדז. דערנאָך האָט מען פאַרוואָרפן אַ שטריק אַרום אירע מעכטיקע בריסטן און זי מיט אַ טראַסק אַראָפּגעשלעפּט אויפן ברוק. אויף דעם מאַרמאָרנעם פּיעדעסטאַל האָט מען אַרויפגעשטעלט די אַכט רויטע קאַסטנס און איבער זיי ווידער אויסגעשפּרייט אַ פּלאַקאַט: "טויט די בורזשויען, לעבן זאָל דער פּראָלעטאַריאַט!" אַלע האָבן אַראָפּגענומען די היטלען און אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. אַ סך האָבן זיך געשטעלט אויף די קני און זיך געצלמט.

אין דער רגע פון שטילקייט האָט זיך פּלוצעם דערהערט דאָס פאַרייִאושטע קול פון אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איר קלייד:

— האָט ווער געזען מייַן משוגענעם מאַן? איך האָב זיך געבעטן בייַ אים: האַלט דאָס מויל... און איצט, ווו איז ער פאַרפאַלן געוואָרן? מענטשן, האָט רחמנות אויף אַן אָרעמער פרוי מיט צוויי הונגעריקע קינדער, זאָגט מיר ווו ער איז...

דער אָרקעסטער האָט צום לעצטן מאָל אונטער אַ שטאַרקער טראַסקערייַ אויסגעשפּילט "דאַלאָי, דאַלאָי בורזשוי!" — דער עולם האָט מיט אַלע כוחות געוואַלדעוועט זייַן אייגענעם רעפריין, און די ערד האָט זיך געטרייסלט. דער הימל האָט מיט מיליאָנען צעספּוזשעטע אויגן אַראָפּגעקוקט: וואָס טוט זיך דאָרטן אין דער אַלטער שטאָט? די מלאכים האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון זייערע

פּוכענע קישנס און מיט צעקנייטשטע פליגל געריבן זייערע פאַרשלאָפענע אויגן. דורך דעם זײַדענעם פירהענגל אין דעם קײַלעכדיקן פענצטערל פון דער לבנה האָט אַרויסגעקוקט אַ פאַרחידושט און האַלב־צעשראָקן פּנים.

באַטויבטע און באַרוישטע, האָבן זיך די הונגעריקע מענטשן אויף שיכּורע פיס געשלעפּט אַהיים, אויסגעשעפּטע און איבערגעלאָדענע פון אַזויפיל מוזיק און אַזויפיל רעדעס — צו פיל, צו פיל פאַר אַ מענטשלעך האַרץ.



עטלעכע וואָכן שפּעטער, נאָך דעם פּאַראַד, איז די שטאָט געלעגן אין אַ פאַרחלשטער שלעפעריקייט, ווי אַ חולה פאַר אַן אָפּעראַציע. ביז איצט האָט מען דעם חולה אונטערגעהאַלטן מיט מוזיק און מיט האָפערדיקע רייד. איצט איז געקומען די רגע ווען מ'דאַרף אַרויסשנײַדן די קראַנקע געדערעם, אַרײַנשטעלן אַ נײַעם מאָגן, אַ נײַע לעבער און אַ נײַ האַרץ.

בײַ די ראָגן זײַנען געשטאַנען אין קליינע גרופּקעס די מאַרק־מענטשן און מיט מורא אויף די פּנימער געלייענט די מעלדונגען וועגן די כּל־מיני אָפּעראַציעס וואָס וואַרטן אויף זיי. די מודעות זײַנען געווען געדרוקט אויף טונקעלע שטיקלעך פּאַפּיר, מיט אַ צעגאָסענער שריפט, כּמעט אוממעגלעך צו לייענען, און נאָך ווינציקער — צו פאַרשטיין. האָט מען אַרויסגענומען אַ פּאָר ווערטער פון יעדער מודעה, זיי צוזאַמענגעקלעפּט, און אַזוי האָט זיי איטלעכער געלייענט אויף זײַן אייגענעם שטייגער:

"די שטאָט איז קראַנק" — האָט מען געלייענט — "ווי אַלע שטעט אויף דער וועלט, פאַרפעסטיקט מיט פּאַראַזיטן, עקספּלואַטאַטאָרן און בורזשויען, פול מיט פינצטערער אָרעמקייט און וויסטער אָפּגעשטאַנענקייט. אַזאַ שטאָט מוז רעוואָלוציאָנירט ווערן, צי מען וויל אָדער ניט. אַלץ מוז איבערגעדרייט ווערן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. די מויערן און די גאַסן פון שטאָט מוזן איבערגעטאַשט ווערן ווי אַ טאַליע קאָרטן. דאָרט וווּ עס איז געווען אַ שול, זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אַ באָד, און וווּ עס איז געווען אַ באָד, זאָל זײַן אַ קאַזאַרמע. דער בולוואַר פון הייליקן געאָרגי זאָל איבערגעטראָגן ווערן אויף דער גלעזער־גאַס, און די יאַטקעווער־גאַס אויף ברייטער־גאַס. אויך די מענטשן זאָלן צעטאַשט און אויפסנײַ אויסגעלייגט ווערן: אויף אָרעמע, אָרעמערע און גאָר אָרעמע; אויף אַרבעטער און פּויערים; אויף וויכטיקע אַרבעטער, נאָך וויכטיקערע און גאָר וויכטיקע; און סוף־כּל־סוף — די לעצטע קאַטעגאָריע, די חשדימדיקע, ניט־נייטיקע און ניט־געווונטשענע. היות אָבער ווי אין דעם פּראָצעס פון צעטאַשן און איבערלייגן פון דאָס נײַ איז שווער צו וויסן ווער איז געווען ווער און ווער איז געווען וואָס, מוז יעדער איינער זײַן אויף דער וואַך און היטן דעם אַנדערן: חיים — בערלען, און משה — שמערלען, וואָרעם שמערל קאָן זײַן דער זון פון אַ ניט־

געוווּנטשענעם טאַטן, און דער טאַטע קאָן זײַן אַ ברודער פון איינעם פון די וויכטיקסטע און נייטיקסטע. נאָר אַזוי ווי אַלע קאַטעגאָריעס קומען פון אַ פאַרדאָרבענער שטאָט, און יעדער איז בטבע אַ פאַראַזיט, דאַרף איינער האַלטן אַן אויג אויפן צווייטן, כּדי דער צווייטער זאָל מורא האָבן פאַרן ערשטן, דער טאַטע פאַרן זון און דער זון פאַר דעם טאַטן.

אין דער נײַער מענטשהייט וועלן ניט זײַן קיין אָרעמע און רײַכע, שוואַכע און שטאַרקע, פּאָליאַקן, ייִדן און טערקן; עס וועט זײַן בלויז איין קאַטעגאָריע, ווי איין משפּחה, וואָס וועט הייסן דער פּראָלעטאַריאַט. נאָר כּדי דאָס צו דערגרייכן, דאַרף מען קודם אויסראָטן פון שטאָט אַלע בורזשויען.

אַ בורזשוי איז אַ באַשעפעניש אין דער געשטאַלט פון אַ מענטש וואָס האָט געלט און וויל נאָך מער געלט, און נעמט צו בײַ אַלעמען דאָס געלט; ער פרעסט צען מאָל אַ טאָג, טרינקט-בראַנפן, טראָגט אַ פעלץ, צווינגט דעם אָרעמאַן צו אַרבעטן צוואַנציק שעה אַ טאָג, רעדט אײַן דעם פויער אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אין הימל און אַ גן־עדן; ער האָט ליב צו מאַכן מלחמות און הענגט רעוואָלוציאָנערן. בקיצור, אַ בורזשוי איז אַ ראַק, און ביז מע וועט דעם ראַק ניט אויסשנײַדן, וועלן ניט אויפהערן די מלחמות און ס׳וועט ניט זײַן קיין שלום אויף דער וועלט. אַזוי לאַנג ווי ס׳זײַנען פאַראַן בורזשויען, איז ניטאָ קיין ברויט, קיין הערינג, קיין ציבעלע — גאָרנישט. און ביז די ענדגילטיקע טראַנספאָרמאַציע וועט דערגרייכט ווערן, דאַרפן די מענטשן אין שטאָט זיך באַנוגענען מיט עטלעכע קאַרטאָפל אַ טאָג״.

אין די בעסטע צײַטן האָבן זיך די מאַרק-מענטשן זעלטן איבערגעגעסן. שפּעטער האָבן זיי די דײַטשן אויסגעלערנט צו מאַכן אַ טשאָלנט פון וואַרעמע קרחות מיט ביטערע צרות און געזאַלצענע טרערן. זיי פלעגן זיך באַרימען, אַז זיי קענען מאַכן אַזעלכע פּאָטראַוועס, פון וועלכע דער געזינטסטער מאָגן קען פּלאַצן פון געלעכטער. אָבער די קאַרטאָפל זײַנען צום מאָגן ניט דערגאַנגען, זיי זײַנען געבליבן שטעקן אַרום דעם האַרץ. לויט די מאָדנע באַצייכענונגען פון אַ ״בורזשוי״ אויף די מודעות, קאָן כּמעט יעדער מענטש — אויב מע וויל און אויב מע דאַרף — אַרײַנגעפּאַסט ווערן אין דער רעם פון אַזאַ גרויליק באַשעפעניש.

דער גרויסער פּלאַקאַט ״טויט די בורזשויען!״ האָט אָנגעהויבן קוקן אויף זיי מיט טויזנט אויגן פון חשד. די מאַרק-מענטשן האָבן אויפגעהערט צו לאַכן. לעבן — איז געוואָרן אַן ערנסטער ענין.

אין אַלע זייערע פּריִערדיקע אומגליקן האָבן זיי געהאַט אַ גרויסע טרייסט — זייער הומאָר. זיי פלעגן לאַכן פון די אייגענע וווּנדן און פון די אייגענע צרות. דעם פאַרוואָס-און-פאַר-וועמען פון זייער שווערן לעבן, דעם זין פון דער וועלט — האָבן זיי איבערגעלאָזט פאַר גאָט. זיך אַליין האָבן זיי

געקענט ראַטעווען בלויז מיט געלעכטער. דורך געלעכטער האָבן זיי נקמה גענומען אין שונא. געלעכטער איז פֿאַר זיי געווען אַ באַפֿרײַונג און אַן אָפּרו פֿון דעם אָנשטרענג צו בלײַבן לעבן. דערמיט וואָס זיי האָבן באַוווּסטזיניק צונויפֿגעפּירט עקסטרעמיטעטן, אַרויסגעבראַכט דאָס עקסטראַוואַגאַנטע און אַלץ דערפֿירט צו אַ קאָמישן אַבסורד, זײַנען זיי פֿון אַלע גזירות און צרות אונטער דער צאַרישער מאַכט און אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע אַרויס ווי קאַטשקעס פֿון אַ מוטנעם וואַסער.

איצט האָבן זיי אויפֿגעהערט צו לאַכן, וואָרעם מורא איז דער איינציקער מצב פֿון דער נשמה, וואָס שוואַכט אָפּ דעם חוש פֿון הומאָר. זיי האָבן געקענט לאַכן אין ווייטיק און אין הונגער, אָבער ניט אין מורא.

זיי זײַנען געשטאַנען מיט אַ מוראדיקן ערנסט אין די לאַנגע רייען בײַ די שטרענג־קאָנטראָלירטע קאַרטאָפּל־פּונקטן. פֿון צײַט צו צײַט האָבן זיי געהערט אַ ווײַטע, אָפּגעריסענע שיסערײַ, אָבער קיינער האָט זיך ניט אַרומגעקוקט. פֿון זינט אַלע אין שטאָט זײַנען געוואָרן אויסגעמישט, ווי זאַמד אין אַ גלאָז וואַסער — רשעים, צדיקים, גויִם און ייִדן — אַלע ווי איינער, קאָן מען ניט זײַן זיכער ווער עס שטייט אין דער ריי נעבן דיר, אַ רעוואָלוציאָנער צי אַ פּאַראַזיט. איז בעסער ניט הערן און ניט קוקן. וואָרעם אַן איבעריקער קוק קען זײַן געפֿערלעך און אַן איבעריק וואָרט איז אַוודאי אַ זיכערער טויט. פֿון דעסטוועגן האָבן זיי, ניט־רעדנדיק און ניט־הערנדיק, אַלץ געוווּסט.

זיי האָבן געוווּסט, אַז זייערע לעבנס ליגן אין די הענט פֿון די נײַע מיליץ־קאָמיסאַרן און די מיליץ־קאָמיסאַרן ליגן אויך אין די הענט פֿון די מיליטער־קאָמיסאַרן, און אַלע צוזאַמען ליגן אין די הענט פֿון אַ ספּעציעלער גרופּע, וואָס זײַנען ניט קיין פּאָליציי און ניט קיין מיליטער. מע האָט זיי באַצייכנט מיט אַ שטומען ווונק פֿון גראָבן פֿינגער, וואָס האָט געמיינט: איינער פֿון יענע...

מע האָט זיי כּמעט קיינמאָל ניט געזען. ניט אויף פֿאַרזאַמלונגען, ניט צווישן עולם. זיי האָבן זיך זעלטן געוויזן אין גאַס, נאָר מ׳האָט געוווּסט, אַז דאָס זײַנען ״פֿון יענע״, וואָס האַלטן די גאַנצע שטאָט, מיט דער פּאָליציי און דעם מיליטער, אין די צוואַנגען פֿון שרעק. מ׳האָט אויך געוווּסט, אַז ס׳רוב זײַנען זיי יונגע מענטשן, טייל פֿון זיי געבוירענע אין שטאָט, צי געלעבט צײַטווײַליק אין שטאָט. זיי קענען איטלעכן, יעדעס ווינקל, יעדן בוידעם. מ׳קאָן זיך פֿון זיי ניט אויסבאַהאַלטן, און די שווידערלעכסטע צווישן זיי אַלעמען — איז אַ פּרוי.

פֿון אַלע רייד און לשונות האָט מען זיך באַגרענעצט צו עטלעכע ווערטער: כ׳ווייס ניט, ניט געזען, ניט געהערט. און אין פֿאַל פֿון אַן אומגליק, נאָך עטלעכע ווערטער: איך בין אומשולדיק, ס׳איז אַ ליגן, אַ בילבול. נאָר ווען מ׳האָט עס אַרויסגעזאָגט, איז שוין געווען צו שפּעט.

ווער ס׳איז געווען די פרוי צווישן ״יענע״, האָט קיינער ניט געוואָלט וויסן. בעסער אַז קיינער זאָל קיינעם ניט קענען, גאָרנישט ניט וויסן, גאָרנישט ניט ריידן. פון דעסטוועגן האָט מען געוווּסט, אַז זי האָט געשאָסן אַ מיליציאָנער, וואָס האָט אַראָפּגענומען אַ רינגעלע בײַ אַ פרוי ווען זי האָט געחלשט אין דער ריי בײַ די קאַרטאָפל. זי האָט אויך דערשאָסן אַ שיכּורן זעלנער, וואָס האָט אַראָפּגעריסן די שטיוול בײַ אַ בורזשוי און אים געגעבן זײַנע אייגענע צעריסענע שטיוול.

אָסיק, זײַן פּאַפּאַ און מאַמאַ, האָבן געהערט צו דער לעצטער קאַטעגאָריע — חשדימדיקע, ניט־נייטיקע און ניט־געוווּנטשענע. אַלכּסנדר איז נאָך אין דער צײַט פון דער בהלה, ווען די דײַטשן האָבן זיך אָפּגעטראָגן, אַנטלאָפן. צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע האָט אויך געהערט איטשע דער קאַלטער, וואָרעם חזנים וואָס ציקלען זיך איבער אַ מת, האָבן געהאַט אַן ״אַנטינאַציאָנאַלע פונקציע״. גוטיען איז געראָטן זיך אַרײַנצוקריגן ווי אַ קראַנקן־שוועסטער אין אַ שפּיטאָל און אויף אַזאַ אופן איז זי אַרײַן אין דער קאַטעגאָריע פון וויכטיקע אַרבעטער.

דאָס גרעסטע גליק איז מיר צוגעפאַלן. מיך האָט מען פאַרצייכנט אויף דער רשימה פון אַ גאָר ספּעציעלער גרופּע, מיט פולע רעכט אויף גאַנצע אַכט קאַרטאָפל. לויטן סאָציאַלן סטאַטוס בין איך געווען באַרעכטיקט בלויז אויף צוויי קאַרטאָפל, וואָרעם נאָך זייער איבערטאַשן בין איך געווען ניט קיין לערער און ניט קיין שמוגלער, נאָר עפּעס וואָס איז ערגער פון אַלץ: דער זון פון אַ געוועזענעם אַמעריקאַנער מיליאָנער. סטייטש, דער מיליאָנער האָט זיך נאָך לאַנג־לאַנג פאַר דער רעוואָלוציע אײַנגעבראָכן און פאַראָרעמט געוואָרן — דאָס איז גאָרנישט. איין מאָל בורזשוי — אייביק בורזשוי. און פון דעסטוועגן — אַכט קאַרטאָפל. ניט ווײַל איך האָב זיך איבעריק באַמיט צו פאַרבעסערן מײַן מערכה, נאָר די קאַרטאָפל האָבן מיך געזוכט.

בײַ איינער פון די קאַרטאָפל־רייען האָב איך דערקענט אָסיקס מוטער. פון דער אַמאָליקער שיינער, עלעגאַנטער דאַמע מיט דער גרינער שטרויספעדער אין הוט זײַנען געבליבן בלויז אירע שוואַרצע מאַנדל־אויגן. די באַקן — אײַנגעפאַלן, דער רוקן — אײַנגעבויגן. זי איז געגאַנגען אין אָפּגעטראָגענע קליידער, מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ און אין מענערישע שיך. זי האָט מיר אַ ווונק געטאָן כ׳זאָל אויף איר וואַרטן אויפן ראָג. ווען זי איז צוגעקומען, האָט זי פון בוזעם אַרויסגענומען אַ זײַדן נאָזטיכל, ווו זי האָט געהאַט אײַנגעוויקלט אַ בריקל גאָלדענע ציין. זי האָט זיך אַרומגעקוקט צי קיינער זעט ניט, און אַרײַנגעשטעלט די ציין אין מויל.

מיט אַ צעבראָכן קול האָט זי דערציילט, אַז געווײנטלעך גייט אָסיק נאָך די קאַרטאָפל. אָבער ער האָט זיך צוגעקילט און ליגט מיט הויכער היץ. זייער גרויסע דירה האָט מען רעקווירירט און זיי איבערגעפירט אין אַ קעלער אויף

אַ גאַס וואָס הייסט אָקטיאַבער. פון אַלכּסנדרן האָט זי קיין שום ידיעה ניט. מיט אַ חודש צוריק זײַנען עטלעכע "פון יענע" געקומען אין איר קעלער, אויסגענישטערט איטלעכן ווינקל און דערנאָך אַרעסטירט דאָרטן, איר מאַן. אַלע אירע באַמיִונגען זיך צו דערוויסן פאַרוואָס און וווּהין מע האָט אים צוגענומען, האָבן גאָרנישט ניט געהאָלפן. זי האָט אָפּגעווישט די טרערן, צוריק אײַנגעוויקלט די ציין אין טיכעלע און איז אַוועק.

האָב איך זיך געטרייסט וואָס איך ווױן נאָך אין דער זעלבער דירה ווו כ׳בין געבוירן געוואָרן, אויף דער זעלביקער גאַס, און מײַן טאַטע איז נאָך אויף דער פרײַ, הגם זייער קראַנק. אויך מײַן מאַמע, כאָטש געעלטערט און גרוי, האָט נאָך געהאַט אירע ציין אין מויל.

כ׳האָב כּמעט גאָרנישט ניט געוווּסט פון מײַנע באַקאַנטע, קיינער איז צו מיר ניט געקומען און כ׳האָב זיי ניט געקענט געפינען, וואָרעם אָדער זיי זײַנען פאַרשוווּנדן, אָדער זיי האָבן זיך אַריבערגעקליבן אויף גאַסן, וואָס זײַנען אַליין אויך געוואָרן איבערגעשטעלט.

איין מאָל בין איך אַפילו אַוועק הינטער דער שטאָט אָפּצוזוכן גוטיען, אָבער אויפן פלאַץ פון חונס הויז איז געשטאַנען אַ קאַזאַרמע אַרומגערינגלט מיט שטעכיקע דראָטן און באַוואַכט פון זעלנער.

איך בין פאַרבײַגעגאַנגען דעם בית־עולם און פון דער ווײַטנס געזען, אַז אויך דער טויט ווערט אָפּעריִרט, טראַנספאָרמירט, הור־האַ. כ׳האָב זיך דערמאָנט אין די געשרייען און די תּפילות אויפן בית־עולם ווען די טויטע האָבן זיך געזעגנט מיט די לעבעדיקע. איצט איז דאָרטן געשטאַנען אַן אַלטער צעבראָכענער וואָגן מיט עטלעכע אָנגעלייגטע מתים, וואָס מע האָט זיי אָן אַ גוט־וואָרט אַרײַנגעוואָרפן אין איין גרוב.

מײַן אײַנגעשפּאַרטקייט איז אויף קיין האָר ניט אײַנגעבראָכן געוואָרן. איך האָב נאָך אַלץ געגלויבט, אַז קיין שום אָפּעראַציע און טראַנספאָרמאַציע וועט ניט איבעררײַסן מײַן גורל. איך פלי נאָך אַלץ ווי דער פראַנצויזישער פויגל איבער די דעכער און בין ווידער געקומען אין דער אַלטער שטאָט, ניט צו באַזיגן דעם טויט, נאָר צו באַזיגן דאָס לעבן. וואָרעם דאָס לעבן איז געוואָרן טויזנט מאָל פאַנטאַסטישער ווי דער טויט.

## ל

פאַרטיפט אין מײַנע געדאַנקען, אויפן וועג פון בית־עולם, האָב איך באַגעגנט אַ מאַן מיט אַ פאַרטפעל אונטערן אָרעם. איך האָב זיך פאַרהאַלטן און אים באַגריסט, ווײַל הגם זײַן פנים איז געווען פאַרבאָרגן אין דעם אויפגעשטעלטן קאָלנער פון אַן אָפּגעטראָגענעם מאַנטל און אַרומגעוויקלט מיט אַ שאַל, האָט ער אויסגעזען מערקווערדיק ענלעך צו מײַן אַמאָליקן לערער גראַסים איסאַקאָוויטש דאָלסקי. ער האָט זיך אויף מיר ניט אומגעקוקט.

— גראַסים איסאַקאָוויטש, איך האָב אײַך באַגריסט. איר האָט מיר ניט געענטפערט.

— מײַנע אויגן זײַנען ניט אין בעסטן מצב — האָט ער אַרויסגערוקט פון הינטערן שאַל אַ זויער אומפרײַנדלעך פנים, אויף וועלכן די רעכטע באַק האָט זיך געוואָרפן אין אַ נערוועזער ספּאַזמע. — איך האָב זיך אָבער אָנגעשטויסן, אַז דאָס זענט איר. וואָס מאַכט איר דאָ, אין דער געגנט, איר אַרבעט דאָ?

— ניין, איך האָב גענומען אַ שפּאַציר.

— אַ שיינע צײַט צו שפּאַצירן...

— איך האָב געזוכט מײַנע אַ פרײַנדינע.

— ווער איז זי?

— איך גלויב ניט אַז איר קענט זי. איר נאָמען איז גוטיע. און איר, וואָס מאַכט איר? איך האָב אײַך ניט געזען אַ לאַנגע צײַט.

— פאַרוואָס מיינט איר, אַז איך קען ניט גוטיען. זי איז אַ טאָכטער פון אַ געוועזענעם וואַלד־סוחר.

— ניין, זי איז אַ טאָכטער פון געוועזענעם חזן. זי האָט געוווינט דאָרטן אויבן, קעגנאיבער דעם בית־עולם.

— און ווּ וווינט זי איצט?

— איך ווייס ניט. איך האָב געמיינט, אפשר...

— אַ בחורל ווי איר, וואָלט בעסער איצט געדאַרפט אַרבעטן און זיך ניט פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט מיידלעך!

— אפשר זענט איר גערעכט — האָב איך אַ פאַרשעמטער אַראָפּגעלאָזט די אויגן. — אָבער ס׳איז ניט לײַכט איצט צו קריגן אַרבעט, ווען מ׳האָט ניט קיין באַשטימטע פּראָפעסיע.

— פאַרוואָס, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, לערנט איר זיך ניט אויס אַ

קאָנסטרוקטיווע אַרבעט?

— איך זע, אַז איר זענט עפּעס אין כּעס אויף מיר, און איר זענט אפשר גערעכט... איך האָב אײַך איינמאָל אָפּגענאַרט.

— וואָס מיינט איר? — האָט די נערוועזע באַק אַראָפּגעצויגן דאָס מויל צום רעכטן אויג.

— אויף דער אָראַנער באַן־סטאַנציע, געדענקט איר, האָב איך אײַך צוגעזאָגט, אַז איך וועל קומען אָננעמען די שטעלע, וואָס איר האָט מיר פאָרגעלייגט, פון אַ רעגיסטראַטאָר, צי פון אַ מיניסטער — האָב איך זיך באַמיט אויף אַ וויציקן טאָן צו פאַרלײַכטערן דעם אָנגעצויגענעם שמועס.

— אָבער איר ווייסט דאָך ווי די סיטואַציע איז געווען, איר ווייסט דאָך...

— איך ווייס גאָרנישט! — האָט ער אַ געשריי געטאָן — איר האָט אַפילו ניט געטראַכט וועגן דער סכּנה אין וועלכער איר האָט מיך דעמאָלט געשטעלט. מ׳האָט מיך באַשולדיקט, אַז איך האָב אײַך געהאָלפן אַנטלויפן פון געפאַנגענשאַפט, און אַ פאַקט איז, אַז כ׳האָב אײַך טאַקע געהאָלפן.

— מײַן סטאַטוס איז ניט געווען פון קיין קריגס־געפאַנגענעם — האָב איך געפּרוּווט זיך פאַרענטפערן.

— איר האָט מיך שיִער ניט געבראַכט צו דער תּליה. איך וואָלט אײַך באַדאַרפט איצט אויספּאַטשן! — און ער האָט אָנגעהויבן צו גיין.

— וואַרט אַ ווײַלע, לאָזט מיך דערקלערן וואָס עס האָט פּאַסירט.

— אויב איר ווילט מיר דערקלערן, קומט אַרויף צו מיר אין שטוב. די גאַס איז ניט קיין אָרט צו ריידן. איר ווייסט ווו איך וווין?

— ניין.

— איצט וועט איר וויסן. — און דרייענדיק ווילד מיט די אויגן, האָט ער אויסגעשאָסן מיט אַ פערדיש געלעכטער.

ווען מיר זײַנען אַרויף אויפן צווייטן שטאָק, האָט געראַסים אַרויסגענומען פון פאָרטפּעל אַ שליסל און געעפנט די טיר. דער קליינער צימער איז געווען אין אַ שווידערלעכער אומאָרדענונג, די ווענט — פאַרקלעפּט מיט אויסשניטן פון צײַטונגען און אַ פּאָר אויסגעריסענע בלעטער פון אַ בוך, מיט די בילדער פון מאַרקס און ענגעלס.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, וואָס עס איז ניט אויפגערוימט. איך בין געבליבן, ווי איר זעט, אַן אַלטער בחור. — ער האָט פאַרצויגן די קאָלדרע איבערן בעט, אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ טאָפּ מיט קאַרטאָפל, וואָס איז געשטאַנען אויפן פּרימוס אין אַ ווינקל, אַראָפּגעשאַרט פון שטול אַ פּאָר קוויטיקע אונטערהויזן און אויפגעהויבן פון דער פּאַדלאָגע עטלעכע ביכלעך. — זעצט זיך, איך וועל בלויז אָנצינדן דעם פּרימוס. ערשטנס ווערט דערפון וואַרעמער אין צימער, און צווייטנס — וועל איך אײַך אויך מכבד זײַן מיט אַ פּאָר קאַרטאָפל.

נאָך גייענדיק אין גאַס, איז מיר ניט געפעלן געוואָרן זײַן קרענקלעכע נערוועזיטעט און זײַן אומנאַטירלעך געלעכטער. קוקנדיק אַצינד אויף זײַנע שאַרפע באַוועגונגען, אויף זײַן גלאָצן מיט די אויגן און צוקן מיטן מויל, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז גײַסטיק צערודערט. פון דעסטוועגן האָב איך מיט אַן אָנשטעל פון דאַנקבאַרקייט זיך געריבן די הענט, ווי איך וואָלט זיך געגרייט צו אַ סעודה פון מאַרציפּאַנעס:

— אויף אַלץ אין דער וועלט האָב איך זיך געריכט, נאָר אַז איך וועל אײַך טרעפן אין גאַס...

— אָט זעט איר, אַז מע זוכט געפינט מען — האָט געראַסים מיטן שליסל פאַרשלאָסן די טיר.

— די לעצטע ווערטער און דאָס פאַרשליסן די טיר האָבן מיך געוואָרנט, אַז איך בין דאָ אַרײַנגענאַרט געוואָרן אין אַ פּאַסטקע. איך האָב אימפּולסיוו זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר, אָבער דער לערער האָט שוין געהאַט דעם שליסל אין קעשענע.

— איך זאָג — האָט ער איבערגעחזרט — אַז דאָס וואָס איר האָט געזוכט האָט איר געפונען.

— וואָס מיינט איר מיט דעם "געזוכט"? און פאַרוואָס האָט איר פאַרשלאָסן די טיר? איך פאָדער איר זאָלט מיך אַרויסלאָזן פון דאַנען!

— יונגערמאַן, איר זענט אַרעסטירט. און איר ווייסט דאָך מסתּמא וואָס דאָס מיינט אין דער איצטיקער צײַט.

— אַרעסטירט? פאַרוואָס? איך האָב קיין זאַך ניט געטאָן! — איך האָב גענומען קלאַפּן מיט די פויסטן אין דער טיר. דער לערער האָט מיך ברוטאַל אָנגעכאַפּט און מיך אַ שלײַדער געטאָן אויפן בעט:

— איר מיינט נאָך אַלץ אַז איך בין דער נאַיִווער, גוטהאַרציקער נאַר, וואָס וועט זיך ווידער לאָזן אָפּנאַרן פון אײַך? איר האָט נאָך אַלץ די חוצפּה מיר אײַנצורײדן, אַז איר זענט געגאַנגען זוכן מיידלעך אויפן בית־עולם? אָנשטאָט צו ווערן אַ נוצלעכער, קאָנסטרוקטיווער בירגער, האָט איר זיך פאַרנומען מיט געמיינקייטן!

— געראַסים איסאַקאָוויטש, איר זענט ניט בײַם קלאָרן שכל. אפשר האָט איר אין זינען עמעצן אַנדערש, אָדער אפשר מאַך איך גאָר אַ טעות. ווער זענט איר?

— דאָס איז די־שאלה? — האָט דער לערער שעקספּיריש אַ דעקלאַמיר געטאָן. — איר געדענקט, מיר האָבן אַמאָל געחלומט צו ווערן אַקטיאָרן, פּרובירט שטעלן אַ קאָמעדיע, אָבער דאָס לעבן וויל אַז מיר זאָלן שפּילן אַ דראַמע. זײַט רויִק, איך בין דער זעלביקער געראַסים איסאַקאָוויטש, וועמען איר זוכט. — ער האָט מיט אַ טרייסלענדיקער האַנט אַרויסגענומען פון פּאָרטפעל אַ פּאַפּיר און עס אַרויסגעלייגט אויפן טיש.

איך האָב ניט געוואָלט אַפילו אַ קוק טאָן. כ׳האָב שוין געוווּסט, אַז דער לערער איז „איינער פון יענע״ און איך בין אַרעסטירט. אין דער זעלביקער צײַט האָט ער אַרויסגענומען פון פּאָרטפעל אַ זייף־בערשטל און אַ ראַזיר־מעסער אײַנגעוויקלט אין אַ האַנטעך:

— דאָס איז מיר געבליבן אַ ירושה פון מײַן דײַטשן בעל־הבית. ווען ער האָט עס מיר געגעבן, האָט ער מיר געזאָגט: דאָס קאָן מען נוצן פאַר צוויי זאַכן: אַראָפּצונעמען די האָר פון פּנים, און אַראָפּצונעמען דאָס פּנים פון דער פּלייצע. האָט ניט קיין מורא, דעם אינסטרומענט האַלט איך פאַר מײַן אייגענעם פּנים און מײַן אייגענעם האַלדז. אײַך דאַרף איך בלויז איבערגעבן אין די הענט פון די, וואָס האָבן אײַך געשיקט מיך זוכן. טאָ זײַט ניט אַזוי פאַרציטערט. איך האָב פאַרשלאָסן די טיר, ווײַל איר זענט שטענדיק געווען אַ ווילדע בריאה און איך האָב אײַך ניט געקענט צוימען. אָבער איצט וועט איר מיך פאָלגן, אַניט וועט איר שוין מאָרגן ליגן אויפן בית־עולם מיט אײַערע אויסגעטראַכטע מיידלעך. איר וועט מיר איצט זאָגן דעם אמת. וואָס האָט איר דאָ אין דער געגנט געטאָן?

— איך בין געגאַנגען זוכן גוטיען, די טאָכטער פון איטשע דעם חזן.

— וואָס האָט איר צו טאָן מיט חזנים?

— כ׳האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז איך קען זײַן טאָכטער גוטיע.

— דאָס איז אַ ליגן! מיך האָט איר געזוכט.

— צו וואָס? איך האָב אַפילו ניט געוווּסט אַז איר זענט אין שטאָט.

— הער אויס, דו געמיינער יונג — האָט גראַסים זיך פלוצעם אַ וואָרף געטאָן אויף מיר און מיך אָנגעכאַפּט בײַ דער נאָז מיט צוויי פינגער ווי אין אָבצווענגעס — דו ביסט אַ מסור. איך ווייס, אַז עמעצער האָט מיך פאַרמסרט, נאָר כ׳האָב זיך ניט געקענט אָנשטויסן ווער דאָס איז געווען. איצט האָב איך דיך געכאַפּט און דו וועסט מיר ענטפערן פאַרוואָס דו האָסט עס געטאָן.

— גראַסים איסאַקאָוויטש — האָב איך געקוויטשעט. — איר מאַכט אַ טעות! פאַרוואָס שלאָגט איר מיך? זעט, איר האָט מיך אינגאַנצן צעבלוטיקט, איר זענט ניט געזונט!

— דו האָסט מיך פאַרמסרט, אַז איך בין געווען אַ שפּיאָן בײַ די דײַטשן!

— איך?

— יאָ, דו. בײַ די דײַטשן בין איך געווען אַ צוואַנג־אַרבעטער פּונקט ווי דו. און דו ביסט געווען דער איינציקער פון אונדזער שטאָט, ווען איך האָב דאָרטן געטראָפן. הייסט עס, אַז דו האָסט מיך פאַרמסרט.

— גלויבט מיר, איך שווער בײַם לעבן פון מײַן קראַנקן טאַטן, אַז איך האָב עס קיינמאָל ניט געטאָן. איך הייב ניט אָן צו וויסן וועגן וואָס איר רעדט — האָב איך, ווישנדיק מיטן אַרבל דאָס בלוט פון דער נאָז, זיך צעבליפּעט.

דאָס בלוט און די טרערן האָבן, ווייַזט אויס, באַרויִקט דעם אויפגערעגטן לערער. אַ מינוט אָדער צוויי האָבן מיר ביידע געשוויגן. דערנאָך האָט גערעאַסים פאַרלאָשן דעם פרימוס, אַרויסגעשאָטן די קאַרטאָפל פון טאָפּ אין צוויי טעלערס און צו מיר געמורמלט:

— עסט, איר האָט געזוכט קאַרטאָפל און איר האָט זיי געפונען. פאַרברענט זאָל עס ווערן. גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, דער מענטש זאָל עסן זייַן ברויט מיט שווייַס אויפן שטערן, אָבער קאַרטאָפל מיט בלוט דורך דער נאָז האָט אַפילו דער טייַוול אַליין ניט געקענט פאַרטראַכטן. איר האָט מיך פאַרמסרט, ניט ווויסנדיק אַז איך בין אַ לערער אין דער מאַרקס־ און ענגעלס־שול, און אַז איך האָב אַזעלכע פאַרבינדונגען, אַז כ׳קען אייַך פאַרטיליקן, מ׳זאָל אַפילו ניט וויסן ווו אייַער געביין איז אַהינגעקומען. בעסער וואָלט אָבער געווען פאַר אונדזביידן, מיר זאָלן אויסלייגן די קאָרטן אויפן טיש. איר האָט מיר געטאָן שלעכטס, נאָר אפשר קענט איר עס נאָך פאַרריכטן.

— איך האָב אייַך גאָרנישט ניט געטאָן, כ׳האָב מיט קיינעם וועגן אייַך ניט גערעדט, לאָזט מיך אַרויס פון דאַנען!

— פון דאַנען קענט איר נאָר גיין צוריק אויפן בית־עולם. נאָר אָנשטאָט גיין — וועל איך אייַך טראָגן. טאָ זיצט און עסט אייַערע קאַרטאָפל, געמיינער שרץ! — ער האָט מיך צוגעשלעפּט צום טיש און ממשיך געווען:

— ווען אוטקין האָט מיך גערופן און מיט זייַן כיטרען שמייכעלע געפרעגט, צי איך בין געווען אַמאָל אַ מיניסטער פון באַן־פאַרבינדונגען ביַי די דייַטשן, האָב איך תּיכּף געדאַרפט וויסן, אַז דאָס וואָרט "מיניסטער" קומט פון אייַער מויל.

— איך ווייס ניט ווער דער אוטקין איז.

— איר וועט זיך דערוויסן, נאָך דעם ווי איר וועט אַרייַן אין דער מאַרקס־און־ענגעלס־שול.

— איר צעטומלט מיך. איך האָב קיינמאָל וועגן אַזאַ שול ניט געהערט. פאַרוואָס פּייַניקט איר מיך? וואָס האָט איר זיך צוגעטשעפּעט צו מיר?

— כ׳האָב געהויבן דאָס קול העכער און העכער, מיטן געדאַנק, אַז אפשר וועט מיך עמעצער אינדרויסן דערהערן.

— עסט אייַערע קאַרטאָפל! — האָט גערעאַסים מיר אַ זעץ געטאָן אין ברוסט — דאָס שרייַען וועט אייַך ניט העלפן. להיפוך. איך וואָרן אייַך. ס׳איז פאַר אייַך אַ פראַגע פון לעבן און טויט. איר וועט איצט אויספילן אַ בקשה אויפגענומען צו ווערן ווי אַן אַספּיראַנט אין דער מאַרקס־און־ענגעלס־שול. איר וועט מיך אָנגעבן פאַר איינעם וואָס קען פאַר אייַך גאַראַנטירן, און אַז מ׳וועט אייַך אָננעמען, וועט אייַך קיינער מער ניט טשעפּען.

— קיינער טשעפּעט מיך ניט, און איך טשעפּע קיינעם ניט. וואָס דאַרפט

איר מיך אין אָט דער שול? איך האָב שוין פון לאַנג אויפגעהערט צו שטודירן, און איר ווייסט דאָך, אַז איך בין קיינמאָל ניט געווען קיין גוטער תּלמיד.

— ס'איז מסתּמא אַזוי באַשערט איך זאָל ווידער זײַן אײַער לערער. — ער האָט מיר צוגעוואָרפן אַ שמוציקן האַנטעך: — ווישט אָפּ דאָס בלוט פון דער מאָרדע! ווען כ'האָב אײַך געוואָלט העלפן בײַ די דײַטשן, זענט איר אַנטלאָפן. איצט וועט איר ניט אַנטלויפן. אָדער איר וועט באַנעמען אײַער חוב אין דער נײַער אײַנשטעלונג, אָדער איך וועל דאָס אויף אײַך אַרויפצווינגען. — און אויפהייבנדיק פון ווינקל אַ פּאָר ביכלעך, האָט ער זיי אַ שלײַדער געטאָן אויפן טיש: — דאָ האָט איר אַ פאַרקירצטע עדיציע פון מאַרקס' קאַפּיטאַל. דאָס איז לענינס אַ ביכל און דאָס איז דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט. איר דאַרפט זיי איבערקוקן. אין אײַער בקשה וועט איר שרײַבן, אַז איך האָב די דאָזיקע ביכער מיט אײַך געלערנט נאָך לאַנג פאַר דער רעוואָלוציע. דאָ האָט איר טינט־און־פעדער: שרײַבט!

— איך ווייס ניט וואָס צו שרײַבן, נאָר אויב איר ווילט... — איך האָב געוואַנדערט מיט די אויגן איבערן טיש און אויסגעשטרעקט די האַנט, נאָר גראַסים האָט מיך איבערגעיאָגט און מיר אַ זעץ געטאָן איבער דער האַנט. ר'האָט געכאַפּט דאָס ראַזיר־מעסער און עס אַרײַנגעלייגט אין בוזעם־קעשענע. מיט אַ מוראדיקן כּוח האָט ער מיך דערנאָך אַ שלײַדער געטאָן צו דער וואַנט, אַז איך בין אָפּגעשפּרונגען ווי אַ פּילקע און אַרויפגעפאַלן אויפן בעט. אין זײַן רציחה האָט ער זיך אויף מיר אַרויפגעוואָרפן און מיך גענומען שלאָגן מיט די פויסטן איבערן פּנים און שרײַען: — דו ביסט אַ מסור, אַ מסור!

איך האָב זיך אַראָפּגעגליטשט פון בעט, געלאָפן אויף אַלע פיר פון ווינקל צו ווינקל, ווי אַ מויז אין אַ פאַסטקע, און מיט אַ צעריסן קול גערעוועט:

— איך וועל שרײַבן, איך וועל שרײַבן! כ'האָב בלויז געוואָלט נעמען די פען...

דער צעווילדעוועטער לערער האָט מיך אָנגעכאַפּט בײַ די האָר און אַ זעץ געטאָן מײַן קאָפּ אין ראַנד פון טיש, אַז די טעלער, דער לאָמפּ און דער פּרימוס זײַנען אַראָפּגעפאַלן און די קאַרטאָפל האָבן זיך צעשיט אויף דער פּאַדלאָגע. גראַסים האָט אָפּגעלאָזט זײַן קרבן, זיך פאַרקוקט אויף די קאַרטאָפל, נאָר באַלד פאַרקרימט דאָס מויל ווי אַן עפּילעפּטיקער, און זיך ווידער פאַרגאַנגען אין אַ משוגענעם געלעכטער. דערנאָך האָט ער מיך האַסטיק אויפגעהויבן פון דער פּאַדלאָגע, מיך אַרײַנגעזעצט אין שטול, אויסגעשפּרייט דאָס פּאַפּיר און ווידער באַפוילן:

— שרײַבט! איך וועל דיקטירן.

מיט אַ פאַרפרוירן האַרץ פון שרעק, האָב איך מיט קאַלטע, פאַרבלוטיקטע פינגער געשריבן:

איך, דער געחתמעטער, ווייל אַריַינטרעטן אין דער שול... איך האָב אַ פינף־קלאַסיקע גימנאַזיע. כאָטש מײַן פאָטער און מוטער זײַנען פון אַ בורזשואַזער אײַנשטעלונג און געהערן צו דער ניט־געוווּנטשענער קאַטעגאָריע, האָב איך אונטער דער השפּעה פון מײַן לערער, גראַסים איסאַקאָוויטש דאָלסקי, זיך שטענדיק פאַראינטערעסירט מיט סאָציאַלע פראַגן און האָב אַ גוטע ידיעה אין די ווערק פון מאַרקס און ענגעלס. בעת דער מלחמה בין איך און חבר דאָלסקי געווען אין די צוואַנג־אַרבעטער־באַטאַליאָנען בײַ די דײַטשן. צוזאַמען האָבן מיר געהאָלפן אַ סך אַרבעטער אַנטלויפן. דאָס קען באַשטעטיקן חבר דאָלסקי, וועלכער קען מיך כּמעט פון קינדווײַז. אַזוי ווי די צוואַנג־אַרבעטער אין אַראַן האָבן געבויט די נײַע באַן־נעצן, ווו עס האָבן אויך געאַרבעט אַ סך מיליטערישע געפאַנגענע, זײַנען מיר ביידע געווען די ערשטע צו אינפאָרמירן די געפאַנגענע וועגן די גרויסע געשעענישן אין רוסלאַנד...

נאָך דעם ווי איך האָב געחתמעט, האָט דער לערער מיר דערלאַנגט דעם שליסל און אַן אויסגעשעפּטער זיך אומעטיק אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט. איך האָב געריבן מײַן צעדראָפּעטע מאָרדע און געזוכט מײַן היטל.

— איך וויל אײַך זאָגן — האָט דער לערער מיט אַ ווײַס פּנים און מיט תּמעוואַטע אויגן זיך צו מיר געווענדט — איך וויל אײַך זאָגן, אַז די תּלמידים פון דער דאָזיקער שול האָבן דאָס רעכט אויף אַכט קאַרטאָפל, אַ פּאָרציע ברויט איבער דער וואָך, און אַפילו צוקער. אָבער ביז איר וועט דאָס קריגן, נעמט דערווײַל אָט די קאַרטאָפל. מ׳קען זיי אָפּוואַשן און אָנוואַרעמען.

ער האָט צונויפגעקליבן פון דער פּאַדלאָגע די אַראָפּגעפאַלענע קאַרטאָפל, זיי אײַנגעוויקלט אין שמוציקן האַנטעך און עס מיר אַרונטערגעשטופּט אונטערן אָרעם. בעת איך בין אַרונטער די טרעפּ, האָב איך געהערט ווי גראַסים איסאַקאָוויטש איז זיך ווידער פּאַרגאַנגען אין דעם גרויליקן געלעכטער.



פיר חדשים זײַנען אַריבער, ביז אין אַ פרימאָרגן האָט אַ באַמבע אויפגעריסן דעם פּיעדעסטאַל, וואָס אויף אים איז פריִער געשטאַנען קאַטערינע די גרויסע, און ווו מ׳האָט שפּעטער אַוועקגעלייגט די אַכט רויטע טרונעס. איינציַיִטיק האָט אַ צווייטע באָמבע אַראָפּגעריסן די רויטע פאָן, אינאיינעם מיט אַ גרויסן חלק פון דער ראַטן־געבײַדע. וואָס דאָ האָט פּאַסירט און ווער ס׳האָט דאָס געטאָן, צי דאָס איז געווען אַ סאַבאָטאַזש, צי אַ פאַרראַט, האָט קיינער ניט געקענט דערקלערן. אָבער פאַר די קומענדיקע דרײַ טעג האָבן באָמבעס

אויפגעריסן אַ דריטל פון די מויערן אין שטאָט און צעריסן אַ גוטע פּערטל פון דער באַפעלקערונג. צום סוף פון דריטן טאָג איז אויף דעם פאַרבליבענעם טייל פון דער ראַטן־געביידע אַרויפגעצויגן געוואָרן אַ פּוילישע פאָן מיט אַ ווייַסן אָדלער.

אַ נייַער פּאַראַד איז אָנגעמאָלדן געוואָרן. אָבער דאָס מאָל בלויז פאַר פּאָליאַקן. די ייִדן זייַנען געלעגן אין זייערע אַלטע פּלעצער, אין די קעלערן און אויף די ביידעמער, און דאָרטן שטיל באַוויינט די אומגעקומענע קרובֿים און שכנים.

ווידער האָט געשפּילט מוזיק. אויף גאַרצירנדיקע פערד זייַנען געריטן עלעגאַנטע, שטאָלצע אָפיצירן. הינטער זיי האָבן זיך געצויגן היפשע קאָלאָנעס פון קאַוואַלעריע, פּיעכאָטע און אַרטילעריע. גאָר פון הינטן האָבן זיך אויפן ברוק נאָכגעשלעפּט אַכט צעפּוילטע קערפּערס, וואָס מע האָט זיי אַרויסגענומען פון די אַכט טרונעס און צוגעבונדן מיט שטריק צו די עקן פון די פערד.

דער אַרבעטער־און־פּויערים־ראַט איז פאַרשוווּנדן. צי עס איז זיי געראָטן צו אַנטלויפן, צי זיי זייַנען געפאַלן בעת די ביטערע שלאַכטן אין משך פון די דרייַ טעג — האָט קיינער ניט געוווּסט. וואָס מ׳האָט יאָ געוווּסט — אַז אין דעם גרעאַטעוועטן פליגל פון דער ראַטן־געביידע איז פאַרבליבן די רשימה מיט די נעמען פון די קאַרטאָפל־קאַטעגאָריעס.

די וואָס האָבן געקראָגן מיט איין קאַרטאָפל מער — זייַנען איצט באַטראַכט געוואָרן ווי געפערלעכע רעוואָלוציאָנערן; די וואָס האָבן געקראָגן מיט צוויי קאַרטאָפל מער — ווי פּולבלוטיקע באָלשעוויקעס. און אויב עמעצער פון זיי איז נאָך געווען דערצו אַ ייִד — איז זייַן גורל געווען באַשטימט פון פאָרויס — דערשאָסן צו ווערן.

די וואָס האָבן פריִער געהאַט דאָס ליכטיקע מזל (און איצט דאָס פינצ־טערע) צו קריגן מיט צוויי קאַרטאָפל מער, האָבן געמוזט ליגן באַהאַלטן אין גריבער און בונקערס אין די אַרומיקע וועלדער און בייַ דער ערשטער געלעגנהייט לויפן אין קליינע גרופּעס טיפער אין לאַנד, ווו מ׳האָט ניט געקאָנט וויסן אין וועלכער קאַטעגאָריע זייערע נעמען זייַנען געווען אויף דער רשימה פון די קאַרטאָפל.

צו אַזאַ גרופּע פון זעקס־זיבן פאַרשוין האָב איך זיך אָנגעשלאָסן.

ווען מיר האָבן זיך פרי פאַרטאָג צוזאַמענגעקליבן, האָב איך דערקענט דרייַ פּנימער: אַ דאָקטער, וועמען כ׳האָב אַמאָל אַ טובֿה געטאָן אין זווערינעצער לאַזאַרעט, אַ דרוקער, וואָס האָט געהאַט אַ בוך־געשעפט אויף דער ברייטער־גאַס, און — צו מייַן גרעסטער איבערראַשונג — וועלוועלע פּוקס, דער באַרימטער קעשענע־גנבֿ פון אַלטן מאַרקפּלאַץ.

וואָס זייערע זינד זײַנען געווען, פֿאַרוואָס אַ זיכערער טויט האָט זיך איצט נאָך זיי געיאָגט — האָב איך ניט געוווּסט. כ׳בין געווען זיכער, אַז איך בין דער גרעסטער פֿאַרברעכער צווישן זיי, מיט גאַנצע אַכט קאַרטאָפֿל אויף מײַן געוויסן.

וועלוועלע איז פֿון דער ערשטער מינוט אָנגענומען געוואָרן ווי דער אָנפֿירער. זײַן ערשטע פֿאַראָרדענונג איז געווען: מ׳זאָל ניט זיצן קיין שיבעה, ניט בעטן קיין מודה־אני, ניט זשאַלעווען דעם בײַטל, ניט קראַצן דער ווערזיק — נאָר שטעלן פּיס.

כאָטש ס׳איז געווען שווער צו פֿאַרשטיין זײַן פּראָפֿעסיאָנעלן זשאַרגאָן, איז בײַ קיינעם קיין ספֿק ניט געווען, אַז ער ווייס בעסער פֿון אַלע וויאַזוי מע קאָן אַרויף אויפֿן שלאָסבאַרג, ווו די גרופּע האָט געזאָלט איבערוואַרטן דעם טאָג, און מיט דער נאַכט זיך אַראָפּלאָזן אויף דער אַנדערער זײַט און אומבאַמערקט פֿאַרבײַ די פּויערישע כאַטעס, כּדי זיך דערנאָך צו פֿאַרלירן צווישן די ווײַטערדיקע בערג.

פֿריִערדיקע צײַטן פֿלעגט מען אויפֿן שלאָסבאַרג אַרויף מיט אַן אויסגעטראָטענעם געדרייטן שטעג. אין די הייסע זומער־שבתים אָדער יום־טוב־טעג פֿלעגן אויסגעפּוצטע פּאָרלעך אַרויפֿשפּאַצירן צום שפּיץ באַרג און דאָרטן, אונטערן שאָטן פֿון דער חורבה פֿון קעניג געדימינס פּאַלאַץ, טרינקען סאָדע־וואַסער, קנאַקן סעמעטשקעס און זיך דערקלערן אין ליבע. אָבער דורך די מלחמה־יאָרן איז דער שטעג פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן מיט בראָכוואַרג און מיסט. מיר האָבן דעריבער געמוזט צוקומען צום באַרג דורך אַן אַרומיקן וועג, אַ פֿאַרוואַקסענעם מיט ווילדע שטעכיקע קשאַקעס, דערנאָך אַריבערשפּרײַזן אַ שטראָמיק טײַכל, און ערשט דערנאָך אַרויפֿקלעטערן אויף אַ כּמעט גלײַכער, פֿעלזיקער וואַנט פֿונעם באַרג.

ס׳איז געווען אַ כמורנער פֿרימאָרגן מיט קאַלטע, נאַסע ווינטן. די שטיינער אויפֿן באַרג זײַנען געווען גליטשיק, ניט זיך אָנצוהאַלטן, ניט זיך אָנצושפּאַרן. די פּליטים האָבן גענומען אַוועקוואַרפֿן די קליינע פּעקלעך, וואָס זיי האָבן געטראָגן, נאָר דאָס האָט ווייניק געהאָלפֿן. אַפֿילו וועלוועלע, וועלכער איז שוין געווען אַ היפּש ביסל פֿאָרויס, האָט זיך באַלד צוריק אַראָפּגעגליטשט.

איבער אונדז האָבן זיך לײַכט און גראַציעז געדרייט עטלעכע ווילדע פֿייגל, אַרויף און אַראָפּ, אַוועק און צוריקגעקומען. מיר האָבן זיי נאָכגעקוקט מיט פֿאַרריסענע קעפּ און מיט אומעטיקע, ניט־פֿאַרגינערישע אויגן.

וועלוועלען איז דעם ערשטן געראָטן צו דערגרייכן דעם שפּיץ פֿונעם באַרג. פֿון דאָרטן האָט ער מיט צונויפֿגעפּלאָכטענע צווײַגן געהאָלפֿן די איבעריקע זיך אַרויפֿצוקאַראַפּקען. פֿאַרפֿרוירן און מיד זײַנען אַלע גיך אַרײַנגעקראָכן אין דער חורבה פֿון קעניגלעכן שלאָס און זיך אײַנגענורעט אין די ווינקלען.

— אַהין זאָלט איר ניט קריכן — האָט וועלוועלע אָנגעוויזן אויף אַ

פינצטערער הייל אין הינטערגרונט. — דאָרטן זיינען פאַראַן פּאַצוקעס גרעסער ווי קעץ, וואָס קענען אייך דעם גאַרגערעס אַרויסבייסן.

איך האָב אָפּגעלעקט דאָס בלוט פון מיינע צעדראַפּעטע פינגער, פאַרשטופּט דאָס אַרויסגעקראָכענע העמד אין די הויזן און זיך אויסגעצויגן אויף אַ שטיינערנער באַנק, וואָס איז געווען אַריינגעמויערט אין אַ קליינער נישע מיט אַ קיילעכדיק פענצטערל.

— היי, דו, פאַרכוואַטער יאַט, האָב דרך־ארץ פאַר אַן עלטערן מויקע

— האָט מיך וועלוועלע אָנגעכאַפּט ביי אַ פוס און אַראָפּגעשלעפּט פונעם שטיין. — אין דעם מקום־קדוש געהערט די מיזרח־וואַנט צו מיר... אויף אָט דער באַנק איז מיט טויזנט יאָר צוריק געלעגן דער ליטווישער מלך, ווי האָט ער געהייסן, רב צאָץ בר רב פלאָכט דער דרייצנטער. דורך אָט דעם פענצטער האָט ער זיך צוגעקוקט ווי זיינע בלאַטע יאַטן פאַרטרייבן די רוסישע סקאָקערס קיין מאָסקווע און די פוילישע מאַרוויכערס ביז צום ים קיין גאַליציע...

— אין גאַליציע איז ניטאָ קיין ים — האָט אים דער בוכהענדלער קאָרעקטירט.

— ס'איז געווען, ס'איז געווען, איך האָב עס אַליין געהערט פון באַרוועס זון אויפן אַלטן מאַרקפּלאַץ. ער איז געווען אַ גרויסער קאָפּמענטש. ר'האָט אַפילו געזאָגט, אַז אויך דאָ, אויפן באַרג, איז אַמאָל געווען אַ ים, און אַז מיין עלטער־זיידע און זיין עלטער־זיידע זיינען געווען העכט אין דעם דאָזיקן ים, און אַז פון זיי קומען אַרויס אַלע שטינקעס אויפן פיש־מאַרק.

דער דאָקטער האָט אַ לאַך געטאָן. וועלוועלע האָט אים בייז אָנגעקוקט:

— איך האָב פיינט אַ פלאָנדריגע, וואָס סמוכנעט מיר אין פנים. אויב איר ווילט הערן ווי אַ מענטש, וועל איך ריידן, אויב ניט — האַלט פּיסק. וואָרעם איך קען אייך אַריינוואַרפן אַ פינפטל, וועט אייך די רויטע יוכע אַרויס דורכן שמעקער.

אַלע האָבן אָפּגעקערט די קעפּ פון אים. וועלוועלע האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער באַנק, אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט די הענט, און אַרויפקוקנדיק צום רונדן האַלב־איינגעזונקענעם באַלקן, גערעדט מיט אַ באַשיימפּערלעכער כוונה געהערט צו ווערן:

— דאָ, אויף אָט דער באַנק, האָט דער ליטווישער פרינץ קאַלעטוכעס דער פערצנטער געפּנעכעט די שיינע פוילישע פרינצעסין יאַדוויגאַ די ברייטע. און זאָל איך האָבן די טויזנטער, וויפל מאָל איך האָב דאָ אַליין געפּנעכעט. אין טויזנט יאָר אַרום וועט מסתמא דאָ, אויף דער זעלביקער באַנק, ליגן אַן אַנדער מויקע און פּנעכען אַ דווּיליוּוקע. צי וועט ער וויסן, אַז ס'איז אַמאָל געווען אַזאַ מויקע ווי וועלוועלע פוקס? דאָ פלעגט מען קענען פאַרטוצן אַ קענטיקן משא־ומתן, אַ בראָש, אַ סיגנעט, אַ שטיקל שווערע זילבער, אַ גאָלדענע

מטבע... אין דער מאַלינע אויף דער יאַטקעווער־גאַס פלעגט נאָך אַמאָל אַריַינשמעקן דער מענטע קאַראַיִם און מאַכן אַ קראַוואַל, אָבער טאָמער איז דיר געראָטן אַרויסצושפּרינגען דורכן פענצטער און אַרויף דאָ אין דער חורבה — איז געווען דיַין מזל. וויַיטער פון באַרג פלעגן די מענטעס ניט גיין. דאָס איז געווען דער ערי מיקלט, ווי עס שטייט אין דער הייליקער תּורה, וואָרעם אַפילו מענטעס האָבן געהאַט דרך־ארץ פאַר דער תּורה. ״קום אַראָפּ!״ — פלעגט דער מענטע רײַסן דעם פיסק, בלאָזן דעם פײַפל, פאָכען מיט דער שווערד. ״דאַרפסט מיך האָבן, קום אַרויף און נעם מיך״ — פלעג איך אים ענטפערן אָט דורך דעם פענצטערל...

דאָס זיַינען געווען אמתע צײַטן! אַ מענטש איז געווען אַ מענטש. אַ רבי — אַ רבי, אַ מויקע — אַ מויקע. אָבער איצט איז די גאַנצע וועלט געוואָרן אַ גנבישע וועלט. יעדער האַלט זיַין האַנט ביַי יענעם אין קעשענע. גיי מאַך אַ לעבן, אַז מע ווייסט ניט ווער עס גנבעט ביַי וועמען. ס׳איז געוואָרן אַ באַפאַנפעטע וועלט. פאַר אַן ערלעכן מויקע אין שוין ניטאָ קיין פּלאַץ. ביַי יעקע פּ־־ץ — זאָל ביַי זייערע וויַיבער דאָס מילך אין די בריסט פאַרזויערט ווערן — בין איך פאַר אַ געפּגרטער הון געזעסן אַ גאַנץ יאָר. ווו איז האַרץ? ווו איז מאָראַל? דער דײַטש איז בטבע אַ פּעדרופּעץ, וואָס סטראַשעט די וועלט מיט אַ האַרמאַטל. אָבער אַזוי גיך ווי מ׳האָט ביַי אים אַרויסגענומען דאָס האַרמאַטל פון די הענט, איז דער פּעדרופּעץ געוואָרן אַ פּידריק און האָט זיך באַוועזעט אין די הויזן.

אַרויסנעמען אַ זייגער פון אַ וועסטל־קעשענע ביַי אַ יאָלד וואָס פאַרקוקט זיך אויף דער לבנה, איז אַ קונץ און אַ פאַרגעניגן. אָבער באַהאַלטן זיך אין אַ שמוציקן לאָך און פון דאָרטן שיסן איינעם וואָס איז באַהאַלטן אין אַ ברודיקן לאָך — נודיעט אויף דער נשמה. ביַי די רויטע — זאָלן זיי פאַרשוואַרצט ווערן! — איז מיר גראָד געווען גוט. איך האָב זיי איַינגערעדט, אַז לייבעלע טראָצקי איז מיַינער אַ שוועסטערקינד, און האָב זיך פאַרשריבן אויף זעכצן קאַרטאָפל אַ טאָג. זיי האָבן מיר געגעבן צוויי שפּיַיערס איך זאָל אַרומגיין און שיסן די — ווי האָבן זיי געהייסן? — די בורזשויען. אָבער גיי שיס הונגעריקע מענטשן! פאַרשטיי, אַמאָל אַ זעץ אין די ציינער, פאַרפלעקן אַן אויג — מ׳איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש. אָבער שיסן... אַחוץ דעם האָב איך דאָך אַ ייִדיש האַרץ. מיַין מאַמע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, איז געווען אַ בלאַטע ייִדענע. זי פלעגט זאָגן: ״קינד מיַינס, קלייב דיר אויס אָדער אַן ערלעך פאַך, אָדער אַ מיאוסע פּרנסה. גנבענען איז אַ פאַך, אָבער שיסן, הרגענען, איז ניט קיין פאַך און ניט קיין פּרנסה״. אַזוי האָט זי געזאָגט. איך האָב זי געפאָלגט און שבת קיינמאָל ניט געריַיכערט. מיַין האַנט איז שבת קיינמאָל ניט אַריַין אין אַ פרעמדער קעשענע. אָבער איצט איז געוואָרן אַ וועלט אָן שבת. אַ ניַיע תּורה: צו וואָס גנבענען?

מע נעמט צו! וואָס־זשע זאָל דער גנב טאָן? זײַנען טאַקע אַלע, אַפילו די מויקעס, געוואָרן פּאַררעטערס און גרעפּצערס. מײַנע אייגענע סקאָקערס האָבן מיך פאַרראַטן. וואָס האָבן זיי נעבעך געקענט טאָן, אַז אַחוץ שיסן און גרעפּצן איז בײַ לייבעלע טראָצקין אַלץ פאַרווערט? מע טאָר ניט דאַוונען, מע טאָר ניט זינגען, קיין זאַך טאָר מען ניט, ניט זען, ניט הערן, ניט דריפּען, ניט ווערזשען, אַפילו ניט ריידן.

איך בין מיד. צוויי טעג ניט געגעסן און ניט געשלאָפן. אָבער מיט די פּוילישע יוכעס — די קישקעס זאָלן בײַ זיי פאַרפּלאָנטערט ווערן און מ׳זאָל זיי אָפּערירן מיט אַ פאַרזשאַווערטן מעסער — מיט זיי וועל איך זיך אָפּרעכענען. מײַנע בעסטע מויקעס אין דער מאַלינע אויף דער יאַטקעווער־גאַס זײַנען געוועזן פּאָליאַקן. בײַ יאַן דעם שוסטער פלעג איך אָפּזעצן אַ סך משא־מתנס. ער פלעגט אָפּלעקן אַ גוט ביינדל. כ׳פלעג אַפילו פּנעכען זײַן ווײַב, אָבער איינס מיט דאָס אַנדערע האָט ניט צו טאָן. איך פלעג איר געבן מתּנות, אַמאָל אַ זײַדן קלייד, אַמאָל באַזאָרגן אירע ממזרים מיט הויזן, וואָס איך פלעג אַראָפּלקחנען בײַ לייזער דעם טאַנדעטניק...

אייערנעכטן, אין דער בהלה, בין איך געלאָפן צו איר, זי זאָל מיך באַהאַלטן. זי האָט מיך אַרונטערגעשטופּט אונטערן בעט. אויפן בעט האָבן זיך געשפּילט דרײַ פון אירע ממזרים. דער עלטערער ממזר — מאַצעק — קומט אַרײַן מיט אַ גרויסער ביקס און גיט דער מאַמען צוויי פּאָר הויזן און אַ גרויסע קאַן מיט קעראָסין: ״כ׳האָב נאָרוואָס דערשאָסן נאָטען, דעם קעראָסין־קרעמער, און לייזערן דעם טאַנדעטניק״ — האָט ער געזאָגט.

ווען זיי זײַנען אַרויס פון צימער, האָב איך געוואָלט נעמען פון ווינקל די קאַן מיט קעראָסין, באַגיסן דאָס בעט און אונטערצינדן די דרײַ קליינע ממזרים. כ׳האָב דאָך אָבער אַ ייִדיש האַרץ. וואָס זײַנען נעבעך שולדיק די קינדער? איצט פאַרדריסט עס מיך. איך וועל נאָך צוריקקומען... די צוויי שפּײַערס האָב איך נאָך פאַרטוצט. איך וועל נאָך צוריקקומען, עס זאָל נעמען אַפילו הונדערט טויזנט יאָר! אָבער אין הונדערט טויזנט יאָר אַרום, ווער ווייס? אויב די העכט אין ים זײַנען אין צען טויזנט יאָר געוואָרן שטינקעס, וואָס וועט פון די פּוילישע ממזרים ווערן אין הונדערט טויזנט יאָר אַרום?

— — —

דאָס ווײַטערדיקע האָט מען שוין ניט געקענט הערן. ס׳איז פאַרטויבט געוואָרן פון אַ שטאַרקער שנאָרכערײַ.

דער ווינט האָט געפּײַפט דורך די לעכער פון דער חורבה ווי אויף אַ גרויסן קלאַרנעט. פון דער מיזרח־וואַנט האָבן זיך געהערט ווײַטע באַראַבאַנען, באַגלייט פון אַן אָפּטער, געדיכטער, פּײַקלדיקער שיסערײַ. פון צײַט צו צײַט האָבן פון ווינקל צו ווינקל גרופּקעלעך מײַז דורכגעטאַנצט אַ קאַדריל.

ווען אין דעם קיילעכדיקן פענצטערל אין דער נישע איז געוואָרן גוט פינצטער, האָבן זיך אַלע גענומען אַרויסשאַרן פון דער חורבה. איך האָב געוואָלט אויפוועקן וועלוועלען, אונדזער אָנפירער, אָבער זיי האָבן מיך פאַרהאַלטן און מיטגעשלעפט מיט זיך. ס׳איז געווען קלאָר, אַז בעת איך בין געזעסן מיט אָנגעשטעלטע אויערן און אויגן אויף דעם רעדנער, האָבן זיי זיך אויף עפּעס אַ מאָדנעם אופן צונויפגערעדט און איינפאַרשטאַנען פּטור צו ווערן פון וועלוועלען, אים איבערלאָזן אַ שלאָפנדיקן אויף דער באַנק און ממשיך זיין דעם וועג אַליין.

מיך האָט עס פאַרדראָסן. סטייטש, ער האָט דאָך אונדז געבראַכט און געהאָלפן אַרויפקריכן אויפן באַרג! פאַרוואָס אים פאַרראַטן? איז די וועלט טאַקע אַ וועלט פון פאַררעטער און גרעפּצער? האָט זיי אפשר באַליידיקט זיין מיאוס לשון, זיין קרעציקע צונג? צי האָבן זיי אין דער פינצטערער, שטינקענדיקער חורבה געוואָלט הערן באַרוועס זון? אין דער דאָזיקער קרעציקער וועלט איז אפשר וועלוועלע פוקס דער פאַסיקסטער יורש פון יענעם איידעלן, ליכטיקן טרוימער פון אַלטן מאַרקפּלאַץ?

פון אַ צווייטער זייט האָב איך אָבער פאַרשטאַנען, אַז אָט דאָס הייפעלע געיאָגטע און געפּלאָגטע מענטשן ווילן מיט אַלע כּוחות אויפהיטן זייער מענטשלעכע ווערדע, און אַפילו פאַר דער סכּנה פון טויט ניט פאַרלירן דעם דרך־ארץ פאַר זיך אַליין. ווען איך זאָל זיי אין דעם שטערן, וואָלט איך אַליין געווען ניט מער ווי אַ גרעפּצער.

דורך אַ לאָך אין אַ גרויסן שוואַרצן וואָלקן האָט דורכגעקוקט אַן אומפרייינדלעך אויג פון דער לבנה. אַלע האָבן זיך גיך פאַרקערעוועט הינטער דער חורבה. איך האָב צום לעצטן מאָל אַראָפּגעקוקט אויף דער שלאָפנדיקער שטאָט, וואָס איז געווען פאַרצויגן מיט אַ ברודיקן נאַסן לייַלעך.

אין דער לופט זיינען געהאָנגען עטלעכע גרינע דעכלעך אָן הייַזער, אַ פּוילישע פאָן אָן אַ שטעקן, אַ ווייַסער צלם אָן אַ קלויסטער... צופוסנס פון דעם באַרג האָט אַ וואַסערדיקע שלאַנג אייַנגעשפּאַנט אין אַ בריקל, ווי אַ כאָמוט אויפן האַלדז, געשלעפּט אויף אַ גרויסן ראָד אַ שוואַרצע מיל.

# עפּילאָג

**לעבן לעבט מען בלויז אין דער קינדהייט און אין דער פריִער יוגנט. דאָס איבעריקע חזרט מען בלויז איבער מערערע מאָל.**
**באַרוועס זון**

די דאָזיקע זכרונות זײַנען מיר געקומען אויפן געדאַנק בעת איך בין אויף דער שיף „סאַטהערן קראָס" צוריקגעפאָרן פון איינער פון מײַנע אָפטע גאַסטראָל־נסיעות אין דרום־אַמעריקע.

ווי געוויינטלעך, איז די שיף געבליבן שטיין אין פּאָרט סאַנטאָס אויף צוועלף שעה, כּדי אויפצולאָדן עטלעכע צענדליק טויזנט זעק מיט קאַווע.

אין פּאָרט איז געהאָנגען אַ גרויסער קאָליריקער אַפיש מיט מײַן בילד, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז אויף מײַן צוריקוועג קיין צפון־אַמעריקע וועל איך זיך אָפּשטעלן אויף איין ספּעקטאַקל אין דעם אָרטיקן מוניציפּאַל־טעאַטער.

און אַזוי איז טאַקע געווען. אין פּאָרט האָט שוין געוואַרט אויף מיר אַ קאָמיטעט, וואָס האָט מיך מקבל־פּנים געווען מיט בלומען און מיט רירנדיקע באַגריסונגען. ס'איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך הייסער טאָג און אַ נאָך הייסערע נאַכט. נאָך דעם ווי דער פאָרהאַנג איז געפאַלן צום לעצטן מאָל, בין איך געשווינד אַרײַן אין מײַן גאַרדעראָב, אַראָפּגעשלײַדערט פון זיך די אויסגעווייקטע קליידער, זיך אָפּגעגאָסן מיט אַ צעבער קאַלט וואַסער, זיך אויסגעריבן מיט אַ גאַנצער פלאַש אָדעקאָלאָן, זיך אײַנגעוויקלט אין מײַן געבלימלטן כאַלאַט, פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס און זיך געזעצט בײַם שפּיגל אַראָפּצונעמען די צערונענע שמינקע פון מײַן פּנים.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז אין צימער אַרײַנגעפאַלן אַ מאַן. ניט ער האָט פריִער אָנגעקלאַפּט אין טיר, ניט ער האָט געבעטן אַ דערלויבעניש אַרײַנצוקומען. ער האָט זיך גלײַך אַרויפגעוואָרפן אויף מיר, מיך גענומען האַלדזן און קושן און שרײַען מיט אַ וויינענדיק קול:

— יאָסיק, יאָסיק! וואָס מאַכסטו? דערקענסט מיך ניט? מײַן נאָמען איז באָריס, באָריסל, בערטשיק דער לעקיש, דער יתום פון אַלטן מאַרקפּלאַץ!

איך בין ניט געווען זיכער, צי איך דערקען אים ניט דערפאַר ווײַל איך געדענק אים ניט, צי איך געדענק אים ניט דערפאַר ווײַל איך דערקען אים ניט. אין זײַן פּנים און אין זײַן גאַנצן אויסזען איז ניט געווען קיין איין שטריך, וואָס זאָל זיך פּאַסן צו יענער געשטאַלט, וואָס דער נאָמען בערטשיק האָט זיך צו איר פאַרבונדן אין מײַן זכּרון.

פאַר מיר איז געשטאַנען אַ מאַן מיט אַ ביסל שיטערע, ניט פאַרקעמטע האָר אויף אַ פליכעוואַטן קאָפּ, מיט אַ שפּיציק בײַכל, וואָס איז געווען ווי צוגעקלעפּט אונטער זײַן אײַנגעפאַלענער ברוסט מיט די שמאָלע פּלייצעס. דער קראַגן צעקנייטשט, דער שניפּס אין אַ זײַט, שטאַרקע קנייטשן אויפן שטערן און אָפּגעבליאַקעוועטע וואָנצעלעך אויף אַן אויסגעמאַטערט פּנים, וואָס האָט זיך אַזוי פיל אָנגעקערט מיט דעם אַמאָליקן בערטשיק, ווי די פײַערדיקע זון פון סאַנטאָס מיט דעם פּראָסטיקן שניי פון דעם אַלטן מאַרקפּלאַץ.

פון מײַן צוריקגעהאַלטנקייט האָט באָריס פאַרשטאַנען, אַז איך ספק אין זײַן אויטענטישקייט און האָט זיך גענומען קלאַפּן אין האַרצן:

— דאָס בין איך, איך... כ׳האָב געוואַרט יאָרן אויף אָט דער באַגעגעניש! ווי איז דאָס מעגלעך, אַז דו האָסט מיך באַלד ניט דערקענט? מיר זײַנען געווען שותפים אין אַ בעקערײַ... נעבן נאָטעס קעראָסין־קרעמל, פּונקט קעגנאיבער שלמה דעם ציצית־מאַכערס שטעלכל. דו קומסט מיר נאָך אַכט קנעפּלעך!.. די בעקערײַ איז ניט געגאַנגען, מיר האָבן געהאַלטן בײַם אָנזעצן. האָב איך דיר אויסגעבאָרגט פיר קנעפּלעך אָפּצוצאָלן די חובות. שפּעטער, ווען כ׳בין געוואָרן אַ מוזיקאַנט, האָב איך דיך אויסגעלערנט שפּילן „פּערפּעטווּם מאָבילע״. און פאַר דעם, לאָמיר זאָגן, קומט מיר אויך פיר קנעפּלעך, איז אינאיינעם אַכט... — ער איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ געלעכטער, וואָס האָט אים אַרויסגעזעצט אַ שטראָם מיט טרערן פון די אויגן. — ווען ביסטו אַוועק פון אונדזער שטאָט? בײַ יעדן איינעם פלעג איך זיך נאָכפרעגן אויף דיר. איך האָב געוווסט פון אַלע דײַנע הצלחות, געקליבן יעדעס וואָרט, יעדעס בילד, יעדע צײַטונג ווו דײַן נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן. — ער האָט אַרויסגענומען פון בוזעם אַ הויפן אַלטע, צעטרענצלטע צײַטונג־אויסשניטן און מיט ציטערדיקע הענט זיי אויסגעשטעלט פאַר מיר, ווי אַ פּראָצענטניק, וואָס פאָכעט מיט אַ פּעקל וועקסלען פאַר דער נאָז פון אַ געפּאַקטן בעל־חוב.

איך האָב ניט געוווסט וויאַזוי צו רעאַגירן, האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם אַלטן טריק צו ענטפערן מיט אַ שאלה:

— איז דאָ שטענדיק אַזוי הייס בײַ אײַך אין לאַנד?

— איך בין דאָ אין לאַנד ניט לאַנג. איך וווין אין פּאָרטאָ־אַלעגרע. איך בין אַ גאַנצן טאָג געפאָרן. דײַן שיף גייט אָפּ פאַרטאָג, ווי קען איך דיך אַוועקלאָזן? זאָג דעם אמת, דו דערקענסט מיך? געדענקסט ווי דו האָסט מיך איבערגעשראָקן מיט דעם גולם פון דער אַלטער שול? דו געדענקסט ווי דו האָסט געוואָלט צונעמען בײַ מיר מײַן פידל? איך האָב זיך געראַנגלט מיט דיר און ניט געלאָזט אַרויסטראָגן דעם פידל פון מײַן שטוב. דו האָסט אים געצויגן פאַרן האַלדז און איך האָב אים געהאַלטן פאַרן בײַכל, כאַ־כאַ־כאַ! אָבער, גוטער ברודער, ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן,

איך בין, ווי דו זעסט, קיין צווייטער פּאַגאַניני ניט געוואָרן. כ׳בין אויפגעטראָטן אויף היפּשע קאָנצערטן, געקראָגן פיַינע קריטיקן און ס׳האָט אויסגעזען, אַז כ׳בין אויפן פערד. פּלוצלינג האָב איך דערפילט אַ שווערקייט אין מיטלסטן פינגער פון דער לינקער האַנט. וואָס דאָס איז געווען — ווייס איך ניט ביזן היַינטיקן טאָג. אייניקע דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז כ׳האָב דעם פינגער אויסגעלענקט, אַנדערע — אַז כ׳האָב אים צוגעקילט. אָבער וואָס די סיבה זאָל ניט זיַין, האָב איך געמוזט אויפגעבן מיַין הויפּט־שלאַגער: ״פּערפּעטוום מאָבילע״ פון פּאַגאַניני און אים פאַרביַיטן מיט אַנדערע נומערן, וואָס זאָלן ניט פאַלן אַזוי שווער אויף מיַין מיטלסטן פינגער. סוף־כּל־סוף איז מיר ניט געבליבן קיין אַנדערע ברירה, ווי אַריַינצוגיין אין אַ סימפאָנישן אָרקעסטער.

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט געווען אַזוי גרינג. איידער מע נעמט דיך אַריַין, ציילט מען איבער ניט נאָר די פינגער פון די הענט, נאָר אויך די ציין אין מויל. און דאָך איז מיר געראָטן זיך אַריַינצודרייען. אין אַ שיינעם טאָג איז געקומען פון איטאַליע אַ באַרימטער דיריגענט און, שטעל זיך פאָר: אין מיטן פון דער ערשטער פּראָבע האָט ער צווישן דעם גאַנצן אָרקעסטער פון עטלעכע־און־פופציק דערהערט, אַז איין פידל פאָנפעט אונטער. ער האָט תּיכּף אָפּגעשטעלט דעם אָרקעסטער, מיר געהייסן אויפשטיין און פאַר אַלעמען אין די אויגן מיך גוט אויסגעזידלט. און אַז כ׳האָב זיך ווידער געזעצט שפּילן, און ער האָט געזען אַז כ׳הער אים ווי דעם קאָטער, האָט ער מיר געהייסן נעמען דעם פידל און גיין אַהיים.

נאָך ביטערער איז געווען, וואָס אינגיכן האָב איך געמוזט אָפּשניַידן דעם פינגער, די קרענק זאָל זיך ניט אַריבערוואַרפן אויף די איבעריקע פיר. דאָס איז שוין געווען דער סוף. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, איז מיר געראָטן צו אַנטלויפן קיין רוסלאַנד! געוויינטלעך שפּרינגט מען פון פיַיער אין וואַסער. ביַי מיר איז געווען פונקט קאַפּויער. פרעג ניט, סרום און עמורה...

וואָס זאָל איך דיר דערציילן, ברודער, גאָט צו דאַנקען וואָס כ׳זע דיך אַ לעבעדיקן. כ׳האָב גרויס הנאה געהאַט פון דיר היַינט ביַינאַכט. געווען שטאָלץ. פאָרט אַן אַלטער שותּף. דו ווייסט ניט, גוטער ברודער, דו ווייסט ניט וואָס דו מיינסט דו פאַר מיר.

דער פאָרזיצער און די עטלעכע מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן אָנגעקלאַפּט אין טיר מיר צו דאַנקען און זיך געזעגענען.

— וואַרט־וואַרט, ער טוט זיך אָן! — האָט באָריס געענטפערט פאַר מיר. — האָסט נאָך גוטע דריַי שעה ציַיט צו דער שיף. איך וועל דיר ניט דערקוטשען, אָבער איין זאַך מוזסטו מיר דערציילן. דו מוזסט מיר אויסזאָגן דעם סוד, וואָס האָט מיך געהאַלטן געשפּאַנט גאַנצע דריַיסיק יאָר: וואָס איז געשען דעמאָלט ווען דו האָסט ביַי מיר געוואָלט אַרויסריַיסן דעם פידל?

ווער האָט געגומען טרייסלען די מויערן? ווער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דאַך? איז עס טאַקע געווען אַן אמתער גולם?

— איך דאַרף אײַנפּאַקן מײַנע זאַכן. — האָב איך אַ מרוקע געטאָן.

— איך וועל דיר העלפן...

— ניין, איך וועל אַליין, דו זאָג מיר, וואָס האָב איך דיך בעצם געוואָלט פרעגן? יאָ, ווי קומסטו דאָ אין לאַנד?

— לויפנדיק ווי אַלע ייִדן קיין דרום־רוסלאַנד, האָב איך זיך באַקענט מיט אַ פרוי. איר מאַן איז אויפן וועג אויסגעגאַנגען פון דיזענטעריע. איך האָב איר געהאָלפן שלעפן אירע צוויי עופעלעך. זי איז געווען אַ שיינע, כאָטש זייער נערוועז פון די צרות. כּדי זי צו באַרויִקן, האָב איך איר צוגעזאָגט, אַז אויב מיר וועלן, אם ירצה השם, זיך אַרויסדרייען פון רוסלאַנד, וועל איך מיט איר חתונה האָבן. און כ׳האָב געהאַלטן וואָרט. מ׳האָט אָבער געמוזט לויפן ווײַטער, ביז מיר זײַנען אָנגעקומען אין בראַזיל. מיר זײַנען דאָ געווען אינגאַנצן אַנדערטהאַלבן חדשים, גייט זי, מײַן ווײַב, אײַנקויפן עפּעס אַ קליידל, און אַ פאַרבײַלויפנדיקער אויטאָמאָביל פאַרטשעפּעט זי און צעברעכט איר דעם רוקנביין. היפּשע עטלעכע חדשים איז זי געלעגן אין שפּיטאָל, און כאָטש זי איז אַרויס אַ לעבעדיקע, איז זי פאַרבליבן אַ קאַליקע, אַ צעבראָכענער נפש מיט צוויי קינדער...

פריִער בין איך אַרומגעגאַנגען, ווי אַלע וואָס זענען געקומען דאָ, מיט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס — כּויכען. נאָכן אומגליק האָב איך עס שוין ניט געקענט טאָן. וואָרעם ווער וועט אַכטונג געבן אויף די קינדער? וואָס טוט מען? ווער וועט מיר דאָ העלפן? ווייסט לאַכן, ווידעראַמאָל מײַן אַלטער פידל. מיר איז אײַנגעפאַלן, אַזוי ווי איך בין דורכן טאָג פאַרנומען מיט די קינדער, דאַרף איך זען צו קריגן אַן אַרבעט בײַנאַכט. און דער רבונו־של־עולם האָט מיר טאַקע באַלד אונטערגעשיקט אַזאַ מין שטעלע: פאַראַן אין פּאָרטאָ אַלעגרע, אין די הינטערשטע געסלעך, אַ שטיקל נאַכט־קלוב, וואָס הייסט "דער ציגײַנער". ניט קיין ערשטקלאַסיקער פּלאַץ, חלילה, מ׳טרינקט דאָרט אַ קאַוועלע און אַ פלעשל ביר. קיין סך צאָלט מען מיר ניט. דער ציגײַנער ווייס, אַז מער מוזיק ווי פיר פינגער קענען אַרויסברענגען, וועל איך אים ניט געבן. פאָדערט ער ניט מער און לאָזט מיך צו רו. אַלץ וואָס איך דאַרף שפּילן, איז: יאַם־טאַם, טים־טאַם, טים־טאַם, טי. און אַזוי, מײַן פרײַנד, זיץ איך מיר אין סאַמע ווינקל פון אָרקעסטער און סקריפּע: יאַם־טאַם, טים־טאַם. מיך אַרט עס ניט וואָס מע שפּילט — אַ רומבאַ, אַ טאַנגאָ — איך מאַך מיר מײַנס: יאַם־טאַם, טים־טאַם, טי. מיט די דאָזיקע פאַר טאַקטן קאָן מען באַגלייטן אַלע טענץ... זע נאָר, איך רייד און דו שווײַגסט. מיינסט איך וועל דיך אַזוי אָפּלאָזן? דערצייל מיר עפּעס וועגן זיך, וואָרעם דו ווייסט גאָרניט וואָס דו מיינסט פאַר מיר. איך האָב מײַן גאַנץ

לעבן, דאַכט זיך, בלויז געוואַרט אויף דיר. כאָטש איך מוז דיר זאָגן, אַז כ׳האָב נאָך מיט עטלעכע חדשים צוריק געהאַט אַ פּאָרויסגעפּעל, אַז כ׳וועל דיך אינגיכן טרעפן.



הער אַ מעשה! איך זיץ אַזוי אין דער טרושטשאָבע און צי אַזוי האַלב־שלעפעריק דעם סמיטשיק אַרויף און אַראָפּ. בלויז פון צײַט צו צײַט גיב איך אַ קוק מיט אַ זײַט פון אַ פאַרשלאָפענעם אויג אויף דעם דיריגירנדיקן ציגײַנער, בלויז צו וויסן ווו ער האַלט. אַקיצור, איך גיב אַ קוק — ער איז ניטאָ. אויף זײַן אָרט שטייט אַן אַנדערער. און דו ווייסט ווער? דו! איך זאָל אַזוי דערלעבן צו פירן מײַנע קינדער צו דער חופּה. מילא, וואָס זאָל איך דיר דערציילן, איך ווייס ניט, צי איך בין געשלאָפן, צי כ׳בין משוגע געוואָרן, נאָר איך האָב מיטאָמאָל, מיטן גאַנצן ברען גענומען שפּילן ״פּערפּעטוום מאָבילע״. און איך מוז דיר זאָגן, מײַן טײַערער, אַז אַפילו אין דער צײַט ווען איך האָב נאָך געהאַט אַלע פינגער, האָב איך קיינמאָל ניט, דו הערסט, קיינמאָל ניט אַזוי געשפּילט ווי אין יענער נאַכט, ווען דו האָסט מיך דיריגירט אין דער טרושטשאָבע. נאָר אַ שאָד, וואָס קיינער האָט דאָס ניט געהערט, וואָרעם אין דעם טומל, אין דעם רעש פון די טאַנצנדיקע, הערט מען בלויז דעם באַראַבאַן. נו, מילא, ווער מען אַרט עס? איצט, ווען איך האָב דיך געטראָפן... טאָ דערצייל מיר וועגן זיך, קום, קום, כאָטש אויסטרינקען אַ קאַווע. איך צאָל, איך צאָל...

— ניין, ניין, ווי קען איך? כ׳וועל פאַרשפּעטיקן די שיף!

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, געעפנט די טיר און אַרײַנגעלאָזט דעם קאָמיטעט, אָבער באָריס איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג:

— לאָזט מיך, איך וועל טראָגן דעם טשעמאָדאַן, מיר האָבן נאָך אַ גוטע שעה צײַט. רייד, דערצייל מיר, איז עס טאַקע געווען אמת? וויאַזוי האָסטו עס געמאַכט? האָסט טאַקע אַרײַנגעלייגט דעם שם המפורש אין אַ שטיק ליים און דאָס שטיק ליים האָט אָנגעהויבן ריידן?

מיטן תּירוץ, אַז איך דאַרף איבערקוקן דעם באַגאַזש אין מײַן קאַיוטע, בין איך גלײַך אַרויף אויף דער שיף און אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל באַלד צוריקקומען. נאָר מער האָב איך זיך שוין ניט געוויזן. ערשט ווען די רעדער פון דער שיף האָבן גענומען רודערן, האָב איך זיך פאַמעלעך אַרויסגערוקט אויף דער פּאַלובע. ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט אַן אויסגעצויגענעם האַלדז און געוואַרט איך זאָל אַראָפּקומען.

די שיף האָט זיך גענומען וויגן. דער פּאָרט מיט מײַן פּאָרטרעט אויף דער וואַנט, מיט בערטשיקן אינאיינעם, זײַנען פאַרנעפּלט געוואָרן און גענומען זינקען אין ים אַרײַן. פון דער צווייטער זײַט האָט זיך גענומען ווײַזן די אויפגייענדיקע זון.

איך בין צוריק אַראָפּ אין דער קאַיוטע, זיך אָפּגעראַזירט, זיך איבערגעטאָן און אַרויף אויפן דעק, זיך אויסגעצויגן אויף אַ ליגשטול, כּדי צו כאַפּן אַ דרעמל ביז מע וועט רופן צום פרישטיק.

איך בין קיין פולע צען מינוט ניט געלעגן, ווי עפּעס אַ מאָדנער, פּלוצימדיקער פּאַרדרוס האָט מיך אויפגעוועקט: פאַרוואָס בין איך געווען אַזוי גלײַכגילטיק צו אָט דעם מענטש? איצט, ווען ער איז פאַרשווונדן פון מײַנע אויגן, האָב איך אים דערקענט און דערזען פונקט אַזוי ווי ער האָט געוואָלט איך זאָל אים זען — בײַם מיסטקאַסטן פון אַלטן מאַרקפּלאַץ.

אַזאַ חזירײַ, צו פאַרלייקענען אַ חוֹב און זיך ניט אומקוקן אויף אַ מענטש, וואָס האָט מיר אַמאָל אויסגעבאָרגט אַכט קנעפּלעך! איך האָב זיך אַליין, קודם אין שפּאַס, דערנאָך אין ערנסט, אויסגעזידלט. וואָס האָב איך אַזוי געשפּאָרט מײַן הייליקן אָטעם? פאַרוואָס האָב איך געזשאַלעוועט אַ פּאָר גוטע ווערטער פאַר אַ מענטש, וואָס האָט זיך געבעטן: „דו ווייסט ניט, דו ווייסט ניט וואָס דו מיינסט פאַר מיר". ווער ווייס טאַקע וואָס איך האָב געמיינט פאַר אים?

איז עס געווען דער צעקנייטשטער, פאַרשוויצטער קאַפּעליוש, דאָס פאַרפלעקטע רעקל, וואָס האָבן ניט געשמעקט דעם שמן־זיתדיקן עסטעט אין מיר?

איך האָב געפּרוּווט זיך באַרויִקן, אַז דאָס איז אַ צײַטווײַליק געפיל, וואָס וועט פאַרגיין וויבאַלד איך וועל אָפּעסן פרישטיק. אָבער דאָס אָפּלייגן אויף שפּעטער, דאָס אויסמײַדן, האָט מיך נאָך מער אויפגערייצט: ניין, ניין, ניט אמת! ער איז ניט דער מענטש, וואָס האָט מיר די קנעפּלעך געגעבן, און איך בין ניט דער מענטש, וואָס האָט די קנעפּלעך גענומען...

און ווידער, ווו האָב איך געוואָלט נעמען קנעפּלעך? איך טראָג שוין לאַנג אַ גאַרטל אויף די הויזן און אַ זיפּער אויפן קראָק... ניטאָ קיין קנעפּלעך אין אַמעריקע! וואָס האָב איך געוואָלט טאָן? אַרויסשפּרינגען פון דער גאַרדעראָב אין די אונטערהויזן, אַריבערשפּרײַזן דעם ים און אַ האַלבן ערד־קײַלעך, לויפן צום אַלטן מאַרקפּלאַץ און דאָרטן אָפּזוכן אַ ייִנגל, וואָס איז אַמאָל געווען איך, און בײַ אים אויפמאָנען די קנעפּלעך, וואָס ער האָט אַמאָל אין מײַן נאָמען אויסגעבאָרגט בײַ עמעצן, וואָס איז איצט אויך אַן אַנדערער? און ווו איז דער מאַרקפּלאַץ? דער בלוטיקער מבול האָט ניט בלויז דעם מאַרק און די מענטשן, נאָר אַפילו די ערד, אויף וועלכער דער מאַרק איז געשטאַנען, אַראָפּגעשווענקט פון דער וועלט. ס'איז דאָך ניט געבליבן קיין זכר, קיין סימן, ווי ער וואָלט קיינמאָל ניט עקזיסטירט, אַפילו אין קיין חלום ניט געווען.

אמת — האָב איך אײַנגעשטימט. אָבער וואָס וואָלט מיך געאַרט, ווען איך וואָלט, אַזוי שטייענדיק אין גאַרדעראָב־צימער, אין גוטמוטיקן שפּאַס, אַראָפּגעריסן פון זיך אַכט קנעפּלעך און אים זיי דערלאַנגט? אָט,

גוטער ברודער, דאָ האָסטו מײַן חוֹב! ווער ווייס וואָס פאַר אַ טרייסט און פאַרגיטיקונג דאָס וואָלט געווען פאַר אים? אפשר וואָלט איך אים מיט די אַכט קנעפּלעך טאַקע אָפּגעצאָלט פאַר די אַלע יאָרן וואָס ער האָט געוואַרט אויף מיר? און אַלץ וואָס ער האָט געבעטן — איך זאָל אים זאָגן וויאַזוי איך האָב אַרײַנגעשטעלט דעם שם המפורש אין אַ שטיין, דער שטיין זאָל אָנהייבן ריידן. אָ, ווונדערלעכער בערטשיק!.

אָבער, אויב כ׳האָב אין מײַן נאַרישקייט געמאַכט אַ פעלער, קאָן איך אים אפשר נאָך פאַרריכטן, אים אָנשרײַבן אַ בריוו מיט אַן אַנטשולדיקונג און מיט אַ גענויער באַשרײַבונג וואָס עס האָט פּאַסירט מיטן גולם.

איך האָב ניט באַוויזן אײַנצושטימען מיט דעם פאָרשלאָג, וועלכן איך האָב זיך אַליין געמאַכט, און כ׳האָב שוין געהאַלטן אין האַנט אַ בלײַפעדער און געשמירט אויף אַ צופעליק שטיקל פּאַפּיר. איך האָב געשריבן ביז שפּעט אין דער נאַכט, און אין אַלע ווײַטערדיקע נעכט און טעג אויף דער שיף. און דערנאָך, אינדערהיים, האָב איך דעם בריוו ממשיך געווען, ביז איך בין ענדלעך פאַרטיק געוואָרן און כ׳האָב געהאַט פאַרשריבן מער ווי טויזנט בלעטלעך און פּאַפּירלעך פון פאַרשיידענער גרייס און קאָליר.

איך זאָל אָט דעם בריוו שיקן בערטשיקן קיין פּאָרטאָ־אַלעגרע האָט שוין קיין זין ניט געהאַט. ער וואָלט עס זיכער אָנגענומען ווי אַ חוזק, און אפשר ווי נאָך אַ גרעסערע באַליידיקונג, ווי ער האָט געליטן אין מײַן גאַרדעראָב־צימער. האָב איך דעריבער באַשלאָסן אָפּצוקלייבן בלויז די בלעטלעך, וואָס האָבן אַ שײַכות צו זײַן שאלה. און כּדי ער זאָל נאָך געבן אַ גוטן לאַך דערצו — האָב איך אין אַ באַזונדערן קאָנווערט אַרײַנגעלייגט אַכט קנעפּלעך...

נאָר, וואַרט, ווי איז זײַן אַדרעס? איך האָב געוווּסט: בערטשיק, פּאָרטאָ־אַלעגרע נאַכט־קאַפע, דער בעל־הבית, אַ ציגײַנער... כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט גענוג צו שיקן אַ בריוו, וואָס מיר האָט גענומען איבער צוויי יאָר אים אָנצושרײַבן. נאָר בלית־ברירה האָב איך אים אַוועקגעשיקט. אין אַ חודש אַרום האָב איך צוריקבאַקומען דעם בריוו, מיט אַ שטעמפּל, אַז אַזאַ אַדרעס איז ניט בנימצא.

האָב איך אָנגעשריבן צום פאָרזיצער פון קאָמיטעט, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם אָוונט אין סאַנטאָס. זײַן נאָמען האָב איך געדענקט און אַדרעסירט צום מוניציפּאַל־טעאַטער. ער האָט געענטפערט, אַז ער האָט געפונען צוויי, אָבער זיי הייסן ניט בערטשיק, נאָר פּשוט בערל — איינער אין סאַנטאָס, אַ לערער אין אַ שול, דער צווייטער — טאַקע אין פּאָרטאָ־אַלעגרע, נאָר אַ שנײַדער. און ביידע האָבן צו פינף פינגער אויף ביידע הענט.

דאָס האָט מיך מוראדיק פֿאַרדראָסן. אָנצושרײַבן אַזאַ בריוו און ניט האָבן װעמען צו שיקן! האָב איך באַשלאָסן צו שרײַבן אַ האַרצרײַסנדיקן בריוו צו מײַן ליבן פֿרײַנד און אונטערנעמער אין ריאָ דע זשאַנייראָ, ער זאָל טאָן אַלץ װאָס איז נאָר מעגלעך, און אויסגעפֿינען מײַן בערטשיק. יענער האָט זיך ניט געפֿוילט און איז אַראָפּגעפֿאָרן קיין פּאָרטאָ־אַלעגרע. ער האָט דעם פּלאַץ געפֿונען. דער בעל־הבית איז ניט קיין ציגײַנער. דער קאַפּע האָט געהייסן "טשיטאַנאָ" (ציגײַנער, אויף פּאָרטוגעזיש). ער איז אָבער ניט מער אין קיין הינטערגעסל, נאָר אין סאַמע צענטער פֿון שטאָט. ר'האָט אויך געביטן דעם נאָמען אויף "מאָנפּאַרנאַס". מײַן פֿרײַנד האָט אויך געטראָפֿן צװיי פֿון די מוזיקערס, װאָס האָבן געשפּילט אין "טשיטאַנאָ" און גדענקען אַ פֿידלער מיט פֿיר פֿינגער, אָבער ער האָט ניט געהייסן בערטשיק, נאָר פּעדראָ. זײַן װײַב איז געשטאָרבן און אים איבערגעלאָזט מיט צװיי קינדער. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער מויד, װאָס פֿלעגט אין "טשיטאַנאָ" װאַשן די פֿאַדלאָגעס. זי איז געװוען פֿון די האַלב־װילדע אינדיאַנער־שבטים. װען דער "טשיטאַנאָ" האָט זיך פֿאַרמאַכט, האָט זי דעם פּעדראָ מיט די צװיי קינדער מיטגענומען צו אירע עלטערן אין די טיפֿע אורװעלדער, אין די אַמאַזאָנען.

איך האָב דעם באַרג פֿאַרשמירטע פֿאַפּירלעך פֿאַרבונדן מיט אַ שטריק און פֿאַרטוצט אין קעלער, אין איינעם פֿון מײַנע קאַסטנס. אין אַ יאָר אַרום האָב איך שוין געהאַט פֿאַרגעסן װו איך האָב דעם פּאַק געהאַט אַװעקגעלייגט, און שפּעטער מיט עטלעכע יאָר האָב איך שוין אינגאַנצן פֿאַרגעסן װעגן דעם.

װיאַזוי איך האָב געפֿונען דעם פֿאַרשטויבטן הויפֿן פֿאַפּירן און װיאַזוי איך האָב צוזאַמענגעקליבן די איבער טויזנט ניט־נומערירטע זײַטלעך פֿון פֿאַרשיידענער גרייס, פֿאַרשריבן מיט אותיות, טייל גרויס װי אַ פֿינגער און אַנדערע צו קליין זיי צו לייענען אַפֿילו דורך אַ פֿאַרגרעסער־גלאָז — װיאַזוי איך האָב פֿון דעם אַלעם שפּעטער אויפֿגעשטעלט אָט דאָס בוך — איז אַוודאי אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל פֿאַר זיך. אָבער דאָס האָט שוין ניט צו טאָן מיט דעם אויסטערלישן לאַנגן בריוו, מיט װעלכן איך האָב געװאָלט אָפּצאָלן פֿאַר די אַכט קנעפּלעך, װאָס איך בין שולדיק געבליבן בערטשיקן, מײַן שותּף פֿון דעם אַלטן מאַרקפּלאַץ.

# נ אָ כ ו ו אָ ר ט

די סיפורי מעשיות, די לעבנס־פּאַסירונגען פון יוסף בולאָוו האָבן תּמיד געשוועבט ערגעצווו אין דער דעמערונג־ספערע צווישן ווירקלעכקייט און פאַנטאַזיע.

איך ווייס ניט וויאַזוי בולאָוו האָט אויסגעפורעמט די געשטאַלטן, וועלכע ער האָט פאַרקערפערט אויף דער בינע, וויאַזוי ער האָט מצליח געווען אויף אַזאַ שלמותדיקן אופן צו זיין סײַ שלום־עליכמס טוביה דער מילכיקער און סײַ אַרטור מילערס ווילי לאָמען, סײַ דער זקן אין טשעכאָווס מוזיק־געוועלבל און סײַ יאָשקע דער מוזיקאַנט פון אָסיפ דימאָוו. צי האָט ער געלערנט און אײַנגעחזרט און צוגעגרייט פון פאָרויס יעדן צאַפּל פון זיין אויפשפרינגעוודיקן קערפער און יעדן שפליטער־ניואַנס פונעם קלאַנג פון זיין ניגונדיקן קול?

עס איז פאַר מיר אָבער קלאָר, אַז די מערסטע דערציילונגען זײַנע האָט ער אימפּראָוויזירט בעת ער האָט זיך געלאָזט טראָגן אויף די פליגלען פון זיין דמיון, אַוועקלאָזנדיק זיך אין די ווײַטע וועלטן, אַריבער אָרט און צײַט, און האָט אויסגעקנאָטן אין זיי די געשטאַלטן גענוי אַזוי ווי קינסטלער מאָלן אויס זייערע פיגורן אויף די פאַרביקע לײַוונטן.

*

איך פלעג זיך קיינמאָל ניט נוהג זיין צו פאַרשרײַבן בולאָווס פאַרכאַפּנדיקע מאָנאָלאָגן.

פאַרוואָס־זשע האָב איך, נאָך אונדזער באַגעגעניש יענעם פרילינג פון 1983 אין ניו־יאָרק, זיך אַזוי שטאַרק געאײַלט אין האָטעל אַריין צו פאַרצייכענען אויף אַ שטיקל פּאַפּיר אייניקע ראשי־פּרקים פון אָט דעם שמועס? פאַרוואָס האָב איך גראָד דעמאָלט אַזוי פיל מאָל איבערגעריסן דעם שטראָם פון זײַנע רייד און אים געבעטן ווידער און נאָכאַמאָל ער זאָל אַרויפברענגען כאָטש אַ ביסל פון זיין רעפּערטואַר אויף אַ פּלאַטע און זאָל זאָרגן פאַר זײַן רײַכן אַרכיוו?

עפּעס האָט אין מיר, זעט אויס, געמורמלט: איך וועל אים שוין מער ניט זען. דאָס איז די לעצטע באַגעגעניש.

און אַזוי איז טאַקע געווען.

איך האָב געפילט אַ מאָראַלישע פליכט, אַז זיין קאָלירירײַכע לעבנס־געשיכטע, אַזוי ווי ער האָט זי דערציילט און אויפגעשריבן — אויף יידיש — זאָל דערשײַנען צוערשט אויף העברעיִש אין ישראל, וואָס צו איר

איז ער געווען צוגעבונדן מיט שטאַרקע פּעדעם פון איבערגעגעבענער ליבשאַפט און זאָרג, און ווו ער האָט באַצויבערט צענדליקער טויזנטער צוהערערס אויף זײַנע אויפטריטן.

דאָס איז ניט קיין אויטאָביאָגראַפיע אין דעם אָנגענומענעם זין פון באַגריף. אפילו דאָ, אין דעם־אָ בוך, אַזוי ווי אין זײַנע מינדלעכע מעשהלעך, פלעכט זיך דאָס רעאַלע מיטן פאַנטאַסטישן, און דער בינע־קינסטלער אַנטפּלעקט זיך אויך ווי אַ קינסטלער פון דער פּעדער, וואָס צייכנט מיט אַ שלל פון פאַרבן, מיט חן, מיט הומאָר און צומאָל אויך מיט אומעט — מקומות, מענטשן, פּאַסירונגען, אַטמאָספער.

ווו איז דאָ די גרענעץ צווישן דאָקומענטירטן ביאָגראַפישן אמת און דער פאַנטאַזיע?

און וואָס איז עס וויכטיק?

איז דען אַמאָל ווען אײַנגעפאַלן צו פרעגן מאַרק שאַגאַלן, צי זענען טאַקע ייִדישע קבצנים אָדער ייִדישע פידלערס געפלויגן אין וויטעבסק איבער די דעכער?

אויך אויף דעם אַלטן מאַרק פון בולאָווס געבוירנשטאָט, אין ירושלים־דליטא, האָבן פּאַסירט זאַכן וואָס זענען נישט צום גלויבן — סײַדן מען וועט זיי דערציילן.

שלום ראָזנפעלד



בולאָוו אין זײַן לעצטער קרעאַציע אין ״דער פּרײַז״ פון
אַרטור מילער, אין דער ראָל פון סאַלאָמאָן גרעגאָרי.

פון אַלטן מאַרקפּלאַץ איז איינע פון די שענסטע ליטעראַריש־קינסטלערישע אָנדענק־ווידמונגען דער פאַרטיליקטער ירושלים דליטא, וועלכע האָט פון זיך אַרויסגעגעבן איר וווּנדערלעכן באַשרייַבער — איינער פון די גרעסטע קינסטלער פון דער ייִדישער בינע. מיט אָט דעם מאָנומענטאַלן ווערק זייַנעם אַנטפּלעקט זיך יוסף בולאָוו אויך ווי אַ גרויסער קינסטלער פון דער פּען, פון דעם ייִדישן ליטעראַרישן וואָרט, וואָס ער האָט אַזוי מייַסטערהאַפט אַרויסגעבראַכט אויף דער בינע.

יוסף בולאָוו איז אַרויסגעוואַקסן פון ייִדישן ווילנע, וועלכע ער באַשרייַבט דאָ מיט אַזוי פיל ליבשאַפט, מיט אַזאַ שטאַרקער קינסטלערישער קראַפט און מיט אַזוי פיל זאַפטיקן חן.

*

"יוסף בולאָוו (1899 — 1985) איז די געשיכטע פון בעסערן ייִדישן טעאַטער. אין זייַן לאַנגיאָריקער קינסטלערישער קאַריערע געווען אפשר דער איינציקער ייִדישער אַקטיאָר, וואָס האָט געשפּילט טעאַטער אַזוי ווי מען שפּילט בייַ די אומות העולם. ער איז געווען אַ **ייִדישער**, און גלייַכצייַטיק אַן **אוניווערסאַלער** שוישפּילער. איינער פון די זייַלן פון דער באַרימטער "ווילנער טרופּע", איז ער שוין צו זייַנע אַכצן־נייַנצן יאָר געווען אַ פּאַרטיקער און פולבלוטיקער קינסטלער. שפּעטער קומען די יאָרן פון בולאָווס גאַסטראָלן אין רומעניע, מיט שפּליטערס פון דער ווילנער טרופּע. נאָך דעם — אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אין דעם בלי־פּעריאָד פונעם ייִדישן קינסטלערישן טעאַטער אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט; און צום סוף: בולאָוו און זייַנע גאַסטראָלן אין מדינת ישראל.

צוויי וויכטיקע שטריכן האָבן כאַראַקטעריזירט דעם סצענישן טאַלאַנט פון יוסף בולאָוו: גרויסע מייַסטערשאַפט פון קינסטלערישן וואָרט, און אַ קאָלאָסאַלע בינע־טעכניק, וואָס האָט דערגרייכט ביז פּערפעקציאָניזם".

(**מיכאל בן־אברהם** אין "לעבנס־פּראָגן", מערץ־אַפּריל 1995, צו יוסף בולאָווס 10טער יאָרצייַט).

**אויף דעם הינטערשטן טאָוול פון דער הילע:**
בולאָוו אין דער ראָל פון יאָשקע מוזיקאַנט אין אָס־פּ דימאָווס "דער זינגער פון זייַן טרויער", 1925

